# די טאָכטער פון מדבר

אריגינעלער ביבלישער ראָמאַן פון דער צייט פון משה׳ס יוגענד
און גלות מצרים

פון

## שאול ספיר

פארפאסער פון:
פערציג יאָהר אין מדבר, קאַליף פון קאָרדאָווא, צווישען רוים
און ירושלים, דוד המלך, שלמה המלך, אברהם׳ס אייניקלאַך,
פרינץ פון מצרים, אסתר המלכה, קאָלאָמבוס דער איד, א. א. וו.

# The Daughter of the Desert

Biblical novel by SAUL SAPHIRE

Author of: Forty Years in the Desert, Caliph of Cordova, Between Rome and Jerusalem, King David, King Solomon, Abraham's Grandchildren, Prince of Egypt, Queen Esther, Columbus the Cryptic Jew, etc.

עס ווערט פֿאַרבאַרייטעט פאר'ן דרוק און ווערט אין גיכען ערשיינען

# שמשון הגבור

ביבלישער ראָמאַן פון

## שאול ספיר

---

פאָלגענדע ביכער פון זעלבען מחבר קען מען נאָך באַקומען

1. צווישען רוים און ירושלים.
2. קאָלאָמבוס דער איד.
3. שלמה המלך.
4. פרינץ פון מצרים.
5. אסתר המלכה.
6. פערציג יאָהר אין מדבר.

SAUL SAPHIRE
c|o Jewish Morning Journal
77 Bowery, New York, N. Y.

ערשטער קאפיטעל.

## אין דעם פאלאץ פון רעמסס דעם

אין דעם פראכטפולען פאלאץ פון טהעבען, די הויפטשטאדט פון מצרים, האט דער קעניג רעמסס דער צווייטער, אדער ווי ער איז באוואוסט אונטער'ן אלגעמיינעם נאמען, פרעה, פארזאמעלט אלע זיינע מיניסטארען, חרטומים און פריסטער, זיך צו בעראטען, ווי אזוי צו באפעסטיגען זיין מלוכה און פארזיכערען דאס לאנד מצרים פון אן איבערפאל פון שונא.

— פינף הונדערט יאהר איז אונזער לאנד געווען אונטערווארפען דער הערשאפט פון די פאסטוכער־קעניגע, די היקסאס, — האט רעמסס דער צווייטער אויסגערופען צו די פארזאמעלטע — און מיינע עלטערען האבען אנגעפיהרט א קאמף צו באפרייען אונזער לאנד פון זייער יאך, וואס האט געדויערט הונדערט און פופציג יאהר, און יעצט זיינען מיר באדראהט פון א פאלק, וואס וואוינט ביי אונז אין לאנד... לויט ווי איינינגע פון מיינע מיניסטארען האבען מיר איבערגעגעבען, איז דאס פאלק ישראל אונזער פארביטערטסטער שונא. און דעריבער האב איך דא אלעמען יעצט פארזאמעלט צו הערען אייער מיינונג וועגען דעם. זאל יעדער פון אייך, וועלכער ווייסט עפעס וועגען דעם פאלק ישראל, זאגען זיין מיינונג, און אויך די, וועלכע האבען מיך געווארענט וועגען דיעזען פאלק, זאלען יעצט אנגעבען אלע באווייזע און אורזאכען, כדי מיר זאלען זיך קליגען און וויסען ווי אזוי צו האנדלען געגען זיי.

א ווײלע האט געהערשט א שטילקייט אין פאלאץ. פרעה האט זיך צוריק געזעצט אויף זיין טראהן און געווארפען זיינע בליקען אויף די פארזאמעלטע.

באלד האט זיך אויפגעשטעלט דער הויפט מיניסטער, טאגער, און האט זיך פארנייגט פאר פרעה'ן.

— מיין האר, פרעה, דער מעכטיגסטער פון אלע קעניגען, זאל לעבען אויף אייביג! — האט ער זיך אפגערופען.

— איך בין געווען דער ערשטער דיך אויפמערקזאם צו מאכען וועגען דעם גרויסען געפאהר, וואס דראהט אונזער לאנד פון דעם פאלק ישראל, און יעצט וועל איך אנגעבען די אורזאכען.

— דיין עצה, טאגער, געפעלט מיר זעהר! — האט פרעה אויסגערופען און איהם איבערגעגעבען זיין רינג אלס צייכען פון אנערקענונג.

מיט א פאר הונדערט יאהר צוריק, ווען אין מצרים האבען נאך געהערשט די פארפלוכטע היקסאס קעניגע, האבען די קינדער פון ישראל פארלאזען כנען און אויסגעוואנדערט נאך מצרים. יענער פרעה האט איינעם פון זיי געמאכט פאר א הערשער איבער מצרים. זיין נאמען, זאגט מען, איז געווען יוסף, צפנת פענח... יענער פרעה האט די קינדער פון ישראל זעהר גוט באהאנדעלט. ער האט זיי אפגעגעבען דאס גאנצע לאנד גשן, וואו זיי האבען זיך געפיהלט גאנץ פריי... זיי זיינען רייך געווארען און באטש ווען זיי זיינען אהער געקומען פון

כנען זיינען זיי בלויז געווען זיבעציג פערזאן, דערגרייכט יעצט זייער צאהל אין די צעהנדליגער טויזענטער. עס פארשטעהט זיך, אז די קינדער פון ישראל, וועלכע רופען זיך עברים, טראגען א גרויסע ליעבשאפט צו יענע קעניגע, וועלכע האבען מיט זיי פיעל טובות געטהאן, און וויבאלד אז זיי זיינען געווען גוט פריינד צו יענע קעניגע, זיינען זיי דאך געוויס אונזערע שונאים! און ווען עס זאל אויסברעכען א מלחמה, וועלען זיך די עברים פאראייניגען מיט אונזערע פיינד און צוזאמען וועלען זיי אונז פארטרייבען פון אונזער לאנד.

— און איך האב געהערט, — האט זיך א פריסטער אפגערופען. — אז די עברים זיינען מבזה אונזערע געטער, זיי שפאטען אפ פון אונזערע הייליגע טעמפלען, און די אקסען און די קיה, וועלכע זיינען ביי אונז אזוי הייליג, שלאכטען זיי פאר זייער טעגליכען געברויך פאר אונזערע אויגען. ניין, הייליגער פרעה, די אידען מוזען אונטערדריקט ווערען. אז נישט וועלען זיי נאך פערפלייצען אונזער גאנץ לאנד מיט אומגלויביגע...

— האט דען אונזער מעכטיגער פרעה, רעמסס דער צווייטער, אליין נישט לאנג צוריק באזיעגט די חתים, — אט דיעזע חתים, וועלכע צאהלען אונז צינזען, זוכען געוויס צו נעהמען ראכע פון אונז. זיי זוכען צו פאראייניגען זיך מיט די פאסטוכער שבטים און דאן וועלען זיי אויך זיכער קריגען הילף פון די אידען, וועלכע וועלען זיי העלפען מיט זייער גאלד. דעריבער איז מיין עצה, אז מיר זאלען ביי די אידען צונעהמען זייער רייכטום און זיי ארויסטרייבען פון אונזער לאנד!

— ניין, דיעזע עצה געפעלט מיר ניט!

— האט דער הויפט מיניסטער, טאגער, זיך אפגערופען. — ווען מיר וועלען ארויסטרייבען די אידען פון אונזער לאנד, וועלען זיי דאך געוויס זיין פריי זיך צו פאראייניגען מיט אונזערע שונאים. און ווען אפילו מיר זאלען ביי זיי אוועקנעהמען זייער רייכטום, וועט נישט לאנג נעהמען און זיי וועלען ווידער רייך ווערען, ווייל די פעהיגקייטען פון די עברים זיינען אומבאגרעניצט. דעריבער איז מיין עצה, מיר זאלען צונעהמען פון זיי זייער פארמעגען און זיי מאכען פאר אונזערע שקלאפען... מיר וועלען זיי צווינגען שווער צו ארבייטען, זיי זאלען פאר אונז בויען באפעסטיגטע שטעדט און דאס וועט אונז בריינגען א דאפעלטען נוץ: אונזער לאנד וועט נאך מעהר באפעסטיגט ווערען און אונזערע אינערליכע שונאים וועלען אזוי אפגעשוואכט ווערען, אז מיר וועלען מעהר נישט האבען וואס מורא צו האבען פאר זיי...

— דיין עצה, טאגער, געפעלט מיר זעהר! — האט פרעה אויסגערופען און איהם איבערגעגעבען זיין רינג אלס צייכען פון אנערקענונג. — יעצט אבער דארפען מיר זעהן ווי אזוי דאס דורכצופיהרען, ווייל דאס פאלק פון ישראל איז יעצט געווארען זעהר מעכטיג און ווען מיר וועלען זיי זוכען מיט אמאל צו פארשקלאפען, וועלען זיי דאך זיכער ארויסצייגען א ווידערשטאנד. דאן קען נאך זיין, אז אונזערע אנדערע שונאים, די חתים און די פאסטוכער שבטים, וועלען זיי קומען צו הילף.

מיט גרויס פרייד האט טאגער גענומען דעם רינג פון פרעה'ן... ער איז געווען זעהר שטאלץ ביי זיך, וואס רעמסס דער צווייטער נעהמט אן אלע זיינע עצות. זאל פרעה וויסען, אז קיין קליגערער פון איהם איז נישטא אין גאנצען לאנד מצרים. זאל ער זעהן, אז ער האט גוט געטהאן, וואס ער האט איהם געמאכט פאר דעם הויפט מיניסטער. יעצט קען ער אויך האפען צו ווערען פרעה'ס משנה למלך.

— איך האב א פלאן ווי אזוי אריינצונארען די עברים, אז זיי זאלען זיך גארנישט כאפען, אז מיר ווילען זיי פארשקלאפען, — האט טאגער געזאגט און א שמייכעל האט זיך צעגאסען איבער זיין פנים. — ביי יעדער געלעגענהייט ווילען די אידען פון גשן אונז צייגען, אז זיי זיינען אונזערע גוטע פריינט,

אז זיי מיינען נאר צו טהאן גוטעס פאר מצרים... ווען מצרים נויטיגט זיך אין געלט, זיינען זיי די ערשטע צו קומען צו הילף מיט זייער רייכטום. און דעריבער זאל דער קעניג ארויסגעבען אז ערקלעהרונג, אז ער וויל בויען צוויי באפעסטיגטע שטעדט אין מצרים, און ער זאל איינלאדען אלע בירגער פון אונזער לאנד זיי זאלען קומען העלפען טהאן די ארבייט... איך בין זיכער, אז די ערשטע צו קומען וועלען זיין די אידען... דאן זאל מען פארשרייבען יעדענס נאמען, מיט אן אויסרייד, אז דער קעניג וויל האבען די נעמען פון אלע זיינע בירגער. וועלכע זיינען פרייוויליג געקומען טהאן די ארבייט פאר דער טובה פון מצרים, און נאכדעם וועט שוין זיין זעהר גרינג צו טהאן דאס איבעריגע און צווינגען צו טהאן אלערליי שווערע ארבייט.

— לויט ווי איך פארשטעה פון טאגער'ס רייד, — האט זיך אפגערופען יתרו, דער אינגסטער פון אלע מיניסטארען, — זיינען די אידען איבערגעגעבען צו אונזער לאנד מיט לייב און לעבען, וואלט פיעלייכט געווען מעהר ראטזאם זיי צו באהאנדלען מיט חסד און פריינטשאפט, וועלען זיי זיין אונזערע פריינט אזוי ווי זיי זיינען געווען די פרייינט פון די פרעהס פון די היקסאס.

— ווען ער וואלט נישט געהאט קיין געליעבטע פון די טעכטער פון ישראל, וואלט ער אזוי נישט גערעדט! — האט טאגער אויסגערופען מיט כעס. — עס איז פאר קיינעם פון אונז קיין סוד ניט מעכטיגער פרעה, אז יתרו קומט אפט באזוכען דאס לאנד גשן און ער האט צווישען די אידען זעהר פיעל פריינט, דערפאר זוכט ער זיי צו באשיצען...

— אבער דו האסט מיך נאך נישט איבערציינגט, אז יתרו איז אומגערעכט! — האט פרעה זיך צו איהם אפגערופען — מעגליך, אז עס וואלט געווען בעסער פאר אונז ארויסצואווייזען די אידען פריינטשאפט און זיין ענגער פארבונדען מיט זיי.

א בלאסקייט האט באדעקט טאגער'ס פנים, איהם האט א טיאכקע געטהאן אין הארצען. ווען פרעה וועט אננעהמען יתרו'ס עצה, דאן וועט לאנג נישט נעהמען און ער וועט ארונטער פון זיין גדולה... יא, יתרו קען נאך ווערען דער משנה למלך פון רעמסס דעם צווייטען... ער וועט אבער דערצו נישט דערלאזען!

טאגער האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און זיך ווידער פארנייגט פאר פרעה'ן:

— מעכטיגער קעניג, די זון פון מצרים! — האט ער אויסגערופען — ווען איך האב געזאגט, אז די אידען פון גשן זוכען ביי יעדער געלעגענהייט צו צייגען, אז זיי זיינען אונזערע איבערגעגעבענע פריינד, האב איך פערפעהלט צוצוגעבען, אז זיי טהוען דאס כדי צו פארדעקען זייער טיעפע איינגעווארצעלטע שנאה צו אונז... אין זייערע הערצער פלאנעווען זיי נקמה צו נעהמען פון אונז... זיי זיינען פאלש ווי די שלאנגען און ווען מיר וועלען זיי ארויסצייגען פריינטשאפט, וועלען זיי עס אננעהמען אלס צייכען פון אונזער שוואכקייט... זיי וועלען נאך מעהר אויפהויבען זייערע קעפ און עס וועט לאנג נישט געדויערען ביז זיי וועלען זוכען צו ווערען די הערשער איבער אונז... יעצט איז אונזער צייט צו צייגען אונזער מאכט. זיי מוזען ווערען אונזערע שקלאפען כדי צו רעטען דעם כבוד פון אונזער לאנד!

פרעה איז א וויילע געבליבען אין א פארלעגענהייט. ער האט ביי זיך נישט געקענט באשליסען וועמעס עצה אנצונעהמען. ער האט זיך דעריבער געווענדעט צו זיינע איבעריגע מיניסטארען און די פריסטער:

— וואס איז אייער מיינונג, וועמעס עצה געפעלט אייך בעסער? — האט פרעה געפרעגט.

— די עצה פון טאגער! די עצה פון טאגער! — האבען זיך אלע מיניסטארען, א חוץ יתרו'ן, אויפגעהויבען. —

— אונז געפעלט אויך בעסער די עצה פון פרעה'ס הויפט מיניסטער! — האבען די פריסטער זיך אויפגעשטעלט.

— און מיר זיינען אויך איינשטימיג

מיט טאגער'ן! — האבען די חרטומים זיך פארנייגט פאר פרעה'ן.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף טאגער'ס ליפען... ער האט געווארפען בליקען פון פאראכטונג אין דער ריכטונג פון יתרו, וועלכער איז געזעסען מיט א געבויגענעם קאפ... דאס איז זיין ערשטער זיעג איבער זיין שונא.

טאגער האט אויך פערלאנגט פון פרעה דאס ער זאל פערבאטען יתרו'ן צו מאכען זיינע בעזוכען אין גשן כדי דער פלאן וועגען דער פערשקלאפונג פון די אידען זאל נישט בעוואוסט ווערען אין גשן איידער עס וועט דורכגעפיהרט ווערען.

— אויב אזוי, — האט פרעה זיך אפגערופען, — גיב איך דיר די פולע מאכט צו טהאן ווי דו פארשטעהסט. דו קענסט ארויסגעבען אן ערקלעהרונג אין מיין נאמען, אז איך האב ברעה אויפצובויען צוויי באפעסטיגטע שטעדט, פתם און רעמסס, און איינלאדען אלע בירגער צו קומען אונז צו הילף. דאן וועסטו שוין טהאן לויט דיין פארשטאנד און זעהן צו פארשקלאפען דאס גאנצע פאלק ישראל!

— דערווייל מוז דאס בלייבען א סוד פאר אלעמען! — האט טאגער זיך אפגערופען, — ווייל ווען די אידען וועלען זיך דערוויסען, אז מיר פלאנעווען זיי שלעכטס צו טהאן, וועלען זיי זיין פארזיכטיג און זיי וועלען נישט נאר נישט קומען אויף אונזער רוף, נור זיי וועלען זיך אויך פאראייניגען געגען אונז. און מיר וועלען האבען פיעלע שוועריגקייטען מיט זיי.

— געוויס וועט דאס בלייבען א סוד!
— האט פרעה אויסגערופען.

— אויב אזוי, מעכטיגער פרעה! — האט טאגער געזאגט מיט א לייכטען שמייכעל אויף זיינע ליפען און געווארפען זיינע בליקען אויף יתרו'ן, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסען פארטומערט, — זאל פארבאטען ווערען צו יתרו'ן צו באזוכען גשן ביז וואנען אלע אונזערע פלענער וועלען דורכגעפיהרט ווערען, ווייל עס איז זעהר שווער צו האלטען א סוד פון א געליעבטער, בפרט ווען עפעס שלעכטס דראהט איהר משפחה... איך באשולדיג נישט, אז איינער פון פרעה'ס מיניסטארען וועט ארויסגעבען סודות פון דער מלוכה... אבער ווען ער וועט זיין מיט זיין אידישער געליעבטער, קען ער זיך נישט־ווילענדיג עפעס ארויסרעדען, וואס וועט אונזער גאנצען פלאן צעשטערען.

— טאגער האט רעכט! — האט פרעה אויסגערופען. — אין דער צייט ווען מיר פלאנעווען צו פארשקלאפען אלע אידען, וועלכע געפינען זיך אין מצרים, וואלט געווען זעהר נישט ריכטיג פון דיין זייט צו מאכען פריינטליכע באזוכען אין גשן... דעריבער מוזסטו מיר פארשפרעכען אהין נישט צו געהן ביז וואנען מיר וועלען האבען פארשקלאפט דאס גאנצע פאלק ישראל.

יתרו האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און זיך פערנייגט:

— פרעה'ס וואונש וועל איך ערפילען — האט ער געזאגט מיט א געבויגענעם קאפ. — איך פארשפרעך נישט צו געהן אין גשן ביז וואנען איך וועל קריגען די ערלויבעניש דערצו.

— און יעצט, — האט פרעה זיך אפגערופען צו טאגער'ן, — נא דיר מיין זיעגעל און איך באפולמעכטיג דיך צו טהאן מיט די עברים ווי דו פארשטעהסט.

טאגער איז צוגעגאנגען צום טראהן און א קוש געבענדיג פרעה'ן אין האנט, האט ער פון איהם איבערגענומען דעם זיעגעל.

— איך שווער ביי די געטער פון מצרים, — האט טאגער אויפגעהויבען זיין רעכטע האנט, — אז די אידישע בירגער פון מצרים וועלען ווערען אונזערע שקלאפען גאר אין גיכען! און זאל אונזער הויפט גאט, אזירים, באשיצען די קרוין פון רעמסס דעם צווייטען, זי זאל איבערגעהן פון דור צו דור ביז אייביג!

אלע מיניסטארען, חרטומים און פריסטער האבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער און זיך געבוקט פאר פרעה'ן.

דער הויפט פריסטער האט אויפגעהויבען זיינע הענט צו בענשען פרעה'ן.

פלוצלונג זיינען צוגעקומען צוויי לייב־וועכטער און אויסגערופען:

— אָ, מעכטיגער קעניג! די קאמער מיידלעך פון דער פרינצעסין בתיה זיינען נאר וואס צוריקגעקומען און האבען עפעס וויכטיגעס איבערצוגעבען דער קעניג!

— זאלען זיי שנעל אריינקומען! — האט פרעה אויסגערופען.

גלייך זיינען אריינגעקומען פיער קאמער־מיידלעך און געפאלען מיט זייערע פנים'ער צום באָדען.

— וואס האט פאסירט? — האט פרעה אויסגערופען.

— אָ, מיין האר קעניג! — האט א צווייטע קאמער־מיידעל אויסגערופען.

— ארונטערפאָהרענדיג אין טאָל, האט זיך די קארעטע אנגעשטויסען אָן עפעס און די פרינצעסין איז פארוואונדעט געווארען.

— אָבער וואו איז זי יעצט? — האט פרעה אויסגעריען און זיין פנים איז בלאס געוואָרען.

— זי געפינט זיך יעצט אין עמרם'ס הויז.

— ווער איז ער, אַט דער עמרם און ווי קומט זי אהין?

— עמרם, — האט יתרו זיך אריינגעמישט. — איך ווייס ווער ער איז! ער איז דער מאן פון יוכבד, און שטאמט פון דעם שבט לוי.

— אָבער ווי קומט זי אין זיין הויז?

— האט פרעה אויסגערופען און זיין גאנצער קערפער האט א ציטער געטהאן פון אויפרעגונג.

— עמרם איז גראדע דאן פערבייגעגאנגען ווען דאס אומגליק האט פאסירט. ער האט אויפגעהויבען די פרינצעסין און זי אריינגעטראגען צו זיך אין הויז אָבער זי איז נישט געפעהרליך, מיין האר, קעניג!

— דאס האבען די אידען פון גשן געזוכט אומצובריינגען פרעה'ס טאָכטער! — האט טאגער אויסגערופען. — און דעריבער האבען זיי אונטערגעלייגט א שטרויכלונג אויף איהר וועג!

— און וואס האט עמרם מיט איהר געטהאן? — איז פרעה'ס אויפרעגונג גרעסער געוואָרען.

— אָ, מיין האר קעניג! — האט די ערשטע קאמער־מיידעל אויסגערופען — עמרם און זיין פרוי יוכבד און זייער טאָכטער מרים האבען גלייך געזוכט צו פארלינדערען איהרע שמערצען. יוכבד און מרים האבען זי פארבאנדאזשירט און עמרם איז שנעל געלאָפען צו ברייגען א רופא.

— זאָל מען שנעל שפאנען מיין קארעטע! — האט פרעה באפוילען און האט זיך געלאָזט צו דער טיר.

אין א ווײלע ארום איז פרעה אין דער באגלייטונג פון זיינע לייב־וועכטער און איינעגע רופאים, געפאָהרען נאך גשן.

---

## צווייטער קאפּיטעל.

## די פרינצעסין בעזוכט גשן.

אין צפון טייל פון לאנד מצרים און דעם מזרח זייט פון דעם טייך נילוס איז געלעגען דאס פרוכטבארע לאנד פון גשן. דארטען האט זיך יעקב מיט זיין משפחה בעזעצט, ווען ער איז געקומען צו זיין זוהן יוסף.

שטיל און רוהיג האבען די אידען דארטען געלעבט, און כאטש פיעלע יאהרען זיינען אוועק זינט יוסף און זיינע ברידער זיינען געשטארבען, האבען די מצרים זעהר גוט בעהאנדעלט די אידען, וועלכע זיינען געווען איינגעטיילט אין צוועלף משפחות, וואס איז ארויסגעקומען פון די צוועלף זיהן פון יעקב'ן. שפעטער זיינען זיי געוואָרען צוועלף שבטים: יעדער שבט האט זיך אנגערופען מיט'ן נאמען פון יענעם פון יעקב'ס זיהן, פון וועלכען ער האט אפּגעשטאמט.

די צוועלף משפחות זיינען געזעסען אין בעזונדערע קווארטאלען.

די בעשעפטיגונג פון די אידען אין יענער צייט איז בעשטאנען פון פיטערען די שאף און בעארבייטען די ערד.

אַלע אידען פון מצרים זיינען דאן געווען גאנץ רייך... זיי האָבען געהאט ערפאָלג אין וואָס זיי האָבען זיך אונטערגענומען.

ביסלעכווייז האָבען די אידען אָנגעהויבען צו קריגען שונאים צווישען די מצריים, בפרט נאָכדעם ווי די היקסאָס קעניגען זיינען פערטריבען געוואָרען פון מצרים...

פיעלע פון די מצרי'שע פירסטען האָבען נישט געקענט פערליידען די אידען וועלכע זיינען געווען א סך פעהיגער פון די מצריים.

אין די ערשטע עטליכע יאָהר פון דער רעגירונג פון רעמסס דעם צווייטען, האָבען די אידען געלעבט אין פריעדען.

די אידען פון גשן פלעגען שיקען יעדען יאָהר א קאָסטבאַרע מתנה צו פרעה'ן. און ווען פרעה האָט זיך גענויטיגט אין גאָלד זיינען די אידען געווען די ערשטע צו ברענגען... דאָס האָט זעהר ניט געשמעקט פיעלע פון פרעה'ס מיניסטאָרען און זיינע פריעסטער. זיי האָבען מורא געהאט טאָמער וועט זייער קעניג נעהמען מקרב זיין די קינדער פון ישראל, און דאן וועט ער זיכער צווישען זיי געפינען פעהיגע מענשען און ער קען נאָך זיי דערהויבען און מאכען פאר בעאמטע און מיניסטאָרען. דעריבער האָבען פרעה'ס מיניסטאָרען און זיינע חרטומים געזוכט צו פערמיאוס'ן דאָס פאָלק ישראל אין די אויגען פון פרעה.

מעהר פון אלעמען האָט זיך אין דעם געפלייסיגט טאגער, פרעה'ס הויפט מיניסטער; ער האָט אָנגערעדט אויף די אידען און אויף זיי בלבולים געמאכט.

דערפאַר אָבער איז פרעה'ס מיניסטער יתרו געווען זעהר א גוטער פריינד צו די אידען, ער האָט שטענדיג געהאט א גוט וואָרט וועגען זיי פאר דעם קעניג, און אליין איז ער געווען אן אָפטער בעזוכער אין גשן...

צווישען יתרו'ס פריינד פון גשן, איז געווען, עמרם, דער הויפט פון דעם שבט לוי, און זיין פרוי יוכבד.

יתרו האָט זיך מיט עמרם'ס משפחה בעפריינדעט דורך זיין געליעבטער שרה, וועלכע איז געווען א חברתה פון מרים, יוכבד'ס טאָכטער.

ווען יתרו האָט דערהערט דעם בלביל וואָס טאגער זוכט צו מאכען אויף די אידען פון גשן, אז זיי האָבען אבזיכטיג אונטערגעלעגט א שטרויכלונג צו שעדיגען פרעה'ס טאָכטער, האָט זיין כעס אויף איהם געברענט...

ער איז גלייך ארוים אין דרויסען און ווען פרעה איז שוין געזעסען אין זיין קאַרעטע גרייט אָפּצופאָהרען נאָך גשן, איז יתרו צו איהם צוגעקומען און געבעטען ער זאָל איהם ערלויבען מיטצופאָהרען נאָך גשן, ווייל ער קען די משפחה פון עמרם, און ער וועט פרעה'ן קענען בעהילפיג זיין אין דער אויספאָרשונג וועגען דער פאסירונג מיט זיין טאָכטער. פרעה האָט דאָס איהם ערלויבט און יתרו איז אויך אהין מיטגעפאָהרען.

בתיה, די עלטערע טאָכטער פון פרעה'ן, האָט נאָך, ווען זי איז געווען גאָר יונג געהערט פיעלע וואונדערבארע זאכען פון דעם פאָלק ישראל, זי האָט געהערט פון יוסף'ן און זיינע ברידער, פון זייערע עלטערן. זי האָט אויך געוואוסט, אז מיט פיעלע יאָהרען צוריק ווען אין מצרים האָבען אנדערע קעניגען געהערשט, האָט יוסף געראטעוועט דאָס גאנצע לאנד פון אונטערגאנג... דאָס אלעס האָט זי זיך דערוואוסט פון יתרו'ן איהר פאָטער'ס מיניסטער. ער איז געווען דער איינציגער וועלכער פלעגט איהר דערצעהלען אָט די אלע וואונדערליכע געשיכטעס פון דעם פאָלק, וואָס האָט זיך בעזעצט אין גשן... די אנדערע האָבען קיינמאָל נישט געוואָלט ריידען וועגען ישראל, און יוסף'ן האָבען זיי זעהר זעלטען דערמאָהנט.

איינמאָל, האָט זיך בתיה אָפּגערופען צו יתרו'ן.

— איך בעט דיר, ווען דו געהסט נאָך גשן זאָלסטו מיר זאָגען וועל איך מיט דיר מיטגעהן. איך וויל זיך נעהענטער בעקאנען מיט די קינדער פון ישראל.

— איך וועל דיין וואונש גערן ערפי־

לען — האָט איהר יתרו געענטפערט — אויב דער קעניג וועט נאָר נישט זיין דאנענען, וועל איך דיר בעגלייטען אהין.

— איז עס דען א זינד צו וועלען בעזוכען מיין אייגען לאנד און זיך צו בעקאנען מיט די פערשידענע איינוואוהנער?

— ניין, פּרינצעסין! — האָט יתרו איהר געענטפערט — עס איז נישט קיין זינד, אָבער פיעלע פון אונזערע זוכען צו ערנידעריגען די ישראלים אין די אויגען פון דיין פאָטער. . און דעריבער צוויפעל איך אויב דער קעניג וועט דיר ערלויבען צו בעזוכען די איינוואוהנער פון גשן.

— מיין פאָטער האָט נאָך קיינמאָל מיין פערלאנג נישט ענטזאגט! — האָט בתיה זיך אָפּגערופען — און איך בין זיכער אז ער וועט נישט זיין דאגעגען.

בתיה האָט געקראָגען די ערלויבניס פון איהר פאָטער און אין דער בעגלייטונג פון יתרו'ן איז זי מיט איהרע קאַמער־מיידלאך געפאָהרען בעזוכען גשן...

די פּרינצעסין איז געווען שטארק ענטציקט פון אלעם וואָס זי האָט געזעהן. וואָס פאר א גרויסער אונטערשיד עס איז צווישען די אידען, די איינוואָהנער פון גשן און צווישען די מצריים, די איינוואָהנער פון די אנדערע שטעדט אין מצרים... אין גשן האָט זי געזעהן פּראכטפולע הייזער, אלעס איז אזוי ריין און אין אָרדנונג... די מענשען זיינען פריעדליך, רוהיג און געלאסען טהוען זיי זייער ארבייט... זיי פיטערען זייער צאָהלרייכע שאָף און בעארבייטען די פעלדער...

— איך וואָלט וועלען דו זאָלסט בעקאנען מיט דיינע פריינד! —האָט בתיה געזאָגט צו יתרו'ן.

א רויטקייט האָט בעדעקט יתרו'ס פּנים, ער האָט א שמייכעל געטאָהן און געזאָגט:

— אין יענעם הויז וואָס שטעהט ביי דער ענד פון גאס, וואָהנט א מאַן מיטן נאָמען דברי, מיט זיינע צוויי טעכטער שרה און שלומית... ביידע שוועסטער זיינען זעהר שעהנע און קלוגע. ... די עלטערע שוועסטער, איז מיין כלה, און איך האָף אין גיכען מיט איהר צו הייראטען, אויב דו ווילסט וועלען מיר אהין צו פאָהרען.

— גוט! — האָט בתיה אויסגערופען מיט פרייד — איך האָב אזוי ליעב צו זעהן א פערליעבטע פּאָר — פיהר מיר אהין!

יתרו איז צוגעפאָהרען צו דברי'ס הויז, נאָך איהם, האָט זיך אָפּגעשטעלט אויך די קארעטע פון דער פּרינצעסין און געווארט אין דרויסען.

שרה איז ענטקעגען געקומען יתרו'ן און הערצליך איהם בעגריסט.

— אה ווי לאנג איך האָב אויף דיר געווארט יתרו — האָט שרה זיך אָפּגערופען — איך האָב געמיינט אז דו האָסט שוין אז מיר אין גאנצען פערגעסען!

— דו ווייסט דאָך, מיין ליעבע שרה אז מיינע פליכטען צו פּרעה'ן זיינען אזוי פיעל, אז דאָס בערויבט מיר פון מיין גרעסטען פערגעניגען דיר אָפטער צו בעזוכען... אָבער איך האָף אז עס וועט שוין לאנג נישט דויערען און מיר וועלען זיך פעראייניגען אויף אייביג.

— יעצט זעה זיך אנידער מיין ליעבער יתרו, און דערצעהל מיר וואָס מיט דיר האָט פּאסירט דורך דער גאנצער צייט וואָס איך האָב דיר נישט געזעהן.

— ניין, שרה! איך בין דאָ אליין נישט געקומען — האָט יתרו געזאָגט מיט א שמייכעל — אין דרויסען ווארט די פּרינצעסין בתיה, זי איז זעהר נייגעריג זיך מיט דיר צו בעקענען.

— די פּרינצעסין! איז שרה רויט געוואָרען — זי וויל מיך זעהן?

יע, איך האָב איהר וועגען דיר און דיין שוועסטער דערצעהלט, יעצט וויל זי זיך נעהענטער בעקענען מיט אייך ביידען.

— אָט וואַרט צו, איך וועל ארויסרופען מיין שוועסטער! — איז שרה עטוואָס צוטומעלט געוואָרען, און איז גלייך אריין אין צווייטען צימער.

באלד איז אויך ארויסגעקומען שלומית און האָט זיך פערנייגט פאר יתרו'ן...

— איך האָף אז די פּרינצעסין וועט

אונז ענטשולדיגען. עס איז אזוי אומגעריכט... עס איז ווירקליך אזא אנגענעהמע איבערראשונג! פיליכט איז דאָס הויז נישט אין אָרדנונג! — האָט שרה אויסגערופען.

די פרינצעסין איז דאָך נישט געקומען זעהן דאָס הויז! — האָט יתרו א שמייכעל געטאָהן — זי איז געקומען אהער זיך צו בעקענען מיט דיר און דיין שוועסטער... און איך קען אייךביידען זאָגען, אז פּרעה'ס טאָכטער איז זעהר גוטהערציג און ליעבליך... אָבער איך האָב איהר שוין געלאָזען ווארטען אביסעל צו לאנג.

יתרו איז ארויס פון הויז אפריהער און נאָך איהם זיינען ארויס די שוועסטער.

— דאָס איז שרה און די איז שלומית איהר שוועסטער — האָט יתרו זיי פאָרגעשטעלט און זיך א נייג געטאָהן. שרה און שלומית האָבען זיך אויך פערנייגט פאר דער פּרינצעסין.

— איך שעץ זיך גליקליך אייך צו קענען! — האָט די פּרינצעסין א שמייכעל געטאָהן צו זיי — איהר זייט ביידע ווירקליך זעהר שעהן און יתרו האָט ניט גאָר ניט איבערטריבען ווער ער האָט אייך פאר מיר פערלויבט, אָבער איך גלויב אז ער איז געוועזן עטוואָס צו בעשיידען...

די צוויי שוועסטער האָבען זיך עטוואָס פערשעהמט און אריונטערגעלאָזען די אויגען. באלד אָבער איז שרה צ זיך געקומען און איינגעלאַדען די פּרינצעסין מיט איהרע קאמער מיידלאך אין הויז.

בתיה איז אריין צו זיי אין הויז און איהרע קאמער־מיידלאך זיינען פערבליבען אין דרויסען.

— איך ווייס נישט אויב איך האָב ריכטיג געהאנדעלט! — האָט זיך די פּרינצעסין אָפּגערופען צו יתרו'ן — דו ביזט געקומען זיך זעהן מיט דיין כלה און מיט איהר פערברענגען, און איך האָב דיר געשטערט.

— אה גנעדיגע פּרינצעסין! — האָט יתרו אויסגערופען — עס איז דאָס גרעסטע פערגעניגען פאר אונז אלעם צו פערברייננגען אין דיין געזעלשאַפט.

שלומית האָט געבראכט קאלטע וואסער פון ברונים. און עס געבראכט פאר דער פּרינצעסין.

— מיין הארינטע איז זיכער דורשטיג, — האָט זי געזאָגט און איהר דערלאנגט דאָס וואסער.

בתיה האָט איהר בעדאנקט און געטרונקען.

א היבשע צייט האָט די פּרינצעסין פערבראכט אין דער געזעלשאַפט פון די צוויי שעהנע שוועסטער — זי האָט פון זיי זעהר פיעלע אינטערעסאנטע זאכען געהערט.

— מיר דוכט זיך אז מרים קומט אָן! — האָט שרה אויסגערופען ארויסקוקענדיג דורכ'ן פענסטער.

— און ווער איז דאָס מרים? — האָט בתיה געפרעגט — זי איז שרה'ס א גוטע פריינדין! — האָט יתרו געענטפערט. זי שטאמט פון זעהר א פיינער משפחה, און עס איז א פערגעניגען צו פערברייגען אין איהר געזעלשאַפט.

— זאָל זי דאָך ארייניקומען אהער!

— האָט בתיה אויסגערופען. איך וויל זיך מיט איהר אויך בעקענען.

שרה איז שנעל ארויס פון הויז און זי האָט בעמערקט ווי מרים קעהרט זיך צוריק.

— מרים! מרים! — האָט שרה אויסגערופען — מרים פארוואָס געהסטו צוריק?

מרים איז צו איהר צוגעגאנגען.

— ווי איך זעה, שרה, האָסטו וויכטיגע געסט, האָב איך דיך נישט געוואָלט שטערען.

— יע, איך האָב זעהר וויכטיגע געסט! — האָבען שרה'ס אויגען געלויכטען — די פּרינצעסין איז צו אונז געקומען אויף א בעזוך.

— די פּרינצעסין! — האָט מרים זיך אָפּגערופען מיט ערשטוינונג! ווי אזוי... עה...

— יתרו האָט איהר אהערגעבראכט,

זיך מיט אונז צו בעקענען... אה מרים! זי בעזיצט א וואונדערבארע נשמה... זי פערברייננגט שוין מיט אונז א היבשע צייט... אה איך בין אזוי צופרידען וואָס דו ביזט געקומען!

— אָבער שרה, פיליכט וואָלט געווען בעסער אז איך זאָל יעצט נישט אריינקומען און אייך שטערען.

— די פרינצעסין פערלאנגט דו זאָלסט יע אריינקומען! — האָט איהר שרה אָנגענומען פאר'ן האנט און איהר אריינגעפיהרט אין הויז.

מען האָט איהר גלייך פאָרגעשטעלט פאר דער פרינצעסין. מרים האָט זיך פערנייגט א.ן איז געבליבען שטעהן א ווייל¬ע אין ¬ פערלעגענהייט.

יתרו איז איהר גלייך געקומען צו הילף און פאר איהר געבראכט א שטוהל זיך צו זעצען.

מרים האָט אויף בתיה'ן געמאכט נאָך א שטארקערען איינדרוק ווי די צוויי שוועסטער... זי איז ווי בעצויבערט געוואָרען פון איהרע פרעכטיגע אויגען.

— זאָג מיר מרים, — האָט בתיה זיך צו איהר געווענדעט ביזטו די איינציגע טאָכטער צו דיינע עלטערען.

— יע, מיין הארינטע! — האָט מרים געענטפערט מיט א שמייכעל.

— און קיין ברידער האָסטו אויך נישט?

— איך האָב איין ברודער!

— אה, ווי גרויס איז מיין חשק ...יהם צו זעהן! — האָט בתיה אויסגערופען מיט בעגייסטערונג — איך בין זיכער אז ער מוז זעהר שטאָלץ זיין אויף אזא שוועסטער ווי דו! בעט איהם אין מיין נאָמען ער זאָל מיט דיר קומען מיך צו בעזוכען.

א שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף מרים'ס ליפען...

— מיין ברודער איז נאָך גאָר יונג— האָט זי געזאָגט.

— ווי אלט איז דיין ברודער? — האָט בתיה איהר געפרעגט.

— ער איז קוים א יאָהר אלט!

— ער איז קוים א יאָהר אלט! — האָט זיך די פרינצעסין פאנאנדערגעלאכט — און איך האָב זיך שוין אין איהם פערליעבט! ער מוז דאָך געוויס זיין זעהר שעהן. זאָג מיר ווי איז זיין נאָמען?

— זיין נאָמען איז אהרן! — האָט מרים געענטפערט.

— אויב דו וועסט מיר ערלויבען, מרים, וועל איך ווען עס איז קומען בעזוכען דיין הויז און זעהן דיין ברודער, איך האָב זעהר ליעב קליינע קינדער!

— אה מיין הארינטע, איך האָב ניט פערדינט דו זאָלסט מיר אָנטאָהן אזא כבוד!

— און יעצט פערלאנג איך אז דו, שרה און שלומית זאָלען מיר קומען בעזוכען אין מיין פאָטער'ס פאלאץ! — האָט בתיה זיך געווענדעט צו מריח'ען. איך האָב זעהר פיעל פערגעניגען געהאט צו זיין אין אייער געזעלשאפט... איך בעט דיר יתרו, ווען דו וועסט א צווייטען מאָל אהער קומען, זאָלסטו זעהן אז די דריי וואונדער־שעהנע טעכטער פון ישראל זאָלען זיך מיט דיר אומקעהרען מיך צו בעזוכען.

— איך פערשפרעך דיר, מיין הארינטע אז איך וועל זעהן דיין פערלאנג צו ערפילען, אויב עס וועט נישט זיין קיין אָפהאלט פון זייער זייט — האָט יתרו געזאָגט.

די פרינצעסין האָט זיך פריינדליך געזעגענט מיט מרים'ן און די צוויי שוועסטער און פערשפרעכענדיג צו קומען נאָך אמאָל זיי בעזוכען, איז זי ארויס מיט יתרו'ן פון הויז.

— איך האָב גאָרנישט געוואוסט אז די אידישע טעכטער זיינען אזעלכע שעהנע און קלוגע? — האָט בתיה זיך אָפגערופען צו יתרו'ן... יעצט זעה איך אז מיין פאָטער וויים וואָס ער טהוט, ווען ער האָט דיר אויסגעקליבען פאר זיין מיניסטער, ווייל דו מוזט זעהר קלוג זיין ווען דו האָסט אויערוועהלט פאר זיך א כלה פון די טעכטער פון ישראל! ווען איך וואָלט געווען א מאַן, וואָלט

איך זיך זיכער אליין פערליעבט אין איינער פון זיי.

יתרו האט געשמייכעלט און זיך אפגערופען:

— יע, מיין הארינטע — דאס פאלק ישראל איז א וואונדערבארעס און באגאבטעס פאלק, אבער ניט אלע וויסען זיי ווי אפצושאצען...

— איך בין זיכער אז מיין פאטער וויים ווי געהעריג אפצושאצען די ישראלים! — האט בתיה געזאגט — געניסען זיי דען נישט פון אלע פרייהייטען ווי די איבעריגע בירגער פון מצרים?

— אמת, זיי געניסען פון אלע פרייהייטען — האט יתרו געזאגט — אבער ווען דו, מיין הארינטע, וואלסט געוואוסט, וויפיעל שונאים דיעזעס פריעדליך פאלק האט, וואלסטו זיכער ערשטוינט געווארען... מיר קומט אוים יעדען טאג צו הערען פיעל שימפף און זידעל ווערטער אויף דעם חשבון פון די אידען...

— דו האסט רעכט, יתרו! — האט די פרינצעסין געזאגט — איך אליין האב אויך פיעל מאל געהערט ווי מען רעדט שלעכטעס אויף די איינוואהנער פון גשן... אבער זייערע רייד האט אויף מיר קיין ווירקונג נישט געהאט. בפרט יעצט אז איך האב בעזוכט זייער לאנד און פערבראכט מיט זייערע טעכטער... ווען דו וואלסט וויסען וואס פאר א שטארקען איינדרוק דאס אלעס האט אויף מיר געמאכט... איך בין זיכער אז די רייד פון די אידישע שונאים וועלען אויך קיין ווירקונג ניט האבען אויף מיין פאטער!

— איך וויל אויך האפען אזוי! — האט יתרו געזאגט — אבער עס איז מיר שווער צו גלויבען...

— וואס מיינסטו? יתרו? — האט איהם בתיה געפרעגט — גלויבסטו דען נישט אז מיין פאטער וועט זיך צו די שונאים פון ישראל נישט צוהערען?!

— פערגעס נישט, מיין הארינטע, אז טאגער איז געווארען דיין פאטער'ס הויפט מיניסטער, און ער איז דער גרעסטער שונא ישראל פון מצרים. ער האט זעהר פיעל געווירקט אויף די חרטומים און די פריעסטער און יעצט דערמאהנען זיי נישט דעם נאמען ישראל, אהן א קללה... איך וויים אז זיי קלייבען זיך שלעכטעס צו טאהן צו די איינוואהנער פון גשן.

— איך פערזיכער דיך אז קיין בייזעס וועט זיי נישט געשעהן! — האט בתיה זיך אפגערופען צו יתרו'ן, איך אליין וועל זיך מיט מיין פאטער דורכריידען וועגען דעם, איך וועל איהם דערצעהלען וואס פאר א וואונדערבארע מענשען די קינדער פון ישראל זיינען, און איך בין איבערצייגט אז ער וועט זיך צוהערען צו מיינע רייד און זיי קיין שלעכטעס נישט טאהן.

— איך האף, גנעדיגע פרינצעסין, אז דו וועסט עס נישט פערזאמען צו טאהן!

— האט יתרו געזאגט — איידער עס איז נאך צו שפעט. ווייל ווי איך פערשטעה טראגט זיך טאגער ארום מיט פערשידענע פלענער ווי צו שעדיגען דאס פאלק ישראל.

— איך וועל נאך היינט זיך דורכריידען מיט מיין פאטער — האט בתיה געזאגט, ווען זיי זיינען שוין געווען ניט וויט פון פאלאץ.

דעם זעלבען אווענד האט בתיה גערעדט צו איהר פאטער מיט גרוים בעגייסטערונג וועגען די איינוואהנער פון גשן. זי האט איהם דערצעהלט וועגען די טעכטער פון ישראל, און פון אלעם וואס זי האט דארט געזעהן.

א טרוקענער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף פרעה'ס ליפען און ער האט זיך אפגערופען:

— דו ביזט נאך יונג, מיין טאכטער, עס איז נישט פאר דיר אורצוטיילען אויב ישראל איז א ווינשענסווערטעס פאלק פאר אונזער לאנד... מיינע קלוגע מיניסטארען, און הייליגע פריסטער, זיי פארשען יעצט אלעם אוים. און פון זייער בעריכט, וועל איך וויסען ווי צו האנדלען מיט די ישראלים!

— אָבער, פּאָטער, עס איז דאָך מעגליך אז אייניגע פון דיינע מיניסטאָרען האָבען די אידען נישט ליעב און זיי וועלען געווים זוכען דיר אָפּצוגעבען אַן אונגינסטיגען בעריכט וועגען זיי.

— מיין הויפּט מיניסטער, טאגער איז מיר זעהר געטריי און איבערגעבען, ער ארבייט פאַר דער טובה פון אונזער לאנד, און איידער ער איז נאָך געוואָרען מיין הויפּט מיניסטער, האָט ער מיך שוין געווארענט אַז לויט דעם פארטשריט וואָס די אידען מאַכען אין גשן, שטעהט פאַר א גרוים געפאהר פאר אונזער לאנד...

— דאָס האָט ער אויף זיי שלעכטעס אָנגערעדט, ווייל ער איז זייער שונא!
— האָט בתיה אויסגערופען.

— ניין, מיין טאָכטער, דו פערשטעהסט נישט טאגער'ן, ער איז פּייליכט געוואָרען זייער שונא צוליעב דעם ווייל ער זעהט ווי זיי דראָהען אונזער לאנד... זיי פאַ־מעהרען און שטארקען זיך...

— יתרו איז דאָך אויך איינער פון דיינע מיניסטאָרען! — האָט בתיה געזאָגט — פארוואָס זאָלסטו זיך נישט צוהערען צו זיינע רייד... איך וויים אַז ער האָט נישט גענוג ווערטער זיי צו לויבען...

— אין גיכען וועל איך פערזאמלען אַלע מיינע מיניסטאָרען, חרטומים און פּריעסטער און איך וועל זיך מיט זיי בעראטען וואָס צו טאָהן מיט דעם פאָלק ישראל, איך וועל הערען די מיינונגען פון יעדען בעזונדער און דאַן וועל איך בעשטימען ווי אזוי צו האנדלען מיט די אידען.

די פּרינצעסין בתיה האָט געהאָפּט אַז איהר פּאָטער וועמען זי האָט געהאלטען פאַר זעהר קלוג, וועט זיכער קיין אומרעכט נישט בעגעהן, און ווען זי האָט יתרו'ן א צווייטען מאָל געזעהן האָט זי איהם איבערגעגעבען איהר געשפּרעך וואָס זי האָט געהאט מיט איהר פּאָטער, און איהם פערזיכערט אַז קיין בייזעס וועט נישט געטאָהן ווערען צו די איינוואָהנער פון גשן.

אין יענעם טאָג ווען פרעה האָט פעררופען די פערזאמלונג פון אַלע מיניסטאָרען און פּרעסטער, האָט די פּרינצעסין געהייסען איינשפּאנען איהר קארעטע און צוזאמען מיט איהרע קאמערמיידלעך ארויסגעפאָהרען אויף א שפּאַציער רייזע אין גשן. זי האָט אויך געהאָט בדעה זיך צו זעהן מיט די צוויי שוועסטער, שרה און שלומית די טעכטער פון דברי און אויך מיט מרים'ן.

זי האָט געהייסען דעם טרייבער צו טרייבען די פערד וואָס שנעלער און ווען זיי זיינען ארונטערגעפאָהרען דעם טאָהל האָט זיך די קארעטע אָנגעשטויסען אַן א שטיין און די פּרינצעסין האָט זיך שטארק אויפגעטרייסעלט אַז זי האָט זיך א נייג געטאָהן אַן א זייט און פון דאָרטען זיך ארויסגעגליצט, אויסלינקענדיג א פוס.

די קאמער מיידלעך זיינען גלייך ארויסגעשפּרונגען פון קארעטע און איהר גענומען העלפען... אָבער דער וועהטאָג איז געווען אזוי גרוים אַז בתיה האָט גע'חלש'ט...

די קאמער מיידלעך האָבען ארויסגעלאָזען א פערצווייפעלטען געשריי... זייער שרעק איז געווען זעהר גרוים... דער טרייבער איז אזוי צושראָקען און צוטומעלט געוואָרען אַז ער האָט גאָרנישט געוואוסט וואָס צו טאָהן.

אין יענער צייט האָט עמרם ארונטערגענידערט פון בארג צו געהן אהיים. צו זיינע אויערען האָבען זיך דערטראָגען די פערצווייפעלטע געשרייען, וועלכע האָבען נאָך שרעקליכער אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט פון טהאל.

ער איז שנעל צוגעלאָפען צו דעם פּלאַץ און ווען די צושראָקענע קאמער מיידלעך האָבען איהם איבערגעבען וואָס דאָ האָט פּאסירט, האָט עמרם אויפגעהויבען די פער'חלש'טע פּרינצעסין, איהר אוועקגעטראָגען צו זיך אין הויז און אוועקגעלייגט אויף א בעט.

מרים איז גלייך צוגעלאָפען צו איהר

פאָטער און זי האָט גלייך אויסגעשריען:

— אה פאָטער, דאָס איז דאָך די פרינצעסין, בתיה! — ברייגג מיר שנעלער א ביסעל וואסער! — האָט עמרם זיך אָפּגערופען.

מרים האָט געבראכט וואסער. איהר פנים איז געווען טויט בלאס און איהרע אויגען זיינען צושראָקען.

— וואָס האָט פּאסירט מיט דער פּרינצעסין! — איז מרים היסטעריש געוואָרען...

— זי איז ארויסגעפאלען פון איהר קארעטע! — האָבען זיך די קאמער מיידלעך צויאָמערט.

— אה, מעכטיגער גאָט בעשיץ דאָך די ליעבעסווירדיגע און גוטהערציגע פּרינצעסין! — האָט מרים אויסגערופען.

יוכבד וועלכע איז געווען אין א צווייטען צימער האָט דערהערט דעם טומעל און איז גלייך ארויסגעקומען.

— אָה מוטער! איז מרים צוגעלאָפען צו איהר — די פּרינצעסין איז פערוואונדעט!

יוכבד און מרים האָבען איהר אָנגעהויבען אָפּצומינטערען און באלד האָט בתיה געעפענט איהרע אויגען.

— וואו בין איך! — האָט זי אויסגערופען מיט א שוואכער שטימע.

— אָ מיין הארינטע! דו ביזט אין זיכערע הענט! — האָט מרים זיך אָפּגערופען מיט צערטליכקייט — איך האָף אז מיין הארינטע איז נישט בעשעדיגט!

— מיין פוס! — האָט בתיה א קרעכץ געטאָהן... אָ ווי גרויס איז מיין שמערץ!

— איך וועל געהן ברייננען א רופא!

— האָט עמרם געזאָגט און האָט פערלאָזען דאָס הויז.

מרים און איהר מוטער האָבען גענומען פערבאנדאזשירען איהר פוס.

די קאמער מיידלעך זיינען נאָך אלץ געשטאנען און געציטערט פון גרויס שרעק... דער טרייבער איז געשטאנען אין דרויסען א צוטומעלטער און א צושראָקענער.

— קום דו וועסט מיר שנעלער צו פיהרען צום רופא! — האָט זיך עמרם צו איהם אָפּגערופען.

אָבער דער טרייבער האָט זיך נישט געגירהרט פון אָרט.

עמרם האָט פּרובירט נאָך א פּאָר מאָל מיט איהם ריידען און ווען ער האָט געזעהן אז ער איז פער'עקשנ'ט, איז ער אוועק צו פוס צום רופא.

—איהר מוזט גלייך געהן אנזאָגען דעם קעניג וועגען דער פּאסירונג! — האָט מרים זיך געווענדעט צו די קאמער מיידלעך. זאָלען זיך צוויי אָפּשטעלען דאָ און די איבעריגע זאָלען וואָס שנעלער פאָהרען אָנזאָגען דעם קעניג.

פיער פון די קאמער מיידלעך זיינען באלד ארויס און געזאָגט דעם טרייבער, אז ער זאָל זיי גלייך פיהרען צום פּאַלאץ.

— און די פּרינצעסין!! — האָט דער טרייבער זיך אָפּגערופען — וועלען מיר איהר דען איבערלאָזען אין הויז פון דעם אידען!

— ביז וואנען דער קעניג וועט קומען מיט די רופאים, וועלען די מענשען פון הויז איהר צוזעהן. נו, מאך דאָס שנעל. די פיער קאמער מיידלעך האָבען זיך ארייגגעזעצט אין קארעטע און דער טרייבער האָט מיט גרויס אימפּעט גענומען יאָגען די פערד.

---

מרים און יוכבד האָבען נישט אָפּגעטראָטען פון דער פּרינצעסין. זיי האָבען געטאָהן אלעם מעגליכעם צו פערלינדערען איהרע שמערצען.

— ווי פיהלט זיך יעצט מיין הארינטע! — האָט איהר מרים געפרעגט.

— בתיה האָט ברייט אויפגעעפענט איהרע אויגען און בעטראכט מרים'ען:

— דאָס ביזטו מרים! — האָט זי איהר גלייך דערקענט — אָ גוטע מרים, ווי אזוי האָסטו זיך אזוי שנעל דערוואוסט?

— דו געפינסט זיך, מיין הארינטע אין מיין הויז! — האָט איהר מרים געענטפערט — איך בין גליקליך אז די

פרינצעסין איז געקומען צו זיך און זי קען מיר שוין דערקענען...

— אָבער ווי אזוי קום איך אין דיין הויז!! — האָט בתיה איהר געפרעגט.

— מיין פאָטער איז גראדע געוועזן אין דרויסען ווען דער שרעקליכער צופאל האָט פאסירט, און ער האָט דיך אריינגעטראָגען אין אונזער הויז.

און וואו איז ער יעצט? — האָט זי פרובירט זיך אויפצוהויבען, איך וויל איהם בעדאנקען.

— מיין פאָטער איז געגאנגען נאָך דעם רופא, נישט ווייט פון אונז געפינט זיך דאָס הויז פון רופא און אויב ער וועט איהם נאָר טרעפען אין הויז, וועט ער זיך באלד צוריקקעהרען מיט איהם.

— און דאָס איז דיין מוטער, מרים?

— האָט בתיה געפרעגט.

יוכבד האָט זיך דערנעהענטערט און א נייג געטאָהן פאר איהר.

— יע, מיין הארינטע — דאָס איז מיין ליעבע מוטער!

— יעצט וועל איך דאָך געוויס האָבען א געלעגענהייט אויך צו זעהן דיין ברודער — האָט זיך א שמייכעל בעוויזען אויף איהרע ליפען.

יוכבד האָט איהר אנגעקוקט פערוואונדערט.

— איך האָב דער פרינצעסין געזאָגט וועגען מיין ברודער אהרן, און זי געדענקט איהם נאָך! — האָט מרים א שמייכעל געטאָהן.

— ער געפינט זיך אין צווייטען צימער! — האָט יוכבד געזאָגט מיט א שטראהלענדען פנים — אָט וועל איך איהם באלד אריינטראָגען.

יוכבד איז באלד אריין אין צווייטען צימער און ארויסגעקומען מיט אהרן אויף איהרע הענט.

— אה, וואָס פאר א שעהן ליעבליך קינד דאָס איז!! — האָט בתיה זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן בעט... יע, ער איז טאקע עהנליך צו זיין שוועסטער!

— גנעדיגע פרינצעסין! — האָט מרים אויסגערופען — איז עס פיליייכט צו פיעל אָנשטרענגונג פאר דיר... דו מוזט יעצט רוהען און זיך נישט צו פיעל בעוועגען!...

— איך פיהל זיך א סך בעסער, מרים

האָט די פרינצעסין גענומען דעם קליינעם אהרן'ען אויף איהרע הענט, און זיך גענומען שפיעלען מיט איהם...

באלד איז אריינגעקומען עמרם און דער רופא... ביידע האָבען זיך פאר איהר פערנייגט... עמרם איז געוועזן שטארק צופרידען ווען ער האָט איהר דערזעהן זיצענדיג און שפילענדיג זיך מיט זיין קינד.

דער רופא האָט בעטראכט איהר פוס און האָט געזאָגט אז דער לונק איז נישט קיין ערנסטער און אז די פרינצעסין וועט דארפען ליגען עטליכע טעג אין בעט, און דער וועהטאָג וועט פערשווינדען...

אָבער איך פיהל זיך שוין א סך בעסער! — האָט די פרינצעסין זיך אָפּגערופען צו עמרם'ן, איך בין זעהר דאנקבאר צו דיר און צו דיין פרוי און טאָכטער, פאר די באלדיגע גרויסע הילף וואָס זיי האָבען מיר געגעבען...

איך שעץ זיך גליקליך, פרינצעסין, אז דו פיהלסט זיך א סך בעסער — האָט מרים געזאָגט — אונזער שרעק איז געווען זעהר גרויס.

— איך ווייס אליין נישט ווי אזוי דאָס האָט פאסירט! — האָט בתיה געזאָגט — איך געדענק בלויז אז די קארעטע אין וועלכער איך בין געפאָהרען האָט זיך אָן עטוואָס אָנגעשטויסען און מעהר קען איך נישט געדענקען... וואו זיינען אלע מיינע קאמער מיידלעך, און דער טרייבער פון קארעטע?

— צוויי פון דיינע קאמער מיידלעך געפינען זיך אָט דאָרטען — האָט מרים אָנגעוויזען מיט איהר פינגער אויף די צוויי קאמער מיידלעך, וועלכע זיינען געשטאַנען אין א ווינקעל פון הויז בעוועגלאָז — און די איבעריגע פיער זיינען אוועקגעפאָהרען מיט דעם טרייבער אָנצוזאָגען דעם קעניג וועגען דער געשעהניש...

— אָ מיין פאָטער! — האָט בתיה

זיך אָפּגערופען. ער וועט זיך זעהר שטארק דערשרעקען, ווען ער וועט דערהערען דערפון...

— אָבער מיין הארינטע! — האט מרים געזאגט — איך האב אויך געמיינט, אז דיין וואונד איז געווען א סך ערנסטער. און איך בין געווען זיכער, אז דער קעניג וועט קענען דיר מעהר העלפען.

— גלויבסטו, — האט זיך בתיה געווענדעט צום רופא, — אז איך וועל דארפען פערבלייבען אין דיזען הויז אויף איינגע טעג?

— ניין, דאס וועט נישט זיין נעטהיג!

— האָט דער רופא געענטפערט — מיט גרוים פּאָרזיכטיגקייט וועסטו נאָך היינט קענען אָפּפאָהרען אהיים.

— און ווי שטארק איך וואלט געוואונשען צו קענען דאָ פערבלייבען אויף עטליכע טעג — האט די פּרינצעסין געזאגט מיט ענטטוישונג — די געזעלשאפט פון מרים'ן און איהרע פריינדינס זיינען מיר זעהר אנגענעהם.

— דו ביזט גנעדיג צו אונז — האט מרים זיך א נייג געטהאן פאר איהר.

---

ווען טאגער האט געזעהן, אז יתרו פאָהרט אויך מיט מיט דעם קעניג, האט ער בעשלאָסען, אז עס וועט זיין א סך בעסער, ווען ער זאל אויך זיין דאביי, כדי ער זאל קענען איבערציינגען אלעמען. אז ער האט געהאט רעכט ווען ער האט בעשולדיגט די אידען פון גשן, דאס זיי האבען געזוכט צו שעדיגען פּרעה'ס טאָכטער.

טאגער האָט געוואוסט, אז יתרו וועט זיי זוכען צו פערטהיידיגען, און ווען פּרעה וועט זיך צו איהם צוהערען דיזען מאָל, קען דאס איהם, טאגער'ן שעדיגען אויף שפּעטער. ער האָט גלייך געהייסען פארטיג מאכען זיין רייט־וואָגען און איז שנעל געפאהרען, און ווען ער איז אָנגעקומען אין גשן האט ער שוין געהאט דערגרייכט פּרעה'ן מיט זיינע בעגלייטער.

— מעכטיגער קעניג פּרעה, — האָט טאגער זיך אָפּגערופען ווען אלע האבען זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון דעם פּלאץ, וואו דער צופאל מיט בתיה'ן האט פּאסירט — איך בין אזוי שטארק בעזארגט וועגען דעם געזונד צושטאנד פון דער פּרינצעסין, אז איך האב בעשלאָסען אויך צו קומען אויף דיזען פּלאץ, פיעלייכט וועל איך קענען מיט עפּעס בעהילפיג זיין.

— דאָ האָט פּאסירט — האָט דער טרייבער אָנגעצייגט אויף א גרויסען שטיין, וואס איז געלעגען אין וועג.

אלע זיינען ארונטערגעגאנגען און בעטראכט דעם שטיין.

— דאס בעשטעטיגט מיינע פריהערדיגע השערה — האט טאגער זיך אָפּגערופען — אז די אידען האבען דיזען שטיין אוועקגעלעגט אין מיטען וועג, ווען זיי האבען זיך דערוואוסט, אז פּרעה'ס טאָכטער קומט אָן.

— איך בין שוין איינגע מאָל דורכגעפאהרען דיזען וועג און יעדעם מאָל בעמערקט דיזען שטיין ליגענדיג אויף דעם וועג — האט יתרו זיך אָפּגערופען צו פּרעה'ן — עס איז זעהר נישט קיין שווערע זאך צו בעשולדיגען אומשולדיגע מענשען!

— איך האב אָבער גלייך פערשטאַנען, דער שטענדיגער פּערטהיידיגער פון די אידען, האט מיט זיין מיטפאָהרען געהאט בלויז איין ציעל, און דאס איז ריין צו וואשען די שונאים פון אונזער קעניג און אונזער לאנד! — האט טאגער געברענט פון כעס.

— און דער צוועק פון פּרעה'ס הויפּט מיניסטער'ס נאָכפאָהרען איז צו מאכען א גרונדלאָזע באשולדיגונג געגען אן אומשולדיגעם פאָלק — האט יתרו איהם צוריק א שטאָך געגעבען.

— זאָג מיר! — האט זיך טאגער געווענדעט צום טרייבער — ווען דו האסט די פּרינצעסין'ס קארעטע געטריבען אויף דיזען וועג, האָסטו דען נישט בעמערקט איינגע מענשען שנעל לויפענדיג אויף דיזען וועג.

דער טרייבער האט איהם אָנגעקוקט און געשוויגען.

— פארוואס ענטפערסטו מיר נישט! —האט טאגער אויף איהם א געשריי געטהאן—האסטו דען נישט געזעהן פון ווייטען ווי אייניגע מענשען זיינען זיך צולאפען ווען דו האסט שנעל ארונטערגענידערט אין טהאל?

— יע, מיין האר... איך ב... האב בעמערקט פון גאנץ ווייט ווי צוויי מענשען לויפען—האט דער טרייבער געשטאמעלט.

— נו, יעצט זעהסטו שוין!—האט טאגער זיך אפגערופען מיט נצחון צו יתרו׳ן—דאס האבען די אידען אונטערגעלעגט דעם שטיין און זיי זיינען זיך צולאפען...

— דאס איז נאך אלץ קיין בעוויין ניט, אז דער שטיין איז דא ניט געלעגען פון פריהער!—האט יתרו געענטפערט.

— און דאס וואס עמרם איז געראדע דאן געווען דאביי איז עס אויך בלויז א צופאל?—האט טאגער געפרעגט.—אה, ניין, מיר קען מען נישט נארען... איך זעה די גאנצע זאך קלאהר און דייטליך... עמרם אליין האט אויך א חלק אין דער פערשווערונג אויף דער פרינצעסין.

יתרו האט איהם געוואלט ענטפערען, אבער פרעה האט א מאך געטהאן מיט׳ן האנט אלס צייכען צו פאהרען ווייטער.

— איך בין זעהר אומגעדולדיג צו זעהן מיין טאכטער,—האט ער אויסגערופען—מיר וועלען שוין דארטען ריכטיג אויספארשען די זאך.

זיי האבען זיך אלע צוריק אריינגעזעצט אין די קארעטען און צוגעפאהרען צו עמרם׳ס הויז.

— דער קעניג קומט אן!—האט מרים אויסגערופען און איז שנעל געגאנגען צום טיהר.

עמרם, יוכבד און דער רופא זיינען איהר נאכגעגאנגען און ווען פרעה האט זיך בעוויזען נעבען טיהר זיינען זיי אלע צום באדען געפאלען און זיך פערנייגט.

— וואו איז מיין טאכטער!—האט פרעה אויסגערופען.

מרים האט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און האט אנגעצייגט פרעה׳ן דעם צימער, וואו די פרינצעסין איז געווען.

פרעה איז גלייך אריין אין צימער. און ער האט צו זיין גרויס בעוואונדערונג געטראפען זיין טאכטער זיצענדיג אויף דעם בעט און שפילענדיג זיך מיט א קליין קינד.

— מיין טאכטער!—האט פרעה אויסגערופען — וואס האט מיט דיר פאסירט? ווי פיהלסטו זיך יעצט?!

— איך פיהל זיך גאנץ גוט, פאטער, די גוטע מענשען פון דיזען הויז האבען מיר די נויטיגע הילף שנעל געבראכט... און אט דער רופא זאגט, אז מיין פוס איז אין גוטען צושטאנד—האט זי אנגעצייגט אויף דעם רופא, וועלכער איז געשטאנען נעבען טיהר. אה, פאטער, גיעב א קוק ווי שעהן און ליעבליך דאס קינד איז!

— זאלען מיינע רופאים אריינקומען, —האט פרעה בעפוילען און צו זיין טאכטער האט ער זיך געווענדעט:

— דארפסטו יעצט זיך אנשטרענגען און האלטען א פרעמד קינד אין דיין האנט.

מרים איז שנעל צוגעקומען און אוועקגענומען איהר ברודער אהרן, וועלכער האט אריינגעפלאכטען זיינע קליינע פינגערלעך אין בתיה׳ס האר און זיך געשפיעלט.

די רופאים זיינען אריינגעקומען און בעטראכטענדיג בתיה׳ס פוס, האבען זיי בעשטעטיגט די רייד פון דעם אידישען רופא, אז עס איז קיין געפאהר נישטא.

— ווי אזוי האט דאס פאסירט?—האט פרעה זיך געווענדעט צו עמרם׳ן, ווי איך פערשטעה ביזטו דאך דאן געווען אין דרויסען און אלעם צוגעזעהן.

—ניין, מיין האר קעניג!—האט זיך עמרם פערנייגט—איך האב בלויז געהערט דעם טומעל און די געשרייען, דאן בין איך צוגעלאפען און האב אויפגעהויבען די פרינצעסין און איהר אריינגעבראכט צו מיר אין הויז, וואו מיר האבען אלע געטהאן אלעם וואס איז מעגליך צו לינדערען איהרע שמערצען.

— און ווייסטו דען נישט, ווער עס האט אונטערגעלעגט דעם שטיין אין איהר וועג ?—האט זיך טאגער געווענדעט צו עמרם'ן, קענסטו פיליכט אנרופען יענע מענשען, וועלכע זיינען שנעל ענטלאָפען פון יענעם פּלאַץ, מיט זייערע נעמען ?

עמרם האט איהם אַנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך פערשטעה נישט מיין האר. וואס דו מיינסט.

— איך מיין—האט טאגער געענטפערט—אז עס איז געווים נישט פערבאָרגען פון דיר, אז דאס האבען די שונאים פון דעם קעניג'ס משפחה געלעגט א שטרויכלונג אין דעם וועג פון פּרעה'ס טאָכטער.

— זאָל מיין האר מיר ענטשולדיגען ! —האט מרים זיך אריינגעמישט—אבער אין גשן געפינען זיך נישט קיינע שונאים פון אונזער קעניג !

— מעגליך !—האט טאגער א קוועטש געטהאן מיט די פּלייצעס — פריהער אָדער שפּעטער וועלען מיר אויסגעפינען דעם ריינעם אמת !...

אייניגע רופאים האבען געהאָלפען דער פּרינצעסין אריינצוזעצען אין איהר קארעטע, און באלד איז פּרעה, זיין טאָכטער און מיט די איבעריגע בעגלייטער פערלאָזען גשן.

דעם גאנצען וועג, האט טאגער געזוכט איינצורײדען בתיה'ן, אז דער שטיין איז מיט א כיון אוועקגעלעגט געוואָרען אויף איהר וועג כדי זי זאָל געשטרויכעלט ווערען.

— דו ווייסט נישט גנעדיגע פּרינצעסין וויפיעל שונאים מיר האבען צווישען די אידען—האט ער איהר געזאגט.

— מיר וואונדערט זיך אויף דיר, אז דו זאָלסט ריידען אזעלכע ווערטער אויף דעם אידישען פּאָלק,—האט בתיה געזאגט—איך האב געמאכט אייניגע בעזוכען אין גשן, און מיר דוכט זיך, אז די אידען אין גשן זיינען אונזערע געטרייטע און איבערגעגעבעסטע בירגער.

— דאס וועלען מיר זיך אין גיכען איבערצייגען !—האט טאגער איהר געענטפערט—דער קעניג זוכט צו בויען צוויי נייע שטעדט כדי צו בעפעסטיגען דאס לאנד געגען אונזערע שונאים, וועלכע דראהען אונז שטענדיג מיט איבערפאַלען... פּרעה וועט פערלאנגען פרייוויליגע ארבייטער, און דאן וועלען מיר זעהן וויפיעל פון די אידען וועלען זיך אָפּרופען.

פּרעה האט געוואָרפען זיינע בליקען אויף זיין הויפּט מיניסטער און א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. ער זעהט ווי קלוג טאגער איז... ער האט מורא טאָמער וועט בתיה וועלען וואָרענען די אידען נישט צו געהן ארבייטען, האט ער עס געמאכט אזוי, דאס אפילו זי זאָל זיין פעראינטערעסירט, אז אלע אידען פון גשן זאָלען ארבייטען, כדי ארויסצוצייגען זייער פּאַטריאָטיזם.

## דריטער קאפּיטעל

## דער אָנפאנג פון דער אידישער פּערשקלאפונג.

טאגער האט מיט גרויס אומגעדולד געוואָרט אויף דעם טאג ווען ער וועט מיט פּרעה'ס צושטימונג ארויסגעבען אן ערקלערונג, אז ער האט בדעה אויפצובויען צוויי בעפעסטיגטע שטעדט, פּתם און רעמסס.

ער האט געהאלטען זיינע אויגען אויף יתרו'ן און אין דערזעלבער צייט האט ער זיך בעראטהען מיט די פּריעסטער און זיינע איבעריגע פריינד, ווי אזוי דורכצופיהרען זיינע פּלענער.

דער טאג איז געקומען. טאגער האט ארויסגעשיקט שלוחים איבערן גאנצען לאנד, און איבערהויפּט אין גשן מיט דעם פאָלגענדען אויסרוף פון פּרעה'ן :

— צו די אלע בירגער און איינוואוינער פון דעם לאנד מצרים !

"מיט דער הילף פון אונזערע מעכטיגע געטער האבען מיר אין דער לעצטער מלחמה בעזיעגט די חתים... זיי צאַהלען אונז ציינזען און אונזער גרויסער זיעג האט אַנגעוואָרפען א שרעק אויף אלע איבעריגע פעלקער, וועלכע געפינען זיך

אין שכנות מיט אונז... אָבער איך ווייס, אַז פיעל זיינען אונזערע שונאים, וועלכע זוכען אונז צו פערניכטען. און דעריבער האָב איך בעשלאָסען צו בויען צוויי גרויסע און בעפעסטיגטע שטעדט, פתם און רעמסס. איך לאַדע איין אלע מיינע געטרייע בירגער צו קומען צו אונזער הילף און זעהן טהאָן די ארבייט, פאַר דעם נוץ פון אונזער לאַנד... איך וויל קיינעם ניט צווינגען דאצו, אָבער יעדער איינער וועלכער וועט קומען און לייסטען זיין ארבייט פאַר דעם וואהלזיין פון אונזער לאַנד, וועט זיין נאָמען פערשריבען ווערען אין די ביכער אלס טרייער דינער פון פרעה'ן...

דער אויפרוף איז געשריבען געוואָרען אויף פאַרמעט און פרעה'ס זיעגעל איז אויף דעם ארויפגעלעגט געוואָרען.

אויסער די שליחים מיט דעם אויפרוף, האָט טאָגער פאַנאנדערגעשיקט אין גשן נאָך הויכע בעאמטע זיי זאָלען ארומגעהן דאָרט צווישען די אידען און זאָלען אגיטירען אַז יעדער איינער זאָל ארויסצייגען זיין געטריישאַפט צו פרעה און קומען צו דעם בעשטימטען טאָג.

ווי די זאַך איז בעקאַנט געוואָרען אין גשן האָט זיך יעדער שבט פערזאמעלט אין א בעזונדערען פלאַץ און האָבען פערהאַנדעלט ווי אַזוי צו העלפען פרעה'ן אין זיין גרויסער אונטערנעהמונג.

— מיר לעבען זיך גליקליך אין מצרים, מיר געניסען פון אלע רעכטע און גאָט האָט אונז געהאָלפען און מיר זיינען רייך געוואָרען, דאַרפען מיר זיין די ערשטע צו קומען פרעה'ן צו הילף — האָט אויסגערופען דער פאַרשטעהער פון דעם שבט יהודה. יעדער פון אונז דאַרף אוועקטראָגען אין דעם אוצר פון דער מלוכה וויפיעל גאָלד ער קען בעהויפטען, נאָך מעהר ווייפעל די מצריים אליין וועלען ברייננגען, דאמיט צו צייגען פרעה'ן אַז מיר זיינען געטרייע און איבערגעגעבענע בירגער.

— און דאָס וועט נאָך נישט זיין גענוג! — האָט א צווייטער פאַרשטעהער אויסגערופען — איך בין זיכער אַז כאָטש די מצריים וועלען נישט ארייננברייננגען אַזוי פיעל גאָלד ווי מיר, וועלען זיי דאָך אליין קומען און העלפען בייען די שטעדט... און דאָס דאַרפען מיר אויך טאָהן, ניט נאָר מיט אונזער גאָלד אָבער אויך מיט אונזער שוויים און בלוט וועלען מיר העלפען בעפעסטיגען אונזער לאַנד געגען די שונאים פון מצרים!

— מיר וועלען אַזוי טאָהן! מיר וועלען אַזוי טאָהן! — האָבען די איבעריגע פערזאמעלטע צוגעשטימט.

אין דעם זעלבען גייסט האָבען די פאַרשטעהער פון די איבעריגע שבטים גערעדט אויף זייערע פערזאמלונגען, און עס איז ביי אלעמען בעשלאָסען געוואָרען אַז יעדער זאָל אָפּגעבען א צעהנטעל פון זיין רייכטום אין דעם אוצר פון דער מלוכה, און אויסער דעם קומען אויף עטליכע טעג זיך בעטייליגען אין בויען די בעפעסטיגטע שטעדט.

ווען דער שבט לוי האָט זיך פערזאמעלט צו פערהאַנדלען וועגען טאָגער'ס איפרוף אין נאָמען פון פרעה'ן האָט עמרם, דער פאַרשטעהער פון שבט לוי, זיך אָפּגערופען:

— איך, מיינע ברידער, איז דאָך אלעמען בעוואוסט דער צופאַל מיט דער פרינצעסין. יענעם טאָג האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צוריידען מיט טאָגער'ן ווען איך האָב שוין לאַנג פערדעכטיגט אלס אונזער גרעסטען שונא, אָבער ווען איך האָב פון איהם געהערט די ווערטער, אַז ער בעשולדיגט אַז דאָס האָבען איינינע אידען אונטערגעלעגט א שטרויכלונג אויפ'ן וועג פון פרעה'ס טאָכטער, כדי זי זאָל בעשעדיגט ווערען, דאַן איז ביי מיר מעהר קיין צווייפעל נישט געווען אַז טאגער איז א שונא ישראל, און יעצט ווען ער איז ארויס:עקומען מיט אזעלכע זיסע ווערטער צו אונז, האָב איך א גרונד איהם צו פערדעכטיגען אין שלעכטע כונות, דעריבער האָב איך בעשלאָסען, אַז אפילו ווען איהר אלע וועט וועלען נאָכטאָהן דעם ביישפיעל פון די איבעריגע שבטים

און זיך באַלד אָפּרופּען אויף טאַגער'ס אויפרוף, וועל איך און מיין משפּחה וואַרטען, ביז וואַנען אַלע מאָטיווען פון טאַגער'ן וועלען מיר קלאָר ווערען... ניין, איך וועל זיך אָפּהאַלטען פון א שריט וואָס איך וועל דאַרפען נאָכהער חרטה האָבען...

— אָבער — האָט זיך א צווייטער פאָרשטעהער אָפּגערופען — ווען מיר זאָלען זיך נישט בעטייליגען צוגלייך מיט די איבעריגע, וועט מען זאָגען אַז אונזער שבט איז דער איינציגער וואָס איז נישט געטריי צו פּרעה'ן.

— און וואָס האָבען מיר געקענט טאָהן, ווען טאַגער האָט געזאָגט אַז מיר האָבען מיט א כיון געוואָלט שעדיגען די פּרינצעסין! — האָט עמרם געזאָגט — יע, וואָס מיר זאָלען נישט טאָהן, וועלען אונזערע שונאים אַלץ איינס אויסטייטשען צום שלעכטען! דעריבער איז שווין גלייכער צו וואַרטען... אַזוי איז מיין בעשלום; איך און מיין משפּחה, וועלען נישט קומען טאָהן די אַרבייט... אויב עס געפינען זיך צווישען אייך מענשען וועלכע וועלען נאָכטאָהן די איבעריגע שבטים וויל איך זיי נישט אָפּהאַלטען!

— מיר וועלען טאָהן אַלעם וואָס דו וועסט זאָגען! — האָבען די פערזאַמעלטע אויסגערופען — קיינער פון אונז וועט נישט געהן!

ווען דער בעשטימטער טאָג איז געקומען, האָבען זיך פיעלע איינוואָהנער פון איבער גאַנץ מצרים פערזאַמעלט אויף א גרויסען פּלאַץ אין רעמסס. פּרעה מיט זיין הויפּט־מיניסטער טאַגער זיינען דאָרט געווען, און האָבען ערמוטיגט די אַרבייטער. יעדער פון די אידען האָט געבראַכט א צעהנטעל פון זיין פערמעגען און עס אָפּגעגעבען אין פּרעה'ס אוצר. די בעאַמטע האָבען פערשריבען די נעמען און נאָכהער זיי אויך געגעבען צו טאָהן א בעשטימטע אַרבייט, ווי צו קנעטען ליים און מאַכען ציגעל.

די אידען האָבען זיך געפלייסיגט צו טאָהן די אַרבייט נאָך מעהר ווי די מצריים. בעאַמטע פלעגען אַרומגעהן צווישען המון און לויבענדיג יעדען פאַר זיין אַרבייט, האָבען זיי אין דערזעלבער צייט פערשריבען וויפיעל אַרבייט יעדער איז פעהיג צו טאָהן א טאָג.

— פּרעה וועט אייער גרויסען חסד קיינמאָל נישט פערגעסען! — האָט ער צו זיי געזאָגט — און אייער גוטע אַרבייט וועט הויך אָפּגעשאַצט ווערען אין גאַנץ מצרים.

---

ווען טאַגער האָט אויסגעפונען אַז דער גאַנצער שבט לוי איז נישט געקומען צו דער אַרבייט, און אויך נישט אָפּגעגעבען א צעהנט־חלק פון זייער רייכטום, איז ער אוועק צו פּרעה'ן און זיך אָפּגערופען:

— מיין האַר קעניג, די אידען פון אַלע שבטים זיינען געקומען צו דער אַרבייט, מיין פּלאַן איז גלענצענד דורכגעפיהרט געוואָרען, בלויז דער שבט לוי איז נישט געקומען און דעריבער גלויב איך, אַז דער הויפּט פון זייער שבט האָט זיך בעצייטענס דערוואוסט פון מיין פּלאַן...

— ווי אַזוי אָבער האָט ער זין גע־קענט דערוויסען פון אונזער סוד? — האָט פּרעה איהם געפרעגט — קיינער, אחוץ די אַלע וועלכע זיינען געווען אין מיין פּאַלאַץ בעת מיר האָבען דאָס בעשלאָסען צו טאָהן, איז נישט געווען און אפילו מיין טאָכטער ווייסט דערפון נישט...

— און איך בין חושד יתרו'ן — האָט טאַגער אויסגערופען — ער האָט נישט לאַנג צוריק געזאָגט דאָס ער איז גוט בעפריינדעט מיט עמרם'ן דעם הויפּט פון שבט לוי, און איך בין כמעט זיכער אַז האָט איהם געוואָרענט און יעצט איז דער גאַנצער שבט נישט געקומען צו דער אַרבייט.

פּרעה האָט גלייך געשיקט רופען יתרו'ן און האָט איהם געפרעגט:

— זאָג מיר, יתרו, האָסטו זיך גע־זעהן מיט וועמען עס איז פון גשן, נאָכ־

דעם ווי איך האָב דיך פערבאָטען אהין צו געהן.

— ניין, מאַן האַר קעניג! — האָט יתרו געענטפערט — איך האָב זיך מיט קיינעם נישט געזעהן אויסער יענעם טאָג, ווען איך בין צוזאַמען מיט פרעה'ן געווען אין גשן.

— האָסטו דען מיט עמרם'ן יענעם טאָג נישט גערעדט? — האָט טאגער איהם געפרעגט.

— ניין, איך האָב מיט קיינעם נישט גערעדט! — האָט יתרו איהם טרוקען געענטפערט.

— אויב אזוי פון וואנען ווייס דער שבט לוי נישט צו קומען ארבייטען אין דער צייט ווי אלע איבעריגע שבטים זיינען געקומען.

— דאָס ווייס איך נישט! — האָט יתרו א קוועטש געטאָהן מיט די פלייצעס.

— מעגליך אז דו האָסט אימיצען אנדערש דערצעהלט און יענער האָט עס איבערגעגעבען צו עמרם'ן? — האָט טאגער איהם ווייטער געזוכט צו בעשולדיגען.

— גלויבסטו דען אז ווען עמרם וואָלט געוואוסט פון אט די אלע פלענער, וואָלט גלייך דאָס גאנצע פאָלק ישראל דערפון נישט געוואוסט, און קיינער וואָלט נישט געקומען צו דער ארבייט... דער פאקט אז אלע שבטים זיינען יע געקומען צו דעם קעניג'ס אויסרוף, איז א סימן אז קיינער ווייס נישט פון דעם סוד!

— ער האָט רעכט! — האָט פרעה געזאָגט — אָט די אלע שבטים פון ישראל לעבען בשלום צווישען זיך; און זיי וואָלטען געוויס געזוכט צו פערהיטען איינער דעם צווייטען...

— דאן וועלען מיר דארפען אָנווענדען צוואנגס־מיטלען מיט יענעם שבט! — האָט טאגער געזאָגט.

— דאָס וועט אבער מוזען געטאָהן ווערען נאכהער ווי מיר וועלען האָבען אלע אנדערע שבטים אזוי פערשקלאַפט אז עס וועט פאר זיי קיין מעגליכקייט נישט זיין צו מאכען אן אויפשטאנד! — האָט פרעה געזאָגט.

אזוי זיינען עטליכע טעג פאַראיבער און די אידען פון גשן זיינען געקומען אויף דעם בעשטימטען פלאץ און געטאָהן זייער ארבייט מיט גרויס חשק... יעדער האָט געזוכט אריבערצושטייגען זיין שכן. די בעאַמטע האָבען געטאָהן זייערם: זיי האָבען געלויבט די ארבייט און פערצייכענט יעדענס אויפטהו.

ווען עס איז געקומען דער טאָג פון שבת, זיינען די אידען פערבליבען אין גשן, און געפייערט זייער רוהע טאָג ווי זיי זיינען געוואוינט געוואָרען.

פלוצלונג זיינען אין גשן אָנגעקומען אלע בעאמטע און בעוואפענטע סאָלדאַטען און לויט די רשימה פון די נעמען וואָס זיי האָבען געהאַט, זיינען זיי אריינגעקומען אין יעדען הויז און געפאָדערט פון די מענער זיי זאָלען קומען ארבייטען.

— היינט איז אונזער רוהע טאָג! — האָבען די אידען פון גשן געזאָגט — און מיר קענען נישט קומען צו דער ארבייט!

— פון יעצט אָן וועט שוין מעהר פאר אייך קיין רוהע טעג נישט זיין! — האָבען די בעאמטע שטרענג אזאָג געטאָהן — יעדער פון אייך מוז גלייך געהן טאָהן זיין ארבייט ווי ער האט געטאָהן אין די פערגאנגענע עטליכע טעג...

די אידען האָבען אָנגעקוקט די בעאמטע מיט גרויס פערוואונדערונג... קיינער האָט נישט געקענט פערשטעהן וואָס דאָ איז פלוצלונג פאָרגעקומען... זיי זיינען דאָך געקומען אָפּגעבען זייער ארבייט פרייוויליג און דאָס זאָל זיין זייער בעלוינונג!...

— אָבער מיר וועלען דאָך נישט געהן ארבייטען געצוואונגענערהייט — האָבען איינינע גענומען פראָטעסטירען געגען די בעאמטע.

— פון היינט אָן זייט איהר אלע אונזערע שקלאַפען — האָבען די בעאמטע אזאָג געטאָהן — אזוי איז דער

וואונש פון פרעה׳ן און זיין הויפט מי־
ניסטער, טאַגער!

גלייך איז אין גאנץ גשן געוואָ־
רען א יאָמער און א בהלה, פרויען האָ־
בען גע׳חלש׳ט, קינדער האָבען געוויינט.
די בעאמטע אָבער האָבען קיין לאנגע
מערכות נישט געמאכט, מען האָט יע־
דען איינעם ווענמס נאָמען זיי האָבען
געהאט, געצוואונגען צו געהן צו דער
ארבייט.

אין גשן זיינען אוועקגעשטעלט גע־
וואָרען פיעלע בעוואפעוטע סאָלדאטען
וועלכע האָבען אכטונג געגעבען אז
פרעה׳ס בעפעלען זאָלען פינקטליך
דורכגעפיהרט ווערען... די וועלכע האָ־
בען זיך ענטזאגט צו געהן, זיינען גע־
שלאָגען געוואָרען. ביז האלבען טאָג זיי־
נען שוין אלע געווען צו דער ארבייט.

געוועהנליך האָבען די אידען יענעם
טאָג געארבייט אָהן חשק, און זיי האָבען
ווינציג וואָס אויפגעטאָהן. זיינען אָבער
אין אָוונד צוגעקומען די בעאמטע און
האָבען גענומען איבערקוקען די ארבייט,
און ווען זיי האָבען בעמערקט, אז א איד
האָט געקנאָטען ווינציגער ליים אָדער ער
האָט געמאכט יענעם טאָג ווינציגער צי־
געל, ווי ער האָט געטאָהן אין דער צייט
ווען ער האָט פרייוויליג געארבייט, האָט
מען זיי געצוואונגען צו מאכען דעם פו־
לען צאָהל. און זיי האָבען דעריבער גע־
מוזט ארבייטען ביז שפעט אין דער
נאכט.

אזוי זיינען אוועק וואָכען און חדשים
און די ארבייט איז אלץ געוואָרען שווע־
רער... אלע שבטים פון גשן אחוץ דער
שבט לוי, זיינען פערשקלאפט געוואָ־
רען...

גאנץ אָפט פלעגט טאגער דורכפאָה־
רען אויף זיין קארעטע און בעטראכטען
ווי די קינדער פון ישראל ארבייטען. און
א שמייכעל פון צופרידענהייט האָט בע־
דעקט זיין פנים. זיין פלאן איז פינקט־
ליך דורכגעפיהרט געוואָרען... די אי־
דען זיינען געוואָרען שקלאפען צו
פרעה׳ן! ווי ער האָט פאָראויסגעזאָגט
צו פרעה׳ן אַזוי אַיז גֶעשעהן! איין זאך

אָבער האָט איהם נאָך אלץ געקריינקט.
וואָס דער שבט לוי איז נאָך נישט פער־
שקלאפט, איבערהויפט, האָט ער גע־
וואָלט זעהן א נקמה אין עמרם׳ן, וועל־
כער איז יתרו׳ס פריינד. ער האָט דע־
ריבער בעשלאָסען איין מאָל פאר אלע
מאָל איבערצורעדען פרעה׳ן דאָס מען
זאָל דעם שבט לוי אויך צווינגען צו
טאָהן די שווערע ארבייט.

דעם זעלבען טאָג, האָט טאגער זיך
געמאָלדען פאר פרעה׳ן, איהם איבער־
צוגעבען א בעריכט וועגען דעם פאָר־
שריט וואָס ווערט געמאכט אין פתם און
אין רעמסס.

מעכטיגער קעניג, די זון פון מצרים,
זאָל דיין ליכט בעלייכטען אונזער לאנד
אויף עוויג! — האָט טאגער אויסגערו־
פען און זיך פארנייגט פאר פרעה׳ן.

— דו ביזט ווילקאָמען, טאגער אין
מיין פאלאץ! — האָט איהם פרעה גע־
זאָגט.

— מיין האר קעניג! — האָט טאַ־
גער אויסגערופען — איך קען בעריכטען
אז די ארבייט פון פרעה׳ס נייע שקלא־
פען ווערט פינקטליך געטאָהן... די
אידען פון גשן זיינען געצוואונגען צו
ארבייטען זעהר שווער פון גאנץ פריה
ביז שפעט אין דער נאכט... קיינער
דרעהט זיך נישט ארוים... יעדער טהוט
די ארבייט נאָך איבער זיינע כוחות...
די וועלכע פוילען זיך אונטער ווערען
שטארק בעשטראָפט, און ווען עס זאָל
זיך אזוי פערציהען עטליכע יאָהר ווע־
לען מיר האָבען דערגרייכט אונזער דאָ־
פעלטען צוועק, די צוויי בעפעסטיגטע
שטעדט וועלען געבויט ווערען כדי אונ־
זער לאנד זאָל זיך קענען בעשיצען פון
די שונאים פון דרויסען, און אונזערע
אינערליכע שונאים די ישראלים וועלען
אזוי אָפגעשוואכט ווערען פון דער שווע־
רער ארבייט, אז זיי וועלען זיין אין
גאנצען אומשעדליך פאר אונז. און
יעצט וואָלט איך נאָך א זאך וועלען
פאָרשלאָגען פאר דעם קעניג.

— דו ווייסט דאָך, טאגער אז איך
בין אימער געגרייט זיך צו הערען צו

דיינע עצות! — האט פרעה צו איהם געזאגט.

— ווען פרעה האט ארויסגעגעבען דעם אויפרוף האבען די אידען פון גשן בעשלאסען אז יעדער פון זיי זאל אפגעבען א צעהנטעל פון זיין פערמעגען. איך האב געהייסען פערשרייבען וויפיעל יעדער איינציגער האט אריינגעבראכט... פון דעם וויסען מיר יעצט וויפיעל יעדער איינער פון די ישראלים, פערמאגט, און דעריבער וואלט איך יעצט געראטען דעם קעניג אזוי ווי די אידען זיינען פרעה'ס שקלאפען, און וואס א שקלאף פערמאגט בעלאנגט עס צו זיין האר, דעריבער וועט זיין נישט מעהר ווי רעכט, אז פרעה זאל ארויסגעבען א צווייטען בעפעהל, אז יעדער איינע פון זיינע שקלאפען מוז אפגעבען זיין גאנץ פערמעגען אין פרעה'ס אוצר. און דער וועלכער וועט עס נישט טאהן וועט בעשטראפט ווערען מיט דעם טויט... ווײלע כל זמן די שקלאפען זיינען רייך, וועלען זיי קענען איבערגעבען א סך געלט צו אונזערע שונאים, און דערנאך פון זיי ארויסקריגען הילף...

— דו האסט רעכט! — האט פרעה צוגעגעבען — אבער ווי אזוי וועלען מיר קענען וויסען אויף זיי פערלייקענען ניט וועגען דער ווערדע פון זייער פערמעגען.

— דאס וועלען מיר קענען אויסגעפינען! — האט טאגער געענטפערט — ווי איך האב פריהער געזאגט, יעדער איינער וועט לויט דעם חשבון דארפען אריינברינגען די איבעריגע ניין צעהנטעל פון זיין פערמעגען. און אויב אימיצער וועט מאכען א פערזוך אריינצוברינגען עטוואס ווינציגער, וועט מען אויך צווינגען זיין פרוי און די קינדער צו קומען ארבייטען, דאן וועלען זיי שוין אלעס אפגעבען.

— איך גיב דיר מיין ערלויבנים צו טאהן ווי דו פערשטעהסט — האט פרעה געזאגט — איך וויס אז די עברים זיינען רייך געווארען אין אונזער לאנד, די פריהעריגע קעניגען זיינען געווען זעהר גוט צו זיי און זיי אפגעגעבען פון דאס בעסטע פון לאנד... יע, אלעס וואס זיי פערמעגען געהערט צו מיר!

— יעצט, מיין האר קעניג, וויל איך דיר זאגען נאך א זאך וועגען דעם שבט לוי, וועלכער איז נאך ביז יעצט נישט פערשקלאפט געווארען. אויב מיר וועלען דיעזען שבט לאזען ווייטער אזוי אנגעהן, וועט ער אונז פערארזאכען פיעלע צרות... די אידען פון די איבעריגע שבטים ארבייטען אזוי שווער, אז אפילו ווען זיי קומען אין זייערע הייזער, האבען זיי קיין צייט און קיין כח נישט צו טראכטען וועגען אן אויפשטאנד... אנדערש איז אבער דער שבט לוי, קיינער פון זיי זיינען נישט פערשקלאפט, פון זייער האב און גוטס האבען זיי גארנישט אפגעגעבען... זיי לעבען זיך רוהיג, פריי, און זיינען אויך רייך... און יעצט וועלען זיי זיכער נעמען זוכען עצות ווי אזוי צו בעפרייען זייערע ברידער פון קנעכטשאפט... דעריבער איז מיין עצה אז דער קעניג זאל מיר ערלויבען צו קומען מיט א מחנה סאלדאטען אין גשן, אין דעם פלאץ וואו דער שבט לוי געפינט זיך און צווינגען אלע מענער פון דיעזען שבט אויך צו ווערען פרעה'ס שקלאפען.

—וועגען דעם מוז איך זיך פריהער מישב זיין — האט פרעה געזאגט — איז וויים אז דער הויפט פון זייער שבט האט מיין טאכטער געראטעוועט, און ווען נישט עמרם מיט זיין געשיקטקייט און מיט דער הילף פון זיין פרוי און טאכטער וואלט יעצט פילייכט מיין טאכטער געהונקען אויף א פוס... זי האט מיר נישט איינמאל געבעטען, איך זאל דיעזען שבט נישט פערשקלאפען און איך האב איהר פערשפראכען צו טאהן...

— איך בין זיכער אז יתרו האט איהר בעאיינפלוסט — האט טאגער אויסגערופען — אבער די פרינצעסין דארף דאך עס וויסען אז דאס דארף געטאהן ווערען פאר דער טובה פון אונזער לאנד! מיר טארען נישט דערלאזען אז אונזערע שונאים זאלען זיך שטארקען און דראהען די זיכערקייט פון פרעה'ס טראהן.

— נאָך אַלעמען איז דער שבט לוי איינער פון די קלענערע שבטים און עס איז נישטאָ קיין געפאהר פאר מיין לאנד... יעדענפאלס נישט אזוי גיך, און איך וואָלט זעהר נישט געוואָלט ברעכען מיין צוזאָג צו מיין טאָכטער!

— אויב דער קעניג האָט נישט בדעה צו פערשקלאפען דעם שבט לוי, זאָלען זיי אמווייניגסטען צאָהלען גרויסע צינזען צו דער מלוכה, איך בין זיכער אז די פרינצעסין וועט אויך נישט האָבען דאָגעגען, אזוי לאנג ווי פרעה וועט זיי נאָר נישט פערשקלאפען — האָט טאגער געזאָגט מיט א ביטערען שמייכעל אויף זיינע ליפען.

— איך וועל פריהער זעהן ווי אזוי דו האָסט אויסגעפיהרט אז די אידען, וועלכע זיינען שוין מיינע שקלאפען, זאָלען דיר אָפּגעבען זייער גאנצען פערמעגען, און דאן וועל אויך בעשליסען וואָס צו טאָהן מיט דעם שבט לוי.

— עס וועט לאנג נישט נעהמען, מיין האר קעניג — האָט טאגער זיך אָפּגערופען — און די גאנצע גאָלד פון דיינע שקלאפען וועלען זיך געפינען אין קעניגליכען אוצר.

## פיערטער קאפיטעל
## פרעה'ס גזרה

א פּאָר יאָהר זיינען פאריבער זינט די אידען זיינען פערשקלאפט געוואָרען, און וואָס ווייטער זיינען זייערע צרות געוואָרען גרעסער. טאגער האָט געפונען פערשידענע וועגען ווי צו מאכען די לאגע פון די אידען אונערטרעגליכער. און איהם איז זעהר לייכט אָנגעקומען צו קריגען פרעה'ס צושטימונג.

דורך דיזער צייט האָט פרעה אריינגעקראָגען דאָס גאנצע רייכטום פון אלע אידען. און אויך אויף דעם שבט לוי איז ארויפגעלעגט געוואָרען גרויסע צינזען, כאָטש מען האָט זיי נישט געצוואונגען צו טהאָן די שווערע ארבייט ווי זייערע איבעריגע ברידער.

איבער יעדע צעהן אידען האָט פרעה באשטימט א בעאמטען, א נוגש, וועלכער פלעגט זיי דריקען און שטיקען... און וועה איז געוועזן צו יענעם אידען, וועלכער האָט א טאָג נישט געמאכט דעם באשטימטען צאָהל ציגעל... מען האָט איהם מערדערליך געשלאָגען און איהם נישט געלאָזען געהן אהיים ביז וואנען ער האָט פערפולט דעם צאָהל... גאנץ פריה זיינען זיי יעדען טאָג געקומען און שווער געארבייט ביז שפּעט אין דער נאכט, געשלעפּט שווערע משאות, געקנאָטען ליים און געמאכט ציגעל, געגראָבען פונדאמענטען, אויסגעהאקט שטיינערנע בערג און פערשאָטען די טהאָלען... פערביטערט זיינען זייערע לעבענס געוואָרען... די שוואכע וועלכע פלעגען פאלען אונטערן שווערען יאָך, זיינען נאָך מיט מעהר אכזריות געשלאָגען געוואָרען... אזוי איז דאָס גאנצע פאָלק ישראל וואָס איז געוועזן פריי און שטאָלץ, פערוואנדעלט געוואָרען אין שפּל'ע שקלאפען, מיט וועמען יעדער נידעריגער מצרי האָט געקענט טהאָן וואָס איהם געפעהלט...

פרעה'ס אוצרות זיינען פולער געוואָרען... און טאגער איז דערהויבען געוואָרען צו זיין פרעה'ס משנה למלך. אלע זיינע עצות האָט פרעה אָנגענומען. טאגער האָט יעצט געזוכט מיט אלע זיינע מעגליכקייטען צו דערווייטערען יתרו'ן פון פאלאץ, אָבער דאָס האָט זיך איהם נישט איינגעגעבען. בתיה די פרינצעסין האָט אימער צוגעזעהן צו ווירקען אויף איהר פאָטער ער זאָל זיין גנעדיג צו יתרו'ן, וועלכער איז זעהר קלוג און זיינע עצות זיינען נוצליכע פאר דער מלוכה.

ווען נישט פרעה'ס טאָכטער, וואָלט שוין לאנג אויך דער שבט לוי פערשקלאפט געוואָרען ווייל טאגער האָט שוין נישט איינמאָל געהאט איבערגערעדט פרעה'ן וועגען דער נויטווענדיגקייט צו פערשקלאפען אויך דעם שבט לוי, אָבער יעדעס מאָל פלעגט זיך אריינמישען בתיה און פערלאנגען פון איהר פאָטער ער זאָל האלטען זיין פערשפּרעכען צו איהר...

יתרו׳ס הארץ האט געבלוטיגט צוצוזעהן ווי די ישראלים וועלכע האבען מיט א קורצע צייט צוריק געלעבט רוהיג, ווערען יעצט פערשווארצט פון די אונערטרעגליכע שווערע ארבייט וואס ווערט אויף זיי ארויפגעלעגט... ער איז אבער געווען הילפלאז... טאגער, זיין שונא און דער שונא פון ישראל האט יעצט געהאט די אויבערהאנט, און ער האט געוואוסט אז מיט זיין ארייננמישען זיך, וועט ער די לאגע פון די אידען פערערגערען... נאך גרעסער איז יתרו׳ס צער און וועהטאג געווען, וואס איז איהם געווען פארבאטען צו בעזוכען גשן... דארטען האט ער אזוי פיעל גוטע פריינד געהאט, מיט וועמען ער פלעגט אזוי אנגענעהם פערברענגען... אפילו מיט זייז אייגענער כלה איז איהם פערבאטען געווארען זיך צו זעהן... שוין איבער צוויי יאהר ווי ער האט זיך מיט איהר נישט געזעהן. די ערשטע צייטען האט ער נאך געהאט א גרוס פון איהר דורך בתיה׳ן, וועלכע פלעגט בעזוכען גשן. יעצט אבער ווייס ער גארנישט וואס מיט איהר האט פאסירט... ער האט איינמאל געזעהן שרה׳ס פאטער, ווען ער איז געגאנגען בעזוכען די שטאדט רעמסס... ער האט געזעהן ווי שווער און ביטער ער האט געארבייט, אז ער האט אפילו קיין צייט נישט געהאט איהם צו בעמערקען. ער האט פרובירט ריידען מיט די בעאמטע נישט צו דריקען אזוי שטארק די אידען. אבער מען האט איהם געענטפערט אז זיי פיהרען בלויז דורך דעם בעפעהל פון טאגער׳ן.

יתרו האט שטארק געבענקט נאך שרה׳ן, ער פלעגט ארומגעהן פעריאמערט און פערזארגט און האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט אויף דער צייט ווען פרעה וועט איהם ווידער ערלויבען צו געהן בעזוכען גשן.

די לאגע פון די אידען איז אלץ ערגער געווארען, די ארבייט וואס מען האט זיי געצוואונגען צו טהאן איז פון יעדען טאג שווערער געווארען. א טרויער האט געהערשט אין שטאדט. די פרעהליכקייט פון די יונגע מיידלעך איז אין גאנצען פערשוואונדען...

נאך גרעסער איז דער טרויער געווען אין דברי׳ס הויז. דארטען האט איימערצו געהערשט פרייד און לוסטיגקייט. דברי און זיין פרוי זיינען געווען זעהר גליקליך וואס גאט האט זיי געבענשט מיט צוויי שעהנע טעכטער, שרה און שולמית, און ווען עס איז צו אלעמען בעוואוסט געווארען אז יתרו, פרעה׳ס מיניסטער וועט הייראטען מיט שרה׳ן, איז זייער גליק נאך גרעסער געווארען... יתרו האט זיך ביי אלעמען בעליעבט געמאכט, ער איז געווען זעהר קלוג און גוטהערציג, און דערצו האבען זיי געוואוסט אז עס וועט לאנג נישט געדויערען און יתרו וועט אנפאנגען צו דינען צו דעם גאט פון אברהם, יצחק און יעקב. אלע מיידלעך אין גשן האבען שרה׳ן מקנא געווען איהר גרויסען גליק וואס עס געהט טרעפען שרה׳ן, די טאכטער פון דברי׳ן... און ווען די פרינצעסין האט בעהערט דברי׳ס הויז מיט איהר בעזוך, האט מען דערפון אין דער גאנצער שטאדט נישט אויפגעהערט צו ריידען... מען האט פאראויסגעזאגט, אז פריהער אדער שפעטער וועט די משפחה פון דברי ווערען חשוב ביי פרעה׳ן, אנדערע האבען נביאות געזאגט, אז דברי וועט ווערען א בעאמטער ביי דעם קעניג. מען האט זיך אנגעפאנגען צו רעכענען מיט דברי׳ן, מען איז צו איהם געקומען פרעגען עצות און אויך בעטען טובות.

ווען יתרו פלעגט קומען בעזוכען זיין כלה, פלעגט די גאנצע נאכבארשאפט ווערען יום טוב׳דיג געשטימט. יעדער האט ליעב געהאט פרעה׳ס אינגסטען מיניסטער, וועלכער פלעגט יעדען איינעם בעגריסען מיט א ברייטען שמייכעל. די מיידלאך פלעגען ארויסקוקען פון זייערע פענסטער אדער זיך אוועקשטעלען נעבען די טיהרען. פון זייערע הייזער און מיט זייערע בליקען בעגלייטען יתרו׳ן ביז וואנען ער פלעגט אריינגעהן אין דברי׳ס הויז... אין דער זעלבער צייט האט שרה געהאט פיעלע פריינ־

דינעם, וועלכע פלעגען פון איהר אָפּ־
שפּאַטען און איהר בערײדען.

— ווינציג שעהנע יונגע לייט זיינען פאַרהאַן צווישען אונז אין גשן, אז שרה האָט זיך אויסגעקליבען פאַר זיך עפּעס אַ מצרי — האָט איין מיידעל זיך אָפּ־גערופען צו אַ צווייטער.

— מען זאָגט אַז ער איז נישט קיין מצרי! — האָט נאָך אַ מיידעל אַ זאָג געטהאָן — איך האָב געהערט אַז ער שטאַמט גאָר פון מדין.

— וואָס איז דער אונטערשיעד, אָבי ער איז אַ געצענדינער! — האָט די ערשטע געזאָגט — ווען יתרו וואָלט געפאַלען צו מיינע פיס, וואָלט איך מיט איהם קיינמאָל נישט געוואָלט חתונה האָבען.

— דאָס רעדט אין דיר די קנאה! — האָט נאָך אַ מיידעל זיך אריינגעמישט— ווייל דו ווייסט אַז יתרו וועט קיינמאָל צו דיינע פיס נישט פאַלען — פערגעס נישט אַז יתרו איז זעהר אַ געהויבענער מענש.

— ווי געהויבען ער זאָל נישט זיין, וועט ער אין מיינע אויגען אַלע מאָל בלייבען אַ מצרי... און דו ווייסט דאָך ווי די מצרים זיינען מיר צום הארצען!

— אָבער מען זאָגט דאָך דיר אַז יתרו איז נישט קיין מצרי. זעהסטו דען נישט אַז זיין הויט און זיינע געזיכטסציגע זיי־נען זעהר עהנליך צו אונזערע. יע, ער איז פון מדין.

— און ווער זיינען דאָס די מדינים?

— האָט די אייפערזיכטיגע מיידעל וויי־טער געזאָגט — איך גלויב אַז זיי זיי־נען נישט בעסער פאַר די מצרים.

— דו מאַכסט אַ טעות — האָט אַן אַנדער מיידעל איהר געענטפערט — איך האָב געהערט זאָגענדיג אַז די מדינים שטאַמען אויך פון אברם'ן, פון זיין פרוי קטורה, און דעריבער טאַקע קוקען זיי אויס ווי די עברים.

— אָבער צו די געטער פון מצרים דינט ער?!

— איך ווייס נישט צו ער דינט צו די געטער פון מצרים אָדער צו די געטער פון מדין, איין זאַך ווייס איך, אַז צו אונזער גאָט, דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב דינט ער נישט.

—אויב אַזוי קען זיך שרה מיט איהם האַלטען... ווען איך וועל האַלטען ביים חתונה האָבען וועל איך אויסקלייבען איינעם וועלכער וועט דינען צו דעם זעלבען גאָט ווי איך!

אַזוי פלעגען די מיידלעך ריידען צווי־שען זיך, ווען זיי פלעגען בעמערקען יתרו'ן אריינגעהענדיג אין דברי'ס הויז. אַנדערש איז געווען מרים, שרה'ס חבר'טע. זי איז צו איהר געווען זעהר איבערגעגעבען און איהר געוואָלט זעהן גליקליך. מרים האָט געוואוסט ווי אָפּ־צושאַצען אַזאַ מאַן ווי יתרו'ן וועלכער איז געווען אַ גוטער פריינד צו אַלע אי־דען, און זי איז דעריבער געווען צופרי־דען צו וויסען אַז אין גיכען וועט שרה הייראַטען מיט פרעה'ס מיניסטער יתרו.

ווען פרעה'ס גזרה צו פערשקלאַפען אַלע אידען פון גשן איז ארויסגעגעבען געוואָרען, זיינען אַלע געווען זיכער אַז די משפחה פון דברי וועט נישט פער־שקלאַפט ווערען... זיין טאָכטער דאַרף דאָך אין גיכען ווערען די פרוי פון פרעה'ס מיניסטער און ער וועט שוין גע־ווים זיך משתדל זיין, זיי צו בעפרייען פון שקלאַפעריי... און ווען דער מצרי־שער בעאַמטער, קאַדמאַר, איז אריין אין דברי'ס הויז איהם צו צווינגען צו געהן צו דער ארבייט, האָט זיך דברי נישט גע־וואָלט ריהרען פון אָרט... זיין פרוי האָט זיך צושריען אויף דעם בעאַמטען אַז ער האָט קיין רעכט נישט צו נעהמען איהר מאַן, וועלכער דאַרף אין גיכען ווערען יתרו'ס שווער. אויך דברי'ס טעכטער האָבען נישט דערלאָזען אַז דער מצרי־שער בעאַמטער זאָל פאַרשקלאַפען זייער פאָטער.

בעת מעשה איז דער בעאַמטער געבלי־בען אין גרויס פאַרלעגענהייט. ער האָט אויך געהערט אַז פרעה'ס מיניסטער האָט אַ כלה צווישען די אידען, און דע־ריבער מוז ער זיין זעהר פאָרזיכטיג ווי

אזוי צו האנדלען מיט איהר משפּחה... ער איז ארוים פון זייער הויז און גלייך אוועקגעגאנגען צו טאגער'ן און איהם איבערגעגעבען וואָס מיט איהם האָט פּאסירט אין דברי'ס הויז.

— פון וועמען נעהמסטו בעפעהלען פון מיר, אָדער פון יתרו'ן? — האָט טאגער אויף איהם א געשריי געטהאָן.

— ווייסטו עז נישט, אז איך האָב אויסגעפיהרט אז פרעה זאָל פערבאָטען יתרו'ן צו מאכען בעזוכען אין גשן... געה גלייך צוריק און נעהם מיט זיך וויפיעל סאָלדאטען דו דארפסט און זעה גלייך צו ברייגנען דברי'ן צו דער ארבייט! און אויב ער וועט זיך לאָזען שטארק בעטען, זאָלסטו איהם גוט מכבד זיין!

קאדמאר האָט געפאָלגט טאגער'ן. ער האָט מיט זיך גענומען איייניגע מצרישע סאָלדאטען און איז ווידער געקומען אין דברי'ס הויז... און ווען דברי האָט זיך געגענגעשטעלט האָט ער אריינגערופען זיינע סאָלדאטען און זיי האָבען איהם מיט געוואלד גענומען שלעפּען...

— איך בעט דיר מיין האר, איז צו דעם בעאמטען צוגעגאנגען שלומית, דברי'ס איינגערע טאָכטער מיט טרעהרען אין איהרע אויגען — טו קיין שלעכטעס נישט צו מיין פאָטער! פערשקלאַף איהם נישט.

קאדמאר האָט א קוק געטהאָן אויף שלומית'ן, און איז געבליבען שטעהן א פערגאַפּטער פון איהר שעהנקייט... ער האָט שוין געוואָלט נאָכגעבען איהר פערלאנג אָבער באלד האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם שטרענגען פערזאָג פון טאגער און ער האָט א וואונק געטהאָן צו די סאָלדאטען און זיי האָבען איהם גענומען ארויספיהרען פון הויז...

— אויב דו וועסט זיין פריינדליך צו מיר — האָט קאדמאר אָנגענומען איהר האנט — וועל איך שוין זעהן אז מען זאָל דיין פאָטער גוט באהאנדלען.

שלומית האָט מיט גרוים צאָרן א ציה געטהאָן איהר האנט פון זיינע און זיך גלייך פאַנאַנדערגעוויינט.

אזוי איז אוועק א היבשע צייט און דברי האָט געטראָגען דעם יאָך פון שקלאַפעריי צוזאמען מיט די איבעריגע אידען... די מוטער און די טעכטער האָבען נאָך אָבער אלץ געהאָפט אז אין גיכען וועט קומען יתרו צו זיי אויף א בעזוך און ער וועט זיי העלפען... אָבער א היבשע צייט איז פאַריבער און יתרו איז צו זיי נישט געקומען. שרה'ס טרויער האָט זיך פארשטארקט. איהר הארץ האָט געוועהטאָגט צוצוזעהן דעם גרויסען צער פון איהר פאָטער, ווען ער פלעגט זיך קוים דערשלעפּען אהיים, אנידערפאלען א מיעדער אין בעט, נישט האָבענדיג קיין כח אויסצורעדען עטליכע ווערטער מיט זיין משפּחה... און פארטאָג איידער דער מאָרגענשטערען פלעגט אויפגעהן פלעגט מען איהם שוין צווינגען צו געהן צו דער ארבייט.

— וואָס האָט פּאסירט מיט יתרו'ן?

— האָט זיך די מוטער איינמאָל אָפּגערופען צו שרה'ן — עס איז דאָך פאר קיינעם קיין סוד נישט פערבליבען, אז יתרו האָט דיך ליעב געהאט מיט זיין גאנצען לייב און לעבען, און יעצט ווען מיר און אלע אונזערע ברידער זיינען אין אזא צרה, בעווייזט ער זיך שוין מעהר נישט... יעצט ווען מיר נויטיגען זיך אין זיין פריינדשאפט מעהר ווי אימער, איז ער גאָר אָפּגעפרעמדט געוואָרען פון אונז.

— יע, יע, מוטער! — האָט שלומית זיך טרויעריג אָפּגערופען — אין דער צייט ווען מיר האָבען געהאט פיעלע פריינד, פלעגט ער גאנץ אָפט קומען צו אונז, יעצט אז יתרו זעהט דאָס מיר זיינען פערהאסט ביי יעדען איינעם, אז מיר זיינען געוואָרען נידעריגע שקלאפען וויל ער אונז שוין אויך מעהר נישט קענען!

— ווי וואגסטו אזוי צו רעדען וועגען יתרו'ן! — האָט שרה אָנגעשריען אויף איהר שוועסטער — יתרו בעזיצט א נאָבעלע הארץ און כאראקטער. ער וועט אונז אין דער צייט פון אונזער ליידען נישט פאַרלאָזען.

— אָבער זעהסטו דען נישט אז ער

האט זיך נישט בעוויזען אין גשן זינט ווי מיר זיינען פארשקלאפט געווארען!
— האט שלומית געזאגט מיט ביטערקייט — צו וואס דארף ער זיך אומקור־קען אויף א טאכטער פון א שקלאף!

שרה האט זיך געפיהלט שטארק גע־קרענקט פון איהר שוועסטערס רייד, כאטש אפטמאל פלעגט זיך ביי איהר אליין ארייננגנב'ענען א טרויעריגע מחשבה אז פיליכט האט איהר יתרו שוין מעהר נישט ליעב און נישט איינ־מאל האט זי איהרע געדאנקען פאר־טרויט צו איהר פריינדין מרים. אבער מרים האט איהר געטרייסט און געגעבען האפענונגען.

— עס איז מעגליך אז פאר יתרו'ן איז נישט ערלויבט צו קומען אהער קיין גשן — האט איהר מרים געזאגט.

— וואלט ער דאך דורך אימיצען גע־שיקט מיר זאגען וועגען דעם, אדער אמווייניגסטען מיר אנצודייטען — האט שרה מיט יאוש געזאגט — א, מרים, ווען דו וואלסט יעצט געזעהן מיין פאטער, וואלסטו זיכער איהם נישט דערקענט!... אפשר מרים, וואלסטו עפעס געקענט טהאן פאר מיין פאטער!
— ווען איך וואלט געקענט מיט עפעס לינדערען די שמערצען פון אלע מיינע אונטערדריקטע ברידער, ווי גליקליך איך וואלט זיך געשעצט — האט מרים געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען.
— פיליכט וועסטו זיך דורכריידען מיט דער פרינצעסין — זי איז דאך דיר אזוי פיעל דאנקבאר וואס דו האסט פאר איהר געטהאן אפשר וועט זי קריגען ערלויבנים צו בעפרייען מיין פאטער פון שקלאפעריי?!

— וויפיעל האט געפעהלט אז אונזער שבט זאל אויך פערשקלאפט ווערען — האט מרים געזאגט — די טאכטער פון פרעה האט שוין אזוי אויך צופיעל גע־טהאן פאר אונז... און איך האב מורא אז איך וועל נאך ערגער מאכען... ווען פרעה וועט זיך דערוויסען, וועט ער שוין מעהר זיך נישט צוהערען צו זיין טאכטער'ס רייד... מיר טארען אבער נישט פערלירען אונזער האפנונג. אונזער גאט וועט זיך איבער אונז מרחם זיין און אונז בעפרייען פון קנעכטשאפט.

---

אזוי זיינען פערלאפען נאך פיעלע חדשים און קיין פארגרינגערונג איז פאר די אידען ניט געווען... די מצרים האבען פערביטערט דאס לעבען פון די אידען. יעדער בעאמטער האט געזוכט וואס מעהר צו דריקען און צו שטיקען די קינדער פון ישראל, כדי צו געפינען מעהר חן אין די אויגען פון טאגער'ן... ווען די צוויי יאהר זיינען פאריבער, האט טאגער בעמערקט אז כאטש די אי־דישע שקלאפען ווערען אזוי פיעל גע־דריקט דא פארמעהרען זיי זיך... זיי געבוירען קינדער און ווערען שטארקער ווי פריהער... ניין! דאס טאר מען נישט דערלאזען. ער וועט מוזען זעהן אז די ישראלים זאלען ווערען וואס שוואכער און שיטערער.

טאגער איז ווידער אוועק צו פרעה'ן און איהם געזאגט:

די ארבייט פון בויען די צוויי בע־פעסטיגטע שטעדט געהט אן אין גוטען ארדנונג... אבער איך האב בעמערקט אז אנשטאט עס זאל זיין ווינציגער גע־בורטען צווישען די אידען, האבען זיי זיך יעצט פארמעהרט... דער נייער דור וועט אויסוואקסען מיט א גרויסע שנאה צו פרעה'ן און זיין פאלק און זיי וועלען זוכען נקמה צו נעהמען פון אונז אלעמען.

נו, און וואס גלויבסטו, קען מען דערצו טהאן? — האט פרעה איהם גע־פרעגט.

— עס זיינען פאראן פיעלע עצות ווי אזוי צו פארקלענערען די אידישע באַ־פעלקערונג — האט טאגער אויסגערופען — און דעריבער וואלט פיעללייכט פרעה צוזאמענגערופען אלע זיינע חכמים און מיניסטארען און מיר וועלען זיך בע־ראטהען וואס צו טהאן.

פרעה האט אויף מארגען צוזאמענגע־רופען זיינע חכמים און פריעסטער און

ער האָט זיך מיט זיי בעראטהען וואָס צו טהאָן.

— די פערשקלאפונג פון די אידען אין גשן איז געקרוינט מיט דעם גרעסטען ערפאָלג! — האָט טאגער זיך איפגעהויבען פון זיין פלאץ — נישט נאָר ווערט אונזער לאנד שטארק בעפעסטיגט געגען אונזערע שונאים, נאָר פון די בעריכטען וואס עס קומען אָן פון איבעראל, זעה איך אז אונזער גאנצע לאנד האָט איופגעבליהט. פיעלע פון די אידישע שקלאפען וועלכע טויגען זיך ניט אוים צום בויען, האָבען מיר פאנאנדערגעשיקט איבער'ן לאנד צו בעארבייטען די ערד. יעדער מצרי וועלכער פערלאנגט נאָר, קריגט א שקלאף פון די אידען אומזיסט. און פאר די לעצטע צוויי יאהר האָט זיך דער גערעטעניש פארדאָפעלט. אָבער צו מיין גרוים בעדויערען מוז איך צוגעבען אז מיין צווייטער פלאן צו פארקלענערען די אידישע בעפעלקערונג דורך דער שווערער ארבייט, האָט זיך ניט איינגעגעבען. ווי איך האָב אויסגעפונען, זיינען די געבורטען פון די אידען געשטיגען אזוי פיעל אז איך האָב מורא, דאס ווען עס זאָל אזוי אָנגעהן וועט גאנץ מצרים פערפלייצט ווערען מיט די אידישע קינדער.

— נו, וועט נאָך זיין בעסער פאר אונז — האָט א צווייטער מיניסטער זיך אָפגערופען. — מיר וועלען האָבען מעהר שקלאפען... יעדער ארימער מצרי וועט קענען האָבען איינם אדער צוויי אידישע שקלאפען.

— אָבער די געפאהר וועט זיין זעהר גרוים פאר אונז אין פאל פון א מלחמה, וועלען אלע יונגע אידישע שקלאפען צושטעהן צום שונא! — האָט טאגער געזאָגט. — ניין, מיר טאָרען בשום אופן ניט דערלאָזען אז די ישראלים זאָלען זיך פערמעהרען אין מצרים. און אויב דאס וואס מיר האָבען זיי פארשקלאפט האָט נישט ווינציגער געמאכט זייער געבורטה, דארף פרעה ארויסעגעבען נאָך א געזעץ וואס זאָל זיין הויפטזעכליך געציעלט צו פארקלענערען דעם צאָהל פון אידען אין מצרים.

— טאגער איז גערעכט! — האָט פרעה אויסגערופען און זיין איינגעהויקערטער נאָז האָט זיך נאָך מעהר פארקרימט. איך וועל ארויסגעבען א גזרה אז אלע ניי־געבארענע קינדער פון די אידען זאָלען אריינגעווארפען ווערען אין טייך נילוס!

— יע, דער טייך נילוס איז גרוים גענוג! — האָט טאגער א שמייכעל געטהאָן — זאָלען זיי געבוירען וואס מעהר און דער נילוס וועט זיי שנעל פארשלינגען!...

— די טעכטער פון ישראל זיינען זעהר שעהן! — האָט א פריסטער זיך אָנגערופען — און ווען זיי וועלען אויסוואקסען וועלען מיר זיי קענען נעהמען פאר אונזערע דינסטען... אונזער מורא איז דאך בלויז פאר די מענער, פאר די פרויען האָבען מיר זיך דאָך ניט וואס צו שרעקען, דערפאר איז מיין עצה אז פרעה זאָל בעפעהלען אריינצואוארפען אין טייך יעדען זוהן וואס וועט געבארען ווערען צו א אידען און די טעכטער זאָל מען לאָזען לעבען.

— ער איז גערעכט — האָט פרעה געזאָגט — ווי באלד אז די זיהן וועלען אריינגעווארפען ווערען אין טייך, וועלען די טעכטער, ווען זיי וועלען אויסוואקסען, ניט האָבען מיט וועמען חתונה צו האָבען, דאן וועל איך באפעהלען אז יעדע מיידעל וואס האָט ניט חתונה געהאט, מוז ווערען א דיענסט ביי די מצריים.

— און מיין עצה, האָט טאגער ווייטער געזאָגט — אז פרעה'ס גזרה זאָל זיין אויףביידען, אי אויף די זיהן און אי אויף די טעכטער, דאן וועט דאס אידישע פאָלק אונטערגעהן און דאס איז דאך אונזער צוועק.

— ניין, איך וועל אָננעהמען דעם פריסטער'ס עצה — האָט פרעה געזאָגט — בלויז די זיהן זאָלען אריינגעווארפען ווערען אין טייך און צו די

טעכטער זאָל מען דערוויל קיין שלעכטס ניט טאָהן.

טאָגער האָט זיך זעהר שלעכט געפיהלט דאס וואס פרעה האָט זיין עצה ניט אָנגענומען. ער איז אָבער געוועזן צופריעדען וואס דערוויל וועט מען דערטרינקען די אידישע זיהן, און שפעטער, האָט ער געהאָפט, וועט איהם געלינגען איבערצוצייגען פרעה'ן אז אויך די אידישע טעכטער זיינען שעדליך פאר מצרים.

— מיין האר קעניג — האָט ער זיך פערנייגט — די נייע גזרה וואָס פרעה גיט ארויס דארף אָנגעווענדעט ווערען אויף אלע שבטים. עס טאָר קיין אונטערשייד ניט געמאכט ווערען. דער שבט לוי דארף אויך זיין אונטערגעווארפען דיעזע גזרה. און אויב פרעה האָט ניט פארשקלאפט דעם שבט לוי צוליעב זיין פערשפרעכען צו זיין טאָכטער, דארף אָבער יעצט קיין אויסנאהמע ניט געמאכט ווערען.

— אזוי וועט זיין! — האָט פרעה אויסגערופען — א זוהן וואס וועט געבוירען ווערען צו איינעם פון שבט לוי וועט אויך מוזען אריינגעווארפען ווערען אין טייך.

יענעם טאָג האָט פרעה צוזאמענגערופען אלע אידישע העבאמען און צו זיי געזאָגט:

דער ווילען פון אונזער קעניג, רעמסס דער צווייטער איז, אז אלע ניי־געבוירענע זיהן פון די ישראלים מוזען דערטרונקען ווערען אין טייך. און יעצט יוען איך וועט אויסקומען צו העלפען אין געבורט די אידישע פרויען, וועט איהר זעהן, אויב דאס נייע געבארענע קינד איז א זוהן זאָלט איהר איהם טויטען און אויב דאס איז א טאָכטער קען זי בלייבען לעבען.

איינינע מאָנאטען זיינען פאראיבער און קיין איין איינציגע געבורט איז ניט בעריכטעט געווארען צו טאָגערן. זיין כעס האָט גענומען ברענען אויף די אידישע העבאמען און ער האָט איבערגעגעבען פרעה'ן אז מען קען זיך אויף די אידישע העבאמען ניט פארלאזען...

—זינט פרעה'ס גזרה איז ארויסגעגעבען געווארען איז נאָך קיין איינציג אידיש קינד ניט געטויטעט געווארען.

— זאָל מען ברייגנען די אידישע הייבאמען צו מיר! — האָט פרעה בעפוילען.

די צוויי הויפט העבאמען שפרה און פועה זיינען פארגעבראכט געווארען פאר דעם קעניג.

— פאר וואס פאָלגט איהר ניט אויס מיין געזעץ! — האָט פרעה אויף זיי געשטורעמט — האָב איך דען אייך ניט אָנגעזאָגט צו טויטען יעדען זוהן וואס וועט געבוירען ווערען צו א אידען.

— מיר קענען גאָר נישט טהאָן! — האָט שפרה געענטפערט. — די אידישע פרויען געבוירען אזוי ווי חיות. נאָך איידער די העבאם קומט צו זיי, זיינען שוין די קינדער געבוירען, און דאן קענען מיר שוין גאָר ניט טהאָן.

— מיר קענען זיך אויף די אידישע העבאמען ניט פארלאזען — האָט טאָגער געזאָגט — מען וועט דארפען שיקען איבער גאנץ גשן מצרישע פרויען, וועלכע וועלען אונז מעלדען פון יעדען הויז וואו עס איז געבארען געווארען א זוהן, דאן וועט מען איהם אריינווארפען אין טייך.

פרעה האָט דאן ארויסגעלאָזען א באפעהל צו זיין פאָלק אז ווען אימיצער וועט אויסגעפינען אז א זוהן איז געבארען געווארען ביי א ישראל זאָל מען איהם גלייך אריינווארפען אין טייך און די טעכטער זאָלען זיי לאָזען לעבען.

גרויס טרויער האָט פרעה'ס נייע גזרה ארויסגערופען ביי אלע אידען אין גשן.

פרויען וועלכע האָבען געדארפט באלד געבוירען האָבען ניט אויפגעהערט צו יאמערען און קלאָגען. פרעה'ס לעצטע גזרה האָט נאָך די אידישע צרות פארגרעסערט. צו דער צוואנגס ארבייט זיינען זיי ביסלעכווייז צוגעוואהנט געווארען. אָבער יעצט וועט מען נעהמען דערטרינקען זייערע קינדער.

געוויינען, זיפצען און קרעכצען האָבען אָנגעפילט די לופט פון גשן.. דער שבט לוי האָט אויך אָנגעפאנגען צו פיהלען דיעזע גזרה, ווייל מצרישע שפיאָנען האָבען זיך ארומגעדרעהט צווישען די הייזער פון דעם שבט לוי און געזוכט נייגעבוירענע קינדער.

אין עמרם'ס הויז איז געווארען א טרויער און א יאמער. יוכבד האָט ערווארטעט אין גיכען צו געבוירען און דא איז אָנגעקומען פרעה'ס גזרה...

עמרם איז ארומגעגאנגען א פאראומערטער און פארזארגטער. יוכבד האָט די לעצטע עטליכע טעג ניט אויפגעהערט צו טרויערען און וויינען. מרים האָט פון גרויס עגמת נפש ניט געקענט שלאָפען. זי האָט שטילערהייט געוויינט און מתפלל געווען אז איהר מוטער זאָל געבוירען א טאָכטער. און ווען זי האָט בעמערקט טרעהרען אין איהר מוטער'ס אויגען האָט זי איהר געזוכט צו טרייסטען:

— מוטער, גאָט וועט זיך געוויס איבער אונז מרחם זיין און דו וועסט זעהן אז א טאָכטער וועט צו דיר געבוירען ווערען.

— אָבער וואס וועל איך טאָהן ווען איך וועל געבוירען א זוהן? — האָט יוכבד געזאָגט מיט יאוש. — פיעללייכט וועסטו זיך זעהן מיט דער פרינצעסין, איך בין זיכער אז זי האָט נאָך דעם חסד וואס מיר האָבען מיט איהר געטהאָן, ניט פארגעסען.

— איך האָב שוין, מוטער, געמאכט עטליכע פארזוכען זיך מיט איהר צו זעהן — האָט מרים געענטפערט. יענעם טאָג ווען איך בין דעם גאנצען טאָג אין דער היים ניט געווען, בין איך געווען אין טהעבעס, נעבען פרעה'ס פאלאץ. דארט האָב איך געמאכט א פארזוך זיך צו זעהען מיט דער פרינצעסין, אָבער מיר איז ניט געלונגען. איך האָב געזעהען איינע פון איהרע קאמער מיידלאך מיר איז ניט געלונגען. איך האָב געזאָגט דער פרינצעסין אז מרים, די טאָכטער פון עמרם ווארט נעבען פאלאץ. זי האָט מיר פארשפראכען עס צו טהאָן... איך האָב דעם גאנצען טאָג געווארט און די פרינצעסין איז ניט ארויסגעקומען. מעגליך אז די קאמער מיידעל האָט איהר ניט איבערגעגעבען מיינע רייד, און עס איז אויך מעגליך אז פרעה'ס טאָכטער פיהלט אז זי קען אונז ניט העלפען און דעריבער האָט זי ניט געוואָלט ארויסקומען. נאָך אלעמען האָבען מיר איהר א סך דאנקבאר צו זיין, וואס דער גאנצער שבט לוי איז ניט פארשקלאפט געווארען ווי די איבעריגע שבטים. מיר קענען דאך ניט ערווארטען אז זי זאָל אלעס טאָהן פאר אונז.

— פאר וואס האָסטו מיר דאן ניט געזאָגט, מיין טאָכטער אז דו ביזט אוועק אין טהעבעס צום פאלאץ? — האָט יוכבד איהר געפרעגט.

— ווייל איך האָב דיך נישט געוואָלט מצער זיין, ליעבע מוטער, — האָט מרים געענטפערט. — איך ווייס, אז דו ביסט שטארק באזאָרגט וועגען קינד... און ווען איך וואָלט דיר גלייך דערצעהלט, אז מיר איז נישט געלונגען זיך צו זעהן מיט דער פרינצעסין, וואָלט עס דיר נאָך מעהר ערגערניש פארשאפט. דאָך וועל איך מאכען א צווייטען פארזוך זיך צו זעהן מיט פרעה'ס טאָכטער. אפשר וועל איך דיעזען מאָל באגליקען.

מרים איז נאָכאמאָל אוועק צו פרעה'ס פאלאץ און דארט זיך ארומגעדרעהט א גאנצען טאָג און ווען זי האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן, האָט זי באגעגענט יתרו'ן, וועלכער איז נאָר וואס ארויסגעקומען פון פרעה'ס פאלאץ

— אה, מרים, וואָס טהוסטו דא? — האָט איהר יתרו געפרעגט

מרים האָט איהם דערצעהלט וועגען דעם צוועק פון איהר קומען.

— אומזיסט ווארטסטו אויף דער פרינצעסין! — האָט יתרו טרויעריג געזאָגט. — זי וועט דיר יעצט ווייניג וואס קענען העלפען! נישט ווייל די פרינצעסין האָט זיך געענדערט, ניין! איהר הארץ בלוטיגט נאָך יעצט אויך אזוי ווי מיינס צוזעהן די אכזריות־

דיגע אונטערדריקונג פון דיינע ברידער. אבער זי איז הילפלאז אזוי ווי איך. טאגער'ן איז געלונגען איינצורעדען פרעה'ן אז מיט דער פארשקלאפונג פון אידישען פאלק וועט מצרים געראטעוועט ווערען. יע, פרעה'ס זארץ איז פארשטיינערט געווארען. ער קען זיך קיינמאל נישט מוחל זיין פארוואס ער האט פון אנפאנג פארשפראכען זיין טאכטער נישט צו פארשקלאפען דעם שבט לוי. און יעצט ווען זי קומט צו איהם בעטען, ער זאל די איינוואוינער פון גשן נישט באהאנדלען אזוי גרויזאם, וויל ער זיך מעהר צו איהר נישט צוהערען, און ער מאכט איהר נאך פארווירפע, וואס צוליעב איהר געהט דער גאנצער שבט לוי ארום לידיג...

— אבער מיין האר! — האט מרים געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— וואס זאל איך יעצט טהאן? דעם קעניג'ס שוידערליכע גזרה צו דערטרינקען יעדען נייגעבוירענער זוהן, דערגרייכט אויך מיין הויז. מיין מוטער דארף באלד געבוירען... און ווען זי וועט געבוירען א זוהן...

— יא, עס איז שרעקליך אפילו צו טראכטען וועגען דעם, מרים! — האט יתרו געזאגט. — אבער לאמיר האפען. אז אז אומגליק וועט פארמיטען ווערען אין דיין הויז. פרעה ווייסט מיין נייגונג צו די אידען און מיינע רייד וועגען די אידען האבען ביי איהם קיין געוויכט נישט. דו זעהסט דאך, אז ער האט מיר פארבאטען צו קומען באזוכען מיין כלה אין גשן, און איהר פאטער, דברי, איז פארשקלאפט צוזאמען מיט די איבעריגע... זאג מיר, מרים, האסטו זיך לעצטענס געזעהן מיט שרה'ן?

— יא, איך קום אפט צו איהר אין הויז, און דארטען איז זעהר טרויעריג. שרה'ס צער איז אונערטרעגליך. זי האט נאך אלץ געהאפט, אז דו וועסט קומען, אבער יעצט האט זי זיך שוין אינגאנצען מיאש געווען. זי ווייסט דאך נישט די אורזאכע פארוואס דו האסט פלוצלונג אויפגעהערט זי צו באזוכען.

— איך בעט דיך, מרים, גיב איהר איבער אין מיין נאמען, אז ווי איך וועל נאר קריגען די ערשטע געלעגענהייט, וועל איך צו איהר קומען און מיט איהר הייראטען. דערצעהל איהר, אז פרעה האט מיר פארבאטען צו קומען באזוכען גשן. און אז מיין בענקעניש איהר צו זעהן ווערט גרעסער פון טאג צו טאג.

— אויב דיר איז פארבאטען צו קומען אין גשן, — האט מרים זיך צו איהם אפגערופען. — וואלט פיליכט געווען ראטזאם, אז שרה זאל קומען אהער זיך זעהן מיט דיר, וויל איך וויים אז אויב עס זאל נאך אזוי לענגער אנהאלטען, וועט שרה איהרע גרויסע לייידען נישט אריבערטראגען.

— דיין עצה געפעלט מיר, מרים. אבער מיר וועלען דארפען זעהר פארזיכטיג זיין, אז טאגער זאל זיך נישט דערוויסען פון דעם, וויל ער קען אונז ביידען א סך מעהר שלעכטס טהאן. איך וועל באשטימען א פלאץ און דארטען וועל איך זי באגעגענען.

— און וואו זאל דער פלאץ זיין? — האט מרים איהם געפרעגט.

— דארטען, וואו דער נייער קאנאל ווערט יעצט געגראבען. זאל זי דארטען צוקומען גאנץ פריה, איידער די ארבייטער קומען זיך צונויף, איך וועל שוין דארטען אויף איהר ווארטען און דאן וועלען מיר ביידע באטראכטען די פלענער וואס ווייטער צו טהאן.

— אה, ווי גליקליך שרה וועט זיך פיהלען! — האט מרים אויסגערופען.

— גלויבסטו, אז עפעס וועט קענען געטהאן ווערען פאר איהר ארימען פאטער, דברי?

— איך צווייפעל אויב מיר וועט געלינגען צו פארלינדערען זיינע לײדען, — האט יתרו געענטפערט. — וויל אזוי ווי טאגער איז א פארביסענער שונא פון דיינע ברידער, אזוי איז ער אויך א שונא צו מיר און ווען ער וועט אויסגעפינען, אז איך בין זיך פאר ווענען עס איז משתדל, וועט ער שוין זעהן,

אז מען זאל יענעם נאך גרויזאמער באהאנדלען.

— אה, ביז ווי לאנג וועט אזוי אנהאלטען אונזערע צרות?! — האט מרים א זיפץ געטהאן.

— רעמסס דער צווייטער איז זעהר פארביטערט, ווייל איינינע פון זיינע זיהן זיינען געשטארבען אין די לעצטע עטליכע יאהר. און זיין ליעבלינג זוהן, מינעפטא, איז געוועזן קראנק. מעגליך, אז שפעטער וועט ער זיך ארומזעהן, אז ער באגעהט אן עולה געגען די אידען, און זיי אויפהערען צו אונטערדריקען. דערווייל הערען נישט אויף די פריסטער וועלכע זיינען אנגעשטעלט געווארען פון טאגער'ן, צו באאיינפלוסען, דעם קעניג, זיי זאגען איהם, אז דער ווילען פון די געטער פון מצרים איז צו פארשקלאפען די אידען און זיי אונטערדריקען. יא. און פון פרעה'ס אלע טעכטער איז בתיה זיין עלטערע טאכטער, די איינציגע, וועלכע באזיצט א נאבעל הארץ. אבער זי קען יעצט ביי איהר פאטער קיין זאך נישט פועל'ן. איך אליין פיהל זיך אויך זעהר דערשלאגען אין פרעה'ס פאלאץ. אין דער צייט פון דער מלחמה מיט די חתים האב איך זיך שטארק אויסגעצייכענט און פרעה האט מיך געמאכט פאר א פיהרער פון זיין ארמעע. דערנאך האט ער מיך באשטימט צו זיין א מיניסטער. ער פלעגט אלע מיינע עצות אננעהמען. אבער זינט טאגער האט געזיעגט און ער איז דערהויבען געווארען צו זיין א הויפט מיניסטער, האבען מיינע עצות מעהר קיין ווירקונג נישט אויף פרעה'ן, און איך האב שוין פיעל מאל באשלאסען אויסצואוואנדערען פון מצרים. איך האב זיך געוואלט שוין לאנג אומקעהרען צו מיין געבורטסלאנד, מדין, אבער מיין שטארקע ליעבע צו שרה'ן האלט מיך דערפון אפ. איך וועל ווארטען ביז וואנען איך וועל קענען הייראטען מיט שרה'ן און דאן וועל איך צוזאמען מיט איהר פארלאזען מצרים און אפרייזען נאך מדין. איך בין דארט גאנץ רייך, איך פארמאג זעהר פיעל לאנד. מיינע ברידער געפינען זיך נאך דארט אויך יעצט. איך ווארט נאך פיליכט וועט פרעה'ס הארץ ווייכער ווערען און מיר וועט געלינגען איהם איבערצוצייגען. אז זיין מורא, וואס ער האט פאר די ישראלים, איז אומבאגרינדעט.

— איך האב שוין מיין האפענונג איינגעגעבען אז פרעה וועט זיך ווען עס איז ארומזעהן. אז מיר זיינען אומשולדיג און אז אין אונזערע הערצער האבען מיר קיינמאל קיין שנאה נישט געטראגען אויף מצרים — האט מרים געזאגט.

— כל זמן טאגער לעבט איז נישטא אויף וואס צו האפען — האט יתרו געזאגט. — איך האב שוין פרובירט אפילו רעדען מיט איינער פון פרעה'ס פרויען, אבער זי קען אויך נישט פועל'ן ביי איהם.

— איך האב געהערט, אז די קעניגין איז אויך גוטהערציג ווי בתיה. איהר טאכטער — האט מרים געזאגט. — פיעלייכט וואלט זי עפעס געקענט טהון פאר אונז?

— מיט דער קעניגין האב איך קיין געלעגענהייט נישט געהאט צו רעדען, — האט יתרו געזאגט. — אבער איינע פון פרעה'ס אנדערע פרויען קומט פון מדין און זי שטאמט פון מיין משפחה, מיט איהר האב איך דאס גערעדט.

— און זי האט געמאכט א פארזוך צו רעדען מיט פרעה'ן?

— זי ווייסט. אז איהרע רייד וועלען דא גארנישט העלפען. ווען זי וואלט געוואוסט, אז פרעה וועט זיך צו איהר צוהערען. וואלט זי עס פאר מיר געוויס געטהאן, ווייל דורך מיר איז זי געווארען פרעה'ס פרוי.

— און ווי אזוי ביסטו געווארען פרעה'ס מיניסטער? — האט מרים געפרעגט.

— נאך ווען איך בין גאר יונג געוועזן, האב איך שוין גע'חלומ'ט פון מצרים. אין מיין לאנד, מדין, האב איך געהערט וואונדערליכע זאכען וועגען מצרים און איך האב אימער געשטרעבט דארט צו

זיין. ווען איך האב אויסגעפונען, אז פרעה, רעמסס דער צווייטער, פיהרט א מלחמה מיט די חתים, האב איך באשלאסען צו קעמפען אין די רייהען פון די מצריים, ווייל די חתים זיינען פון לאנג געווען אויך די שונאים פון מדין. איך האב צוזאמענגעקליבען פיעלע יונגעלייט פון מיין לאנד און איך האב געשיקט שלוחים צו פרעה'ן אנפרעגען, אויב ער וועט מיר ערלויבען זיך אנצושליסען מיט מיינע מענשען אין זיינע ארמעען. פרעה האט מיך דאן געשיקט רופען און ווען איך האב איהם ערקלעהרט, אז די חתים זיינען אויך אונזערע שונאים, האב איך געפונען חן אין זיינע אויגען און ער האט מיר ערלויבט צו קעמפען. מיינע מענשען האבען זיך שטארק אויסגעצייכענט אין דער מלחמה און פרעה האט מיך גלייך געמאכט פאר א גענעראל איבער א גרויסער מצרישער ארמעע. און שפעטער, ווען איך בין שוין געווען אן אריינגעהער און ארויסגעהער פון פרעה'ס פאלאץ, האב איך איהם דערצעהלט וועגען א וואונדערשעהנער פרוי פון מיין משפחה. פרעה האט מיר זי געהייסען ברייגען און ווען ער האט זי דערזעהן, האט זי געפונען חן אין זיינע אויגען און ער האט זי גענומען פאר איינע פון זיינע פרויען. זינט דאן בין איך דערהויבען געווארען צו זיין איינער פון זיינע מיניסטארען און מיט מיינע עצות פלעגט זיך פרעה רעכענען. אבער יעצט, אז טאגער האט די אויבערהאנט, האבען שוין מיינע רייד קיין ווערדע נישט.

— אבער מיין הער! — האט מרים געווישט איהרע אויגען. — פיעלייכט קענסטו מיר ראטהען, וואס צו טהאן? די מצריים געהען ארום יעדען טאג און זיי פרעגען זיך נאך אויף יעדען איינציגען, אויב אין זיין הויז געפינט זיך א ניי־געבוירען קינד...

— די איינציגע עצה, — האט יתרו געזאגט. — איז צו זעהן ווי ווייט מעגליך דאס קינד אויסצובאהאלטען, ווי לאנג עס איז נאר מעגליך, ווייל איך גלויב, אז ווען זיי געפינען א קינד, וואס איז אלט מעהר ווי זעקס מאנאטען, וועלען זיי איהם נישט אנריהרען.

— אבער ווי אזוי וועלען מיר איהם קענען אויסבאהאלטען? — האט מרים ווייטער געזאגט. — אז די בעאמטע ווייסען, דאס מיין מוטער דארף איינגיכען געבוירען און זיי היטען אונזער הויז?

— דו ווייסט, פיעלייכט וואלט ג׳זווען א פלאן אויסצובאהאלטען דאס ניי־געבוירען קינד אין שרה'ס הויז? — האט יתרו געזאגט. — יא, אויב דיין מוטער וועט געבוירען א זוהן, זאלסטו איהם אוועקטראגען ביינאכט צו שרה'ס הויז. דארטען וועט קיינעם נישט איינפאלען צו געהן זוכען, ווייל זיי ווייסען דאך, אז דבורי'ס פרוי איז שוין צו אלט צו האבען ניי־געבוירענע קינדער.

מרים'ס פנים האט אויפגעלויכטען.

— איך דאנק דיר, מיין האר! איך וועל טאקע אזוי טהאן! — האט זי איהם געזאגט און זי איז צוריקגעגאנגען נאך גשן.

---

## פינפטער קאפיטעל
## די געבורט פון משה

מרים איז צוריקגעקומען אין גשן מיט מעהר מוטה און האפנונג, אבער זי האט געטראפען איהר פאטער און מוטער אין גרויס צער.

— האסטו זיך געזעהן מיט דער פרינצעסין? — האט יוכבד איהר א פרעג געטהאן.

— ניין, ליעבע מוטער, איך האב איהר היינטיגס מאל ווידער ניט געזעהן. אבער איך האב זיך געזעהן מיט יתרון!

— מיט יתרון? — האט עמרם אויסגערופען. — וואס האט ער דיר געזאגט? פארוואס האט ער אויפגעהערט צו קומען אין גשן, ווי ער פלעגט עס טהאן פריהער?

— עס איז נישט זיין שולד, פאטער, ער איז געצוואונגען אזוי צו טהאן... טאגער, וועלכער איז אונזער פארביטער־

סטער שונא, האָט שטאַרק מורא געהאַט אויב יתרו וועט קומען צו אונז בעזוכען וועט ער פיליכט אונז קענען טהאָן א טובה מיט עפּעס, דאַריבער האָט ער געפּועל'ט ביי פּרעה'ן ער זאָל פאַרבאָטען יתרו'ן אין גאַנצען נישט צו בעזוכען גשן. ער האָט מיר געזאָגט ווי שטאַרק געטראָפען ער איז פון דעם... ווי גרויס זיינען זיינע ליידען, וואָס ער קען זיך נישט זעהן אפילו מיט שרה'ן, זיין כלה.

— האָסטו איהם דערצעהלט, מרים, פון אונזער פאַרצווייפעלטער לאַגע? — האָט יוכבד איהר געפרעגט.

— יא, ליעבע מוטער, איך האָב איהם געבעטען ער זאָל מיר ראַטהען וואָס צו טהאָן.

— נו, און וואָס האָט ער געזאָגט?

— ער האָט מיר געזאָגט אַז אין דער יעצטיגער צייט איז ער הילפלאָז צו טהאָן וואָס עס איז, אָבער ער האָט מיר געראַטען אַז מיר זאָלען אויסבעהאַלטען דאָס ניי־געבוירענע קינד אין דברי'ס הויז. קיינעם וועט נישט איינפאַלען צו געהן אהין זוכען.

— יא, דאָס איז א פּלאַן! — איז יוכבד'ס פּנים עטוואָס מונטערער געוואָרען, — אָבער צו וועלען זיי וועלען איינשטימען? עס איז דאָך א לאַסט צו האָבען ביי זיך אין הויז א ניי־געבוירען קינד.

— וועגען דעם, מוטער, דאַרפסטו זיך נישט זאָרגען. איך וועל באַלד אהין אריבערגעהן און זיך מיט זיי דורכרייזען וועגען דעם, — האָט מרים געענטפערט, און זיך געקליבען אוועקצוגעהן.

— אה, מרים, געה נישט אוועק — איז דער דרייי יעהריגער אהרן צו איהר צוגעלאָפען, — ווען דו געהסט אוועק זיצט די מוטער און וויינט די גאַנצע צייט, און דער פאַטער איז אויך שטאַרק אומעטיג. בלייב ז . מיט אונז, מיין שוועסטער.

מרים האָט ארומגענומען איהר קליינעם ברודער און איהם געקושט.

— איך וועל זיך באַלד צוריקקעהרען, — האָט זי געזאָגט מיט טרערען אין די אויגען.

— דו וויינסט שוין אויך, מרים, — האָט אהרן אויף איהר אונגעשטעלט זיינע שעהנע אומשולדיגע אויגען.

— ניין, איך וויין נישט, — האָט מרים געזאָגט, און איהם ווייטער געקושט און זי האָט געוואָרפען איהרע בליקען אויף איהר פאָטער און מוטער וועמעס אויגען האָבען אויסגעדריקט אזוי פיעל יאוש און פאַרצווייפלונג, און זי איז שנעל ארויס פון הויז.

א ווייל שפעטער איז שוין מרים געווען אין דברי'ס הויז.

שרה, שולמית, און זייער מוטער, האָבען זיך שטאַרק דערפרעהט מיט איהר.

— אה, מרים! — האָט שרה זיך צו איהר אָפּגערופען, — דו ביזט שוין ביי אונז אזוי לאַנג נישט געווען... איך ווייס אַז אין דייז הויז פעהלט אויך יעצט קיין צרות נישט. אָבער ווען דו קומסט אונז בעזוכען פאַרגעס איך אביסעל מיינע ליידען.

— איך האָב פאַר דיר, שרה, א גערוס פון יתרו'ן! — האָט מרים אויסגערופען.

— פון יתרו'ן?! — האָט זיך שרה אָפּגערופען און קאָלירען האָבען זיך געביטען אין איהר פּנים.

— יא, פון יתרו'ן! איך האָב איהם היינט געזעהן... אה, שרה, ווען דו וואָלסט וויסען ווי שטאַרק ער בייגקט נאָך דיר, ווי גרויס זיין פאַרלאַנג איז זיך מיט דיר צו זעהן און דיר פאַרזיכערען אַז ער האָט דיך ליעבער פון אַלעם אין דער וועלט...

א רויטקייט האָט באַדעקט שרה'ס פּנים... זי האָט אויף מרים'ן א קוק געטהאָן און איהרע בליקען האָבען בעדייטעט: "נו, פאַר וואָס קומט ער ניט"!.

מרים האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס עס איז ביי שרה'ן אין געדאַנקען און זי האָט זיך אָפּגערופען

— פּרעה האָט פאַרבאָטען יתרו'ן צו קומען אין גשן! יא, זינט מען האָט איינגעטאַרט די אידען אין שקלאַפעריי, איז איהם פאַרבאָטען געוואָרען צו קומען אהער... דאָס האָט טאַגער פאַראורזאַכט. ער ווייס אַז יתרו איז א גוטער פריינד פון אַלע אידען פון גשן... האָט ער אָנגערעדט אויף איהם פאַר פּרעה'ן, און ער

האט אויסגעפיהרט אז עס זאל פארבאטען ווערען צו יתרו'ן צו קומען אין גשן.

— און וואס האט ער דיר געזאגט וועגען מיר! — האט שרה'ס פנים אויפגעלויכטען.

— ער האט מיר געזאגט אז ער וויל זיך מיט דיר זעהן! יא, ער האט בעשטימט א פלאץ און א צייט ווען דו וועסט קומען אין דער הויפט־שטאדט, וואו מען גראבט דעם נייעם קאנאל פון נילוס, גאנץ פריה, איידער די ארבייטער קומען זיך צונויף.

— אה, — האט שרה אויסגערופען מיט פרייד, און גענומען קושען מרים'ן, — איך האב אבער געוואוסט אז עס איז נישט זיין שולד. און דו, שולמית, האסט איהם בעשולדיגט אז ער האט מיך פארלאזען.

— און דו אליין, מיין שוועסטער, האסטו דען פון דעם נישט געטראכט? וואס האט מען אנדערש געקענט טראכטען ווען ער האט פלוצים אויפגעהערט צו קומען.

— ניין, שולמית! איך האב געהאט צופיעל צוטרויען אין יתרו'ן... איך האב גלייך פארשטאנען אז עס מוז זיין עפעס אן אורזאכע... א.. אפילו מרים האט אויך דאס זעלבע געטראכט, אבער דו און די מוטער האבען שוין געמיינט אז יתרו'ן פאסט נישט צו בעזוכען די טאכטער פון א שקלאף. ווייס ער דען נישט אונטער וועלכע אומשטענדען אונזער פאטער און אלע איבריגע אידען זיינען געווארען פארשקלאפט.

— יעצט, אי דו וועסט זיך מיט איהם זעהן, שרה, — האט מרים געזאגט, — וועט אלעס קלאר ווערען פאר דיר. איהר וועט שוין ביידע אפמאכען וואס ווייטער צו טהאן. דו וועסט אבער דארפען זעהר פארזיכטיג זיין אז קיינער זאל דיך ניט באמערקען מיט יתרו'ן, ווייל טאגער קען נאך איהם שלעכטס טהאן.

— איך דאנק דיר, מרים! — האט שרה געזאגט מיט פרייד — איך וועל דאס דיר קיינמאל נישט פארגעסען. איך ווייס אז ד: האסט פאר מיר א סך געטהאן.

—יעצט וויל איך אז דו, דיין שוועסטער און דיין מוטער זאלען אונז אויך טהאן א שטיקעל טובה.

— מרים, מיר וועלען זעהר גליקליך זיין אויב מיר וועלען עפעס טהאן פאר דיר, — האט שרה'ס מוטער זיך אפגערופען.

— אייך איז דאך בעוואוסט, אז גאר אין גיכען דארף מיין מוטער געבוירען... און אויב גאט וועט געבען און עס וועט זיין א טאכטער וועט זיין גוט, טאמער אבער וועט עס זיין א זוהן, דאן זיינען מיר אין גרויס שרעק, ווייל די בעאמטע האבען שוין געווארפען אן אויג אויף אונזער הויז, און זיי וועלען געוויס פריהער אדער שפעטער קומען זוכען. איך האב גערעדט מיט יתרו'ן און ער האט מיר געראטען אז אויב א זוהן וועט געבוירען ווערען זאלען מיר איהם בעהאלטען אין אייער הויז, ווייל ביי אייך וועלען דאך די מצריים נישט קומען זוכען. און יעצט אויב עס וועט נישט זיין זיין קיין צו גרויסע לאסט פאר אייך, וועלען מיר דאס קינד, וואס וועט געבוירען ווערען בריינגען צו אייך.

— אה, מרים, וואס רעדסטו צו לאסט, מיר וועלען העכסט גליקליך זיין צו קענען עטוואס טהאן פאר דיר און פאר דיין משפחה... מיר וועלען אלע גוט אכטונג געבען אויפ'ן קינד, — האט שרה אויסגערופען.

— געוויר! — האט די מוטער זיך אפגערופען, — דאס וועט פאר אונז זיין א פרייד...

— און איך וועל אויף איהם אכטונג געבען ווי אויף מיין אייגען ברודער — האט שלומית געזאגט. איך וועל זיך שעצען גליקליך צו האלטען דיין ברודער אויף מיינע הענט. אויב גאט האט אונז נישט געבענשט מיט אן אייגענעם ברודער וועל איך זיך זעטיגען מיט דעם פערגעניגען זיך צו שפילען מיט דיין ברודער.

— דו דארפסט דאנקען גאט, וואס דו האסט יעצט נישט קיין ברודער — האט מרים א זיפץ געטהאן — וואס פאר א

ווערדע האט דאס לעבען אין יעצטיגער שלעכטער צייט פאר א מאן!

מרים איז אוועק פון דברי'ס הויז פול מיט האפנונגען. זי האט געוואוסט אז אויב עס וועט זיך איינגעבען אויסצובעהאלטען די ערשטע עטליכע מאנאטען, וועט שוין דאן די סכנה קלענער ווערען.

---

אויף מארגען איז שרה אויפגעשטאנען זעהר פריה אין דער זעלבער צייט ווען איהר פאטער איז אויפגעשטאנען צו דער ארבייט.

דברי און זיין טאכטער שרה זיינען גלייך ארויס פון הויז אבער זיי זיינען אוועק אין אנדערע ריכטונגען, דברי צו זיין שווערע ארבייט אין פתם און שרה איז אוועק צו דעם פלאץ וואו דער נייער קאנאל פון דעם טייך נילוס ווערט געגראבען.

— מיין טאכטער! — האט דברי זיך צו איהר אפגערופען איידער ער האט זיך פון איהר אפגעשיידעט, דו וועסט זיך באלד זעהן מיט יתרו'ן, דערצעהלט איהם פון אונזערע שווערע ליידען, פון אונזערע אונערטרעגליכע יסורים, וואס די מצריים פעראורזאכען אונז... א ווי זיי פערביטערען אונזער לעבען. עס איז שווער אריבערצוטראגען די בעליידיגונגען און אונטערדריקונג וואס מיר, די קינדער פון ישראל מאכען דורך א טאג...

— אה, פאטער — האט שרה זיך אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — יתרו ווייס גאנץ גוט פון אונזערע צרות און ווען ער וואלט נאר געהאט די מעגליכקייט וואלט ער אונזערע שמערצען פערלינדערט... ער ליידט מיט אונז און פיהלט מיט אונז אבער דאך וועל איך מיט איהם ריידען וועגען דיר, פאטער, פילייכט וועט ער קענען דיין לאגע עטוואס גרינגער מאכען.

— א די נוגשים קומען שוין אן! — האט דברי אויסגערופען — איך וועל זיך מוזען צואיילען. ער האט פערלאזען זיין טאכטער און מיט שנעלע טריט אוועק נאך דעם וועג וואס פיהרט צו פתם.

מיט א קלאפענדע הארץ האט זיך שרה דערנעהנטערט צום פלאץ וואו זי האט געזאלט בעגעגענען יתרו'ן... פון ווייטען האט זי בעמערקט אימיצען שטעהענדיג. עס איז נאך געווען עטוואס טונקעל און זי האט איהם נישט גוט געקענט בעמערקען אבער ווען זי האט זיך דערנעהנטערט, איז איהר יתרו אנטקעגען געקומען און אויסגערופען מיט פרייד:

— שרה!

ער האט איהר אנגענומען פאר'ן האנט און איהר א קוש געטהאן. פון גרויס איבערראשונג און פרייד, האט שרה אויף א קליינע ווייל נישט געקענט איהר מויל עפענען...

— שרה, ווי גליקליך איך בין, אז איך קען דיר ווידער זעהן... ווען דו וואלסט געוואוסט וואס איך האב דורכגעליטען דורך דער צייט זינט מיר איז פערבאטען צו בעזוכען גשן... איך דאנק און לויב די געטער וועלכע האבען מיר געגעבען א געלעגענהייט זיך צו בעגעגענען מיט דיין פריינדין, מרים, און דורך איהר, האב איך יעצט די מעגליכקייט דיך צו זעהן און מיט דיר צו ריידען.

— און איך האב שוין געהאט אויפגעגעבען מיינע האפנונגען מיט דיר ווען עס איז זיך צו זעהן, — האט שרה געזאגט מיט טרעהרען אין איהרע אויגען — איך האב געמיינט אז דו האסט זיך אן מיר פערגעסען.

—אה, שרה ווי אזוי האסטו גאר געקענט טראכטען אזוי פון מיר, ווייסטו דען נישט ווי גרויס מיין ליעבע איז צו דיר?

— מיר האט זיך געדוכט אז יעצט, ווען איך בין געווארען די טאכטער פון א שקלאף, וועסט מעהר שוין נישט וועלען אומקוקען אויף מיר... אבער דו מוזט מיר ענטשולדיגען יתרו, איך האב אזוי געטראכט ווייל אונזערע צרות זיינען אזוי פלוצלונג אויף אונז אנגעקומען און מיר זיינען אלע פערביטערט...

— איך האף אז דיזע לאגע וועט לאנג נישט אנהאלטען — האט יתרו איהר גענומען טרייסטען — די פריעסטער

און טאגער האבען איינפאך פרעה'ס קאפּ פערדרעהט... יעדענפאלס האב איך בעשלאסען זיך אומצוקעהרען נאך מיין געבורטסלאנד, נאך מדין...

— דו ווילסט זיך אומקעהרען נאך מדין?! — האט שרה אויסגערופען מיט א ציטער אין איהר שטימע.

יע, ליעבע שרה! — האט יתרו געענטפערט — איך האב זיך שוין לאנג אויסגעניכטערט פון מיינע חלומות וואס איך האב געהאט פון מצרים... איך האב געקעמפט פאר דיזען לאנד... און יעצט, ווען איך זעה וואס עס ווערט געטהאן צו די אוראייניקלעך פון יוסף'ן וועלכער האט געראטעוועט מצרים פון זיבערען אונטערגאנג, האב איך שוין מעהר קיין חשק נישט דא צו פערבלייבען... איך וואלט שוין לאנג אפּגערייזט פון דאנען אבער...

— אבער וואס? — האט איהם שרה אונטערבראכען...

— אבער איך האב בלויז געווארט אויף א געלעגענהייט זיך מיט דיר צו זעהן...

— מיט מיר?

יע, מיט דיר, ווייל אהן דיר וועל איך נישט אויסוואנדערען פון מצרים!...

שרה האט לייכטער אפּגעאטעמט.

— אויב דו וועסט איינשטימען צו געהן מיט מיר וועלען מיר ביידע דא הייראטען און אין קורצען אפּרייזען פון דאנען צו מיין משפחה אין מדין.

— אבער, ווי אזוי וועל איך קענען פערלאזען מיין משפחה, מיין פאטער, מוטער און מיין שוועסטער? — האט שרה געזאגט.

— איך ווייס אז איך וועל פערלאנגען פון פרעה'ן ער זאל מיר ערלויבען אפּצורייזען פון דאנען צוזאמען מיט דיר, וועט ער עס געוויס טהאן... איך בין אבער נישט זיכער, אויב ער וועט וועלען בעפרייען אויך דיין גאנצע משפחה... יעדענפאלס וועל אי· מאכען א פערזוך, און אויב איך וועל קריגען די ערלויבנים פון איהם, וועלען מיר זיך אלע שעצען גליקליך... נאר אוי: דאס וועט אוממעגליך זיין, האף איך, שרה, אז דו וועסט מיט מיר מיטרייזען!...

— דאס וועט פאר מיר אוממעגליך זיין! — האט שרה אויסגערופען. איך וועל נישט קענען איבערלאזען זיי אין אזא שרעקליכע לאגע...

אבער אהן דיר וועל איך נישט אפּרייזען פון דאנען! — האט יתרו געזאגט מיט בעשלאסענהייט... איך האף אבער אז מיר וועט געלינגען צו פועל'ן פון פרעה'ן ער זאל מיט מיר דיזע געפעליגקייט טהאן...

— ווען דא. זאל פערווירקליכט ווערען, וואלט איך זיך זעהר גליקליך געשעצט... באטש איך ווייס אז עס איז זעהר נישט ריכטיג פון מיין זייט, זיך צו בעשיצען אין דער צייט ווען אונזערע אלע איבעריגע ברידער ווערען פערשקלאפּט.

— ווען דו וואלסט זיי געקענט עפּעס העלפען, וואלסטו דאן בערעכטיגט געווען אזוי צו ריידען — האט יתרו איהר געזאגט. אבער דיינע ברידער וועלען אלץ איינס גארנישט געווינען פון דיין פערבלייבען אין מצרים, און אויב דו ליעבסט מיר דארפסטו עס טהאן פון מיינעטוועגען, און צושימען צו מיין פלאן.

— אויב דו וועסט קריגען די נויטיגע ערלויבנים פאר מיין משפחה, וועלען מיר געוויס מיטרייזען מיט דיר, יתרו! — האט שרה געענטפערט.

— אויב אזוי, וועסטו זיך מיט מיר טרעפען אויף דעם זעלבען פלאץ מיט צוויי וואכען שפּעטער! — האט יתרו געזאגט — איך האף אז ביז יענער צייט וועל איך שוין וויסען אויף זיכער אויב פרעה וועט מיר ערלויבען מיטצונעמען דיין גאנצע משפחה. יע, ליעבע שרה, דו וועסט דאן אויך קומען גאנץ פריה כדי מיר זאלען קענען ריידען אומגעשטערט. און יעצט דארפען מיר זיך צושיידען, ווייל באלד קומען אן די ארבייטער און דורך זיי קען זיך טאגער דערוויסען פון מיין בעגעגניש מיט דיר, און עס קען נאך אונז ביידען שאדען טהאן.

אין עמרם׳ס הויז האט געהערשט גרויס אויפרעגונג. יכבוד איז געגאנגען צו קינד. מרים האט געהאלפען איהר מוטער און עמרם איז געשטאנען אין דרויסען צו היטען אויב א מצרישער בעאמטער קומט אן. ער איז נערוועאיש און אומרוהיג ארומגעגאנגען היין און צוריק, נעבען הויז... אין הארצען האט ער מתפלל געווען דאס זיין פרוי זאל דיזען מאל געבוירען א טאכטער... דאן וועט די גאנצע שרעק פאריבער געהן.

פלוצלונג האט זיך אן עפען געטהאן די טיהר פון זיין הויז און מרים איז צוגעלאפען צו איהר פאטער און ווען זי האט זיך ארומגעקוקט און קיין פרעמדע מענשען נישט געזעהן, האט זי מיט פרייד אויסגערופען:

— א פאטער, א זוהן!

— א זוהן! — האט עמרם טרויעריג א זאג געטהאן — א, גאט העלף אונז.

— אבער פאטער — האט מרים׳ס אויגען נאך אלץ געשטראהלט פון פרייד — און וואס פאר א זוהן!... א וואס פאר א שעהנער פנים און ווי ליכטיג זיינע אויגען זיינען, ווי בריליאנטען!... דאס גאנצע הויז איז ליכטיג געווארען פון איהם!. עמרם האט אומגעדרעהט די קאפ, און זיך גוט ארומגעקוקט. דערנאך איז ער מיט מרים׳ן אריין אין הויז.

— זיין פנים איז דאך ווי א מלאך!

— האט מרים אויסגערופען מיט בעגייסטערונג — פאטער בעטראכט איהם נאר! האסטו דען ווען עס איז געזעהן אזא שעהן קינד!

— אבער מיין טאכטער וואס איז מיט דיר די שמחה. דער טרויער וועט נאך גרעסער זיין, ווען די מצריים וועלען זיך דערוויסען און איהם פון אונז אוועקרויבען!

— א נייז! — האט יוכבד אויסגערופען מיט א שוואכע שטימע! — איך וועל נישט דערלאזען מען זאל איהם פון מיר אוועקנעמען.

— בערוהיג זיך מוטער! — האט מרים געזאגט אייניגע טעג וועט ער זיין מיט אונז... דערנאך ווען דו וועסט זיך קרעפטיגער פיהלען, וועל איך ביינאכט איהם אריבערפיהרען צו שרה׳ן און דארטען וועסטו קויען איהם אנזויגען...

— מיין הארץ אבער ציטערט אין מיר! — האט עמרם זיך אפגערופען, אז אימיצער זאל פארבייגעהענדיג אונזער הויז נישט דערהערען די געוויינען פוי קינד. דאן זיינען מיר פערלארענע.

—איך וועל די גאנצע צייט אכטונג געבען ער זאל נישט וויינען! — האט מרים אויסגערופען -- ווי נאר ער וועט אויפהויבען זיין שטימע וועל איך איהם איינשטילען... גאט וועט אונז העלפען... נייז, ער וועט נישט אריינפאלען אין די הענט פון די מצריים.

דאס קינד האט אנגעפאנגען צו וויינען און מרים איז שנעל צו איהם צוגעגאנגען און איהם גענומען איינשטילען. זי האט איהם צוגעטראגען צו דער מוטער און זי האט איהם אנגעזויגען.

יוכבד האט בעטראכט איהר קינד... זי האט איהם געטוליעט, און געקושט...

— נייז! איך וועל זיי נישט לאזען נעהמען — האט זי שטילערהייט געמומעלט! איך וועל קעמפען ביז דעם לעצטען טראפען פון מיין בלוט...

דער קליינער אהרן איז אויך צוגעגאנגען און מיט א גליקליכען שמייכעלע בעטראכט זיין נאר וואס געבוירענעם ברודער.

— דו דארפסט זעהר פארזיכטיג זיין, אהרן האט איהם מרים גענומען אויף איהר שוים — דו זאלסט זיך אקארשט פאר קיינעם אין דרויסען נישט ארויסריידען אז דו האסט א נייעם ברודע־ ווייל אויב דו וועסט זיך ארויסריידען וועלען קומען די מצריים און איהם פון אונז אוועקנעמען, און איהם אריינווארפען אין טייך!

— נייז, מרים — האט אהרן זיך צוכליפעט, איך וויל נישט די מצריים זאלען אוועקנעמען מיין ברודער!... איך האב איהם דאך אזוי ליעב!

— אויב דו וועסט פאר קיינעם נית ריידען, וועט מען איהם נישט אוועקנעמען — האט מרים איהם געקושט.

די צװײ טעג װאָס דאָס נײ־געבױרענע קינד איז געװען אין עמרם׳ס הױז, זײנען אַלע געװען אין טױט שרעק. װען זײ פלעגן דערהערן טריט אין דרױסן, פלעגט בײ יעדן פון זײ אָפּשטעלן דאָס האַרץ. מרים פלעגט גלײך כאַפּן דאָס קינד און זיך באַהאַלטן אין אַ װינקל. יוכבד פלעגט אַרונטערגײן פון בעט, כדי מען זאָל נישט דערקענען אַז זי האָט נאָר װאָס געבױרן.

װען עס איז אָנגעקומען דער אָבענד, האָט מרים זיך אָפּגערופן צו איהר פאָטער און מוטער:

— װען עס װעט װערן גוט פינסטער װעל איך דאָס קינד אַריבערטראָגן צו דברי׳ס הױז . . . דאָרטן װעלן מיר נישט דאַרפן זײן אַזױ אומרוהיג און בעזאָרגט . . . דו, כ ־גר, װעסט מיט מיר מיטגעהן און דער פאָטער װעט בלײבן אין הױז מיט אהרן.

— אָבער װאָס װעסטו טהאָן װען דאָס קינד װעט זיך פּלוצלונג פאַנאַנדערװײנען און צוציהען די אױפמערקזא[illegible]ט פון די פאַרבײגעהענדע?

— זעלטען געהען דורך די מצריים אין אָבענד דורך דעם װעג דורך װאַנען איך װעל געהן — האָט מרים געענטפערט — און איך װעל שױן זעהן אַז ער זאָל נישט װײנען.

יוכבד האָט דעם קינד אָנגעװיגען און איהם אײנגעװיקעלט. מרים האָט איהם גענומען אױפ׳ן האַנט און איז צוזאַמען מיט איהר מוטער אװעק צו דברי׳ס הױז.

— געלױבט איז גאָט, װאָס קײנער האָט אונז נישט בעמערקט! — האָט מרים אױסגערופן װען זײ זײנען שױן געװען בײ דער טיהר.

שרה, שלומית און זײער מוטער זײנען זײ אַנטקעגען געקומען און מיט גרױס פרײד זײ עמפּפאַנגען.

— מיר זײנען די גאַנצע צײט געװען אין טױט שרעק! — האָט יוכבד זיך אָפּגערופן.

שרה האָט גלײך גענומען דאָס קינד און עס אװעקגעלײגט אין בעט.

— אַה, מוטער װאָס פאַר אַ שעהן קינד! — האָט זי אױסגערופן.

שלומית און איהר מוטער זײנען גלײך צוגעקומען צום בעט און מיט גרױס בעגײסטערונג בעטראַכט דעם „קלײנעם גאַסט”.

— איך האָב נאָך אין מײן לעבען נישט געזעהן אַזאַ שעהן קינד! — האָט דברי׳ס פרױ אױסגערופן. און איהרע אױגען נישט געקענט אַרונטערנעמען פון איהם.

— און װי איז זײן נאָמען? — האָט שלומית געפרעגט מרים׳ן.

— זײן נאָמען?! — האָט מרים אַ קװעטש געטהאָן מיט איהרע פּלײצעס און אַ קוק געטהאָן אױף איהר מוטער.

— מיר האָבען נאָך פאַר איהם קײן נאָמען נישט! — האָט יוכבד טרױעריג געזאָגט — װען גאָט װעט העלפען און מיר װעלען זײן זיכער אַז ער איז גערעטעט, דאַן װעלען מיר טראַכטען װעגען אַ נאָמען . . .

— דו דאַרפסט יעצט גאָרנישט זאָרגען, יוכבד, דײן קינד געפינט זיך אין אַ זיכערען פּלאַץ. עס איז שױן פיעלע מאָנאַטען אװעק און אַ מצרי האָט זיך נישט בעװיזען אין אונזער געגענד! כל זמן מײן מאַן דרבי קומט אין צײט צו דער אַרבײט לאָזען אונז די מצריים צו רוה!

— זאָל גאָט געבען אַז דײן מאַן זאָל אין גאַנצען באַפרײט װערען פון זײן שװערער אַרבײט — האָט יוכבד צו איהר געזאָגט.

— מעגליך אַז יתרו װעט עפּעס פועל׳ן בײ פּרעה׳ן פאַר אונזער משפּחה! — האָט שלומית געזאָגט. — ער האָט פערשפּראָכען שרה׳ן דאָס ער װעט זיך דורכרײדען מיט פּרעה׳ן אױב ער װעט ערלױבען אונזער משפּחה אױסצואװאַנדערען פון מצרים נאָך מדין, אין דעם געבורטסלאַנד פון יתרו׳ן.

— יע, — האָט שרה צוגעגעבן — ער האָט געוואָלט מיט מיר הייראטען און גלייך נאָכדעם פארלאזען צוזאמען מיט מיר מצרים, האָב איך איהם געזאָגט אז איך וועל נישט קענען איבערלאָזען מיין משפחה אין אזא שרעקליכער לאגע. האָט ער געזאָגט דאָס ער וועט זיך דורכריידען מיט דעם קעניג, און פיליכט וועט ער פון איהם קריגען די ערלויבניש.

— און דאן וועסטו אונז פערלאָזען ?!

— האָט מרים אומעטיג געזאָגט צו שרה'ן — איך וועל זעהר שטארק בענקען נאָך דיר!

— פיליכט וועסטו און דיין משפחה אויך קענען אויסוואנדערען פון דאנען נאָך מדין — האָט שרה איהר געענטפערט — דיין שבט איז דאָך נישט פערשקלאפט און דער פערבאָט אויסצוואוואנדערען פון מצרים, גילט דאָך בלויז אויף די וועלכע זיינען פערשקלאפט . . .

— ווען גאָט זאָל זיך איבער אונז אלעמען ערבארמען און אונז פון דאנען ארויסנעמען, דאן וועלען מיר זיך אומקעהרע צו דעם לאנד פון אונזערע אבות, יע צו דעם לאנד כנען . . . דאָרט וואָלט איך יעצט געוואָלט זיין, אָבער אויסצוואוואנדערען פון איין פרעמד לאנד צו א צווייטער פרעמד לאנד, וועלען מיר דערפון ווינציג וואָס געווינען! ווער וועט אונז קענען פערזיכערען אז די הערשער פון יענעם לאנד וועלען אונז, די פרמדע בירגער בעסער בעהאנדלען ווי די הערשער פון מצרים.

— דו ביזט גערעכט מרים! — האָט שרה געזאָגט — אָבער איך קען שוין מעהר נישט צוזעהן די שרעקליכע ליידען פון אונזער פאָטער . . . און ווי שלעכט עס זאָל אונז דאָרט נישט זיין, קען דאָך געוויס שוין נישט זיין ערגער ווי דאָ אין מצרים!

— נו, געוויס שרה, פאר דיר און דיין משפחה לוינט זיך געוויס צו געהן אהין; מדין איז דאָך יתרו'ס געבורטסלאנד און ווי איך האָב געהערט שטאמט ער פון א הערשענדע משפחה . . . און א חוץ דעם האָסטו דאָך איהם ליעב און דו וועסט מיט איהם הייראטען, דאן דארפסטו געהן וואוהין ער וועט דיך פיהרען.

אָ, ווי שטארק אומגעדולדיג איך בין! — האָט שרה געזאָגט, — איך וואָלט שוין וועלען די עטליכע טעג זאָלען שנעל פאריבערגעהן און איך זאָל זיך שוין קענען ווידער טרעפען מיט יתרו'ן צו הערען פון זיין מויל די פרעהליכע נייעס!

— און מיר גלויבט זיך נישט, אז פרעה וועט וועלען אונז ערלויבען צו פערלאָזען מצרים! — האט שולמית געזאגט—טאגער האט א גרעסערן איינפלוס אויף פרעה'ן און ער וועט שוין זעהן צו ווירקען אויף איהם נישט נאָכצוגעבען יתרו'ס פערלאנג.

— ווי עס זאל נישט זיין — האט זיך שרה'ס מוטער אנגערופען—וועל איך נישט דערלאָזען אז מיין טאָכטער זאל מקריב זיין איהר גליק פאר אונז. אויב מיר אלע וועלען נישט קענען מיטגעהן וועט זי דאך הייראטען מיט יתרו'ן און מיט איהם אוועקגעהן נאָך זיין לאנד און אויב עס וועט זיין דער ווילען פון גאָט, וועט ער אונז העלפען און אונז שפּעטער פעראייניגען.

— אָה, מוטער רעד נישט אזוי! — האט זיך שרה ביי איהר געבעטען, איך האב יתרו'ן געזאגט אז איך וועל אהז אייך נישט פערלאזען דאס לאנד און אזוי וועט עס זיין.

— אבער א סך, מיין טאָכטער קענסט דו פאר אונז טהאָן ווען דו געפינסט זיך דאָ... דאָרטען, אין מדין, איז יתרו זעהר רייך, ער איז א חשוב'ער מאַן און אמאָל קען זיין אז דורך איהם וועט אונז גאָט אלעמען העלפען. ניין, מיין טאָכטער, דו וועסט מוזען זיין פערלאנג ערפילען... דו ליעבסט איהם און ער ליעבט דיר, און איהר ביידע מוזט אייער גליק אנהאלטען.

— וואס פאר א נוצען וועלען יעצט בריינגען די רייך!—האָט זיך שלומית אריינגעמישט—אין גיכען וועלען מיר

דאַך הערען פון יתרו'ן. וועלען מיר שוין דאן אלעם קענען בעשליסען.

— יעצט מיין טאָכטער! — האט זיך יוכבד אָפּגערופען צו מרים'ן — לאָמיר געהן אהיים, דיין פאטער וועט געווים זיין שטארק בעזארגט וועגען אונז.

— איך וואלט דיך געראטען — האט דברי'ס פרוי זיך אָפּגערופען צו יוכבד'ן — אז דו זאלסט דאָ נעכטיגען יעדע נאכט און אין דער פריה ווען דאס קינד וועט אנגעזויגט ווערען וועסטו זיך צוריקקעהרען אהיים.

— געווים, מיין מוטער איז גערעכט — האט שרה צוגעגעבען — דאס קינד וועט זיך די ערשטע עטליכע וואכען נויטיגען אין זיין מוטער.

יוכבד איז פערבליבען נעכטיגען אין דברי'ס הויז און מרים איז אליין אוועק אהיים אנזאגען איהר פאטער אז דאס קינד געפינט זיך אין א זיכערן פלאץ.

עטליכע טעג זיינען פאריבער און יוכבד פלעגט ביינאכט בלייבען נעכטיגען אין דברי'ס הויז און גאנץ פריה פלעגט זי זיך אומקעהרען אהיים. אייניגע מאָל דורך'ן טאָג פלעגט מרים אהין אוועקגעהן צו זעהן וואָס איהר ברודער טוט.

איין טאָג ווען מרים האט זיך צוריקגעקעהרט פון דברי'ס הויז האט זי אין איהר פאטער'ס הויז געטראפען א מצרי'שען בעאמטען אין בעגלייטונג פון צוויי מצרי'שע סאלדאטען, וועלכע האבען גענומען זוכען אין יעדען ווינקעל פון הויז.

עמרם און יוכבד זיינען געשטאנען מיט טויט בלאסע פנים'ער און דער קליינער אהרן האט געוויינט.

מרים האט געפאסט מוטה און איז צוגעגאנגען צו דעם בעאמטען.

— מעג איך וויסען וואס דו זוכסט אין אונזער הויז? — האט זי איהם געפרעגט.

— מיר זוכען דאָ אין הויז א נאָר־וואָס געבאָרען קינד, — האט דער בעאמטער הויך אויסגערופען — אין נאָמען פון פרעה, פערלאנג איך דאס איהר זאָלט מיר ארויסגעבען דעם קינד און מיר וועלען איהם אריינווארפען אין טייך לויט דעם בעפעהל פון אונזער קעניג רעמסס דעם צווייטען.

— דאָ איז קיין נייגעבוירען קינד נישטאָ! — האט מרים איהם געענטפערט — אומזיסט זייט איהר געקומען אונז בעלעסטיגען.

— דו זאגסט ליגען! — האט ער א געשריי געטהאָן אויף מרים'ן — ווי מען האט מיר איבערגעגעבען האט דיין מוטער שוין געבוירען און יעצט בין איך זיכער אז איהר האט דעם קינד בעהאלטען.

— אויב דו ווילסט אונז ניט גלויבען — האט מרים זיך אָפּגערופען מיט א געלאסענע שטימע — דאן קענסטו זוכען. אבער איך זאג דיר אפריהער אז דיין מיה איז אומזיסט.

— איך ווייס, די עברים גלויבען אז זיי זיינען קלוג און זיי זוכען זיך אויסצודרעהען, אבער אונז קען מען נישט נארען. איך האב שוין ביי עטליכע אידען געפונען זייערע נייגעבאָרענע זיהן און גלייך האב איך זיי דערטרונקען אין טייך נילוס!

א שוידער איז דורכגעגאנגען איבער די לייבער פון עמרם און יוכבד'ן ווען זיי האבען דערהערט אזעלכע רייד.

— זאג מיר וואו איז דיין ברודער! — האט זיך דער בעאמטער אָפּגערופען צו דעם קליינעם אהרן — אויב דו וועסט מיר נישט זאגען וואו ער איז, וועל איך דיר אריינווארפען אין טייך!

— איך האב נישט קיין ברודער — האט אהרן אויסגערופען און זיך פארנאנדערגעוויינט.

— איך בעט דיר, מיין האר, שרעק נישט איבער דעם קינד! — האט מרים אויסגערופען און אויפגעהויבען איהרן'ען — דו האסט קיין רעכט נישט דאס צו טאָהן.

— איך האב אלע רעכט! — האט דער בעאמטער געשטורעמט — אויב איהר ווילט פון מיר פערלייקענען דעם נייגעבאָרענעם קינד, וועט זיך דאס אייך נישט איינגעבען. איך וועל איהם זוכען אין יעדען פלאץ און אויב איך וועל

איהם היינט נישט געפינען וועל איך איהם קומען זוכען א צווייטען מאָל, ביז וואנען איך וועל איהם געפינען.

— קומט לאָמיר איהם זוכען אין די קעלערן און אי די אנדערע פלעצער ארום הויז ! — האט דער בעאמטער זיך אפגערופען צו זיינע סאָלדאטען — מיר מוזען דאס קינד געפינען !

זיי זיינען ארויס פון הויז און לאנג נאָך געזוכט און ווען זיי האבען גאר נישט געפונען איז דער בעאמטער מיט זיינע צוויי בעגלייטער אוועקגעגאנגען, שילטענדיג אלע אידען.

— אָ, ווי מיין הארץ שרעקט מיך ! — האט יוכבד זיך אפגערופען מיט טרערען אין די אויגען — ווען ער זאל נאָר אויסגעפינען אז דאס קינד געפינט זיך אין דברי'ס הויז.

— אַ מוטער, דאס וועט קיין מאָל נישט געשעהן ! — האָט מרים איהר געטרייסט — וועמען וועט עס איינפאַלען אז דו האָסט איהם אזוי ווייט אוועקגעפיהרט אויסצובעהאלטען.

— איך האָב אָבער מורא אז דער מצרי וועט אונז יעצט נאָכשפירען און דאַן קען זיין וועט ער אויסגעפינען.

— אלע ווייסען דאך אז מיר פלעגען קומען בעזוכען די משפחה פון דברי'ן זעהר אָפט און דיינע יעצטיגע בעזוכען וועלען ניט צוציהען קיינע בעזונדערע אויפמערקזאמקייט.

— דו ווייסט וואס איך האָב בעשלאָסען — האָט יוכבד פלוצלינג זיך אָפגערופען צו עמרם'ן און צו מרים'ען, אויב די משפחה פון דברי וועלען ערלויבט ווערען צו פערלאָזען מצרים און אויב זיי וועלען געהן נאָך מדין, וועל איך זיי מיטגעבען מיין קינד. אין מדין און אין די הענד פון יתרו'ן און שרה'ן וועט ער זיין א סך זיכערער ווי אין גשן... איך האָב שוין מיט שרה'ן איין מאָל גערעדט וועגען דעם, און זי האָט מיר געזאָגט אז זי וועט זיך שעצען גליקליך איהם אויפצוהאָדעווען און ווען ער וועט אונטערוואקסען וועט זי שוין זעהן איהם אומצוקעהרען צו אונז.

— אָ, ניין, מוטער טהו דאס ניט! איך בין זיכער אז גאָט וועט העלפען און איהם אויסהיטען פון אלדאָס בייז. איך האָב איהם אזוי ליעב, און איך וועל אָהן איהם ניט קענען לעבען.

— אָבער מיין טאָכטער ! — האָט יוכבד אויסגערופען — וועט דען פאַר אונז בעסער זיין אז די מצריים וועלען אויסגעפינען וואו ער איז און איהם טויטען !

— אָבער די סכנה וועט דאך נאָך גרעסער זיין, ווען זיי וועלען מיט איהם צוזאמען אַפרייזען. דאַן וועלען זיך דאך די מצריים געווים דערוויסען — האָט מרים געזאָגט.

— דאַן וועט ער זיין אונטער יתרו'ס שוץ און קיין שלעכטעס וועט צו איהם נישט געטהאָן ווערען.

— יע, איך גלויב אז דיין מוטער איז גערעכט ! — האָט עמרם צוגעגעבען — ווארום אויב די דברי'ס משפחה וועלען פערלאָזען גשן, טאָ וואו וועלען מיר אינזער קינד קענען אויסבעהאלטען.

— נישט אזוי גיך וועלען זיי פארלאָזען גשן, אפילו ווען זיי וועלען שוין קריגען די נויטהיגע ערלויבניס — האָט מרים געזאָגט. און אחוץ דעם וועל איך שוין געפינען א פלאַץ וואו איהם צו בעהאלטען. מיר האָבען נאָך גענוג פריינד אין גשן...

— אָבער אזא פלאַץ ווי אין דברי'ס הויז וועלען מיר שוין נישט געפינען ! האָט יוכבד מיט זארג געזאָגט.

— איך ווייס פון פיעלע אנדערע הייזער וואו די מצריים קומען נישט! — האָט מרים געזאָגט — און ווען עס זאָל האלטען דערביי וועל איך שוין בעזארגען א זיכערען פלאַץ פאר'ן קינד.

— אָ, מיין טאָכטער — האָט יוכבד געזיפצט — דארף איך דיר דען דערצעהלען ווי טרויעריג אזא לאגע איז. ווערט דען אונזער בלוט נישט פארגליווערט, ווען מיר זעהען ווי די גרויזאמע מצריים שלעפען ארויס א קליין אומשולדיג קינד פון א אידישע הויז עס צו

דערטרינקען אין טייך ? האָט דען צו דיינע אויערן נישט דערגרייכט דער יאָמער און געוויין פון די אומגליקליכע מוטערס וועלכע לויפן נאָך און בעטן זיך ביי די מצריים זיי זאָלן ניט טויטן זייערע קינדער ? די סכנה איז דאָך אזוי גרויס. פאַר וואָס זאָל איך איינשטעלן דאָס לעבן פון מיין שעהנעם קינד אין געפאַהר... יע, אויב יתרו וועט איהם נעהמען אונטער זיין שוץ, וועל איך זיך זיכער שעצען גליקליך !

מרים האָט געשוויגען. זי וויים אז איהר מוטער איז גערעכט. דאָ איז דאָס לעבען פון איהר ברודער ניט זיכער. דער מצרי'שער בעאַמטער דרעהט זיך כמעט יעדען טאָג ארום זייער הויז. און ווי נאָר ער וועט פאַלען אויף א שפור וועט שוין דאָן קיין זאַך ניט העלפען.

---

אַט האָט זיך דערנעהנטערט דער טאָג ווען שרה האָט זיך געדאַרפט טרעפען מיט יתרו'ן צו הערען פון איהם אויב פרעה האָט זיין הסכמה געגעבען.

גאַנץ פריה איז שרה אויפגעשטאַנען צוזאַמען מיט די איבעריגע פון איהר משפחה. אַלע האָבען אין הארצען מתפלל געווען אז גאָט זאָל אייך זיי רחמנות האָבען און אריינגעבען א געדאַנק אין פרעה'ן ער זאָל מיט זיי טאָהן דיעזען חסד.

שרה איז ארוים פון הויז און אַלע האָבען איהר בעגלייט מיט זייערע בליקען ביז זי איז פארשוואונדען געווארען. יוכבד האָט שוין אַפגעמאַכט זיי מיטצוגעבען איהר קינד. זי האָט איהם געהאַלטען אין איהרע הענט און זיך ניט געקענט אַנזעטיגען מיט זיין שעהנעם פנים, מיט טרעהרען זיינען איהרע אויגען אַנגעפילט געווארען.

— דו דאַרפסט רוהיג זיין, יוכבד ! — האָט דברי'ם פרוי איהר געטרייסט — מיר וועלען שוין אַלע גוט אכטונג געבען אויף איהם. אזוי ווי אז אייגען קינד וועט ער ביי אונז פעררעכענט ווערען. און ווען ער וועט אונטערוואַקסען וועלען מיר שוין זעהן אז ער זאָל מיט פרידען זיך צוריקקעהרען צו דיר.

יענעם טאָג, איז יוכבד פערבליבען מיט איהר קינד אין דברי'ס הויז און צוזאַמען מיט די איבעריגע געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויף שרה'ס צוריקקעהר.

יעדע ווייל פלעגט שלומית אַדער איהר מוטער ארויסגעהן אין דרויסען צו זעהען אויב שרה קעהרט זיך אום. אין אבענד איז שרה צוריק געקומען איהר פנים איז געווען בלאַס און איהרע אויגען האָבען אויסגעקוקט טרויעריג.

— נו, מיין טאָכטער, איז איהר מוטער צו איהר צוגעלאָפען.

— יתרו האָט גע'פועל'ט ביי פרעה'ן?

— האָט שלומית איהר גלייך א פרעג געטהאָן.

— ניין ! האָט שרה געענטפערט — פרעה האָט זיין פערלאַנג ענטזאָגט.

— ענטזאָגט ! ! — האָט שלומית און איהר מוטער מיט אמאָל אויסגערופען.

— יע, פרעה האָט איהם געזאָגט אז ער וועט קיינעם פון זיינע שקלאַפען ניט ערלויבען צו פאַרלאָזען מצרים ! — האָט שרה טרוקען געזאָגט.

— אָבער דיר מיין קינד וועט דאָך ערלויבט ווערען צו פערלאָזען מיט יתרו'ן דאָס לאַנד ? ! האָט איהר מוטער איהר גלייך א פרעג געטהאָן.

— דו ווייסט דאָך מוטער, אז איך וועל דערצו קיין מאָל ניט צושטימען — האָט שרה מיט בעשלאָסענהייט געענטפערט.

— דו וועסט עס מוזען טאָהן, מיין טאָכטער — האָט זי געווישט איהרע טרעהרען. זאָג מיר וואָס האָסטו בעשלאָסען מיט יתרו'ן.

— איך האָב איהם געזאָגט אז איך וועל אָהן מיין משפחה ניט פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

— און וואָס האָט ער דיר געזאָגט ?

— ער האָט מיר געזאָגט אז אָהן מיר וועט ער ניט פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

— וועט ער דען פערבלייבען אין

מצרים ? ! — האט שלומית איהר א פרעג געטהאן.

— יע ! — האט שרה געענטפערט.

— דאך, שרה, גלויב איך אז דו האסט נישט ריכטיג געהאנדעלט. דו האסט זיך געדארפט שעצען גליקליך אז יתרו וויל מיט דיר הייראטהען און אוועקנעהמען דיך פון דיזען פערפלוכטען לאנד...

— מוטער, זאל זיין גענוג ! — האט זיך שרה ביי איהר גענומען בעטען נו, וואס מאכט דער קליינער מלאך'ל ? — איז זי צוגעגאנגען צו יוכבד'ן וועלכע האט געזויגען איהר קינד.

יוכבד האט א שמייכעל געטהאן. זי איז געווען צפריעדען צו וויסען אז אלע האבען איהר קינד אזוי ליעב, און אין דער זעלבער צייט האט זי זיך בערוהיגט, ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז די משפחה פון דברי פערבלייבט אין גשן, און זי וועט דערוויילע ניט דארפען זארגען וואס צו טהאן מיט איהר קינד.

מרים האט זיך נאך גליקליכער גע־פיהלט, וואס איהר ברודער וועט פער־בלייבען מיט איהר. דער געדאנק אז זי וועט מעגליך זיך באדארפען פון איהם אבשידען, האט איהר זעהר געקלעמט. ער איז געווארען אזוי איינגעבאקען אין איהר הארץ, און טהייערער פון אלע אין דער וועלט.

— נישט געזארגט מוטער ! — האט איהר מרים ארומגענומען און גענומען האלדזען און קושען, ווען יוכבד האט זיך אומגעקעהרט און געבראכט די נייעס, אז פרעה האט יתרו'ן ענטזאגט צו בע־פרייען דברי'ן כדי ער זאל קענען פער־לאזען דאס לאנד. — מיר וועלען נאך אלע זעהר גליקליך זיין מיט מיין ניי־געבוירענעם ברודער. אויף זיין פנים רוהט געטליכקייט...

— זאל נאר גאט געבען אז די עטלי־כע מאנאטען זאלען אריבערגעהן, און דאן וועט שוין, גלויב איך מעהר קיין סכנה ניט זיין.

— ניין, ווען א קינד איז זעקס מא־נאטען אלט, האבען זיי קיין רעכט ניט אריינצוווארפען עס אין טייך ! — האט מרים געזאגט.

---

## זעקסטער קאפיטעל

## די פרינצעסין געפינט א קינד

א פאר מאנאטען זיינען פאראיבער און יוכבד'ס קינד איז געבליבען בע־האלטען אין דברי'ס הויז. די ביידע שוועסטער, שרה און שלומית האבען איהם צוגעזעהען און גוט אכטונג געגע־בען אויף איהם. זיי האבען ניט געקענט אנזעטיגען זייערע אויגען פון זיין שעה־נעם פנים.

יוכבד פלעגט צוקומען אייניגע מאל א טאג איהם אנצוזויגען, און פיעלע מאל פלעגט זי דארטען איבערנעכטיגען.

עמרם און זיין משפחה זיינען נאר אלע געווען אין גרויס שרעק צוליעב דעם וואס דער מצרי'שער בעאמטער פלעגט פלוצלונג אריינפאלען אין זייער הויז און נעהמען דארטען זוכען דעם ניי־געבוירענעם קינד...

— ווי עס ווייזט אוים וועט נאך לאנג נעהמען, איידער איך וועל קענען מיין קינד צוריק ברייננען אהיים ! — האט יוכבד געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען...

— זאל ער נאר אונטערוואקסען און דאן וועלען מיר זיך ניט דארפען שרע־קען ! — פלעגט מרים איהר טרייס־טען.

איין מאל, ווען מרים און איהר מוטער זיינען געווען אין דברי'ס הויז און צו־זאמען מיט די איבעריגע אנגעקוואלען פון דעם קליינעם קינד, האט שרה בע־מערקט, אז דער מצרי קאדמאר, וועל־כער איז דער אויפזעהער איבער איהר פאטער קומט אן... א דערשראקענע איז זי אריינגעלאפען אין צימער וואו מרים און יוכבד זיינען געווען, און אויסגערו־פען :

— דער מצרי קאדמאר קומט אן !..

— א, גאט, ערבארעם זיך איבער

מיין קינד! — האט יוכבד אויסגערופען און איהם געדריקט צו איהר ברוסט.

מרים איז בלייך געווארען.

— וואס זאלען מיר יעצט טהאן!
וואס זאלען מיר יעצט טהאן!
זאל גאט רחמנות האבען איבער אינז!

— האט דברי'ס פרוי זיך אנגערופען — פערבלייב דא יוכבד, אין דיעזען צימער און זעה אז דאס קינד זאל נישט אנפאנגען צו וויינען.

— עס איז שוין דא אויך ניט זיכער — האט יוכבד געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען!

— שלומית! — האט שרה זיך אפּגערופען — דו קענסט דאס קינד ראטעווען!... איך ווייס, אז קאדמאר קומט עס צו דיר! געה איהם אנטקעגען, שמייכעל צו איהם! רייד צו איהם מילד, און זעה צו פארדרעהען איהם א קאפּ ער זאל נישט אריינגעהן אין אונזער הויז.

— אבער שרה! — האט שלומית אויסגערופען.

— ווי שווער עס זאל פאר דיר ניט זיין דאס צו טהאן, מוזטו עס טהאן פאר מרים'ען און פאר איהר ברודער! — האט שרה געזאגט. ווען איך וואלט געוואוסט אז איך קען פארנעהמען דיין פלאץ, וואלט איך דאס געטהאן. שנעלער, מיין שוועסטער, פערליער ניט קיין צייט. איידער ער קומט אריין אין הויז, געה איהם אנטקעגען.

שלומית האט געווארפען איהרע בליקען אויף מרים'ען און איהר מוטער וועלכע האט געטוליעט איהר קינד צו זיך, און זי איז גלייך ארויס פון הויז.

— מיין האר! — האט זיך שלומית א נייג געטהאן פאר קאדמאר'ן ווען ער איז שוין געשטאנען נישט ווייט פון איהר טיהר.

— דו קומסט מיר אנטקעגען, דו שעהנסטע מיידעל פון מצרים — האט קאדמאר זיך צו איהר אפּגערופען מיט א שמייכעל — ווי עס ווייזט אויס ווייסטו אז איך בין געקומען צו דיר.

— יע, מיין האר! — האט זי ארויפּגעצוואונגען א שמייכעל אויף איהרע ליפּען.

— ווען איך האב דיר צום ערשטען מאל געזעהען, אין דער צייט ווען איך בין געקומען נעהמען דיין פאטער צו דער ארבייט, האב איך שוין מיינע אויגען אויף דיר געווארפען. איך גיעב צו אז אזא שעהנע מיידעל ווי דו האב איך שוין לאנג ניט געזעהען... איך האב פון דיר ניט אויפגעהערט צו טראכטען. און טאקע דעריבער בין איך געווען גוט צו דיין פאטער. איך האב איהם ניט געשלאגען, אזוי ווי איך טהו עס צו די איבעריגע אידישע שקלאפען וועלכע זיינען אונטער מיין אויפזיכט... אמת, ער ערפילט זיין פליכט צו פרעה'ן. ער קנעט דעם ריכטיגען צאהל ציגעל יעדען טאג... אבער דאך זיינען פאראן פיעלע אנדערע וועלכע טהוען זייער פליכט, פונדעסטוועגען איז נאך קיין איינציגער טאג נישט פאראיבער, וואס איך זאל זיי נישט האבען געשלאגען.

— דאן איז עס טאקע אן עוולה פון דיר, מיין האר! — פאר וואס קומט יענעם צו שלאגען אויב ער ערפילט זיין פליכט צו פרעה'ן! — האט שלומית צו איהם געזאגט.

— א שקלאף מוז מען שלאגען, אז נישט וועט ער ווערען פויל און וועט טהאן ווינציגער. אויף דיין פאטער אבער האב איך שוין לאנג קיין האנט נישט געלייגט, כאטש עס האט זיך שוין איין מאל געטראפען אז ער איז געקומען שפעט צו דער ארבייט!

— איך דאנק דיר, מיין האר, פאר דיין חסד וואס צו צייגסט ארוים צו מיין פאטער! — האט שלומית געזאגט.

— איך בין גרייט צו טהאן מיט דיין פאטער נאך מעהר גענאדע! — האט קאדמאר געשמייכעלט... איך וועל ווערען א פריינד פון דיין גאנצער משפחה. איך וועל אפט קומען בעזוכען דיין פאטער'ס הויז.... און דאס טהו איך אלעס צוליעב דיר, ווייל דו האסט געפונען חן אין מיינע אויגען פון דער ערשטער רגע

וואס איך האב דיך דערזעהן. יעצט, שעהנע בלום, זאג מיר ווי רופט מען דיר?

— מיין נאמען איז שלומית! — האט זי געענטפערט.

— שלומית! עס איז זעהר א שעהנער נאמען! — האט קאדמאר איהר אנגענומען פאר'ן האנט — קום שלומית פיהר מיר יעצט אריין אין דיין הויז, ווייל איך בין מיעד און דורשטיג.

דאס בלוט האט שלומית'ן א זעץ געטהאן אין פנים. זי האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. איהר פארלעגענהייט איז גרעסער געווארען ווען ער האט זיך דערנעהנטערט צו דער טיהר.

— פאר וואס שטעהסטו, דו שעהנע בלום פון מצרים, אין דיין הויז וועל איך זיך אפרוהען און אנזעטיגען מיינע אויגען מיט דער שעהנקייט פון דיין פנים

— האט קאדמאר געזאגט.

— הם.. אבער... יע... איך מיין — האט שלומית גענומען שטאמלען אין הויז וועט מען אונז שטערען. לאמיר בעסער אוועקשפאצירען צו דעם טייכעל... דארטען איז יעצט אזוי שעהן...

— דיינע ווערטער מאכען מיר גליקליך — האט קאדמאר א לייכטען ריהר געטהאן איהר קין — איך האב זיך ניט געקענט פארשטעלען אז אזוי גרינג וועט מיר אנקומען מיט דיר צו פערברייגען

א שוידער איז דורך איהר קערפער, ווען זי האט בעטראכט דעם מצרי מיט זיינע חיה'שע אויגען. זיינע מגושמ'דיגע הענט האבען ביי איהר ארויסגערופען עקעל, ווען ער האט איהר גענומען אנריהרען... אבער וואס קען זי טהאן. ער טאר ניט אריינקומען יעצט אין הויז!.. זי מוז טהאן אלעס מעגליכעס איהם פון דאנען אוועקצונעהמען.

— קום, שלומית — האט ער אויסגערופען מיט גרויס פרייד. איך וועל געהן וואוהין דו וועסט מיר פיהרען. דיינע זיסע צערטליכע רייד האבען מיר בערוישט ווי איך וואלט יעצט געטרונקען גוטען וויין.

שלומית איז מיט איהם געגאנגען. זי האט געזוכט זיך צו האלטען עטוואס פון דער ווייטען פון איהם אבער קאדמאר איז אליין נעהנטער צוגעקומען צו איהר.

זיי זיינען צוגעקומען צום טייכעל וואס האט זיך ארויסגעצווייגט פון דעם נילוס. קאדמאר האט אנגעשעפט וואסער און עס צוגעבראכט צו שלומית'ן.

— איך דאנק דיר! — האט זי געזאגט — אבער איך בין יעצט ניט דורשטיג.

ער האט דאס וואסער אליין געטרונקען און נאכהער זיך אוועקגעזעצט נעבען איהר אויפ'ן גראז.

— ווי קומט עס, אז דו זאלסט היינט האבען צייט? — האט שלומית איהם א פרעג געטהאן — דארפסט דען היינט נישט אכטונג געבען אויף די מענשען וועלכע זיינען אונטער דיין אויפזיכט.

— איך האב שוין לאנג געזוכט א געלעגענהייט צו קומען דיר בעזוכען, שלומית, אבער איך בין געווען שטארק פערנומען. איך האב געמוזט איינאיבען די שקלאפען זיי זאלען טאהן זייער ארבייט ווי געהעריג... יעצט אז אלע ווייסען שוין וואס זיי דארפען טאהן און די צאהל ארבייט ווערט פינקטליך געטהאן, האב איך געבעטען מיין ברודער ער זאל מיר אויף היינטיגען טאג אומבייטען. און איך בין אוועק זיך צו זעהן מיט דיר און געלויבט זיינען די געטער פון מצרים, וואס זיי זיינען געווען גוט צו מיר, און איך האב קיינע שוועריגקייטען נישט געהאט. יעצט האף איך וועל איך קומען אפט דיר בעזוכען אין דיין הויז... מיין ברודער וועט מיר צו יעדער צייט ארויסהעלפען.

— אבער קאדמאר — האט שלומית זיך אפגערופען צו איהם. דו פארנעמסט יעצט זעהר א וויכטיגען אמט, און ווען דיינע איבערהארען וועלען זעהן אז דיין ברודער קען טהאן די זעלבע ארבייט אזוי ווי דו, וועט נאך דיעזער אמט איבערגעגעבען ווערען צו איהם. דעריבער וואלט איך דיר געראטהען ניט איבער־

צולאַזען דיין ברודער צו אָפט, צו פאַרנעהמען דיין פּלאַץ.

— איך וועל מיין אַמט ניט פאַרליירען! — האָט קאַדמאַר מיט שטאָלץ געזאָגט — מיין ברודער וועט קיין מאָל ניט קענען טאָהן מיין אַרבייט... ווען איך גיעב אַ שקלאַף אַ קלאַפּ וועט ער שוין פאַרזאָגען אַ צעהנטען זיך ניט צו פּיילען... ניין, מיין ברודער איז ניט אזוי שטאַרק און קרעפטיג ווי איך! דו דאַרפסט זיך גאַר ניט שרעקען, שלומית פאַר מיין אַמט... איך קען איהם איבערלאַזען וויפיעל מאָל איך וועל נאָר וועלען. און אויב דו פערלאַנגסט פון מיר אַז איך זאָל קומען אויך מאָרגען, קען איך דאָס זעהר גרינג בעווייזען!

— אָה ניין! דו דאַרפסט ניט אזוי שנעל קומען צו מיר — האָט שלומית אויסגערופען — פערשטעהסטו דען נישט. איך וויל נישט אַז אין הויז זאָל מען וויסען אַז דו קומסט מיר בעזוכען...

— דו ביזט נאָך יונג און שעהמעוודיג! — האָט קאַדמאַר איהר אַ לייכטען קניפּ געטהאָן איבער'ן באַק — דו דאַרפסט זיך גאַר ניט שעהמען מיט קאַדמאַר'ן... פאַרקעהרט דו דאַרפסט נאָך מיט מיר שטאָלץ זיין! און אויך זיך גליקליך שעצען וואָס דו האָסט געפונען חן אין מיינע אויגען...

— אָבער איך בעט דיר, קום ניט אזוי שנעל! — האָט זי געזאָגט — לאָמיר בעסער בעשטימען אַ פּלאַץ וואו איך זאָל זיך מיט דיר טרעפען, אָבער ניט אין הויז. שפּעטער וועט מעגליך זיין, אָבער נישט יעצט.

— נו זאָל זיין ווי דו זאָגסט! — האָט קאַדמאַר זיך אָפּגערופען — וואו זאָל דער פּלאַץ זיין?

— עס קען זיין אַפּילו דאָ... עס איז דאָ גאַנץ שטיל. זעלטען געהט דאָ אַ מענש פאַרביי... יע, דאָ נעבען טייכעל.

— גוט, אין צוויי טעג אַרום וועל איך זיך מיט דיר טרעפען אין דער זעלבער צייט, און פון דאַנען וועסטו מיר פיהרען צו זיך אַהיים, זאָל דיין מוטער און שוועסטער זעהען אַז קאַדמאַר האָט דיך ליעב.

— אָה, איך בעט דיר, קאַדמאַר ניט אזוי שנעל. בעסער קום אין צוויי וואָכען אַרום... איך וועל אויף דיר וואַרטען...

— צוויי וואָכען נישט צו זעהן דיין שעהנעם פּנים! ניין. עס איז אונמעגליך פאַר מיר! די קליינע ווילע וואָס איך האָב מיט דיר פערבראַכט האָט מיר נאָך מעהר צוגעצויגען צו דיר. און אַ טאָג וועט פאַר מיר צו לאַנג זיין צו וואַרטען...

— אָבער מיין האַר, דו וועסט דאָך פריהער אָדער שפּעטער מיך מוזען פאַרגעסען! — האָט שלומית געזאָגט מיט אַ ציטערענדע שטימע.

— דיך פאַרגעסען! קיין מאָל ניט! פאַר וואָס זאָל איך עפּעס זיין געצוואונגען דיך צו פאַרגעסען, שלומית!

— ווייל דו ווייסט דאָך אַז איך בין אַן עברית און דו ביזט אַ מצרי!

— אָה, וועגען דעם דאַרפסטו ניט זאָרגען! — האָט קאַדמאַר אַ שמייכעל געטהאָן — מיינע פּריעסטער ערלויבען אַ מצרי צו הייראַטהען אַ שעהנע אידישע מיידעל... איך האָב געהערט אַז טאַגער, פּרעה'ס הויפּט מיניסטער און משנה למלך, האָט זיך אויך פאַרליעבט אין אַ שעהנע אידישע מיידעל, און טאַקע דעריבער איז ער געוואָרען אַ שונא צו דיין גאַנצען פאָלק...

— טאַגער איז געוואָרען אונזער בלוטיגער שונא צוליעב אַ אידישער מיידעל!? — האָט שלומית איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— יע, אזוי האָב איך געהערט... ער האָט געזעהן אַ וואונדער שעהנע מיידעל צווישען די עברים, און ער האָט איהר זעהר געלוסט. ער האָט איהר ליעב בעקומען און זי האָט זיין ליעבע ניט ערווידערט. זי האָט איהם ענטזאָגט און זינט דאַן, האָט ער פיינט בעקומען אַלע אידען...

— איז דאָס דען געווען איהר שולד!

— האָט שלומית זיך אָפּגערופען —

זי האט דאך מיט איהם ניט געקענט הייראטהען ווייל זי איז א אידישע טאכטער און ער איז א מצרי!

— אבער דו זעהסט דאך אז פון זיין זייט איז קיין אפהאלט ניט געווען.

— אבער פאר אונז עברים איז ניט ערלויבט צו הייראטהען מיט קיין מצרי!

— האט שלומית שארף א זאג געטהאן.

— וואס מיינסטו? — האט קאדמאר איהר געפרעגט.

— עס איז שוין פון לאנג אנגענומען געווארען ביי אלע אונזערע שבטים אז די קינדער פון ישראל זאלען ניט הייראטען מיט קיין מצרי, און דעריבער זעהסטו דאך אז איך וועל ניט קענען ערפילען דיין וואונש, וואלט טאקע געווען א סך בעסער פאר דיר מעהר ניט צו קומען צו מיר.

— וואס?! — איז קאדמאר אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ — דו ווילסט מיר אויך ענטזאגען!

שלומית איז בלאס געווארען און אנגעפאנגען צו ציטערען. זי האט זיך שטארק דערשראקען פאר דעם מגושמ׳דיגען מצרי.

— מיין האר, דו דארפסט מיך פארשטעהן! — האט זי מיט א ציטערענדע שטימע געזאגט — איך בין דיר זעהר דאנקבאר וואס דו ציינסט ארויס דיין דיענסט אזוי פיעל גנאדע אבער אונזער גאט פארבאט עס.

— און דיין שוועסטער?! — האט זיך קאדמאר גענומען כעס׳ן — האט זי דען ניט געזאלט ווערען די פרוי פון יתרו.

— אמת, זי איז נאך יעצט אויך צו איהם פאר׳קנס׳ט — האט שלומית געזאגט — אבער פארגעס ניט אז יתרו איז ניט קיין מצרי. יתרו איז פון מדין, וועלכע ווערען פארעכענט פאר האלבע ברידער צו די ישראלים!

— ניין! קיין זאך וועט אין מיין וועג ניט שטעהן — האט קאדמאר אויסגעשפען — איך וועל אין א פאר טעג ארום ווידער צו דיר קומען און דאן....

— איך בעט דיר, קאדמאר, גיעב מיר איינינגע וואכען זיך צו בעזינען און נאכהער וועל איך דיר געבען מיין ענטפער.

— גוט, איך וועל קומען אין צעהן טעג ארום! — האט קאדמאר זיך אפגערופען און דאן וועט "ניין" קיין ענטפער פאר מיר ניט זיין!..

— איך צווייפעל אויב איך וועל דיר קענען געבען א ריכטיגע תשובה אין צעהן טעג ארום...

— דאך וועל איך קומען! — האט ער זיך איפגעהויבען פון זיין פלאץ, און איך בין זיכער אז דו וועסט מיר שוין דאן געבען א גוטען ענטפער.

שלומית איז גלייך צוריק געגאנגען אהיים. זי איז געווען זעהר אויפגערעגט... זי האט זיך שטארק געשראקען פאר קאדמאר׳ן. ער האט איהר נאכגעביגקייט מיספארשטאנען. יעצט וועט ער איהר קומען גאנין אפט בעלעסטיגען. א שווידער נעהמט איהר דורך ווען זי דערמאהנט זיך ווי ער האט איהר דאנט אנגעריהרט... וואס וועט יעצט זיין?... וועט זי דען קענען דערלאזען ער זאל קומען איהר בעזוכען! און ווען זי וועט איהם איינפאך זאגען אז זי וויל ניט דאס ער זאל גאר טראכטען פון איהר, וועט ער דען זיך ניט אפרעכענען מיט איהר פאטער?.... ער האט יעצט די מאכט איבער פיעלע הילפלאזע אומגליקליכע אידען.

— נו, מיין שוועסטער — איז איהר שרה אנטקעגען געקומען, וואס האסטו געטהאן מיט דעם מצרי?

— מיין הארץ שרעקט מיר זעהר!

— האט שלומית געענטפערט — ער האט מיך געזאגט דאס ער האט מיך ליעב און וויל מיר נעהמען פאר זיין פרוי... עס איז מיר זעהר שווער אנגעקומען איהם אפצורייידען ער זאל ניט ארייןקומען אין הויז. אבער ער וועט מיך שוין זיכער פארפאלגען. ער האט געוואלט קומען צו אונז אין הויז אין עטליכע טעג ארום, אבער איך האב זיך קוים אפגעבעטען ביי איהם ער זאל קו־

מען עטוואס שפעטער. אבער דער געפאהר פאר יוכבד'ס קינד איז זעהר גרויס. מען קען ניט וויסען ווען דעם מצרי וועט זיך פערגליסטען צו קומען צו אונז אין הויז....

— עס איז זעהר טרויעריג אז ער האט זיך גענומען טשעפען צו דיר, מיין שוועסטער. מיר וועלען דארפען עפעס טהאן דערצו.

— די ערשטע זאך וואס מען וועט דארפען טהאן איז צו געפינען אן אנדער בעהאלטונגס פלאץ פאר'ן קינד— האט שלומית געזאגט.

— דאן וועל איך ניט דארפען מורא האבען ער זאל אריין אין הויז... ווייל דאס וואס איך בין פריהער געצוואונגען געווען צו ריידען צו איהם צארטע רייד, האט ער עס אנגענומען אלס צייכען, אז איך בין אין איהם פערליעבט ווען אבער ער וועט זיין אין אונזער הויז וועל איך שוין מיט איהם ריידען קלאהרע דבורים, און איהם געבען צו פארשטעהן אז דאס איז אונמעגליך. אמת איך האב איהם דאס פריהער אויך געזאגט, אבער ער נעהמט מיך ניט ערנסט.

ווען יוכבד און מרים האבען אויסגעפונען וואס עס האט פאסירט און אז פון יעצט אן וועט זיין אונמעגליך איהם אויסצובעהאלטען אין דברי'ס הויז, זיינען זיי געבליעבען שטעהן פערצווייפעלט. א טרויעריגער יאוש האט זיי ביידען אנגענומען.

— וואס וועלען מיר יעצט טאהן ? ! האט יוכבד געבראכען מיט די הענט— וואוהין קענען מיר איהם איבערפיהרען? אין הויז ? דארטען דרעהט זיך ארום דער מצרי און ער וועט באלד אייסגעפינען.

— מוטער, ביינאכט איז די סכנה ניט גרויס. די מצרים קומען זוכען בלויז ביי טאג — האט מרים געזאגט...

— נו, און וואו זאל איך איהם האלטען ביי טאג ?

— איך וועל אריבערגעהן צו אייניגע פון מיינע פריינדינען און זיי פרעגען פיעללייכט וועלען מיר קענען איהם אויסבעהאלטען דערווייליע ביי זיי.

— אייניגע טעג קען מען נאך זיכער זיין דא ! — האט שלומית זיך אפגערופען — קאדמאר וועט אזוי שנעל אהער ניט קומען. ער האט געזאגט אז ער וועט קומען אין צעהן טעג ארום. מעגליך אז ער וועט קומען עטוואס פריהער אבער א דריי פיער טעג בין איך זיכער וועט פערביילויפען איידער ער וועט קומען אהער.

— דאך אבער דארפען מיר זיך צוגרייטען — האט יוכבד גענומען איהר קינד אויף די הענט — שוין באלד דריי חדשים ווי איך האב איהם געקענט אויסבעהאלטען פון די אכזרי'שע הענט פון די מצריים און יעצט ? אה, מיין ליעב קינד, פאר וואס קומט עס אונז אזוי געשטראפט צו ווערען ! — האט זי געוויינט. גאט פון אונזערע עלטערען אברהם, יצחק און יעקב, קוק ארונטער פון הימעל און זעה דעם אומרעכט וואס די מצרים טהוען צו אונז... זעה ווי זיי פייניגען, דריקען און שטיקען אונז. זיי רויבען איועק די עופה'לעך פון זייער מוטער'ס ברוסט און דערטרינקען זיי אין נילוס ! ביז ווי לאנג, אה גאט, וועסטו צוזעהען אונזער פיין, אונזערע אונערטרעגליכע צרות... העלף אונז אין דער צייט פון אונזער נויט. שיק אונז א ישועה צוליעב דעם זכות פון יוסף'ן וועלכער איז געווען דער הערשער אין מצרים און דאך ניט אפגעטראטען פון דיינע וועגען.

די פינף פרויען, שרה שלומית און זייער מוטער מרים און יוכבד האבען אויסגעבראכען אין א הארצרייסענדען יאמערליכען געוויין. אפילו דאס קינד האט זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט.

— אזא וואונדער שעהן קינד ! — האט יוכבד ניט אויפגעהערט צו ווינען. זיין געמליך פנים, זיינע הימלישע אויגען ! און איהם ווילען עס די גרויזאמע מצריים דערטרינקען ! מיין אומשולדיג קינד, מיין מלאך, מיין אוצר!

— מוטער — האט מרים זיך קוים

בעהערשט — לאמיר האפען אז אזוי ווי אונז האט זיך איינגעגעבען איהם אויסצובעהאלטען ביז יעצט וועט אונז גאט אויך ווייטער ניט פארלאזען ! איך וועל יעצט אריבערגעהן צו מיינע פריינ־דינס.

מרים איז געגאנגען צו עטליכע פון איהרע בעקאנטע, אבער אלע האבען מורא געהאט דאס צו טהאן. די מצריים דרעהען זיך דארט צופיעל ארום, און זיי קענען גאנץ שנעל אויסגעפינען. מרים איז גלייך געגאנגען אהיים און איבער־געגעבען איהר פאטער וואס עס האט פאסירט.

— וואס קענען מיר יעצט טאהן ? — האט זי געזוכט אן עצה פון איהם.

— עס איז זעהר שלעכט און טרויעריג — האט עמרם אויסגערופען — דער מצרישער בעאמטער איז היינט ווידער־געקומען אין הויז און געזוכט זוכען... ער האט מיר געזאגט אז ער וועט אזוי אפט קומען ביז וואנען ער וועט דאס קינד געפינען.

— וואו איז מיין קליינער ברודער ? איז אהרן צוגעלאפען צו מרים'ן. פאר־וואס ברייגגסטו איהם ניט אהער. איך וויל איהם זעהן.

טרעהרען האבען זיך געשטעלט אין מרים'ס אויגען. זי האט אהרן'ען גע־דריקט צו זיך און געקושט.

— עס וועט נאך געדויערען א היבשע צייט אהרן ! די שלעכטע מענשען זו־כען איהם נאך אלץ ארום. זיי ווילען איהם אריינווארפען אין טייך !

— מיר מוזען עפעס זעהן צו טהאן!

— האט מרים געזאגט.

— מיר וועלען איהם צוריקברייגגען אהיים — האט ימרם אויסגערופען — און ווען דער מצרי וועט ווידער מא־כען א פערזוך אריינצוגעהן אין מיין הויז, וועל איך איהם צום טויט שלא־גען.

— אבער פאטער, דאס קען נאך ברייגגען אן אומגליק ניט נאר אויף אונז, נאר אויף אונזער גאנצען שבט... נייז, דאס איז אונמעגליך. מיר קענען זיך יעצט ניט געגענשטעלען די שטאר־קע, בעוואפענטע מצריים.

— אבער וואס בלייבט אונז צו טהאן — האט עמרם מיט יאוש אויסגערופען.

— די איינציגע זאך וואס אונז איז פערבליבען צו טהאן — האט מרים גע־זאגט — איז צו מאכען א קעסטעלע און דאס קינד אהין אריינלייגען און איהם אוועקטראגען ביים ברעג טייך צו א פלאץ וואו קיינער געהט ניט. די קעסטעלע וועלען מיר אוועקלייגען אויף די הויכע גראז און איך וועל שטעהן נישט ווייט פון דארטען און אכטונג גע־בען. און ווען עס וועט ווערען גוט פינס־טער וועסטו צוקומען און מיר וועלען איהם אהיים פיהרען. ביינאכט זיינען מיר דאך פארט זיכערער אין דער היים.

— יע, דאס איז דער איינציגער אויס־וועג ! — האט עמרם צוגעגעבען — מיר וועלען אזוי טהאן ביז וואנען גאט וועט אייך אונז רחמנות האבען...

— ווען מיר זאלען איהם קענען אויס־בעהאלטען נאך צוויי דריי חדשים, ווע־לען מיר שוין ניט דארפען אזוי צי־טערען פאר די מצריים. א קינד וועלכער איז אלט פינף אדער זעקס חדשים, הא־בען זיי קיין רעכט ניט אוועקצורייבען איהם פון זיין מוטער... אזוי לויטעט פרעה'ס געזעץ, און איך ווייס פון עט־ליכע פעלע וואו די מצריים זיינען גע־קומען און געוואלט נעהמען קינדער אבער די עלטערען האבען איבערצייגט די מצריים אז זיי זיינען זעקס מאנאט אלט, האט מען זיי ניט געטשעפעט

מרים איז גלייך אוועק צו דברי'ס הויז און איבערגעגעבען איהר מוטער, אז פון בעהאלטען דעם קינד אין אנ־דער הויז איז אפגערעדט. דער איינצי־גער וועג איז צו בעהאלטען לעבען טייך אויפ'ן גראז, ביז ביינאכט.

יוכבד און עמרם האבען זיך גענומען צו דער ארבייט, און געמאכט א קעסטע־לע פון ברעטער... די שפאלטען האבען זיי פארקלעפט פון אינעווייניג מיט ליים און פון דרויסען מיט פעך. מרים האט אויסגעבעבט אינעווייניג עס זאל זיין

ווייך. און אויף מאָרגען גאנץ פריה, איידער די זון איז אויפגעגאנגען, האָבען זיי מיטגענומען די קעסטעלע און דעם קינד און אוועק צום טייך נילוס. גאנץ ווייט זיינען זיי געגאנגען ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א פלאץ וואו עס איז געוועז באוואקסען מיט פיעלע געדיכטע פאלמען בוימער. ביים ברעג טייך איז געוואקסען זעהר הויכע גראָז.

— אָט דאָ , פאָטער! — האָט מרים אנגעצייגט אויף א פלאץ — אָט דאָ, אויפ'ן גראָז וועלען מיר אוועקלייגען די קעסטעלע מיט'ן קינד... זעלטען ווען אימיצער געהט דאָ פערביי. די הויכע גראָז וועט פארשטעלען די קעסטעלע און אפילו ווען עס זאָל פאסירען אז אימיצער וועט פארבייגעהן, וועט ער די קעסטעלע נישט באמערקען. איך וועל שטעהען בעהאלטען אונטער א בוים און פון וויטען אכטונג געבען אויף דעם קינד, עס זאָל איהם קיין שלעכטעס נישט טרעפען.

פאר איהר אוועקגעהן, האָט יוכבד דאָס קינד אָנגעזויגען, און זי איז אוועק מיט עמרם'ען צוריק אהיים.

מרים איז די גאנצע צייט געשטאנען און ווען זי האָט געהערט עפעס א שארך, איז זי שוין שנעל געוועזן נעבען איהר ברודער און אויב ער האָט געוויינט, האָט זי איהם איינגעשטילט.

דער טאָג איז געוועזן זעהר א הייסער. די זון האָט אומ'רחמנות'דיג געברענט, און פרעה'ס טאָכטער די פרינצעסין בתיה, האָט בעשלאָסען זיך צו געהן באָדען אין דעם טייך נילוס, אפצוקיהלען זיך אין זיינע פרישע, קלאָהרע וואסער.

זי האָט געהייסען שפאנען איהר קארעטע און אין דער באגלייטונג פון איהרע קאמער־מיידלעך און דינסטען האָט זי דעם טרייבער אנגעזאָגט צו פאָהרען דורך דעם וועג וואָס פיהרט נאָך גשן. דאָרטען איז דאָס וואסער נישט אזוי טיעף.

בתיה איז שוין אין גשן נישט געוועזן ארום צוויי יאָהר, זינט די פאסירונג וואָס מיט איהר האָט געטראָפען. איהר פאָטער האָט איהר פערבאָטען אהין צו געהן. פרעה האָט נישט געוואָלט אז זיין טאָכטער זאָל זיך טרעפען מיט די טעכטער פון ישראל, וועלכע זי האָט נישט אויפגעהערט צו ליבען פאר איהם. און יעצט, אז זי איז געפאָהרען זיך באָדען אין גשן, האָט זי, לויט איהר פאָטער'ס פארבאָט, אויסגעמיטען די אידישע נאכבארשאפט.

ווען זיי זיינען צוגעקומען ביים ברעג טייך, האָט איינע פון די קאמער־מיידלעך זיך אפגערופען:

— אויב די גנעדיגע פרינצעסין וועט מיר ערלויבען וועל איך איהר אָנצייגען א פלאץ וואו עס איז זיך זעהר גוט צום באָדען, דאָס וואסער איז דאָרט נישט גאנץ טיעף, די בוימער זיינען דאָרט געדיכט און קיין מענשענ'ס אויג וועט אהין נישט קענען דורכדרינגען.

—איז עס ווייט פון דאנען? האָט בתיה איהר געפרעגט. אויב עס איז ניט ווייט, וועלען מיר אהין צופאָהרען, אָבער אויב מיר האָבען נאָך א שטיק וועג, וועל איך זיך בעסער דאָ אפשטעלען, ווייל איך פיהל זעהר היים און איך בין שוין אומגעדולדיג אפצוקיהלען זיך אין וואסער.

— ניין, מיין הארינטע. עס איז נישט ווייט פון דאנען — האָט די קאמער־מיידעל געזאָגט, און געוויזען עם פלאץ — עס איז בלויז א קורצע שטרעקע פון דאנען.

די פרינצעסין האָט געהייסען דעם טרייבער פאָהערן אהין.

---

מרים האָט געהאט נאָר וואָס צוגעגאנגען צו איהר ברודער. זי האָט באמערקט, אז ער שלאָפט גאנץ געשמאק. ארום איז געווען שטיל, אויסער דער געזאנג פון די פויגלען, וואָס האָבען פון צייט צו צייט אונטערבראָכען די שטילקייט. דער טייך האָט זיך רוהיג געפלאָסען... מרים האָט דעם וואונדערשעהנעם פנים פון איהר ברודער בא־

טראכט, ווי ער ליגט זיך אזוי רוהיג און פרידליך... דאָס אומגליקליכע קינד! ער ווייס נישט וואָס פאר א געפאהרען עס דראָהען איהם... ווען די בייזע גרויזאמע מצריים וואָלטען איהם דאָ יעצט געפונען!... א ציטער נעהמט איהר דורך ווען זי טראכט גאָר פון דעם... טרערען בעווייזען זיך אין איהרע אויגען... א פארלאנג קומט איהר אָן ארומצונעהמען איהר קליינעם ברודער און איהם אויסקושען יעדעם גליעד... אָבער זי וועט איהם נישט שטערען פון זיין שלאָף... זי איז שטארק צופרידען וואָס ער שלאָפט יעצט אזוי רוהיג און געשמאק. זי האָט לאנגזאם און פאָרזיכטיג איהם צוגעדעקט מיט דעם צודעק וואָס איז געמאכט געוואָרען, אז די לופט זאָל קענען אריינדרינגען אינעווייניג. פלוצלונג האָט מרים דערהערט א גערויש וואָס איז געקומען פון ווייטען. זי האָט זיך שנעל אויפגעשטעלט, אָנגעשטרענגט איהרע אויערען און אויגען. דער גערויש איז געוואָרען עטוואָס שטארקער. עס דוכט זיך איהר, אז עס איז א גרויש פון רעדער. יא! אימיצער פאָהרט אין דיזער ריכטונג. איהר הארץ האָט אין איהר גענומען שטארק קלאפען... דאָס בלוט האָט איהר א זעץ געטאָן אין פנים. זי האָט שנעל פערדעקט די קעסטעלע מיט דעם הויכען גראָז און זי האָט זיך אָפגערוקט פון ווייטען הינטער א בוים. מרים האָט געקענט הערען דאָס קלאפען פון איהר הארצען. וואָס העכער דער גערויש פון די רעדער איז געוואָרען, אלץ שטארקער איז איהר שרעק געוואָרען. איהרע קניע האָבען זיך געבויגען און פאר איהרע אויגען האָט אלעס גענומען שווינדלען. אָט באמערקט זי שוין פון ווייטען א קארעטע, וואָס דערנעהנטערט זיך...

— א גאָט! — האָבען מרים'ס ליפען שטילערהייט געמורמעלט — בעשיץ און בעשירם מיין ברודער פון בייז... זאָלען יענע מענשען פארבייפאָהרען און גאָר נישט באמערקען!... צו איהרע אויערען האָבען דערגרייכט שטימען — יא, שטימען פון פרויען... דאָס פאָהרען זיי זיך געוויס באָדען! — האָט מרים זיך עטוואָס גענומען בערוהיגען. מעגליך אז זיי וועלען פארבייפאָהרען. זי האָט זיך גוט בעהאלטען הינטער א דיקען בוים און מיט גרויס שפאנונג און הארץ־קלאפעניש, האָט זי געווארט, אז די קארעטע מיט די מיטפאָהרענדע זאָלען שוין וואָס שנעלער פארבייפאָהרען.

ווי גרויס איז געוואָרען מרים'ס שרעק ווען זי האָט דערשפירט אז די קארעטע שטעלט זיך אָפ נישט ווייט פון דעם פלאץ וואו די קעסטעלע איז געווען. זי איז געשטאנען און האָט געציטערט... דער געשפרעך ווערט העכער. דוכט זיך אז איינע פון די שטימען איז איהר באקאנט. זי דערהערט נאָהענטע טריט.

מרים בויגט איהר קאָפ אָן א זייט, זעהר פאָרזיכטיג, מען זאָל איהר נישט דערזעהן און איהר איבעראשונג איז נאָך גרעסער געוואָרען ווען זי האָט דערזעהן די פרינצעסין אָנקומענדיג צוזאמען מיט איהרע קאמער־מיידלעך.

איהר שרעק איז עטוואָס קלענער געוואָרען. זי האָט געוואוסט, אז די פרינצעסין וועט קיין גרויזאמקייט ניט באגעהן מיט איהר ברודער. יעדענפאלס, ווען זי וועט דערזעהן אז עס האלט שלעכט, וועט זי ארויסגעהן פון איהר בעהעלטענים און בעטען, אז די פרינצעסין זאָל רחמנות האָבען אויף איהר ברודער און איהם נישט איבערגעבען אין די הענט פון די אכזריות'דיגע מצריים... און פיעלייכט וועט זי איהר גאָר נישט באמערקען ... דאָס קינד זאָל גאָר נישט אָנפאנגען צו שרייען...

---

ווען בתיה, פרעה'ס טאָכטער, איז צוגעקומען צו דעם פלאץ וואו איהר קאמער־מיידעל האָט איהר אָנגעצייגט, האָט זי דעם טרייבער מיט דער קארעטע אוועקגעשיקט עטוואָס ווייטער, אויף צוויי פון איהרע דינסטען האָט זי געהייסען בלייבען שטעהן, זיי זאָלען אכטונג געבען, דאָס זי זאָל נישט געשטערט

ווערען. נאכהער האָבען איהר איהרע קאַמער־מיידלעך זיך געהאָלפען אויסטאָן, און זי איז שנעל אריינגעשפּרונגען אין טייך. פיער פון איהרע מיידלעך וועלכע האָבען גוט געקענט שווימען, זיינען מיט איהר אויך אריין אין טייך.

א היבשע ווײַלע האָבען זיי זיך געפּלושקעט אין וואסער. פלוצלונג האָט די פּרינצעסין באמערקט אויפ'ן גראָז א קעסטעלע.

— געה נעהם די קעסטעלע און ברייננ זי צו מיר — האָט די פּרינצעסין בעפוילען איינע פון איהרע קאַמער־מיידלעך, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג טייך.

די קאַמער־מיידעל איז צוגעגאַנגען און אויפגעהויבען די קעסטעלע וואָס איז געווען גאַנץ שווער, און זי צוגעטראָגען צו דער פּרינצעסין.

בתיה האָט דאָס פאַרזיכטיג גענומען אויפעפענען, און פון גרויס שרעק שיעור נישט ארונטערגעוואָרפען די קעסטעלע. צוויי פון איהרע דינסטען האָבען זי אונטערגעהאלטען. פלוצלונג האָט זיך דאָס קינד פאַנאַנדערגעוויינט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון טרייסעל און גענומען גאַנץ הויך שרייען.

— אָ, עס איז א קינד! — האָט די פּרינצעסין אויסגערופען. עס איז זיכער א קינד פון די עברים, וועלכע האָבען איהם דאָ אוועקגעלייגט, אויס מורא פאַר די מצריים.

זי איז ווידער צוגעגאַנגען און זיך גוט צו איהם צוגעקוקט, און דאָס שעהנע פּנים פון קינד האָט איהר אזוי ווי פאַר'כשופ'ט, און זי איז געבליבען שטעהן פערגאַפט.

— איך האָב נאָך אזא שעהן און וואונדערליך קינד קיינמאָל נישט געזעהן — האָט זי זיך אָפּגערופען צו איהרע קאַמער־מיידלעך, און זי האָט ארויסגענומען דאָס קינד פון דער קעסטעלע. אָ עס איז אזא רחמנות. ער מוז זיין הונגעריג... האַלט איהם צו — האָט זי זיך געווענדעט צו איינער פון איהרע דינסטען. איך וועל זיך אַנטאָן און איך וועל איהם ברייננען אין פּאַלאַץ. איך וועל אויפזוכען א פרוי, וועלכע זויגט, און איהר איבערגעבען זי זאָל איהם פאַר מיר אַנזויגען.

דאָס קינד האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען, און אלע האָבען זיך בעמיהט איהם איינצושטילען. די פּרינצעסין איז שוין געווען אַנגעטאָן און גענומען דאָס קינד אין איהרע הענט און איהם געוויגט הין און צוריק. זי האָט איהם געקושט און געזוכט איינצושטילען.

פלוצלונג האָט זי פון ווייטען דערזעהן ווי אימיצער קומט אָן. זי האָט זיך גוט צוגעקוקט און דערקענט מרים'ן, עמרת'ס טאָכטער.

— מרים! — האָט די פּרינצעסין אויסגערופען מיט פרייד. ווי קומסטו דאָ אהער?

— איך בין זיך געגאַנגען באָדען — האָט מרים געענטפערט עטוואָס צוטומעלט, און איך האָב דערהערט די געשרייען פון א קינד, בין איך געגאַנגען זעהן וואָס האָט פּאַסירט, אָבער ע...

— זעה מרים וואָס איך האָב גאָר וואָס געפונען! — האָט בתיה איהר געציינט דעם קינד — זאָג מיר מרים, האָסטו ווען עס איז געזעהן אזא שעהן קינד... גיב נאָר א קוק אויף זיינע אויגען, זיין נאָז! זיין מויל! אָ ווי ליעב איך האָב איהם שוין געקראָגען...

— יע, עס איז ווירקליך זעהר א שעהן קינד! — האָט זיך מרים געמאַכט ווי זי זעהט איהם צום ערשטען מאָל. ער מוז זיין זעהר הונגעריג!

— אָה, יע, ער איז זעהר הונגעריג! עס איז אזא רחמנות אויף איהם. עס וועט מיך לאַנג נעהמען איידער איך וועל אַנקומען אהיים, און דאַן וועל איך דאַרפען פאַר איהם געפינען א פרוי וועלכע זאָל איהם אַנזויגען.

— מיין האַרינטע! — האָט מרים זיך אָפּגערופען — איך ווייס פון פיעלע פרויען וועלכע זיינען נישט ווייט פון דאַנען, און וועלכע וואָלטען קענען געבען זויגען דאָס קינד. זאָל איך געהן און רופען א אידישע אם?

— אָה איך וועל זעהר דאנקבאר זיין צו דיר אויב דו וועסט מיר טאָן דיזע געפעליגקייט — האָט די פרינצעסין אויסגערופען מיט פרייד — געה שנעלער, מרים.

מרים האָט גענומען שטעלען שנעלע טריט און איז געקומען צו איהר אין הויז.

— וואָס האָט פּאסירט מיט'ן קינד ?! איז יוכבד און עמרם איהר אנטקעגען געקומען און איהר געפרעגט מיט גרויס שרעק.

— פריעדען איז צו איהם ! — האָט מרים אויסגערופען. ער איז איצט אין די הענט פון דער פרינצעסין. זי איז זיך געגאנגען באָדען און איהם געפונען. א מוטער, ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי שטארק ענטציקט זי איז פאר איהם... איך האָב זיך געמאכט נישט וויסענדיג און צופעליג צוגעגאנגען. איהרע אויגען האָבען זיך נישט געקענט גענוג אָנזעטיגען פון זיין שעהנקייט. און אזוי ווי דאָס קינד האָט שטארק געוויינט און זי האָט זיך געאיילט צו פיהרען איהם צו איהר פּאלאַץ, און איהם צו געבען עסען, האָב איך איהר אָנגעבאָטען איהר צו ברייגגען א פרוי א זויגערין.

— וועט זי דען ניט פארשטעהן, אז איך בין זיין מוטער ? — האָט יוכבד איהר געפרעגט.

— ניין, ליעבע מוטער, זי וועט גאָרניט פארשטעהן ! — האָט מרים זיך אָפּגערופען — איך וועל איהר זאָגען, אז איך האָב ניט געקענט קריגען קיין אנדער פרוי, האָב איך דיך גערופען.

מרים און יוכבד זיינען שנעל אוועק צום פּאלאַץ און געטראָפען דאָס קינד נאָך אלץ אין די הענד פון דער פרינצעסין.

— גנעדיגע פרינצעסין ! — האָט מרים אויסגערופען, ווען זי איז צוגעגאנגען גאנץ נאָהענט מיט איהר מוטער. — עס איז מיר גאנץ שווער געווען צו קריגען איצט אין דיזער צייט פון טאָג א פרוי אן אם, האָב איך געבראכט מיין מוטער. זי וועט דעם קינד געבען זויגען.

— איך דאנק דיר זעהר, מרים, און איך וועל דיר דיין טובה קיינמאָל ניט פארגעסען, נעהם יוכבד, דאָס קינד און זויג עס אָן. ווי עס ווייזט אויס, מוז ער שוין לאנג אזוי ליגען אין דער קעסטעלע אויף דעם גראָז, און ער איז גוט הונגעריג.

יוכבד האָט גענומען דעם קינד און איהם געגעבען זויגען. דאָס קינד האָט זיך קוים צוגעכאפּט. בתיה איז געשטאנען און צוגעקוקט מיט גרויס פארגעניגען ווי דאָס קינד זויגט...

ווי דאָס קינד איז פארטיג געוואָרען מיט'ן זויגען, האָט זיך באוויזען א ליעבליך שמייכעלע אויף זיין פּנים. בתיה האָט עס באמערקט און אָנגעקוואָלען פון נחת.

— דאָס קינד איז מיר שוין איינגעבאקען געוואָרען אין מיין הארץ — האָט די פרינצעסין אויסגערופען מיט פרייד — און איהם גענומען פון יוכבד'ס האנד. זי האָט צו איהם געסמאָצקעט מיט איהרע ליפּען, און דאָס קינד איז געוואָרען שפּילעוודיג און פרעהליך.

— איך דאנק און לויב די געטער פון מצרים, וואָס זיי האָבען מיר צוגעשיקט אזא וואונדער־שעהן קינד ! — האָט בתיה זיך אָפּגערופען צו מרים'ן און יוכבד'ן — איך וועל איהם פאררעכענען פאר מיין אייגען זוהן.

— וואָס פאר א נאָמען וועט איהם די פרינצעסין רופען ? — האָט מרים איהר געפרעגט.

— יע, איך וועל וועגען דעם א טראכט טהאָן ! — האָט בתיה זיך אָפּגערופען — איך וויל איהם רופען מיט זעהר א שעהנעם נאָמען, ווי עס פּאסט פאר אזא שעהן קינד.

בתיה האָט א ווײַלע געטראכט און נאכהער האָט זי אויסגערופען :

— איך וועל איהם א נאָמען געבען משה ! ווייל אין אונזער שפּראך מיינט "משה" ארויסציהען. יע, איך האָב איהם פון וואסער ארויסגעצויגען, אזוי וועט זיין נאָמען בלייבען משה !

— משה איז זעהר א שעהנער נאָמען

— האָט מרים צוגעגעבען — איך האָף, אז איך וועל אמאָל נאָך האָבען א געלעגענהייט איהם צו רופען ביי זיין נאָמען. ער איז דאָך אזא ליעב קינד, און יעדער ווער עס זעהט איהם, מוז איהם גלייך ליעב באקומען.

— געוויס וועסטו האָבען א געלעגענהייט איהם ניט איין מאָל צו רופען ביי זיין נאָמען — האָט די פרינצעסין אויסגערופען — איך האָב באשלאָסען איבערצוגעבען משה'ן צו דיין מוטער, זי זאָל איהם זויגען ביז וואנען ער וועט אנטוואוינט ווערען.

— אָבער, מיין הארינטע — האָט יוכבד זיך אָפגערופען.

— ניין, דו מוזט מיר דיזע טובה ניט ענטזאגען! — האָט די פרינצעסין איהר ניט געלאָזען ענדיגען — איך וועל דיר באצאָהלען פאר דיין טרחה!

— אָבער, גנעדיגע פרינצעסין, ניט דאָס מיין איך — האָט יוכבד געזאָגט — ווייסטו דען ניט, אז עס איז א גרויסע סכנה פאר א זויגיג קינד זיך צו געפינען אין א אידיש הויז... וואָס וועל איך טהאָן. ווען א בעאמטער פון די מצריים וועט קומען און וועלען אוועקרויבען משה'ן פון מיר און איהם אריינוואַרפען אין טייך, וועל איך דען קענען ערב זיין פאר'ן קינד?

— וועגען דעם דארפסטו זיך גאָרניט זאָרגען! — האָט בתיה זיך אָפגערופען — איך וועל דערווייל אָפשטעלען אין דיין הויז צוויי פון מיינע קאמערמיידלאך און זיי וועלען שוין די בעאמטע זאָגען, אז משה איז מיין קינד, און קיינער וועט איהם ניט וואגען אָנצוריהרען.

— אויב דאָס קינד וועט זיין באשיצט, וועל איך איהם מיט צופרידענהייט נעהמען צו זיך אין הויז — האָט יוכבד געזאָגט — און איך וועל איהם זויגען ביז וואנען ער וועט אונטערוואקסען.

— גוט — האָט בתיה געזאָגט — אָבער דו זאָלסט ניט פארגעסען צו ברינגען משה'ן איין מאָל א מאָנאט צו מיר אין פאלאץ. יעצט זעץ זיך אריין אין מיין קארעטע — האָט זי זיך נעווענדעט צו מרים'ן און צו יוכבד'ן — און מיין טרייבער וועט אייך צופיהרען צו אייער הויז.

זיי האָבען זיך אריינגעזעצט אין קארעטע און צוגעפאָהרען ביז מרים'ס הויז.

בתיה האָט אָפגעשטעלט דאָרטען צוויי קאמער־מיידלאך און זי האָט זיך אומגעקעהרט א גליקליכע צו איהר פאלאץ. זי האָט דערצעהלט איהר פאָטער וועגען דעם וואונדערבארען קינד וואָס זי האָט געפונען אין א קעסטעלע ביים טייך, און פרעה אליין איז שוין געווען גאנץ נייגעריג איהם צו זעהן.

* * *

אין עמרם'ס הויז זיינען אלע יעצט געווען גליקליך: גאָט האָט זייער תפילה צוגעהערט און זייער קינד געראטעוועט. עפּעס זעהען זיי אין דעם די השגחה פון גאָט. ער האָט גראדע געפיהרט די פרינצעסין אין יענעם פלאץ און זי, משה'ס אייגענע מוטער, איז פון איהר גערופען געוואָרען איהם צו זויגען. יעצט האָבען זיי זיך ניט פאר וועמען צו שרעקען.

יוכבד פלעגט מיט משה'ן ארויסגעהן אין דרויסען. מרים און אהרן פלעגען נאכפאָלגען און זיך אוועקשטעלען נעבען קינד און זיך מיט איהם שפּילען.

איין מאָל האָבען זיי פון ווייטען דערזעהן אנקומענדיג דעם מצרי'שען בעאמטען.

יוכבד האָט גלייך אריינגענומען משה'ן אין הויז. דער מצרי האָט גענומען שטעלען שנעלע טריט און איז צוגעקומען צו עמרם'ס הויז. ער האָט אויפגעעפענט די טיר און אויסגערופען:

— אהא! יעצט האָב איך שוין דעם קינד געטראָפען! איך האָב אָבער גלייך געוואוסט, אז ערגעץ וואו איז אייער קינד באהאלטען! נו, באלד וועל איך מאכען א סוף צו אייער זוהן! שנעלער, גיט מיר איהם ארויס, און איך וועל איהם טובל זיין אין טייך נילוס!

— וואָס האָסטו אזוי קיין ציינו ניט!

— האָט איהם מרים אריינגעלאַכט אין פּנים. — דו קענסט זיך יעצט געהן דיין וועג, און קומען שפּעטער.

— וואָס?! — האָט דער בעאַמטער אויסגערופען מיט כעס און געדריקט זיין פויסט — דיזע רגע זאָל מען מיר ארויסגעבען דעם קינד. איהר האָט מיר שוין לאַנג גענאַרט. יעצט וועל איך שוין פון דאַנען ניט אָפּטרעטען ביז וואַנען איך וועל קריגען דעם קינד!

— און איך זאָג דיר, אַז דו וועסט דעם קינד ניט קריגען! — האָט זיך מרים מיט איהם א רייז געטהאָן.

דער מצרי האָט ארויסגעכאַפּט זיין שווערד און ער האָט זיך אריינגעריסען אין צווייטען צימער.

— וואָס איז דיין פאַרלאַנג? — האָבען די פּרינצעסין'ס קאַמער־מיידלאַך איהם געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— איך עה... בין המ... — האָט דער מצרי גענומען שטאַמלען. ער איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער און ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר.

— פאַרוואָס ביזטו געקומען שטערען די רוה פון דעם קינד? — האָט איהם א קאַמער־מיידעל געפרעגט.

— איך בין געקומען אויספיהרען דעם קעניג'ס בעפעהל און דערטרינקען דעם קינד אין טייך!

— האָט דען פּרעה באַפוילען אויך צו דערטרינקען דעם קינד, וואָס באַלאַנגט צו דער פּרינצעסין? — האָט איהם די צווייטע קאַמער־מיידעל געפרעגט.

— ענטשולדיגט — האָט דער בעאַמטער זיך אָפּגערופען — איך האָב ניט געוואוסט, אַז דאָס קינד באַלאַנגט צו דעם קעניג'ס טאָכטער.

— אויב אזוי זאָלסטו מעהר ניט וואָגען קומען אין דיזען הויז צו שטערען די רוה פון דעם קינד און פון די מענשען, וועלכע זיינען געדונגען געוואָרען פון דער פּרינצעסין אכטונג צו געבען אויף'ן קינד.

א פאַרשעהמטער האָט זיך דער מצרי אָפּגעטראָגען פון עמרם'ס הויז און איז שנעל פאַרשוואונדען געוואָרען.

* * *

ווען א מאָנאַט איז פאַריבער, האָט יוכבד אין דער באַגלייטונג פון מרים'ן געבראַכט משה'ן צו דער פּרינצעסין.

בתיה האָט זיך שטאַרק דערפרעהט ווען זי האָט משה'ן דערזעהן.

— ער קוקט יעצט אויס א סך שעהנער און גרעסער — האָט זי אויסגערופען מיט פרייד, און איהם גענומען אויף איהרע הענט, איהם געקושט און געגלעט. זי האָט איהם אריינגעפיהרט צו איהר פאָטער, און פּרעה האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון דעם שעהנעם קינד, ער האָט איהם ארויפגענומען אויף זיין שויס און זיך מיט איהם גענומען שפּילען.

— נו, פאָטער, ווי געפעהלט דיר מיין זוהן? — האָט בתיה זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל.

— ער שיינט צו זיין אויך זעהר קלוג — האָט פּרעה איהם א גלעט געטהאָן, — זיינע אויגען זיינען ליכטיג און שעהן. אָבער ער שטאַמט דאָך געוויס פון די עברים!

— וואָס איז דער אונטערשיד, פאָטער, פון יעצט אָן וועט ער דאָך פאַררעכענט ווערען פאַר מיין אייגען קינד! ווי גליקליך איך וועל זיך פיהלען פאַררעכענט צו ווערען די מוטער פון משה'ן.

אייניגע טעג איז יוכבד געווען אין פּרעה'ס פּאַלאַץ און געזויגען איהר אייגען קינד פאַר דער פּרינצעסין, דערנאָך האָט בתיה איהר באַצאָהלט פאַר דעם מאָנאַט און איהר ווידער אוועקגעשיקט מיט משה'ן צו איהר אהיים.

אזוי זיינען פאַרלאָפען באַלד צוויי יאָהר ביז וואַנעט יוכבד האָט משה'ן אנטוואוינט.

משה האָט שוין אָנגעפאַנגען ארומצוגעהן, און מרים האָט פון איהם ניט אָפּגעטראָטען. זי פלעגט איהם זינגען לידער און דערצעהלען שעהנע געשיכטעס. משה האָט אויך מרים'ן זעהר ליעב געהאַט, און ווען יוכבד האָט איהם אָפּגע־

פיהרט צו דער פרינצעסין און דאָרטען איבערגעלאָזען, האָט ער זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט.

בתיה האָט געבעטען מרים'ן, אַז זי זאָל אַכטונג געבען אויף משה'ן.

— איך ווייס, אַז דאָס קינד איז אַ סך פרעהליכער אין דיין געזעלשאַפט — האָט זי מרים'ן געזאָגט — דו וועסט שטעהן מיט משה'ן און מיר העלפען איהם ערציהען, און אין דער זעלבער צייט וועל איך אויך קענען מיט דיר פאַרברייננגען.

מרים איז געווען זעהר גליקליך וואָס די פרינצעסין האָט איהר צוגעטיילט אַזאַ כבוד. יעצט וועט זי די גאַנצע צייט קענען פאַרברייננגען מיט איהר ברודער, וועמען זי האָט ליעב מעהר פון אַלעם אין דער וועלט.

יתרו האָט אויך זעהר ליעב בעקומען דעם קינד. ער פלעגט אָפט אַריינקומען און זיך שפּילען מיט איהם, זיך קוויקען מיט משה'ס קלוגע רייד, וואָס האָט זיך ווי שעהן פּערל געשאָטען פון זיין מויל. ער האָט אויך גאָרניט געוואוסט פון משה'ס אָפּשטאַמונג.

אַלע אין פּאַלאַץ האָבען אָנגעפאַנגען ליעב צו באַקומען דעם קליינעם משה, וועלכער איז שוין ביי זיי פאַררעכענט געוואָרען אַלס דער קליינער פּרינץ. אַפילו טאַגער, וועלכער איז די ערשטע צייט ניט איבעריג געווען צופרידען וואָס דעם קעניג'ס טאָכטער האָט צוגענומען פאַר איהר זוהן אַ געפונענעם אידישען קינד, איז אָבער יעצט שטאַרק צוגעצויגען געוואָרען צו איהם, און עס פלעגט טרעפען פיעלע מאָל וואָס טאַגער פלעגט זיך אויך מיט איהם שפּילען אַ היבשע צייט. ביסלעכוויז האָבען אַלע גענומען פאַרגעסען, אַז משה איז אַ געפונענעם אידיש קינד, אין אַלעמענס אויגען איז ער שוין פאַררעכענט געוואָרען פאַר דעם זוהן פון דער פּרינצעסין בתיה...

איינמאָל איז מרים צוגעגאַנגען צו דער פּרינצעסין און זיך אָפּגערופען:

— איך וועל דיר בעטען אַ געפעלינקייט, גנעדיגע פּרינצעסין. מיין מוטער דרויף די צוויי יאָהר וואָס זי האָט משה'ן געזויגען, איז זי צו איהם אַזוי שטאַרק צוגעבונדען געוואָרען און איהם אַזוי ליעב באַקומען ווי איהר אייגען קינד און זי האָט אַ זעהר שטאַרקע' פאַרלאַנג איהם צו קומען זעהן ווען עס איז, אָבער זי ווייס ניט אויב די פּרינצעסין וועט ניט זיין דאַגעגען.

— זאָג דיין מוטער, אַז זי קען קומען צו יעדער צייט זיך צו זעהן מיט מיין זוהן משה'ן — האָט די פּרינצעסין מרים'ן געענטפערט — עס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז זי זאָל זיין צוגעבונדען צו איהם, איז זי דען צו איהם ניט געווען ווי אַ מוטער פאַר צוויי יאָהר צייט. איך בין זיכער, אַז משה איז אויך שטאַרק צוגעבונדען געוואָרען צו יוכבד'ן און ער וועט זיך דערפרעהען ווען ער וועט איהר דערזעהן.

— איך דאַנק זעהר, גנעדיגע פּרינצעסין! — האָט מרים געזאָגט מיט פרייד. — מיין מוטער וועט זיך זעהר גליקליך שעצען צו זיין ערלויבט צו קומען אין פּאַלאַץ און באַזוכען דעם קינד וועמען זי האָט געזויגען פאַר צוויי יאָהר צייט.

יענעם טאָג איז מרים געגאַנגען אַהיים אָנזאָגען איהר מוטער די פרעהליכע בשורה.

— מוטער! — האָט מרים אויסגערופען — ווען דו וואָלט יעצט משה'ן דערזעהן, וואָלסטו איהם זיכער ניט דערקענט. ער איז אַ סך אונטערגעוואַקסען און איז נאָך יעצט שעהנער ווי פריהער. ער איז ביי די פּרינצעסין פאַררעכענט פאַר איהר אייגענעם זוהן און אין פּאַלאַץ פעהלט איהם גאָרניט. יעדער איינער האָט איהם ליעב, און ניט איין מאָל האָב איך באַמערקט ווי טאַגער, אונזער גרעסטער שונא, שפּילט זיך מיט משה'ן און קושט איהם.

— ווער קען אַזאַ טייער און ליעבליך קינד ניט ליעב האָבען — האָט יוכבד געזאָגט — איך שעץ זיך אַזוי גליקליך, מיין טאָכטער, וואָס דיר איז געלונגען צו קריגען ערלויבניס פאַר מיר זיך צו

קומען זעהן מיט איהם... איך האָף נאָר, אז עמרם און אהרן זאָלען איהם אויך ווען עס איז קענען זעהן!

— איך האָף נאָך ווען עס איז צו פועל'ן ביי דער פרינצעסין זי זאָל מיר ערלויבען מיטצונעהמען משה'ן צו אונז אהיים. אה. מוטער, דאָס קינד איז דאָך אזוי קלוג, אז איך גלויב, דאָס איך וועל גאָר אין גיכען איהם קענען דערצעהלען ווער ער איז, אז איך בין זיין שוועסטער און דו ביזט זיין מוטער!

— ניין, טאָכטער, טהו עס ניט! — האָט יוכבד אויסגערופען — ער איז נאָך צו יונג צו וויסען פון דעם... ער וועט זיכער דעם סוד ניט קענען האַלטען, און דאָס קען נאָך ברייגנען אן אונגליק אויף אונז אלעמען.

— געוויינליך, מוטער, ניט אזוי גיך וועל איך מיט איהם דערפון ריידען, איך האָב נאָר געזאָגט, אז לויט זיין פארשטאנד, האָב איך איהם שוין געקענט אלעס אויסזאָגען.

— איין זאך, מיין טאָכטער, דאַרפסטו יע טהאָן — האָט עמרם זיך צו איהר אפּגערופען — דו דאַרפסט אויסנוצען די געלעגענהייט וואָס די פרינצעסין האָט דיר געגעבען איהר צו העלפען אין זיין ערציהונג, און ווי ווייט מעגליך ערציהען איהם אין אונזער גייסט. אויב ער פארשטעהט שוין, קענסטו איהם דערצעהלען די געשיכטעס פון אונזערע אבות, פון יוסף'ן און ביסלעכווייז קענסטו אויך אנדייטען ווי די אידען אין מצרים ליידען גרויסע צרות. דאָס אלעס וועט צונוץ קומען, ווען ער וועט עלטער ווערען, און דו וועסט איהם קענען דערצעהלען דעם אמת וועגען זיין אפּשטאַמונג.

— דאָס טהו איך שוין — האָט מרים געענטפערט. — משה ווייסט שוין פיעלע שעהנע מעשיות פון אונזערע אבות. ער האָט מיך שוין אפילו געהט איין מאָל געפרעגט, אויב זיין מוטער די פרינצעסין האָט אויך געהאט די זעלבע אבות.

— און וואָס האָסטו איהם געענטפערט? — האָט מרים איהר געפרעגט.

— איך האָב אויסגעמידען איהם צו געבען אן ענטפער, איך האָב מורא געהאט, אז ער וועט נאָכהער ריידען וועגען דעם מיט פרעה'ס טאָכטער, און דאָס וואָלט נאָך געקענט גורם זיין, זי זאָל פארלירען איהר צוטרויען צו מיר.

— געוויס דאַרפסטו זעהר פארזיכטיג זיין מרים! מיר שעצען זיך דאָך אלע גליקליך וואָס די פרינצעסין האָט דיך אויסדערוועהלט צו זיין די ערציהערין פון משה'ן. וואָס וואָלטען מיר געטהאָן ווען זי גיט איבער זיין ערציהונג אין די הענט פון די פריעסטער — האָט יוכבד געזאָגט — אַ, ווי אומגעדולדיג איך בין שוין איהם צו זעהן!

— מאָרגען, מוטער וועלען מיר ביידע אוועקגעהן צום פאלאץ — האָט מרים געזאָגט. איך בין זיכער אז משה וועט דיך דערקענען און זיך מיט דיר דערפרעהען.

אויף מאָרגען, ווען יוכבד איז געקומען צו בעזוכען משה'ן אין פאלאץ, האָט די פרינצעסין איהר אריינגעפיהרט אין צימער וואו משה איז געוועזן.

דאָס קינד איז גלייך צוגעלאָפען צו יוכבד'ן און איהר גענומען קושען.

די פרינצעסין איז געריהרט געוואָרען ביז טרעהרען ווען זי האָט דערזעהן ווי שטארק צוגעבונדען איהר "זוהן" איז צו דער פרוי וועלכע האָט איהם געזויגען.

— איך האָף אין גיכען מיט משה'ן צו קומען דיך בעזוכען אין דיין הויז — האָט בתיה געזאָגט — איך ווייס אז ער וועט זיך פרעהען צו שפּיעלען מיט דיין זוהן. איך וויל דיר בעדאנקען יוכבד פאר אלעס וואָס דו האָסט געטהאָן פאר משה'ן. און איצט בין איך אויך זעהר דאנקבאר דיין טאָכטער מרים, וועלכע העלפט מיר ערציהען משה'ן.

דעם גאנצען טאָג האָט יוכבד פארבראכט מיט משה'ן. ער איז ביי איהר געזעסען אויף'ן שויס און ווען די פרינצעסין איז דאביי ניט געוועזן, האָט יוכבד ניט אויפגעהערט איהם צו קושען און האַלדזען.

שוועד איז געווען פאר יוכבד'ן זיך פאראפצושיידען פון משה'ן. ווען זי איז שוין געווען אין דרויסען, האָט זיך ערשט אויפגעעפענט דער קוואל פון איהרע טרעהרען.

— גאָט וויים ! — האָט זי געזאָגט צו מרים'ען — אויב משה וועט ווען עס איז געהערען צו מיר ! ער ווערט פארפרעמדט. איך האָב נאָך מורא אז ער זאָל נאָך אמאָל נישט ווערען א שונא צו אונזערע ברידער ווי די מצריים.

— געלויבט איז גאָט ! — האָט מרים געזאָגט, וואס ער האָט אריינגעגעבען די פרינצעסין א געדאנק מיך אָנצושטעלען אלס די ערציהערין פון משה'ן, און דו מעגסט זיך אויף מיר פערלאָזען אז איך וועל וויסען ווי איהם צו בעאיינפלוסען און אין א פאר יאהר שפעטער, האָף איך צו האבען די מעגליכקייט איהם צו אנטדעקען דעם אמת פון זיין געבורט.

---

איין מאָל האָט פרעה פארזאמעלט אלע זיינע מיניסטאָרען און מיט זיי זיך בעראטהען וועגען די וויכטיגע ענינים. פלוצלונג איז אין דעם צימער אריינגעלאפען משה און צוגעלאפען צו פרעה'ן.

משה איז דאן אלט געווען ארום פיער יאהר. און וואס עלטער ער איז געווארען אלס שעהנער האט ער אויסגעקוקט. פרעה האט איהם אריפגענומען אויף זיינע קניע און זיך גענומען מיט איהם שפיעלען. יעדער איינער פון די מיניסטארען האט געפרובירט זיך חכמה'נען מיט איהם. אלע האבען משה'ן געמאכט צו לאכען.

פרעה האָט משה'ן אויפגעהויבען אויף זיינע שולטערן און האָט מיט איהם גענומען מאכען קונצען. אלע מיניסטאָרען האבען געהאט גרויס פארגעניגען צו זעהן ווי דער קעניג שפיעלט זיך מיט דעם קליינעם קינד.

פלוצלונג, ווען ער איז אזוי געזעסען אויף פרעה'ס פלייצעס, האָט משה אראפגענומען די קרוין פון דעם קעניג'ס קאָפ און זי אריפגעלייגט אויף זיין קאָפ !

— איך בין דער קעניג ! — האָט דער פיער יעהריגער משה אויסגערופען און זיך אנגעפאנגען צו בעוועגען מיט זיינע הענט און פים.

אלע אנוועזענדע אין פאלאץ זיינען געבליעבען זיצען ווי פארגאפטע... א שטילקייט האָט א ווילע געהערשט אין צימער. די מיניסטאָרען האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען...

פרעה האָט בעת מעשה ניט בעגריפען וואס דא קומט פאר, אָבער ווען ער האָט דערזעהען די שטארע בליקען און ערנסטע פנים'ער פון זיינע מיניסטאָרען, האָט ער שנעל ארונטער געלאָזען משה'ן פון זיינע שולטערען. דאס קינד איז געשטאנען מיט פרעהס קרוין אויף זיין קאָפ, וואס איז געווען ארונטער ביז זיינע אויערען און אויגען.

— אה, מיין האר קעניג ! — האָט טאגער אויסגערופען, און זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ. ער איז צוגעגאנגען צו משה'ן און פון זיין קאָפ ארונטערגענומען די קרוין און זי גלייך איבערגעגבען צו פרעה'ן.

— דאס איז זעהר ניט קיין גוטער סימן ! — האָט טאגער שטילערהייט געזאגט צו פרעה'ן — דער קעניג טאָר ניט פארגעסען אז דאס קינד שטאמט פון אידען און דאס וואס ער האָט פון קעניג ארונטערגענומען די קרוין, האָט דאס זעהר א וויכטיגע בעדייטונג...

— מעגליך אז ווען דאס קינד וועט אונטערוואקסען, וועט ער מאכען א פערזוך פון פרעה'ן אוועקצונעהמען די קעניגרייך ! — האָט זיך דער פריעסטער אפגערופען... ניין, דער קעניג דארף עפעס דערצו טהאָן..

—און מיר האבען שוין לאנג געזעהען ביי די שטערען פון הימעל ! — האָט איינער פון די חרטומים זיך אפגערופען אז מיר וועלען נאָך האבען גענוג צרות פון די אידען, און יעצט ווען מיר האבען דערזעהען וואס דאס קליין קינד, וועלכער שטאמט פון דעם פארהאסטען אידישען פאלק, האָט געטהאָן, שרעקט אין אונז דאס הארץ, פיעללייכט ווען ער

וועט אויסוואקסען, וועט ער דעם קעניג פעראורזאכען פיעלע אונאנגענעהמע זאכען.

פרעה׳ס פנים איז בלייך געווארען. ער האט געהאלטען די קרוין אין זיין האנט און געווארפען זיינע בליקען אויף משה׳ן וועלכער האט זיך מיט עפעס געשפיעלט.

— וואס איז אייער עצה? — האט פרעה זיך געווענדעט צו זיינע מיניסטארען — וואס זאל איך מיט איהם טהאן?

— מיין האר קעניג! — האט זיך טאגער פאר איהם פארנייגט—ווי איך האב דערזעהען דעם טהאט פון דיזען קינד, האט מיר עפעס ווי א שטאך געטהאן אין הארצען. איך זעה אז משה איז זעהר קלוג און פריהער אדער שפעטער וועט ער זוכען צו ווערען דער הערשער פון מצרים, דעריבער איז מיין עצה אז מען זאל איהם וואס שנעלער אפ־אמען פון יועג.

— יע! — האט דער הויפט פריעסטער צוגעשטימט. — דאס קינד האט שוין מיט פיער יאהר צוריק געוואלט דערטרונקען ווערען אין נילוס... און דעריבער גלויב איך אויך אז עס וועט זיין א סך זיכערער פאר דעם קעניג, אויב ער וועט משה׳ן גלייך לאזען טויטען.

—אבער מיין טאכטער! — האט פרעה אויסגערופען — משה איז צו איהר פעררעכענט ווי אן אייגענער זוהן, זי האט איהם אזוי ליב און איז צו איהם אזוי צוגעבונדען, און ווען איך וועל איהם טויטען, וועט זי זיכער עס נישט אריבער טראגען.

— דעריבער וואלט איך געראטהען אריינצירופען דעם קעניג׳ס טאכטער און איהר דערצעהלען וואס דא האט נאר וואס פאסירט מיט משה׳ן און וואס מיר אלע דענקען פון דעם...און אויב זי האט ליב איהר פאטער, וועט זי דאך אליין נישט דערלאזען, דאס א פרעמדער זאל פערנעהמען די קרוין.

פרעה האט געשיקט רופען זיין טאכטער בתיה. ווען די פרינצעסין איז אריינגעקומען און האט דערזעהן משה׳ן זיך שפילענדיג, איז זי צו איהם גלייך צוגעקומען און איהם בעדעקט מיט קושען.

—שיק משה׳ן ארויס אויף א ווײלע פון דאנען! — האט פרעה זיך אפגערופען צו בתיה׳ן, ווייל איך האב זעהר וויכטיגעס מיט דיר צו ריידען!

בתיה האט געהייסען איהר קאמערמיידעל אריינפיהרען משה׳ן אין זיין צימער.

ווען משה איז ארויסגעפיהרט געווארען פון דעם פערזאמלונגס־צימער, האט פרעה געהייסען זיין טאכטער זיך זעצען נעבען איהם.

בתיה האט זיך געזעצט און אנגעקוקט איהר פאטער מיט נייגעריגע בליקען.

— ווייסטו, מיין טאכטער, וואס דא האט נאר וואס פאסירט?

— וואס? — האט די פרינצעסין איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

—משה, וועמען דו האסט געפונען ביי דעם טייך אין גשן, האט זיך נאר וואס געשפילט אויף מיין שויס, און פלוצלונג האט ער ארונטערגענומען די קרוין פון מיין קאפ און זי ארויפגעטאן אויף זיין קאפ!

— נו, און וואס האט ער דאס אזוי געטהאן? — האט בתיה זיך אפגערופען מיט א שמייכעל—ער איז דאך א קינד, האט ער זיך געשפילט. איך פערזיכער דיך פאטער, אז משה האט גאר קיין שלעכטע כונה נישט געהאט, ווען ער האט עס געטהאן... און איך זעה נישט איין פארוואס דו האסט די זאך גענומען אזוי ערנסט!

—יעצט מיין טאכטער, מעגסטו הערען וואס מיינע מיניסטארען און חרטומים האבען פון דע צו זאגען.

בתיה האט אומגעדרעהט איהר קאפ און געווארט צו הערען פון פרעה׳ס מיניסטארען.

— גנעדיגע פרינצעסין! — האט זיך טאגער אפגערופען זיך אויפשטעלענדיג פון זיין פלאץ — די זאך מוז

גענומען ווערען מעהר ערנסט ווי די פרינצעסין דענקט... מיט גרויס מיה איז אונז געלונגען צו פערשקלאפען אלע אידען פון אונזער לאנד. מיר האָבען עררייכט זעהר פיעל נוצען פון דעם, אחוץ וואָס צוויי שעהנע און בעפעסטיגטע שטעדט ווערען יעצט געבויט, איז מצרים יעצט רייכער און גליקליכער ווי ווען עס איז בעפאָר. דעם קיניג'ס אוצרות ווערען פערגרעסערט, און יעצט דארפסטו ניט פארגעסען, אז משה שטאמט פון די אידען... און דאָס וואָס ער האָט ארונטערגענומען די קרוין פון פרעה'ס קאָפּ, איז זעהר א שלעכטער סמן... די פרינצעסין טאָר נישט הינגעצויגען ווערען פון זיין אויסערגעוועהנליכען שעהנקייט... ווען דאָס קינד וועט בלייבען לעבען, וועט אימער לויערען א גרויסע געפאהר אויף דער מלוכה...

— וואָס ? — האָט בתיה אויסגערופען — וואָס מיינסטו בלייבען לעבען! ווער דיינקט צו טהאָן שלעכטעס צו מיין קינד!

בערוהיג זיך פרינצעסין! — האָט דער הויפט פון די פריסטער זיך אָפּגערופען — איך האָב נישט לאנג געהאט א טרוים, וואו אונזער הויפט־גאָט אזירים האָט מיר ענטדעקט אז דאָס געפונענע קינד, וועלכעס געפינט זיך אין פאלאץ, וועט קיין גוטעס נישט ברייננען צו דעם קעניג.

— אבער וואס קען אזא אומשולדיג קינד טהאָן שלעכטס! —האט בתיה זיך אפּגערופען— ער איז מיין זוהן און איך וועל נישט דערלאָזען צו ריידען שלעכטעס וועגען איהם.

— ווען עס וואלט יעצט נישט פאסירט אז משה האט אראָפּגעטהאָן פרעה"ס קרוין אויף זיין אייגענער קאָפּ וואלט איך פון דעם חלום אליין קיין ווערט נישט געמאכט אבער ווען איך האב מיט מיינע אויגען געזעהען אזא זאך, האב איך א גענוגענ־ע סיבה צו גלויבען אין דעם חלום — האט דער הויפט פריסטער געזאגט.

— ווען א קינד פון ישראל קען אנטאָהן פרעה'ס קרוין אויף זיין קאָפּ, האט ער שוין דאמיט אליין פערדינט דעם טויט. — האט נאָך איינער פון די חרטומים געזאגט—ווייל דאס איז דאָך יעצט דער שטרעבען פון דעם גאנצען פערשקלאפטען פאָלק ישראל.

— אבער ער איז יעצט מיין קינד! —האט בתיה גענומען וויינען—יא ער איז צו מיר פערדעבענט פאר מיין אויגען זוהן און ער ווערט דאך אזוי אויפגעהאָדעוועט.

— מיין טאָכטער! — האט פרעה זיך צו איהר אפּגערופען—דו ווייסט דאך אליין ווי שטארק איך האב ליעב געקראגען משה'ן און נישט נאָר איך. אפילו יעדער איינער פון זיי האט איהם ליעב בעקומען פאר זיין שעהנקייט און חכמה... מיר האבען נאָך קיינמאָל נישט געזעהן אזא קלוגען קינד און יעצט ווען ער טוט אזא זאך און נעהמט ארונטער די קרוין פון מיין קאָפּ, און טוט עס אָן אויף זיין קאָפּ, האט ער דען דאס נישט געטאָהן מיט פערשטאנד... דאס בעווייזט אז פון זיין פריהצייטיגע יוגענד טראכט ער שוין וועגען אוועקנעהמען די מלוכה פון מיר! און דעריבער גלויב איך אז מיינע מיניסטאָרען און חרטומים זיינען גערעכט, ווען זיי ראטהען מיר איהם צו טויטען.

— מיין האר קעניג.—האט זיך יתרו אויפגעהויבען פון זיין פלאץ—איך גלויב אז די פרינצעסין איז גערעכט. משה האט זיך בלויז געשפיעלט. די גאָלד און בריליאנטען פון קרוין האבען איהם צוגעצויגען, האט ער דאס ארינטערגענומען פון דעם קעניג'ס קאָפּ, און עס איז דאך צו ערווארטען אז א קליין קינד וועלכער האט נישט קיין שכל זאל ארויפטאָהן די קרוין אויף זיין קאָפּ. ווען ער וואלט געהאט שכל וואלט ער דאָך פארשטאנען אז פאר אזא זאך קען ער בעשטראפט ווערען.

— ווי אזוי קענסטו אונז איבערציוגען אז דאס קינד האט קיין שכל נישט! —האט טאָ:ער אויסגערופען און א כעס

האט אין איהם געברענט — דו ווילסט דעם קינד ראטעווען, ווייל ער שטאמט פון די פערפלוכטע אידען... מיר אלע ווייסען, יתרו, אז ד. ביזט א גוטער פריינד פון די שקלאפען און דעריבער יעדעס מאָל ווען עס האנדעלט זיך וועגען דעם לעבען פון א אידען, זוכסטו אריינצוואווארפען א גוטען ווארט.

— ביי מיר איז משה פערדעכענט פאר דעם זוהן פון דער פרינצעסין! — האט יתרו געענטפערט — און א קינד וועט בלייבען א קינד. ער וועט זיך שפּילען מיט פייער ווייל ער בעגרייפט נאָך נישט דעם געפאהר וואס ליגט אין דעם.

— פון דעסטוועגען ווען מען זאָל פאר איהם אוועקשטעלען פייער און גאָלד, וועט ער האבען גענוג שכל דאס פייער נישט אנצוריהרען! — האט טאָגער זיך א קרים געטאָהן.

— איך בין נאָך גאר נישט אזוי זיכער אז ער וועט נישט אנריהרען דאס פייער! — האט איהם יתרו געענטפערט —אויב ער האט ביז יעצט נישט געהאט קיין ערפאהרונג מיט פייער, איך מיין אויב ער האט זיך קיינמאָל נישט אפּגעברענט מיט פייער, וועט ער אליין נישט האבען גענוג שכל זיך דערפון אויסצוהיטען.

— גוט! — האט פרעה אויסגערופען — איך וועל זיך באַלד קענען איבערצייגען ווער עס האט רעכט, יתרו אָדער טאָגער, איך וועל הייסען ברענגען צוויי שיסלען, איינע וועט זיין פול מיט גאָלד און די צווייטע—פול מיט ברענענדיגע קוילען, און דאן וועלען מיר זעהן אויב ער וועט זיך גלייך כאפּען צו די גאָלד, איז א סימן אז ער האט גענוג שכל און ער וויים וואס ער טוט, דאן וועל איך איהם לאָזען טויטען, און טאָמער וועט ער מאכען א פערזוך אנצוריהרען די ברענענדע קוילען, וועט עס זיין א סימן אז ער האט קיין שכל נישט און ווען ער האט אנגעטהאָן מיין קרוין אויף זיין קאָפּ, האט ער עס געטהאָן אָהן שכל און פערשטאנד און דעריבער וועט ער בלייבען לעבען.

— דאס וועט זיין א גוטער בעוויז!

— האט טאגער אויסגערופען מיט שטראהלענדע אויגען — אויב ער וועט זיך פריהער כאפּען צו דעם גאָלד, וועט ער באלד געטויטעט ווערען.

— אויב ער וועט זיך אפילו פ.יהער כאפּען צו דעם גאָלד, וועט נאך אלץ קיין בעוויז נישט זיין אז ביים ארונטערנעמען די קרוין פון פרעה׳ן, האט ער דאבי א כונה געהאט.—האט יתרו געזאגט.

— אבער דו האסט דאָך אליין נאר וואס געזאגט, אז ער וועט נישט האבען גענוג שכל זיך אויסצוהיטען פון פייער! — האט טאגער איהם פארגעווארפען—יעצט א: דו האסט מורא עס זאל זיך נישט ארויסווייזען, אז משה האט גענוג שכל, זוכסטו צו בייטען דיין מיינונג.

— דעריבער וועסטו, יתרו אליין געהן בעזארגען די הייסע גליהענדע קוילען און די גאָלד! — האט פרעה איהם שטרענג בעפוילען. דורך דעם וועל איך אורטיילען אויב משה האט פארדינט דעם טויט אדער נישט.

— אָה, מיין פאטער! — האט בתיה אויסגעבראכען אין געוויין. איך בעט דיר דו זאלסט קיין שלעכטעס נישט טאָהן צו מיין קינד, אויב דו וועסט איהם טויטען, וויל איך אויך מעהר נישט לעבען, ווייל משה איז ביי מיר טייערער ווי מיין אייגען לעבען!...

— מיין טאָכטער! — האָט פרעה זיך אָנגערופען — מיר געהען יעצט דורכפיהרען א משפט איבער משה׳ן, אויב עס וועט זיך ארויסווייזען אז ער איז אומשולדיג דאן וועט דאך צו איהם קיין שלעכטעס נית געטהאָן ווערען, און דו האָסט זיך נישט וואס צו שרעקען. אָבער, ווען עס זאָל זיך ארויסצייגען אז ער איז אונשולדיג אין ער וועט שפּעטער־צו שטעלען מיין טראהן אין סכנה, דאן האָט ער דאך פארדיענט דעם טויט! איז דען ביי דיר טהייערער דאס לעבען פון משה׳ן וועלכער איז דאָך, נאָך אלעמען נישט פון דיין פלייש און בלוט,

פון דער זיכערקייט פון מיין מלוכה און פון גאנץ מצרים ?

בתיה האט ניט אויפגעהערט צו וויינען. זי האט זיך אויפגעהויבן פון איהר פלאץ און געוואלט ארויסגעהן, אבער טאגער האט א וואונק געטהאן צו פרעה'ן ער זאל זי יעצט ניט לאזען ארויסגעהן פון פאלאץ ביז וואנען יתרו וועט ברייננען די גליהענדע קוילען און דאס גאלד, און ביז וואנען משה וועט געשטעלט ווערען צום משפט...

— מיין טאכטער — האט פרעה זיך צו איהר אפגערופען — דו וועסט מוזען פערבלייבען אין פאלאץ ביז איבער'ן משפט. עס וועט ניט זיין ריכטיג פון דיין זייט יעצט ארויסצוגעהן פון דאנען און זיך זעהן מיט משה'ן. ווארט ביז יתרו וועט צוריק קומען.

בתיה האט זיך צוריק געזעצט אויף איהר פלאץ. זי האט ארונטערגעבויגען איהר קאפ און שטילערהייט געוויינט.

יתרו האט פארלאזען דעם פאלאץ צו געהן קריגען די גליהענדע קוילען און די גאלד וואס פרעה האט איהם געזאגט. זיין הארץ איז געווען פארביטערט. ער האט זיך שוין לאנג געוואוסט אז משה איז יוכבד'ס זוהן, וועמען מען האט פרובירט אויסצובעהאלטען אין שרה'ס הויז. ער האט פאר קיינעם דיעזען סוד ניט ענטדעקט. און יעצט אויב ער וועט ניט וועלען אנריהרען די גליהענדע קוילען וועט ער דורך דעם פער'משפט ווערען צום טויט.

ווי יתרו איז ארויס פון די טהירען פון פאלאץ, האט ער פון וויטען בעגעגענט מרים'ן. גלייך איז איהם איינגעפאלען א געדאנק אז דורך מרים'ען וועט ער יעצט קענען ראטעווען משה'ן. ער האט זיך ארומגעקוקט און ווען ער האט זיך איבערציינט אז קיינער בעמערקט איהם נישט, האט ער וואונק געטהאן צו מרים'ן און זי איז גלייך צו איהם צוגעקומען.

— א גאט ! — האט מרים אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען. מיין ברודער'ס לעבען איז אין גרויס געפאהר !

— יע, זיין לעבען איז אין סכנה, אבער איך גלויב אז נאר דו וועסט איהם קענען ראטעווען..

— וואס זאל איך טהאן ? — האט מרים האסטיג א פרעג געטהאן — איך וועל מיין לעבען דאך אפגעבען פאר איהם !

די פרינצעסין געפינט זיך יעצט אין דעם קעניג'ס פערזאמלונגס צימער, און איהר איז ניט ערלויבט זיך צו זעהן מיט משה'ן ביז וואנען מען וועט איהם אויספרובירען צו זעהן אויב ער האט פערשטאנד. איך און דו וויסען גאנץ גוט אז משה האט גענוג שכל און וועט וואהרשיינליך גלייך זיך צוריהרען צו דעם גאלד, דאן וועט ער פערלירען זיין לעבען. און יעצט, מרים, אזוי ווי דיר איז דאך ערלויבט אריינצוגעהן צו משה'ן, זאלסטו זעהן ווי ווייט מעגליך איהם צו געבען צו פארשטעהן וועגען דער געפאהר וואס עס שטעהט איהם פאר, ווען מען וועט איהם אריינרופען אין צימער און איהם צייגען די שיסעל מיט גליהענדע קויהלען און די גאלד. איך האף אז ער וועט דיך פארשטעהן און פאלגען דיין עצה. אבער דו מוזט עס גלייך טהאן, איידער איך קעהר זיך אום. און קיינער טאר ניט וויסען אז איך האב זיך מיט דיר געזעהען. דארפסט אויך זעהן צו בעטען משה'ן ער זאל זיך אקארשט ניט ארויסריידען פאר קיינעם אז דאס האסטו איהם אזוי געראטהען צו טהאן. און אויב דיר וועט זיך דאס איינגעבען צו טהאן, דאן וועסטו ראטעווען זיין לעבען.

מרים איז שנעל אריין אין פאלאץ און גלייך צוגעגאנגען צו דעם צימער וואו משה האט זיך געפונען. די וועכטער און קאמער מיידלעך וועלכע האבען שוין מרים געקענט, און האבען געוואוסט אז מרים איז בעשטימט געווארען פון דער פרינצעסין אלס משה'ס ערציהערין, האבען איהר, גלייך אריינגעלאזען אין צימער וואו משה איז געווען.

משה איז שנעל צוגעלאָפּען צו מרים׳ן און זי האָט איהם גענומען קושען און האלזען.

— וואס האָסטו געטהאָן, משה ? — האָט מרים איהם ארויפגענומען צו זיך אויף׳ן שויס—פאר וואס האָסטו ארונטערגענומען די קרוין פון קעניג׳ס קאָפּ!

— איך האב ניט געוואוסט אז מען טאָר ניט ! — האָט משה אויפגעפּענט זיינע שעהנע אומשולדיגע אויגען און געקוקט אויף מרים׳ן.

— יעצט, משה, מוזטו מיר פארשפּרעכען צו טהאָן וואס איך וועל דיר הייסען — האָט מרים איהם ווידער געקושט. דיין מוטער קען זיך מיט דיר יעצט נישט זעהן, אָבער באלד וועט מען דיר אהין ארייגרופען און פאר דיר אוועקשטעלען צוויי שיסלען, איינע מיט הייסע גליהענדע קויהלען און איין שיסעל מיט גאָלד... אָבער דו, משה, זאָלסט ניט וואגען אָנצוריהרען די גאָלד. דו זאָלסט פריהער אָנריהרען די גליהענדע קויהלען, דאן וועט מען דיר ניט בעשטראָפען. אָבער ווען דו וועסט אָנריהרען די גאָלד, דאן וועט דיין שטראָף זיין זעהר גרויס. וועסטו טהאָן ווי איך האָב דיר אָנגעזאָגט ?!

יע, מרים, האָט משה איהר צוגעזאָגט — איך וועל טהאָן אלעס וואס דו וועסט מיר הייסען, אָבער דערפאר וועסטו מיר דעם גאנצען אָוועגד דערצעהלען שעהנע מעשיות.

— געוויס וועל איך דיר דערצעהלען!

— האָט מרים געזאָגט — אויב דו וועסט טהאָן ווי איך האָב דיר געהייסען, וועל איך דיר נאָך היינט דערצעהלען די שעהנע מעשה פון יוסף׳ן און זיינע ברידער.

— גוט ! גוט ! — האָט משה אָנגעהויבען צו קלאַפּען מיט זיינע קליינע הענט. איך האָב זעהר ליעב צו הערען די מעשה פון יוסף׳ן און זיינע ברידער.

— דו דארפסט מיר אָבער אויך פארשפּרעכען פאר קיינעם ניט צו דערצעהלען, אז איך האב דיר אזוי געהייסען טהאָן... אויב אימיצער וועט דיר פרעגען ווער עס האָט דיר געהייסען נעהמען די הייסע קוילען, זאָלסטו זאָגען אז קיינער האָט דיר גאָר ניט געזאָגט !

— דאס וועל איך אויך טאָהן ווי דו הייסט מיר — האָט משה זיך אָפּגערופען, און דערפאר וועסטו מיר דערצעהלען זעהר פיעל מעשיות.

יתרו האט געבראַכט די צוויי שיסלען איינע מיט גאָלד און די צווייטע מיט גליהענדע קויהלען.

פּרעה האָט גלייך געשיקט נאָך משה׳ן און ווען ער איז אריינגעקומען אין צימער, האָט ער גלייך געוואָלט צולויפען צו דער פּרינצעסין וועלכע איז געזעסען און געוויינט, אָבער טאָגער איז איהם פארלאָפען דעם וועג.

— קום אהער משה, האָט ער זיך צו איהם אָפּגערופען. — מיר האָבען פאר דיר געבראַכט זעהר שעהנע זאכען זיך צו שפּיעלען. קום און קלייב זיך אויס וואס דו גלייכסט בעסער.

טאָגער האָט זיך געהייסען משה׳ן זעצען אויף א הויכען שטוהל וואס איז געשטאַנען נעבען א טיש. איינער פון זיי האט צוגעטראָגען די צוויי שיסלען און זיי אוועקגעשטעלט נעבען משה׳ן.

אלע האָבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פּלעצער און אָנגעווענדעט זייערע בליקען אויף דעם קליינעם משה וועלכער האָט מיט נייגיריגע אייגען בעטראַכט די צוויי שיסלען.

בתיה׳ס הארץ האָט גענומען שטארק קלאַפּען. דאָס לעבען פון איהר בעליעבטען קינד, הענגט אויף א האָר. אָה, איהר געטער פון מצרים, העלפט מיר ! — האָבען איהרע ליפּען שטיל געפּליסטערט.

פּרעה אליין האָט זיך אויך אויפגעהויבען פון זיין טראָהן און איז צוגעגאנגען עטוואָס נעהנטער צו זעהן וואָס משה וועט טהאָן.

דער קליינער משה האָט בעטראַכט מיט זיינע קלוגע אויגען ביידע שיסלען. באלד האָט ער אָנגעווענדעט זיין בליק אויף דער שיסעל וואָס איז געווען פול

מיט גליהענדע קוילען. ער האָט בעטראכט ווי די קליינינקע פלעמעלעך זייגען אין פייערדיגע צינגלעך פערוואנדעלט געוואָרען. קליינע בליסטשענדיגע פונקען האָבען גענומען שפּרינגען און טאנצען פון שיסעל. ער האָט א ווילע געצעגערט, ער האָט געוואוסט, ווען ער זאָל אָנריהרען די ברענענדע קוילען וועט וועה טהאָן... אָבער ער האָט זיך דערמאָהנט וואָס מרים האָט איהם אָנגעזאָגט. ער האָט באמערקט ווי אלע האָבען זיך אויפגעשטעלט און קוקען אויף איהם.

— נו, משה — איז שוין טאגער אומגעדולדיג געוואָרען — פאר וואָס נעהמסטו נישט עפּעס פון די שיסלען זיך צו שפּיעלען?

משה האָט א כאפּ געטהאָן א שטיקעל ברענענדיגע קויל, און באלד ארויסגעלאָזען א געשריי פון גרויס וועהטאָג. ער האָט די קויל שנעל צוגעטראָגען צו זיין מויל, און א ברען געטהאָן זיין צונג. דאָס קינד האָט זיך באלד פארנאנדערגעוויינט פון גרויס יסורים.

בתיה איז גלייך צוגעלאָפען און איהם ארומגענומען , און גענומען האלזען און קושען.

— מיין קינד, מיין ליעבער משה! — האָט זי געוויינט מיט טרעהרען פון פרייד און גלייך געהייסען ברייגגען קאלטע וואסער און איהם געגעבען א טרונק.

טאגער איז געשטאנען מיט אן ארונטערגעבויגענעם קאָפּ, אז ענטוישטער, און האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס. פּרעה איז געבליבען שטעהן א פארגאפטער און האָט געוואָרפען זיינע בליקען פון טאגער'ן אויף יתרו'ן און אויף זיין טאָכטער מיט משה'ן... ער הערט ווי דאָס קינד וויינט און א שטארקער געפיהל פון רחמנות נעהמט איהם ארום. יעצט זעהט ער אז יתרו איז געווען גערעכט... דאָס קינד האָט נאָך גאָר קיין שכל נישט. דאָס וואָס ער האָט פון איהם די קרוין ארונטערגענומען, האָט ער זיך איינפאך געשפּיעלט.

— נו, וואָס וועסטו יעצט זאָגען? — האָט יתרו זיך אָפּגערופען צו טאגער'ן מיט א נצחון־שמייכעל, האָט דאָס קינד פארדינט מען זאָל איהם טויטען?

— יא, מיר אלע זעהען דאָך, אז משה האָט אפילו ריכטיג נישט פארשטאנען די געפאהר פון פייער! — האָט פּרעה געזאָגט און זיך צוריקגעזעצט אויף זיין טראָהן.

— אויב קיינער האָט איהם נישט אָנגעזאָגט אזוי צו טהאָן, האָט ער טאקע קיין שכל נישט — האָט טאגער געענטפערט.

— וואָס מיינסטו אָנגעזאָגט?! — האָט זיך די פּרינצעסין אָפּגערופען אז אויפגערעגטע — ווער האָט עס איהם געקענט אָנזאָגען? — איך בין דאָך געבליבען זיצען דאָ און קיינער האָט דאָך פון דיעזע פּלענער נישט געוואוסט.

— לאָמיר אויף טשיקאוועס א פרעג טהאָן משה'ן! — האָט טאגער געזאָגט.

פּרעה האָט געהייסען זיין טאָכטער צוקומען מיט משה'ן און טאגער האָט איהם געפרעגט.

— זאָג מיר משה, האָט אימיצער דיר געהייסען אָנריהרען אפריהער די גליהענדע קויהלען?

— נ־נ־נ־ניין! — האָט משה קוים ארויסגעשטאמעלט, און זיך ווידער פארנאנדערגעוויינט.

טאגער'ס מפּלה איז געווען א פולשטענדיגע. ער האָט זיך באלד צוריקגעקעהרט אויף זיין פּלאַץ און מעהר קיין וואָרט נישט גערעדט.

ביסלעכוויין זיינען זיך די איבעריגע מיניסטאָרען צוגאנגען.

בתיה איז מיט משה אריין אין צימער און האָט דאָרטען געטראָפען מרים'ן.

אָה, מיין טייערע, מרים! — האָט די פּרינצעסין אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — ווען דו וואָלסט געוואוסט אז איך האָב נאָך א האָר פארלאָרען מיין ליעב קינד... דער אומווירדיגער טאגער האָט דאָך איהם געוואָלט פון דער וועלט אומברייגגען, צוליעב דעם וואָס דאָס קינד האָט זיך א שפּיעל געטהאָן מיט מיין פאָטער'ס קרוין... אָה, וויפיעל שונאים מיין קליי־

נער משה האט! דאס קינד האט נעבעך אפגעברענט זיין צונג... אה, דאס שווערד איז געלעגן איבער זיין האלז!

— איך ווייס, גנעדיגע פרינצעסין! איך ווייס פון אלעם. א נס איז געשעהן און משה איז געראטעוועט געווארען.

— דו ווייסט? — האט די פרינצעסין אויסגערופען פערוואונדערט.

— יא, ווען איך בין געוועזן אויפ'ן וועג צום פאלאץ, האב איך יתרו'ן בעגעגנט, און ער האט מיר אלעם דערצעהלט. יא, יתרו האט איהם זיכער פון טויט געראטעוועט, יוויל איך בין גלייך אריינגעקומען צו משה'ן אין צימער און איהם געבעטען דאס אויב מען וועט פאר איהם אוועקשטעלען צוויי שיסלען, זאל ער פריהרע אנריהרען די הייסע קויהלען.

— אה, האסטו עס איהם געראטעוועט! — האט די פרינצעסין גענומען קושען מרים'ן — אה, מרים, ווי דאנקבאר איך בין צו דיר, דו וועסט פון יעצט אן צו מיר ווי א שוועסטער זיין פעררעכענט. איך בין גליקליך צו וויסען אז משה האט עס געטהאן נישט ווייל ער האט קיין שכל נישט געהאט, נאר ווייל דו האסט איהם אזוי אנגעזאגט... יא, מיין ליעבער משה ווייס אויך ווי צו האלטען א סוד. טאגער האט דאך חושד געווען אז אימיצער האט איהם דערפון געלאזט וויסען און משה'ן געפרעגט, אבער משה האט געזאגט: "ניין"!

— יעצט דארפען מיר נאך מעהר פארזיכטיג זיין, — האט בתיה זיך אפגערופען צו מרים'ן און נעהמענדיג משה'ן אויף איהר שויס, האט זי איהם וויעדער געקושט.

— דו ביזט א זעהר קלוג קינד! — האט זי צו איהם געזאגט — דו האסט געפאלגט וואס מען האט דיר אנגעזאגט. יא, — האט זי זיך וויעדער געווענדעט צו מרים'ן — ווירקליך האט א נס פאסירט, מיין פאטער איז איינגעפאלען צו שיקען יתרו'ן בריינגען די גאלד און די קויהלען און יתרו האט גראדע דיך באגעגנט, און דו האסט איהם געווארנט...

— עס ט־ט־טוט מ־מ־מיר וועה! האט משה אנגעוויזען אויף זיין צונג.

— דאס ארימע קינד! — האט בתיה זיך אפגערופען — ער האט גוט צוברענט זיין צונג.

— ווער ווייס צו ער וועט שוין אויף שטענדיג ניט בלייבען א שטאמלער? — האט מרים געזאגט מיט זארג.

— איך וועל רופען די רופאים און זי הן אויב זיי קענען פאר איהם עפעס טהאן! — האט די פרינצעסין געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — ער האט נאך גענוג יסורים פון דעם...

א ווײלע שפעטער זיינען געקומען צוויי רופאים און האבען בעטראכט משה'ס צונג און געזאגט צו דער פרינצעסין:

— מיר קענען איהם געבען א זאלב צו פערגרינגערען זיינע שמערצען, אבער מיר האבען מורא אז ער וועט שוין בלייבען א שטאמלער אויף שטענדיג. ווען ער וועט עלטער ווערען, וועט זיך זיין אויסשפראך פיליייכט עטוואס פערבעסערען אבער אין גאנצען אויסקורירען וועט זיין אונמעגליך.

ווען די רופאים זיינען אוועק, האבען זיי ביידע, בתיה און מרים זיך פארנאנדערגעוויינט.

— ער וועט שוין אזוי בלייבען א שטאמלער! — האט די פרינצעסין אויסגערופען.

— דאך דארפסטו זיך שעצען גליקליך וואס ער איז אין גאנצען לעבען געבליבען — האט איהר מרים געטרייסט.

## זיבעטער קאפיטעל
## יתרו אין מדין

באטש צייטווייליג האט יתרו געהאט א נצחון איבער זיין שונא טאגער, האט ער אבער געוואוסט אז טאגער וועט יעצט נאך מעהר זעהן צו זוכען אויף איהם "חטאים", און ווער ווייס אויב ער וועט פריהער אדער שפעטער נישט אויסגעפינען אז משה איז געראטעוועט געווארען דורך איהם, און דאן וועט דאך מעגליך זיין, אז פרעה וועט איהם דערפאר שטארק בעשטראפען.

יתרו האט דעריבער בעשלאסען צו פערלאזען מצרים און זיך בעזעצען אין זיין געבורטס לאנד, מדין, ווי ער האט שוין לאנג געפלאנעוועט. ער איז געווען זיכער ווען ער וועט דערצעהלען שרה'ן, אז ער איז געצוואונגען צו פערלאזען מצרים, וועט זי פאר איהם מעהר קיין שוועריגקייטען נישט מאכען.

ער האט אפגעווארט ווען מרים וועט ארויסקומען פון פאלאץ, און ווען ער האט איהר דערזעהן, איז ער צו איהר צוגעלאפען:

— מרים! — האט ער זיך צו איהר אפגערופען — איך וויל דיך בעטען דו זאלסט אריבערגעהן צו שרה'ן און איהר זאגען אז איך מוז זיך מיט איהר זעהן וואס גיכער. איך האב בעשלאסען צו פערלאזען מצרים.

— דו וועסט טאקע פערלאזען מצרים? — האט מרים אויסגערופען — אה, וואס פאר א גוטען פריינד מיין פאלק און מיר אלע וועלען אין דיר פערלירען.

— מיין לעבען איז שטענדיג אין סכנה. טאגער גראבט... און ווען פרעה וועט עפעס אויסגעפינען, דאן וועט שוין פאר מיר זיין צו שפעט... און א חוץ דעם זעה איך דאך אז מיינע רייד ווירקען נישט אויף דעם קעניג, דיינע ברידער ווערען וואס ווייטער אלץ מעהר געפייניגט, און איך בין הילפלאז. און אויב שרה וועט איינשטימען וועל איך מיט איהר הייראטען און צוזאמען וועלען מיר אפרייזען נאך מדין.

— און וואס וועסטו טהאן, אז זי וועט נישט וועלען פערלאזען איהר משפחה? — האט איהם מרים געפרעגט.

— דאן וועל איך פערלאזען מצרים מיט א צובראכען הארץ און געמיטה. איך וועל וואנדערען פון לאנד צו לאנד און איך וועל קיין מנוחה נישט געפינען ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען... יא, מצרים וועל איך אבער מוזען פערלאזען.

— גוט — האט מרים געזאגט — איך וועל נאך היינט זיין ביי שרה'ן און זיך מיט איהר דורכריידען. איך אליין וועל איהר צוריידען דערצו. דו קענסט זיך אויף מיר פערלאזען. איך האף אז יעצט, ווען זי וועט זעהן אז דיין לעבען איז אין סכנה, וועט זי שוין איינשטימען.

— איך דאנק דיר, מרים! — האט יתרו איהר געזאגט — איך וועל דיין טובה קיינמאל נישט פארגעסען.

— און ווען זאל זי זיך מיט דיר טרעפען? — האט איהם מרים געפרעגט.

—זאל זי זיך טרעפען מיט מיר מארגען גאנץ פריה אויף דעם זעלבען פלאץ ווי אימער — האט יתרו געזאגט.

דעם זעלבען אבענד דאיז שוין מרים געווען אין דברי'ס הויז און איבערגעגעבען שרה'ן יתרו'ס ווערטער.

— דו מוזט טהאן זיין פערלאנג — האט זי צוגעגעבען — ער טאר מעהר זיין רייזע נישט אפלייגען, און אויב דו האסט איהם ליעב, דארפסטו אויך בריינגען א קרבן און מיט איהם מיטפאהרען.

— מרים, דארף איך דיר דען דערצעהלען, ווי ליעב איך האב יתרו'ן? אבער ווען איך נעהם זיך א טראכט טהאן אז איך וועל זיך אויף עוויג דארפען שיידען מיט מיינע ליעבע עלטערען, מיט מיין שוועסטער און מיט דיר, מיין בעסטע פריינדין, דאן קען איך צו קיין באשלוס נישט קומען.

— אבער מיין טאכטער! — האט שרה'ס מוטער זיך אפגערופען — דו זעהסט דאך אז עס איז פאר אונז אונמעגליך מיט אייך מיטצופאהרען. דער קעניג האט דאך יתרו'ן ענטזאגט, און וואס וועט אונז שוין ארויסקומען, ווען דו וועסט אויך מיט אונז מיטליידען...

שפעט ביינאכט, ווען דברי האט זיך אומגעקעהרט פון דער ארבייט, האט מען וויעדער וועגען דעם גערעדט, און ער מיט זיין פרוי און שולמית האבען גענומען איינ'טענה'ן מיט שרה'ן אז אויף מארגען ווען זי וועט זיך געהן זעהן מיט יתרו'ן, זאל זי איינשטימען מיט איהם חתונה צו האבען.

— מיין קינד! — האט דברי געזאגט

צו איהר, מיר שאצען אַלע אָפּ דיין איבערגעבענהייט צו אונז, און ווען דיין קרבן וואָס דו רעכענסט צו בריינגען פאַר אונז, וואָלט אונז ווי ווינציג געהאָלפען, וואָלט פּיעלייכט געווען אין דעם א זין, יעצט אָבער, וועסטו אונזער לאַגע אויף א האָר נישט פאַרבעסערען און דו וועסט דערצו דיין לעבען און דעם לעבען פון יתרו'ן אומגליקליך מאַכען. דעריבער בעט איך דיר מיין טאָכטער, פאָלג מיר און דיין מוטער און שטים איין צו יתרו'ס פערלאַנג. אפשר וועט נאָך גאָט געבען און מיר וועלען זיך נאָך קענען זעהן און טרעפען איינע די אנדערע גליקליכער ווי יעצט.

— גוט! — האָט שרה ענדליך צוגעשטימט — איך וועל טהאָן אייער פערלאַנג, און זאָל אונז גאָט אַלעמען העלפען.

— אויב אזוי — האָט דברי געזאָגט, זאָלסטו איינלאַדען יתרו'ן צו אונז אין הויז. יעצט אז ער האַלט אַלץ איינס ביים פערלאָזען מצרים, האָט ער דאָך נישט וואָס מורא צו האָבען פאַר טאַגער'ן און זיינע איבעריגע שונאים. זאָל ער קומען מאָרגען ביינאַכט און מיר וועלען זיך אַלע דורכריידען וועגען די ווייטערדיגע פּלענער.

— יאָ, מיין טאָכטער, מיר וועלען זיך דאַרפען מיט איהם בעראַטען וואָס צו טהאָן מיט שולמית'ן. קאַדמאַר לאָזט איהר נישט צורוה, און מיר אַלע שרעקען זיך פאַר טרויעריגע פאָלגען — האָט די מוטער זיך אָפּגערופען.

— מיך אַרט נישט וואָס פאַר א פאָלגען עס וועלען אַרויסקומען! — האָט שולמית זיך אָפּגערופען. אָבער ווען קאַדמאַר וועט נאָך אַמאָל קומען צו אונז אין הויז און וועט מיר וועלען בעלעסטיגען, וועל איך איהם פון דאַנען אַרויסטרייבען — איך בין שוין מיעד פון איהם... איך בין געצוואונגען איהם שטענדיג צו ווייזען א פריינדליכע מינע.

— מיין שוועסטער! דו דאַרפסט דאָך אָבער אויך א טראַכט טהאָן פון אונזער פאָטער! — האָט שרה זיך צו איהר אָפּגערופען — דו ווייסט דאָך, אז אויב דו וועסט קאַדמאַר'ן אזוי בעהאַנדלען, וועט ער זיין גאַנצען כעס אויסלאָזען אויף דעם פאָטער! פערגעס נישט, אז דער פאָטער איז אונטער זיין אויפזיכט.

— אָבער וואָס קען שוין זיין ערגער ווי עס איז! — האָט שולמית אויסגערופען — אַרבייט דען נישט אונזער פאָטער שווער, וועט ער איהם קענען ערגער מאַכען?

— מיין טאָכטער! — האָט דברי זיך אָפּגערופען צו שולמית'ן. וועגען מיר זאָלסטו זיך נישט זאָרגען! קאַדמאַר קען מיר ווירקליך שוין ערגער נישט מאַכען... אָבער אויב דו וועסט פון איהם קענען פּטור ווערען אויף א בעסערען אופן וואָלט איך דיר געראַטען צו האָבען אַביסעל מעהר געדולד מיט איהם... ווייל ער קען זיך נאָך אָפּרעכענען מיט דיר!

— איך האָב פאַר איהם קיין מורא נישט! האָט שולמית זיך אָפּגערופען — איך האַס איהם ווי דעם טויט, און יעדעם מאָל ווען ער קומט צו מיר און פאַנגט זיך אָן צו ערקלעהרען אין ליעבע צו מיר, וואָלט איך דאַן בעסער געוואָלט זיין טויט...

— וועלען מיר זיך טאַקע מאָרגען ביינאַכט אַלע בעראַטהען מיט יתרו'ן— האָט זיך די מוטער אַריינגעמישט.

— אָבער קאַדמאַר האָט מיר געזאָגט אז ער וועט מאָרגען בייטאָג קומען מיר צו בעזוכען און איך וועל איהם דאַרפען געבען מיין ענדגילטיגע תשובה.

— וועסטו איהם הייסען קומען מיט עטליכע טעג שפּעטער! — האָט דברי געזאָגט — דו וועסט שוין פאַר איהם געפינען אן אויסרייד און דערווייל וועלען מיר זיך בעראַטהען מיט יתרו'ן וואָס צו טהאָן.

שרה האָט זיך אויף דעם צווייטען טאָג געטראָפען מיט יתרו'ן אויף דעם בעשטימטען פּלאַץ און איהם איבערגעגעבען איהר בעשלוס.

א גליקליכע פריידע האָט יתרו'ן אַרומגענומען ווען ער האָט דערהערט איהרע ווערטער, ער האָט איהר געקושט און

געזאָגט איך האָף אז דו וועסט זיין אויך גליקליך מיט מיר, און אפשר וועט נאָך אמאָל מעגליך זיין אז דיינע ברידער וועלען בעפרייט ווערען פון מצרים, דאן וועט אונזער שמחה פערפולט ווערען.

— מיינע עלטערען פערלאַנגען אז דו זאָלסט היינט אין אבענד אונז אָפּשטאַטען א בעזוך — האָט שרה איהם געזאָגט — ווייל זיי האָבען מיט דיר וועגען וויכטיגע זאכען צו ריידען, גלויבסטו יתרו. אז דיר וועט מעגליך זיין צו קומען צו אונז...

— יעצט אז איך וועל באלד פערלאַזען מצרים, האָב איך ניט וואָס מורא צו האָבען צו קומען אין גשן — האָט יתרו געענטפערט — איך וועל בעשטימט זיין היינט אין אבענד אין דיין הויז און דאָרטען וועלען מיר מאכען אלע פלענער פאר אונזער חתונה און פאר אונזער רייזע נאָך מדין.

יתרו איז געווען אזוי גליקליך אז זיין געליעבטע שרה האָט ענדליך צוגעשטימט צו זייער הייראט און צוזאמען מיט איהם צו פערלאַזען מצרים, אז ער איז באלד אוועק צו פּרעה'ן און איהם געבעטען ער זאָל איהם בעפרייען פון זיינע פליכטען.

— ווילסטו פערלאַזען מצרים אויף אימער? — האָט איהם פּרעה געפרעגט.

— מעגליך אז די געטער וועלען מיר העלפען און איך וועל זיך צוריקקעהרען, אבער איך האָב זיך שטארק פערביינקט נאָך מיין משפחה אין מדין, און א חוץ דעם איז דאָרט מיין רייכטהום זעהר גרויס, עס איז שוין צו לאַנג פערנאַכלעסיגט געוואָרען.

— גוט — האָט פּרעה געזאָגט — אויב דאָס איז דיין שטארקער וואונש, ערלויב איך דיר דאָס צו טהאָן, ווייל איך שאַץ אָפּ אלעס וואָס דו האָסט געטהאָן פאר מיין לאַנד, ווען דו האָסט געקעמפט צוזאמען מיט מיר געגען די חתים.

טאָגער איז געווען גאַנץ צופרידען וואָס יתרו פערלאָזט מצרים, ער איז פון שטענדיג אָן געווען צו איהם ווי א דאָרן אין זיינע אויגען, יתרו פלעגט פיעלע פון זיינע פלענער צושטערען, יעצט אז ער וועט פערלאַזען מצרים, וועט ער זיך א סך פרייער פיהלען... ער וועט קענען נאָך מעהר דריקען די קינדער פון ישראל עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל זיי פערטיידיגען פאר פּרעה'ן.

אין אבענד, ווען עס איז שוין גוט פינסטער געוואָרען, איז יתרו אוועק נאָך גשן... ער איז אריינגעקומען אין דברי'ס הויז, וואו אלע האָבען שוין אויף איהם מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט.

א גרויסע פרייד האָט געהערשט אין הויז ווען יתרו איז אהין אריינגעקומען. ווייל עטליכע יאָהר זיינען פאַראיבער און יתרו איז ניט ערלויבט געווען צו בעזוכען גשן.

שרה, שלומית און זייער מוטער האָבען צוגעגרייט א מאָהלצייט און יעצט האָבען אלע געוואַרט אויף דברי'ן ער זאָל זיך אומקעהרען פון דער ארבייט. אלע האָבען אויסגעמיטען צו ריידען וועגען א וויכטיגע זאך אָהן דעם הויפּט פון דער משפּחה.

ווען דברי איז געקומען האָבען זיי זיך אלע געזעצט ביים טיש און דברי האָט זיך אָפּגערופען:

— יתרו, מיר אלע זיינען דיר זעהר דאנקבאר פאר דעם וואָס דו האָסט זיך פאר אונז בעמיהט... מיר, די ישראלים, ווייסען גאַנץ גוט אז דו ביזט געווען אונזער איינציגער גוטער פריינד און אונז שטענדיג געזוכט צו בעשיצען פון די פיעלע שרעקליכע צרות וואָס דיא מצריים לייגען אויף אונז ארויף.

— אָבער מיט מיין גאַנצער שתדלנות, האָב איך גאָר ניט אויסגעפיהרט — האָט יתרו מיט אומעט געזאָגט — אייערע שונאים זיינען געווען פיעל מעכטיגער פון מיר און פּרעה איז מעהר בעאיינפלוסט געוואָרען דורך זייערע רייד ווי דורך מיינע... פיעלע מאָהל ווייס איך אז איך האָב נאָך ערגער געמאכט.

— אונזער גאָט, אָבער פעררעכענט א גוטע מחשבה אזוי גוט ווי א טהאט — האָט דברי געזאָגט — און זאָל דיר דעריבער אונזער גאָט שיקען זיין ברכה

פון הימעל דו זאָלסט גליקליך זיין מיט מיין טאָכטער אין דיין געבורטסלאַנד.

— איך דאַנק דיר זעהר, דברי! — האָט יתרו איהם געענטפערט — איך וועל וויסען ווי אָפּצושאַצען דיין טאָכ־טער, שרה'ן וועלכע גיסט מיר פאַר מיין פרוי — איך האָב וועגען דעם געטרוימט פאַר די לעצטע צעהן יאָהר און יעצט ווערט מיין טרוים פערווירקליכט.

— מיר וועלען טאַקע נאָך היינט פּראַווען אייער חתונה! — האָט דברי זיך אָפּגערופען — איך וועל שיקען שלומית'ן זי זאָל רופען עמרם'ן און נאָך איינינע פון אונזערע נאָהענטסטע פריינד און דו וועסט מקדש זיין שרה'ן לויט אונזער דין.

שלומית איז אַוועק רופען עמרם'ן און דברי האָט ווייטער געזאָגט:

— יעצט, יתרו, וואָלט איך ביי דיר געוואָלט פרעגען אן עצה, וועגען מיין אינגערע טאָכטער שלומית, פיליכט וועסטו מיר קענען ראַטהען און ארויס־נעהמען שלומית'ן פון א צרה.

— אויב עס וועט נאָר זיין אין מיין מעגליכקייט וועל איך דאָס געוויס טהאָן! — האָט יתרו געזאָגט.

— איבער מיר און איבער נאָך ארום א הונדערט פון מיינע ברידער האָט טאָ־געמאַסטער בעשטימט דעם בעזאָמטען קאַדמאַר, וועלכער איז אזא רשע ווי ער אליין. עס פלעגט זיך מאַכען אז קאַדמאַר פלעגט אריינקומען אין מיין הויז צו זעהען, אז איך זאָל זיך צו איילען צו דער ארבייט. האָט ער דערזעהען מיין אינגערע טאָכ־טער, זינט דאַן הערט ער ניט אויף צו קומען און איהר בעלעסטיגען. שלומית האַסט איהם אזוי שטאַרק, און זי האָט זיך דאָ ניט לאַנג אויסגעשפּראָכען אז זי וואָלט בעסער געשטאָרבען איידער צו געהערען צו איהם. יעצט זיינען מיר אַלע פערצווייפעלט און מיר וויסען ניט וואָס צו טהאָן... אויב שלומית וועט איהם פון זיך פערטרייבען וועט ער זיכער זוכען נקמה צו נעהמען פון איהר. ער וועט זיך אויך אָפּרעכענען מיט מיר, אָבער פאַר מיר בין איך שוין ניט אזוי שטאַרק בעזאָרגט... איך בין זעהר אומ־רוהיג וועגען שלומית'ן ער זאָל איהר קיין שלעכטס ניט טהאָן.

— די איינציגע עצה וואָס איך קען דיר געבען, איז אז שלומית זאָל גלייך חתונה האָבען דאַן וועט קאַדמאַר איהר קיין שלעכטעס ניט קענען טהאָן, ווייל לויט די געזעצען אין מצרים, איז די שטראָף זעהר גרויס ווען א מאַן זוכט זיך צו פערטשעפּען צו א פרוי וועלכע איז פערהייראַט צו א צווייטען. און אויב קאַדמאַר וועט זוכען איהר צו בעלעסטי־גען אויך דאַן, וועסטו האָבען פאָלקאָם רעכט איהם צו פערקלאָגען פאַר'ן גע־ריכט, און דאַן וועט ער נאָך מעגליך אויך פערלירען זיין אַמט.

דברי האָט א ווייל א טראַכט גע־טהאָן און שרה האָט זיך אָפּגערופען:

— איך ווייס פאָטער אז דאָס וועט גאָר ניט זיין גאַנץ שווער צו טהאָן, ווייל איך פון שבט בנימין האָט ליעב שלומית'ן, אָבער מיין שוועסטער האָט דערפון ניט געוואָלט טראַכטען כל זמן איך בין ניט געווען פערהייראַט, און יעצט, גלויב איך אז עס וואָלט געווען זעהר גוט ווען איך וואָלט געגאַנגען רו־פען אדר'ן און איהם איינגעלאַדען צו מיין חתונה, פיליכט וועט עמרם זיי ביידען אויך התונה מאַכען.

— ביזטו זיכער, מיין טאָכטער, אז שלומית ליעבט איהם? — האָט די מו־טער איהר געפרעגט — צו מיר האָט זי קיינמאָל וועגען דעם ניט גערעדט.

— אָבער איך ווייס אז שלומית טראַכט פון אדר'ן זעהר פיעל — האָט שרה געזאָגט מיט א לייכטען שמייכעל.

— און ווי אַלט איז ער? — האָט דברי א פרעג געטהאָן.

— ער איז אַכטצעהן יאָהר אַלט — האָט שרה געזאָגט — ער האָט נאָך צוויי יאָהר צייט ביז וואַנען די מצריים וועלען איהם זוכען צו פערשקלאַפען, און ווער ווייס, אפשר נאָך די צוויי יאָהר וועט קומען די ישועה אויף אלע אידען און מיר וועלען אויסגעלייזט ווע־רען פון גלות מצרים.

— אויב אזוי מיין טאַכטער, קענסטו איהם געהעז רופען! — האט דברי צו איהר געזאָגט — איך האָף אז דו וועסט שוין וויסען ווי צו איהם צו ריידען אום ניט צו פערשעהמען דיין שוועסטער.

— מיין שרה איז זעהר קלוג! — האט יתרו זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל — און איך בין זיכער אז זי וועט זיין ערפאָלגרייך.

שרה איז גלייך אוועק צו אדר'ן אין הויז. ווען אדר האט איהר דערזעהען, איז זיין פנים בעדעקט געוואָרען מיט א רויטקייט.

— דו וועסט מיר ענטשולדיגען וואָס איך קום דיר שטערען — האט שרה זיך פערענטפערט — אָבער איך געה באלד הייראטען יתרו'ן און מיר לאדען איין די בעסטע פריינד פון אונזער משפחה, און אזוי ווי איך ווייס אז דו ביזט אויך איינער פון אונזערע גוטע פריינד, דעריבער איז אונזער אלעמענס וואונש דו זאָלסט זיך אויך בעטהייליגען אין אונזער שמחה. און אויב עס איז פאר דיר ניט צו שווער זאָלסטו באלד קומען צו אונז.

— אָה, שרה, ווי דאנקבאר איך בין צו דיר! — האט אדר אויסגערופען — אויף דיזען כבוד האב איך זיך קיינמאָל ניט גערעכט, דו אליין זאָלסט מיר געהן רופען!... מיין שמחה איז נאָך גרעסער דערמיט וואָס איך ווייס אז שלומית האט פעראורזאכט איך זאָל יעצט איינגעלאדען ווערען צו אייך אין הויז...

— און דו טראכסט פון מיין שוועסטער? — האט איהם שרה געפרעגט.

— איך טראכט פון איהר טאָג און נאכט, איך האב זי זעהר ליעב אָבער איך ווייס ניט פארוואָס זי האט אלעמאָל אָפּגעלעגט איהר ענטפער צו מיר.

— דאס איז געוועז ווייל איך, איהר עלטערע שוועסטער, בין נאָך ניט געווען פערהייראט אָבער באלד וועט זי שוין אין גאנצען פריי זיין דיר צו געבען א צופרידענשטעלענדע תשובה.

אדר'ס אויגען האָבען אויפגעלויכטען פון גליק.

— איך וועל גלייך מוזען געהן אנזאָגען מיין מוטער! — האט ער אויסגערופען מיט פרייד, מיין מוטער האט שלומית'ן זעהר ליעב און זי וועט זיין צופרידען צו וויסען אז שלומית טראכט פון מיר.

— אויב עס וועט ניט זיין צו שווער פאר דיין מוטער צו קומען, וואָלט איך איהר אויך איינגעלאדען... ווייל עס איז דאָך אוממעגליך פאראויסצוזאָגען וואָס אין אונזער הויז קען היינט ביי נאכט פאָרקומען... האט שרה געזאָגט מיט א שמייכעל — דו ליבסט שלומית'ן און זי ליעבט דיך און עמרם וועט זיין דער מסדר קדושין צווישען מיר און יתרו'ן, קען דאָך געמאָלט זיין אז אין דערזעלבער צייט זאָל עמרם אויך אייך ביידען פערבינדען.

— הלואי זאָל עס אזוי פאָרקומען ווי דו זאָגסט! — האט אדר זיך אָפּגערופען מיט א גליקליכען שמייכעל — איך געה גלייך אנזאָגען מיין מוטער!

— גוט האט שרה געזאָגט — איך וועל איצט געהן אהיים, און מיר וועלען דיך ערווארטען מיט דיין מוטער.

ווען שרה האט זיך אומגעקעהרט, האט זי שוין געטראָפען אין הויז איהר שוועסטער, עמרם'ן יכבד און מרים'ן.

— דו ווייסט ווער עס וועט באלד קומען אהער? — האט שרה אָפּגערופען שלומית'ן אהן א זייט.

שלומית האט איהר אָנגעקוקט.

— ניין, איך ווייס ניט!

— באלד וועט אהער קומען אדר און זיין מוטער!

— אדר און זיין מוטער!! — האט שלומית אויסגערופען — און איהר פנים איז רויט געוואָרען.

— יאָ, מיין ליעבע שוועסטער, דו וואַרפסט דאָך פון מיר ניט פערלייקענען, דו האָסט אדר'ן ליעב און זיין ליעבע צו דיר איז אזוי שטארק, אז ער וואָלט אלעס געטהאָן אום דיין הארץ צו געווינען... און איך בין יעצט געוועז אין

זיין הויז און איהם פערזענליך איינגעלאדען ער זאל קומען מיט זיין מוטער צו מיין חתונה.

— אבער, שרה! ווי אזוי האסטו עס געקענט טהאן אזא זאך?!

— מיין שוועסטער דו ווייסט דאך אז קיין שלעכטע כונות האב איך דא ניט געהאט, איך גלויב אז איך קען יעצט מיט דיר ריידען גאנץ אפען: ווען דו ביזט אוועק איינלאדען עמרם'ן האט זיך דער פאטער דורכגערעדט מיט יתרו'ן וועגען דיר. ער האט איהם דערצעהלט ווי אזוי קאדמאר בעלעסטיגט דיר, און איהם געפרעגט אן עצה וואס צו טהאן. יתרו האט געראטהען אז דו זאלסט וואס שנעלער חתונה האבען, וויל אלס פערהייראטע פרוי, וועט קאדמאר דיך ניט וואגען צו בעלעסטיגען, און אזוי ווי איך ווייס אז דו האסט אדר'ן ליעב האב איך בעשלאסען איהם איינצולאדען און אויב דו וועסט ניט זיין דאגעגען, וועלען מיר פראווען צוויי חתונות היינטיגען אבענד... פערשטעהסטו מיר, מיין שוועסטער, אין איניגע טעג ארום, וועל איך דאך אפרייזען מיט יתרו'ן פון דאנען, און גאט ווייס אויב איך וועל דיך שוין ווען עס איז זעהן.

— אבער פון וואנען ווייסטו, שרה, אז אדר וועט ניט זיין דאגעגען?

— ניט נאר וועט ער ניט זיין דאגעגען. אבער דיין צושטימונג דערצו וועט איהם מאכען פאר דעם גליקליכסטען פון גאנץ גשן.

— מיין ליעבע שוועסטער — איז שלומית איהר ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז און גענומען קושען — דו ביזט דאך אזוי גוט און נאבעל, דיין גאנצען לעבען טראכסטו נאר ווי גליקליך צו מאכען אנדערע...

— קען איך שוין פאר אלעמען ערקלעהרען אז היינט ביינאכט וועט אויך פארקומען דיין חתונה מיט אדר'ן? — האט שרה איהר געפרעגט.

— ווארט ביז וואנען אדר וועט קומען, פילייכט וועט ער נאך חרטה האבען! — האט שלומית געזאגט מיט א שמייכעל.

— וועגען דעם ביז איך שוין גאר ניט בעזארגט! — האט שרה געענטפערט — איך מוז גלייך געהן אנזאגען אונזערע עלטערען וועגען דעם און מיר וועלען אלע זיין געגרייט דערצו.

אין א ווײלע ארום איז אנגעקומען אדר מיט זיין מוטער און מען האט זיי זעהר פיין אויפגענומען.

פאר אלע געסט האט דברי ערקלערט אז היינטיגען אבענד וועלען זיינע ביידע טעכטער, שרה און שלומית הייראטען. שרה וועט ווערען די פרוי פון יתרו, און שלומית — די פרוי פון אדר'ן.

— ווען זיין פאטער וואלט יעצט געלעבט?! — האט אדר'ס מוטער זיך אפגערופען צו דברי'ן און זיין פרוי מיט טרעהרען אין די אויגען, ווי גליקליך ער וואלט זיך יעצט געפיהלט — אבער די מצריים, די רשעים האבען זיין לעבען פערקירצט... אה וואס פאר א רשע יענער מצרישער בעאמטער איז געווען— האט זי געזיפצט — מען זאגט אז קאדמאר איז שוין ניט אזוי שלעכט.

— קיין בעסערען מזל מעג ער ניט האבען! — האט דברי געזאגט — אמת מען האט נאך ניט געהערט אז א איד זאל דורך זיינע הענד פערשמיסען ווערען אויף טויט, אבער ער טהוט אונז אן אנדערע געברענטע צרות...

— מען האט מיר איבערגעגעבען — האט אדר'ס מוטער זיך אפגערופען צו שלומית'עם מוטער — אז מען האט דיין אינגערע טאכטער געזעהען שפאצירענדיג מיט קאדמאר'ן... און מיר האט זיך שטארק געוואונדערט...

— דאס איז געווען דאן מיט עטליכע יאהר צוריק ווען יוכבד'ס זוהן איז געווען בעהאלטען אין אונזער הויז, און דאן האבען מיר אלע פלוצלונג בעמערקט ווי קאדמאר קומט אן, און מיר האבען זיך שטארק דערשראקען ער זאל ניט אויסגעפינען אז מיר בעהאלטען א קינד און נאכהער איהם אריינווארפען אין טייך, איז שלומית איהם ענטקעגען גע־

גאנגען און בכיון מיט איהם אוועקגעשפאצירט גאנץ ווייט פון הויז... יאָ, זינט דאן האָט ער ניט אויפגעהערט צו קומען און זיך מיט איהר געוואָלט זעהן, אָבער שלומית, האָט זיך אפילו אויף איהם ניט אומגעקוקט... זי האסט איהם, און זי האָט איהם ניט איינמאָל געזאָגט אז ער זאָל איהר אויפהערען צו בעלעסטיגען.

— און יעצט ווען מיין זוהן וועט הייראטען מיט דיין טאָכטער, גלויבסטו אז ער וועט אויפהערען איהר צו בעלעסטיגען? — האָט אדר'ס מוטער געפרעגט.

יתרו האָט אונז געזאָגט אז לויט'ן געזעץ טאָר קיין מצרי ניט בעלעסטיגען א פערהייראטע פרוי, און דו ווייסט דאָך אז יתרו אלס פרעה'ס מיניסטער ווייס גאנץ גוט די געזעצען פון לאנד.

— זאָל גאָט געבען אז זיי זאָלען ביידע גליקליך זיין! — האָט אדר'ס מוטער אויסגערופען — און ווען די צייט וועט קומען פאר מיין זוהן צו געהן טהאָן די שווערע ארבייט, פערשקלאָפט צו ווערען פאר מצרים, זאָל שוין דאן אויף אונז אלעמען אָנקומען גאָטעס הילף.

יענעם אָווענט האָט מען אין דברי'ס הויז געפראוועט צוויי חתונות. פריהער האָט עמרם דורכגעפיהרט די צערעמאָניעס פון דער חתונה פון יתרו'ן מיט שרה'ן, און נאָכהער — האָט ער פערהייראטעט שלומית'ן מיט אדר'ן.

א שטילער און בעשיידענער מאָלצייט איז געפראוועט געוואָרען אין דברי'ס הויז און ווי נאָר דער מאָרגענשטערען איז אויפגעגאנגען, האָט דברי אלעמען איבערגעלאָזען און איז אוועק צו זיין ארבייט.

איז זיעבען טעג ארום האָט יתרו און זיין פרוי שרה בערלאָזען מצרים און גערייזט נאָך מדין.

## אכטער קאפּיטעל
## א רוהע טאָג

יאָהרען זיינען אוועק און קאדמאר האָט נאָך אלץ נישט געקענט פארגעסען די שעהנע שולמית, וועגען וועמען ער איז געוועזען זיכער אז זי וועט געהערען צו איהם.

נאָר גלייך ווי ער האָט זיך דערוואוסט אז שולמית האָט חתונה געהאט מיט אדר'ן, האָט זיין כעס אין איהם געברענט נישט נאָר אויף דברי'ס משפחה נאָר אויך אויף אלע איבעריגע אידען וועלכע זיינען געווען אונטער זיין אויפזיכט. ער האָט דאן געשוואָרען ביי אלע געטער פון מצרים, אז ער וועט ניט רוהען ביז וואנען ער וועט זיך אָנזעטיגען מיט דער ליעבע פון שולמית'ן...

ווען די צייט א געקומען און שולמית'עס מאן איז פערשקלאָפט געוואָרען, האָט ער שוין אויסגעווירקט אז אדר זאָל אויך קומען אונטער זיין השגחה און יעדען פריהמאָרגען, ווי נאָר דער מאָרגענשטערען איז אויפגעגאנגען האָט שוין קאדמאר זיך געפונען ביי דער טיהר פון אדר'ס הויז, און ווען עס האָט אדר'ן עטוואָס ליינגער גענומען, האָט זיך קאדמאר, דער מצרי, אריינגעבראָכען אין זיין הויז און איהם פון בעט ארויסגעשלעפּט מיט גרוים רציחה. שולמית האָט שטילערהייט געוויינט און זיך גענומען בעטען ביי קאדמאר'ן ער זאָל איהר מאן אזוי פיעל נישט דריקען, אָבער קאדמאר האָט א שטשירע געטהאָן מיט זיינע צייהן און אויסגערופען:

— ער איז פויל, דיין מאן! אָבער ביי קאדמאר'ן וועט ער מוזען טהאָן אלע ארבייט און נישט שלאָפען ביז שפּעט.

קאדמאר האָט אָנגעוואָרפען א שרעק אויף אלע אידען וועלכע זיינען געווען פארשקלאָפט אונטער איהם. ער פלעגט זיי פייניגען אָהן א שיעור, ער פלעגט שטעהן מיט א בייטש, און ווען ער פלעגט בעמערקען ווי אימיצער שטעלט זיך אָפּ אָפּצוכאפּען זיין אטעם פלעגט ער איהם נעהמען אזוי שטארק שלאָגען ביז וואנען בלוט האָט גערונען.

ווען מען פלעגט איהם דערזעהן, פלעגען אלע זיך נעהמען פלייסיגער צו דער ארבייט... און ווען ער פלעגט זיך צוכאפּען צו איינעם שלאָגען, פלעגט ביי די איבעריגע אידען פערקוועטשען

דאָס האַרץ פון יסורים עס צוצוזעהן. יעדער איינער האָט דעם שלעכטען מצרי געשלאָגען אין האַרצען, און געבעטען גאָט ער זאָל איהם בעפרייען פון זיינע הענט.

מעהר פון אַלעמען האָט ער געפּייניגט דברי'ן שולמית'עס פאָטער, ווייל לויט ווי מען האָט איהם איבערגעגעבען, האָט דברי פאַראורזאַכט אז זיין טאָכטער זאָל הייראַטען מיט אדר'ן. און דעריבער פאַר יעדער קלייניגקייט האָט קאַדמאַר דברי'ן מערדערליך געשלאָגען.

טרויעריג, צובראָכען און אויסגעמאַטערט פלעגט זיך דברי צוריקקעהרען אהיים. און זיין אומעט איז אין זיין הויז נישט געמינערט געוואָרען, זיין פרוי פלעגט פאַרבלייבען אליין אין הויזדעם גאַנצען טאָג און פלעגט וויינען און קלאָגען אויף איהר שלעכטען מזל.

— אָה, ווי טרויעריג און ביטער עס איז! — פלעגט זיין פרוי נעהמען וויינען, ווען ער, דברי, פלעגט זיך צוריקקעהרען אהיים א מיעדער און צוואַוואונדעטער — ווי איך זעה, ביזטו שוין היינט ווידער געשלאָגען געוואָרען ביי דעם רשע.

— פאַר מיר אַרט מיר שוין נישט אזוי שטאַרק! — האָט דברי געזאָגט מיט א זיפץ. איך בין שוין אַלט, איך האָב שוין מיין לעבען אָפּגעלעבט. וויפיעל יאָהר קען איך זיך נאָך אזוי מוטשענען? אָבער מיין האַרץ בלוטיגט מיר פאַר אונזער איידים אדר און שולמית'ן... אָה, ווען איך זעה מיט מיינע אויגען ווי ער שלאָגט מערדערליך אדר'ן, ווי ער דריקט און פּייניגט איהם, דאַן ווינש איך אז איך וואָלט בעסער קיינמאָל נישט געבאָרען געוואָרען!...

ער האָט זיך קוים היינט דערשלעפּט צו זיין וואָהנונג... איך בין אליין אויך גוט אויסגעמאַטערט, און ווען מיר האָבען זיך אומגעקעהרט פון דער אַרבייט, האָב איך בעמערקט ווי שטאַרק אָפּגעשוואַכט אדר איז, אז איך האָב איהם מורא געהאַט איבערצולאָזען אליין, ער זאָל אויף'ן וועג נישט אומפאַלען. ער האָט זיך געשטאַרקט און בעמיהט אריינצוקומען אין הויז צו שולמית'ן מיט א שמייכעל.

— איך וויל איהר נישט מצער זיין — האָט ער מיר געזאָגט — אָבער היינט האָט מיר קאַדמאַר אזוי מערדערליך געשלאָגען אז איך בין זיכער דאָס זי וועט עס בעמערקען... ווען מיין שולמית וויינט איז עס ביי מיר ערגער ווי די ביילען וואָס קאַדמאַר מאַכט מיר!... יא, אזוי האָט ער זיך פאַר מיר היינט בעקלאָגט.

— צו וועמען קענען מיר זיך ווענדען אין דער צייט פון אונזערע צרות? — האָט זיך דברי'ס פרוי פאַרנאַנדערגעוויינט. דער יאָך ווערט נאָר אַלץ שווערער, די מצרים הערען נישט אויף אונז צו פּייניגען, און ווי עס ווייזט אויס, וועט קיין סוף צו אונזערע יסורים נישט נעהמען. איך זאָג דיר שוין, דברי, אז די קליינע עופה'לעך, וועמען די מצריים דערטרינקען אין טייך, זיינען א סך גליקליכער פון די וועלכע ווערען אויסבעהאַלטען און געראַטעוועט פון זייערע הענט... אָט נעהם אדר'ן, ווי גליקליך ער איז געווען אַלס קינד און דאַן אַלס יונגער מאַן... ווי גליקליך ער איז געווען ווען שולמית איז געוואָרען זיין פרוי. אָבער ווי לאַנג האָט זיין פרייד אָנגעהאַלטען? באַלד איז געקומען זיין צייט פאַרשקלאַפט צו ווערען. ער, אזוי ווי דו, און אנדערע צעהנדליגע טויזענדע, ווייסען נישט פון קיין רוה. שטענדיג זייט איהר אין איין מורא פאַר די מצרי'שע בעאַמטע, וועלכע אָהן שום אורזאַכע שלאָגען אייך מערדערליך. וואָס פאַר א ווערדע האָט א אידישעם לעבען ביי יענע רשעים...

— מיר טאָרען נישט זינדיגען מיט אונזערע ליפּען געגען גאָט! — האָט דברי געמאַכט א פאַרזוך איהר צו טרייסטען — ווי מיינע עלטערען האָבען מיר איבערגעגעבען האָט אונזער עלטער זיידע יוסף פאַרזיכערט, אז גאָט וועט זיך אָן אונז דערמאָהנען און וועט אונז אויסלייזען פון דעם גלות מצרים!

— ווער ווייסט ביז ווי לאַנג מיר וועלען נאָך דאַרפען אזוי ליידען, דברי?

— האָט זי געווישט איהרע טרעהרען — איך פיהל נאָך יעצט די ליידען שטאַרקער ווי פריהער, ווען שרה איז געווען אין הויז... און שולמית, זיי פלעגען מיר לאנג נישט לאָזען אומעטיג זיין... עפּעס האָט פאַר מיר דאַן די צוקונפט אויסגעקוק ׳ א סך העלער און ליכטיגער... איך האָב זיך שטענדיג געטרייסט, אז ווען עס וועט חלילה אויף אונז אָנקומען א צרה וועלען מיר זיך ווענדען צו יתרו׳ן און ער וועט אונז קומען צו הילף. יעצט, איז מיין ליעבע טאָכטער זעהר ווייט פון מיר... גאָט ווייס אויב איך וועל שוין ווען עס איז זוכה זיין זיך מיט איהר צו זעהן...

זאָל גאָט געבען אז זיי זאָלען ביידע זיין גליקליך וואו זיי זיינען — האָט דברי געזאָגט.

— נו, געוויס! הלואי וואָלט שולמית און אהרן אויך געקענט זיך פון דאַנען ארויסרייסען, ווי צופריעדען איך וואָלט געווען! אבער איך זאָג מעהר נישט, אז יעצט איז פאַר אונז די צוקונפט גאַנץ טונקעל... שרה און יתרו זיינען נישטאָ, שולמית און אהרן ליידען אזוי פיעל ווי מיר און אפשר נאָך מעהר. אויף וואָס קענען מיר יעצט האָפען?

— די ישועה פון גאָט קען קומען אין אן אויגענבליק! — האָט דברי זיך אָפּגערופען — אָט נעהם צום ביישפּיעל ווי אזוי עמרם׳ס זוהן, משה איז געראַטעוועט געוואָרען פון טויט. דוכט זיך איי, האָר האָט בלויז געפעהלט און ער זאָל געטויטעט ווערען, אבער דער ווילען פון גאָט איז געווען אז ער זאָל בלייבען לעבען, און ער האָט אריינגעגעבען פרעה׳ן א געדאַנק ארויסצושיקען יתרו׳ן נאָך די גאָלד און די ברענענדיגע קוילען, און דערווייל האָט גאָט געמאַכט אז יתרו זאָל בעגעגענען מרים׳ן... און אזוי דאַרפען מיר האָפען, אז גאָט וועט זיך איבער אונז מרחם זיין און ערפילען דעם צוזאָג, וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו אונזערע אור־עלטערען, אונז צוריקצוקעהרען צו אונזער לאַנד, כנען.

— ווען איך וואָלט בלויז וויסען וואָס שרה מאַכט און ווי אזוי עס לעבט זיך איהר דאָרט, אין דעם נייעם לאַנד צוזאַמען מיט יתרו׳ן, וואָלט איך זיך בערוהיגט! — האָט זי געזאָגט. יאָ, עס איז באַלד צעהן יאָהר ווי זיי זיינען אוועק, און מיר האָבען גאָר נישט געהערט פון זיי!

— יתרו געפינט זיך דאָך יעצט אין זיין געבורטסלאַנד, צווישען זיין אייגענער משפּחה, איך בין זיכער, אז אזא ליעבליך קינד ווי שרה איז, וועלען אלע פיין בעהאַנדלען און ליעב האָבען.

— מיר וואונדערט זיך אויב זי האָט יתרו׳ן געבאָרען קינדער? — האָט דברי׳ס פרוי ווייטער געזאָגט — דאָרטען האָבען זיי דאָך געוויס נישט וואָס מורא צו האָבען... די קליינע קינדער זייענען נישט אין געפאַהר ווי דאָ אין אונזער לאַנד!

— דו ווייסט וואָס איך האָב געהערט ריידענדיג? — האָט דברי איהר אריינגעפאַלען אין די רייד — מען זאָגט אז עס איז מעגליך, דאָס פרעה וועט אונז ערלויבען איין טאָג א וואָך זיך אָפּצורוהען!

— אָה, גאָט! הלואי וואָלט עס אמת געווען! — האָט זי אויסגערופען.

— אויב דאָס וועט אזוי זיין! — האָט דברי ווייטער געזאָגט — וועל איך האָבען א מעגליכקייט אין יענעם טאָג פון רוה, אוועקצוגעהן צו די טויערען פון מצרים, און זיך נאָכפרעגען אויף מענשען וועלכע קומען אָן פון מדין, פיעלייכט וועל איך פון זיי דערגעהן וועגען יתרו און שרה׳ן.

— אָה, ווען איך זאָל נאָר קענען קריגען א גערוס פון זיי, אז זיי לעבען און זיי זיינען גליקליך, וואָלט איך זיך גאַנץ גליקליך געשעצט! — האָט זי אויסגערופען.

— לאָמיר האָפען, אז פרעה וועט אונז דאָך געבען איין רוהע טאָג — האָט דברי איהר געטרייסט — און דאַן וועלען פיעלע זאַכען רעכט ווערען.

— מען האָט אויך גערעדט אז פרעה וועט מבטל מאַכען די גזרה צו דערטרינקען אין טייך ניי־געבאָרענע

אידישע זיהן, פון דעסטוועגען איז נאך די גזרה אלץ אין קראפט!

— נו, און וויפיעל קינדער, מיינסטו געלינגט זיי צו כאפען! — האט דברי געזאגט — גאט האט בעשאפען די רפואה פאר דער מכה, ער האט אונזער פאלק בעשאנקען מיט שכל, און מיר ווייסען זיך ווי אויסצוהיטען פון אונזערע אונטערדריקער. זעלטען ווען מען הערט אז די מצריים געפינען אויס וואו עס געפינט זיך א ניי־געבארען קינד. אונזערע אידען גיבען זיך שוין אן עצה! און וואס מעהר די מצריים ווילען זיך קליגען געגען אונז, אלץ ווינציגער ערפאלגרייך וועלען זיי זיין! און קאדמאר אליין וועט ענדליך מוזען צוגעבען זיין נידערלאגע. ער וועט מיר און אדר'ן פיעלייכט נאך מעהר פייניגען און זוכען אונז צו בעשטראפען, אבער זיין פערלאנג וועט קיינמאל נישט ערפילט ווערען.

— א ציטער געהט דורך מיין לייב, ווען איך הער קאדמאר'ס נאמען. אט יענער רשע, וועלכער איזדיעקוועט זיך איבער אזוי פיעל אידען, געהט ארום געזונט און שטארק און אומבאשטראפט — דיין כח זאל ער האבען. דאן וואלט ער פיעלייכט נישט געקענט אזוי שטארק וועה טהאן אנדערע.

— זיין טאג וועט קומען, גאט וועט איהם נישט שענקען פאר זיין רשעות! — האט דברי א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— דו ווייסט, דברי, איך וואלט וועלען יעצט אריבערגעהן צו שולמית'ן זעהן וואס אדר מאכט... איך בין שטארק בעאומרוהיגט וועגען איהם. דו נעהם ביים עפעס צו און רוה זיך אויס, און איך וועל אהין געהן.

— מיט דיין פלוצלונגען קומען אזוי שפעט, וועסטו נאך מעהר דערשרעקען שולמית'ן — האט דברי זיך אפגערופען — און דו ווייסט דאך, אז אדר וויל נישט דאס שולמית זאל זיך דערוויסען פון זיינע לײדען.

— דאך וועל איך נישט קענען רוהען ביז וואנען איך וועל אויסגעפינען וואס ער מאכט. איך וועל שוין געפינען א תירוץ פאר מיין יעצטיגען בעזוך.

זי האט געגעבען דברי'ן עסען און איז גלייך אוועק צו שולמית'ן.

— מוטער! — האט שולמית זיך פארנאנדערגעוויינט, ווען זי האט איהר דערזעהן — אה, מוטער, ווען דו וואלסט געוואוסט ווי קאדמאר האט היינט מיין מאן צושלאגען! ער קען קוים זיינע גליעדער בעוועגען. אה, נקמה וועל איך אן איהם נעהמען! מוטער, איך האב בעשלאסען צו טויטען קאדמאר'ן. אט מיט דיעזען האמער וועל איך זיין קאפ צושפאלטען. מארגען אין דער פריה וועט ער דאך געווים ווידער קומען און אנקלאפען אין מיין טיהר, איך וועל איהם אריינלאזען און איידער ער וועט צייט האבען זיך ארומצוזעהן, וועל איך איהם מיט דעם שווערען האמער איבער'ן קאפ דערלאנגען!

— וואס רעדסטו, מיין טאכטער! דו ווילסט אויף אונז אלעמען אן אומגליק ברייגנען? דו ווייסט וואס דאס וועט מיינען, אונזער גאנצער משפחה וועט בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט פאר אזא זאך! ניין, מיין טאכטער, שלאג זיך ארויס אזעלכע געדאנקען פון דיין קאפ! נקמה ליגט אין דער האנט פון גאט, און מיר טארען אין דער יעצטיגער צייט אפילו דערפון נישט טראכטען!

— אבער איך קען עס שוין מעהר נישט אריבערטראגען! — האט שולמית נאך שטארקער געוויינט — אה, הלואי וואלט איך בעסער נישט געבארען געוואוערען איידער צו ליידען אזוי פיעל יסורים. איך וועל דעם רוצח טויטען און מיר ארט נישט וואס מען וועט צו מיר נאכהער טהאן!

— שולמית! — האט די מוטער אויף איהר אנגעשריען — ווינציג צרות ליידעט אונזער פאלק, ווילסטו נאך ברייגנען א גרעסערען אומגליק אויף אונז אלעמען?

— דו מעגסט זיך בערוהיגען! — האט אדר זיך אפגערופען — שולמית רעדט יעצט פון כעס און אויפרעגונג.

אבער זי וועט אזא זאך נישט טהאן! זי ווייס אז דאס וועט קיין ישועה פאר מיר נישט בריינגען. ווען מיר זאלען קריגען אן אנדער אויפזעהער וועט ער זיין אזוי שלעכט, אויב נישט ערגער פון קאדמאר׳ן. איך האב שוין גערעדט מיט פיעלע אנדערע אידען און זייערע יסורים זיינען נישט קלענער פאר מיינע... מיר זיינען הילפלאז און מיר טארען אפילו נישט צולאזען דעם געדאנק פון נקמה!

— אבער גיב נאר א קוק וואס ער האט צו איהם געטהאן! — האט שולמית ארויפגעצויגען אדר׳ס ארבעל — זעה די בלויע סינאקעס און די וואונדען. מיין הארץ בלוטיגט אין מיר ווען איך קוק זיך צו וואס עס איז געווארען פון מיין ליעבען מאן! האט ער דען נישט פארדיענט דעם טויט פאר דעם?

— אמת, ער האט שוין לאנג פארדיענט דעם טויט, אבער נישט מיר זיינען דאס די, וועלכע דארפען זיין טויט־אורטייל דורכפיהרען — האט די מוטער געזאגט.

ווען דו וואלסט אבער געוואוסט, מוטער, אז קאדמאר קומט יעדען פריה־מארגען מיט אן אויסרייד אוועקצונעהמען אדר׳ן צו דער ארבייט, און אין דער זעלבער צייט בעלעסטיגט ער מיר מיט זיינע עקעלהאפטע רייד... דאן הויבט אן מיין בלוט צו זידען און מיר דוכט זיך אז איך וואלט איהם דאן אויף שטיקער צוריסען...

— איך ווייס נישט פאר וואס דו בעקלאגסט זיך נישט פאר די העכערע בעאמטע פאר זיין אויפפיהרונג! — האט די מוטער איהר געזאגט. דער געזעץ לויטעט, אז קיינער האט נישט קיין רעכט צו בעלעסטיגען א פערהייראטע פרוי.

— איך האב זיך שוין בעקלאגט, אבער זינט דאן איז נאך ערגער געווארען — האט שולמית געזאגט — ער האט געלייקענט פאר די בעאמטע, ער האט זיי געזאגט, אז ער קומט עס בלויז צו נעהמען אדר׳ן צו דער ארבייט. נו, עס פערשטעהט זיך, אז זיי האבען איהם גיכער געגלויבט.

— אה, ווען יתרו וואלט יעצט געווען, וואלטען מיר געקראגען עטוואס גערעכטיגקייט! — האט די מוטער א זיפץ געטהאן — דו ווייסט, שולמית, אפשר וואלט אדר אוועקגעגאנגען צו דער ארבייט איידער קאדמאר קומט, וואלט ער דאן שוין קיין אויסרייד נישט געהאט, צו קומען אין דעם הויז, אזוי האט דאך דיין פאטער געטהאן. ער פלעגט אוועקגעהן צו דער ארבייט ווען עס איז נאך פינסטער געווען און קאדמאר האט אויפגעהערט צו קומען צו אונז אין הויז.

— אבער אדר האט מורא אז ווען ער וועט אוועקגעהן איידער קאדמאר קומט, וועט׳ז נאכהער קאדמאר צוקומען און מיר שלעכטעס טהאן.

— ווייסטו וואס? — האט זיך די מוטער צו איהר אפגערופען — איך וועל מארגען אריבערגעהן צו יוכבד׳ן און איהר פון אלעם דערצעהלען. דו ווייסט דאך, אז מרים קומט גאנץ אפט בעזוכען די פרינצעסין. פיעלייכט וועט זי איהר דערצעהלען וואס דו ליידסט און מעגליך אז זי וועט דיר בעהילפיג זיין! די פרינצעסין האט זיך דאך מיט דיר אויך אמאל געקענט.

— זי האט מיר שוין לאנג פערגעסען זינט דאן! — האט שולמית אויסגערופען.

— פון דעסטוועגען וועט ניט שאדען, זיך צו ווענדען צו מרים׳ן. נאך אלעמען האבען מיר דאך איהר אויך פיעל ארויסגעהאלפען, ווען איהר ברודער איז געווען בעהאלטען אין אונזער הויז. יעצט זיינען מיר די איינציגע וועלכע טיילען זיך דעם סוד, אז משה איז יוכבד׳ס זוהן...

— אויב זיך שוין יא ווענדען צו דער פרינצעסין, וואלט געווען א סך בעסער צו בעטען אז פאר אלעמען זאל עטוואס גרינגער ווערען! — האט אדר זיך אפגערופען — איך בין דאך נישט דער איינציגער וואס ליידט!

אויף מארגען איז שולמית׳ס מוטער אוועק צו יוכבד׳ן און פאר איהר אויסגעגאסען איהר הארץ.

— דו מוזט זעהן צו העלפען מיין

טאָכטער, יוכבד! — האָט זי איהר געזאָגט — איהר לײדען זײנען אונערטרעגליך.

— דו װײסט דאָך אַז זינט יתרו האָט פערלאָזען מצרים, קען די פּרינצעסין גאָר נישט אױפטהאָן. טאָגער איז נאָך מעהר דערהױבען געװאָרען, און ער טוט װאָס ער װיל, אָבער איך האָף אַז מײן משה'ן װעט עפּעס געלינגען צו פּועל'ן בײם קעניג! — האָט יוכבד געזאָגט.

— װאָס, משה װײסט שױן װער ער איז, און פון װאַנען ער שטאַמט?

— שױן לאַנג אַז ער װײס, װי נאָר ער איז עלטער געװאָרען האָט מרים איהם אַלעס דערצעהלט. און װען דו װאָלסט געװאוסט װי זײן האַרץ בלוטיגט צוצוזעהן די צרות פון זײנע ברידער. ער איז אָבער זעהר קלוג, ער װײס מיט װעמען ער האָט צו טהאָן, און דיזיבער װען ער זוכט אױסצואװירקען בײ פּרעה'ן אַ טובה פאַר די אידען, מאַכט ער פּרעה'ן פיהלען, אַז דאָס מײנט ער נאָר די טובה פון מצרים. אַט צום בײשפּיעל, זוכט ער אױסצואװירקען אַז פּרעה זאָל געבען אײן רוהע טאָג אַ װאָך צו די אידען...

— אַה, יאַ, איך האָב אױך דערפון געהערט! — האָט שולמית'עס מוטער געזאָגט — איז עס גאָר דײן משה װעלכער איז זיך משתדל פאַר אונז?!

— געװיס! ער רוהט נישט ביז װאַנען איהם װעט געלינגען צו פערגרינגערען דעם יאָך פון זײנע ברידער. מיר דאַרפען נישט פערגעסען, אַז משה װערט פאַררעכענט פאַר אײנעם פון פּרעה'ס פּרינצען, און זײנס אַ פאַרשלאַג האָט אַ בעסערע געלעגענהײט אָנגענומען צו װערען.

— און װי אַזױ האָט משה פאַרגעשלאָגען אַזאַ זאַך פאַר פּרעה'ן, און ער האָט איהם נישט חושד געװען אַז זײן כונה איז גוטעס צו טהאָן צו די אידען?

— משה האָט מיר דערצעהלט װי אַזױ ער האָט עס געטהאָן — האָט יוכבד איהר געענטפערט — ער איז צוזאַמען מיט די אַנדערע פּרינצען אַװעק צו בעזוכען די צװײ שטעדט פּתום און רעמסס, און ער האָט צוגעזעהן װאָס דאָרטען איז אױפגעטהאָן געװאָרען, און װי אַזױ די אידען אַרבײטען שװער, און איהם האָט עס שטאַרק פאַרדריקט בײם האַרצען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, װיפיעל טעג אַ װאָך די אידען אַרבײטען, און װען מען האָט איהם געזאָגט אַז אַלע זיבען טעג, איז ער גלײך אַװעק צו פּרעה'ן און איהם פריהער פון אַלעם אָפּגעגעבען אַ בעריכט װעגען די װאונדערבאַרע בעפעסטיגטע שטעדט װאָס װערט געבױט אין פּתום און רעמסס, נאָכהער האָט ער זיך צו איהם אָפּגערופען:

— מעכטיגער קעניג! דו האָסט געטהאָן מיט גרױס חכמה װאָס דו האָסט אױסדערװעהלט די קינדער פון ישראל צו זײן דײנע שקלאַפען. קײנער קען זיך מיט זײ נישט פערגלײכען, הן אין זײער אַרבײט און הן אין זײער פלײס... אַזעלכע קנעכט דאַרף מען װיסען אָפּצוהיטען... עס װאָלט געװען פאַר דער טובה פון גאַנץ מצרים, אַז דיעזע שקלאַפען זאָלען אַרבײטען פאַר'ן לאַנד נאָך פיעלע יאָהרען.

— נו, געװיס האָף איך, אַז זײ װעלען פאַר מיר אַרבײטען נאָך פיעלע יאָהרען — האָט פּרעה צו איהם געזאָגט — דאָן האָט מײן זוהן זיך צו איהם אָפּגערופען:

— איך האָב מורא, אַז דאָס פאָלק װעט נאָר אין גיכען מוזען אין גאַנצען אונטערגעהן.

— פאַר װאָס?! — האָט איהם פּרעה געפרעגט פאַרװאונדערט. — װײל אַ מענש װעלכער אַרבײט יעדען טאָג אין װאָך, נישט נעהמענדיג קײן אײן אײנציגען רוהע טאָג, װערט אָפּגעשװאַכט און ער שטאַרבט פאַר זײן צײט. און אױב דו װעסט די ישראלים נישט געבען אײן רוהע טאָג אַ װאָך, װעט דאָס פאָלק אָפּגעשװאַכט װערען אומביסלעכװײז אױסשטאַרבען און דאָן װעסטו פערלירען אַ גאַנצעס פאָלק מיט שקלאַפען, װעלכע האָבען אַזױ פיעל נוצען געבראַכט פאַר אונזער לאַנד.

— און וואס האט פרעה איהם געזאגט אויף דעם?

— ווי עס ווייזט אויס, האבען די ווערטער פון מיין זוהן געמאכט א גרויסע ווירקונג אויף פרעה'ן. ער האט איהם געזאגט, אז ער וועט מעגליך בעשליסען צו געבען די אידען איין רוהע טאג א וואך.

— אבער דאן גלויבט זיך מיר קוים, אז פרעה וועט אזא זאך טהאן! — האט שולמית'עס מוטער געזאגט מיט א זיפץ — ער וועט זיך מסתמא פריהער בעראטען מיט טאגער'ן און מיט זיינע איבעריגע מיניסטארען און זיי וועלען איהם דערפון געווים אבשלאגען.

— מיר האט נאר וואס מרים געזאגט — האט יוכבד זיך אפגערופען — אז משה איז זיכער אז איהם האט געלונגען צו קריגען איין רוהע טאג פאר די אידען. מארגען, גלויב איך, וועט שוין דער געזעץ אריינגעהן אין קראפט און דאן וועט מען ערשט דארפען בעשטימען וועלכער טאג עס זאל אויסגעקליבען ווערען. אבער ווי משה האט מיר געזאגט, וועט ער אויסקלייבען דעם זיבעטען טאג, שבת, ווי אונזערע עלטערען האבען זיך נוהג געווען.

— אה, ווען דאס זאל דורכגעפיהרט ווערען, וואלט עס געווען א גליק פאר אונז אלעמען! די אידען וואלטען האבען אמווייניגסטען איין טאג אין וואך אפצוכאפען דעם אטעם. וועסטו מיר שיקען אנזאגען, ווייל דו קענסט זיך נישט פארשטעלען, וואס פאר א שמחה עס וועט זיין פאר דברי'ן און אדר'ן, ווען זיי וועלען וויסען, אז איין טאג א וואך וועלען זיי זיך קענען אויסרוהען.

— געווים וועל איך דיר שיקען אנזאגען! האט יוכבד איהר געזאגט — אלע אידען אין גשן וועלען עס גלייך וויסען דעם זעלבען טאג.

---

אויף דעם צווייטען טאג איז מרים געקומען אהיים אנזאגען די שמחה אז משה'ס פארשלאג האט פרעה אנגענומען און ער האט געהייסען משה'ן אויסקלייבען א רוהע טאג פאר די ישראלים.

— און וועלכען טאג האט משה אויסגעקליבען? — האט מרים איהר גלייך געפרעגט.

— עס פערשטעהט זיך, אז משה האט אויסגעקליבען דעם טאג פון שבת! — האט מרים א גליקליכע געענטפערט. פון יעצט אן וועלען אלע אידען קענען רוהען שבת אזוי ווי אונזערע עלטערען האבען זיך אויפגעפיהרט זינט די צייטען פון אברהם'ן...

— געלויבט איז גאט — האט יוכבד אויסגערופען מיט פרייד, יעצט, מרים, לויף גלייך אנזאגען אין דברי'ס הויז די שמחה, ווייל איך האב איהר פערשפראכען אז זי וועט זיין די ערשטע דאס צו וויסען.

מרים איז גלייך אהין אוועקגעגאנגען. דארט אויך געטראפען שלומית'ן און זי האט זיי איבערגעגעבען די נייעס.

א שמחה האט שלומית'ן מיט איהר מוטער ארומגענומען.

— נו יעצט זעהסטו מיין טאכטער, אז מיר טארען ניט פערלירען די האפנונג... אמווייניגסטען וועלען די מענער האבען איין טאג א וואך זיך אויסצורוהען און דיין פאטער וועט יעצט אויך האבען א געלעגענהייט צו געהן אויסגעפינען פיליייכט קומען אז אהער מענשען פון מדין וועלען מיר הערען א גרוס פון שרה'ן און פון יתרו'ן...

אין גאנץ גשן איז די פרייד געווארען זעהר גרויס ווען די נייעס האט זיך פערשפרייט אז אלע פערשקלאפטע אידען וועלען האבען איין רוהע טאג, יעדער האט אין דעם געזעהען אן אנפאנג פון דער גאולה. אלע האבען אין זייער הארצען געבענשט משה'ן די פרינצעסין'ס זוהן, ווען זיי האבען אויסגעפונען אז ער האט עס גע'פועל'ט ביי פרעה'ן צו קריגען א רוהע טאג פאר אלע אידען.

— ווי עס ווייזט אויס איז ער געבארען געווארען מיט א גוטע הארץ ניט אזוי ווי די איבעריגע מצריים — האבען די אידען צווישען זיך גערעדט ווען די גוטע נייעס האט דערגרייכט זייערע אויערען.

— ניט אומזיסט האָט ער געזויגעז די מילך פון אזא פרוי ווי יוכבד...

— מעז זאָגט אויך אז די פרינצעסין האָט אָנגעשטעלט מרים'ן אלס זיין ערציהעריז, און געווים האָט זי אויף איהם געהאט זעהר א גוטען איינפלוס.

— איך האָב געהערט זאָגענדיג אז דאָס קינד וואָס פּרעה'ס טאָכטער האָט געפונעז שטאמט פון אידען!

— דאָס האָסטו יעצט דערהערט?! ווער דען א שטייגער וואָלט געוועז געצוואונגען אונטערצואוואַרפען א קינד נעבען דעם טייך, א מצרי?!

— איז דאָך טאקע גאָר קיין וואונדער ניט אז ער נעהמט זיך אָן פאר די אידען!

— דער וואונדער איז, אז ער אליין וויים ניט דאָס ער שטאמט פון אידען, און דאָך ציהט איהם זיין הארץ צו אונז און זוכט צו טהאָן גוטעס מיט די אידען.

— דאָס איז ווייל ער איז א בעל יושר, מיט א ריינעם געוויסען, זיין הארץ איז נאָך ניט פער'סם'ט געוואָרען מיט די אומזיסטיגע שנאה וואָס די מצריים פלאנצען איין אין די הערצער פון זייערע קינדער צו אונז, אידען.

ווען עס איז געקומען דער ערשטער שבת און די אידען איז ערלויבט געוואָרען צו רוהען, איז צו זייער שמחה קיין גרעניץ ניט געווען... אלע האָבען זיך פערזאמעלט אין בעזונדערע פלעצער און געדאנקט און געלויבט גאָט פאר דעם חסד וואָס ער האָט מיט זיי געטהאָן. יעדעם הארץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט פרייד... מען איז געפאלען איינער דעם צווייטען אויף דעם האלז און געוויינט מיט טרעהרען פון שמחה.

אין דברי'ס הויז האָט מען קוים דערווארט זיך אויף דיעזען איינציגען רוהע טאָג פון דער וואָך. דברי איז גאנץ פריה אויפגעשטאנען און איז אוועק צו די טויערען פון מצרים און זיך נאָכגעפרעגט ביי די וועלכע קומען פון מדין. עס האָט איהם לאנג ניט גענומען און מען האָט איהם אָנגעוויזען אויף א קאראוואן וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען אין מצרים פון מדין.

דברי איז מיט שנעלע טריט צוגעגאנגען צו דעם הויפּט פון דעם קאראוואן און פערנייגענדיג זיך פאר איהם, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען קומסטו און דיינע ברידער אָן פון מדין.

— יאָ, מיין האר, מיר זיינען אלע פון מדין!

— קענסטו פיליייכט יתרו'ן? — האָט דברי איהם געפרעגט.

— יתרו'ן דעם זוהן פון רעואל? געווים קען איך איהם און ווער קען איהם ניט, ער איז דאָך יעצט דער הויפּט פּריסטער פון גאנץ מדין.

— איז פרידען צו איהם און צו זיין משפחה? — האָט דברי איהם איבערגעפרעגט.

— פריעדען איז צו זיי אלעמען! — האָט דער הויפּט פון קאראוואן זיך אָפּגערופען — יעצט זאָג מיר, פארוואָס פרעגסטו זיך נאָך אזוי וועגען יתרו'ן, ביזטו מיט איהם געוועז בעקאנט.

— יתרו איז מיין איידעם! — האָט דברי געזאָגט מיט שטאָלץ.

— אָה, יתרו'ס פרוי איז דיין טאָכטער! — האָט דער הויפּט זיך אָפּגערופען צו דברי'ן — דו מעגסט מיט זיכערקייט שטאָלץ זיין אויף דיין טאָכטער, זי איז שטארק בעליעבט ביי אלעמען.

— און וואָס מאכט מיין טאָכטער?

— האָט דברי מעהר ניט געקענט בעהערשען זיינע טרעהרען...

— פריעדען איז צו איהר! זי האָט געבוירען יתרו'ן זיעבען טעכטער זיינען אלע זעהר שעהן און געראָטען זיין עלטעסטע טאָכטער איז שוין ארום צוועלף יאָהר אלט, און אין גאנץ מדין איז אזא שעהנע מיידעל נאָך ניט געזעהען געוואָרען! יאָ, יתרו איז גאנץ רייך און שטארק בעליעבט ביי אלע איינוואוינער פון לאנד!

דברי האָט איהם נאָך פיעלע זאכען אויסגעפרעגט און איז א גליקליכער און צופריעדענער אוועק אהיים ער האָט דערצעהלט פאר זיין פרוי און פאר זיין טאָכטער שלומית דאָס וואָס ער האָט

נאר וואס געהערט וועגן שרה'ן.

— זיבען טעכטער — האט זי איהם געבוירען! געלויבט איז גאט. — האט דברי'ס פרוי אויסגערופען.

— יא, האט שלומית געזאגט מיט א שמייכעל — דארטען אין מדין האט זי געקענט האבען זיעבען זיהן און קיין זאך וואלט ניט געשאדט... דא, אין אונזער פינסטערען גלות ווערט ביי אונז יעצט א גרעסערע שמחה ווען א טאכטער ווערט געבוירען אנשטאט א זוהן!

— געלויבט איז גאט אז זי איז גליקליך — האט דברי געזאגט — ווי עס ווייזט אויס איז יתרו זעהר חשוב אין זיין לאנד... יא, ער איז דארט דער הויפט פריסטער.

פון דעסטוועגען קען איך זיך פארשטעלען ווי שרה פיהלט זיך, אז איהר מאן איז א הויפט פריסטער פון די געטער פון מדין — האט דברי'ס פרוי א זיפץ געטהאן. מיין קינד האט דאך ניט געקענט דולדען די געצען דינער.

— לויט ווי איך פערשטעה, איז יתרו'ס עובדא ניט אזוי צו בעדינען די געטער פון מדין ווי צו זיין דער ראטהגעבער פון זיין פאלק... אין יענער מדינה ווייזט אויס, איז דער הויפט פריעסטער אויך א מין הערשער איבער'ן לאנד. און דו מעגסט רוהיג זיין אז שרה וועט שוין זעהען צו ווירקען אויף יתרו'ן ער זאל איינגאנצען אויפגעבען די געטער.

גאנץ שנעל איז דער ערשטער רוהע טאג פערלאפען און די אידען האבען זיך אויף מארגען ווידער אנגעפאנגען אויפצושטעהען פריה צו געהן צו זייער שווערע ארבייט... און כאטש זייערע צרות און פיינונגען האבען ניט אויפגעהערט, האבען דאך אלע געפיהלט עטוואס גרינגער. ווען זיי האבען זיך דערמאהנט אז באלד וועלען די זעקס טעג פון שווערער ארבייט אריבערלויפען און זיי וועלען ווידער האבען איין רוהע טאג.

## ניינטער קאפיטעל
## משה'ס נקמה

**זעהר** גליקליך האט זיך משה געפיהלט, ווען איהם האט זיך איינגעגעבען צו פועל'ן ביי פרעה'ן עטוואס צו פערגרינגערען די לאגע פון זיינע ברידער. זיין לאגישע איבערצייגונג האט געבראכט פרוכט... פרעה איז איהם אפילו ניט חושד אז ער האט עס געטהאן מיט א כיוון צו העלפען זיינע פעראומגליקטע ברידער.

שוין עטליכע יאהר אז משה האט אויסגעפונען ווער ער איז און פון וואנען ער שטאמט, ווען ער איז בלויז צעהן יאהר אלט געוועזן האט איהם מרים אלעס דערצעהלט... יענעם טאג וועט ער קיינמאל ניט פערגעסען! ביז יענעם טאג איז ביי איהם גאר קיין צווייפעל ניט געוועזן אז די פרינצעסין איז זיין מוטער, האט זי דען איהם ניט אזוי ליעב געהאט ווי אן אייגען קינד? און אפילו דער קעניג אליין און די איבעריגע אין פאלאץ האבען איהם ליעב געהאט... און איהם נאכגעגעבען אלע זיינע פערלאנגען, מרים, זיין ערציהערין האט צו איהם אויך ביז דאן קיינמאל ניט גערעדט וועגען זיין אפשטאמונג...

אבער איין מאל, ווען ער האט זיך געשפילט מיט די איבעריגע פרינצען אין הויף פון פאלאץ... ער האט מיט זיי געהאט א וועט געלויף און אזוי ווי ער איז געוועזן פלינקער פון זיי האט ער אימער דעם וועט געוואונען, דאס האט די אנדערע פרינצען שטארק אויפגעבראכט... און זיי האבען זיך אנגעהויבען צו קריגען, ביז וואנען עס האט אויסגעבראכען א געשלעג... משה איז געוועזן גאנץ שטארק, האט ער זיינע געגנער גוט אנגעקלאפט.

— דו מיינסט אז איך ווייס ניט ווער דו ביזט — האט זיך איינער פון דיא פרינצען אפגערופען צו משה'ן — איך ווייס אז מיין שוועסטער בתיה האט דיך געפונען אן אונטערגעווארפענעם ביים טייך נילוס... דו ביזט געוויס א זוהן פון א אידישען שקלאף! און דו מיינסט געוויס אז דו ביזט פון זעלבען יחוס ווי מיר זיינען!

משה האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, דאס איז דאס ערשטע מאל

וואס ער הערט אזעלכע ווערטער. זאגט ער דאס א ליגען, כדי איהם צו דערצארענען, אדער פיליכט איז עס טאקע א אמת...

— און דיין פנים איז אזוי פערשווארצט! — האט משה איהם גלייך דאן געענטפערט — אז דיר האט דיין מוטער זיכער געפונען אין מיסט?

— איך וואלט שוין גלייבער געוואלט געפונען ווערען אין מיסט, איידער צו זיין א זוהן פון א אידישען שקלאף!

משה האט איהם מעהר ניט געענטפערט... עפעס האט איהם אין זיין הארצען א ציה געטהאן... ער איז דעם גאנצען טאג זעהר אומעטיג און פערטראכט, און אין אבענד ווען בתיה האט איהם דערזעהען און געפרעגט פארוואס ער איז אזוי אומעטיג האט זיך משה פונאנדערגעוויינט.

בתיה האט איהם געדריקט צום הארצען איהם געקושט און געהאלזט:

— זאג דאך מיר מיין קינד, וואס האט פאסירט, וואס האט דיר געמאכט אזוי שלעכט צו פיהלען?

— מוטער איז דאס אמת, אז איך שטאם פון דעם אידישען פאלק, און אז דו האסט מיר געפונען ביים טייך נילוס?

— ווער האט עס דיר געזאגט אזא ליגען! — האט בתיה אויסגערופען מיט כעס.

— מענעפטא! — האט זיך משה פונאנדערגעכליפעט.

— גלויב איהם ניט וואס ער זאגט דיר, ער איז דיר מקנא וואס דו קוקסט אויס שעהנער פון איהם און ביזט אויך קליגער און פעהיגער פון איהם!

— יא, ער איז אויף מיר געווארען אין כעס ווייל איך האב געוואונען א לויף געוועט מיט איהם!

— זעהסטו שוין אז איך בין גערעכט, ער איז דיר מקנא...

— אבער ער וועט דאך ניט אויסקלערען אויף מיר אז איך בין געפונען געווארען ביים טייך נילוס! — האט משה ווידער אמאל געפרעגט.

— ווען ער וועט אויסגעפינען אז דו נעהמסט זיך פון זיינע רייד צום הארצען וועט ער דיר אלע מאל זוכען צו דערצארענען מיט זיינע נארישע ווערטער אבער דו ביזט דאך א קלוג קינד דארפסטו זיך צו איהם ניט צוהערען און ניט שענקען קיין אויפמערקזאמקייט צו זיינע נארישע רייד!

משה איז ניט געבליבען צופרידענשטעלענד מיט דעם ענטפער פון זיין מוטער, און ער האט ביי זיך בעשלאסען אז דעם נעקסטען מאל ווען ער וועט זיין אליין מיט מרים'ן וועט ער איהר אויספרעגען וועגען אלעם. זי וועט איהם זיכער דערצעהלען דעם אמת!

אין איניגע טעג ארום איז מרים געקומען אין פאלאץ צו דער פרינצעסין, און אויך פערבראכט מיט משה'ן, וועלכער איז שוין דאן געווען א היבשער אינגעל.

משה האט אפגעווארט ווען ער איז פערבליבען אליין מיט מרים'ן און צו איהר גלייך צוגעגאנגען און זיך אפגערופען:

— מרים, דו האסט מיר פילע וואונדערשעהנע געשיכטעס דערצעהלט, דו האסט מיר דערצעהלט פון דער אפשטאמונג פון דאס פאלק ישראל, און פון זיינע אבות אבער מיר האסטו קיינמאל נישט דערצעהלט פון מיין אפשטאמונג.

— וואס רעדסטו, משה?! — איז מרים אויפגעשפרונגען פון איהר פלאץ —וואס קען איך דיר דערצעהלען דערפון!?

— דו מיינסט מרים אז איך בין נאך אלץ א קליין קינד. איך ווייס אז מיין מוטער האט מיר געפונען אין א קעסטעלע ביים ברעג טייך!

— ווער האט עס דיר אזא זאך דערצעהלט? — איז מרים'ס ערשטוינונג נאך גרעסער געווארען.

— מאנעפטא, מיין אנקעל האט עס מיר דערצעהלט.

— מאנעפטא?!

— יע, מאנעפטא, ווען ער איז אויף מיר אין כעס געווארען האט ער דאס מיר דערצעהלט, ער האט מיר אויך געזאגט אז איך בין געווים א זוהן פי־

א אידישען שקלאַף! אָה, מרים, זאג מיר איז דאס אמת וואס מענעפטא האט מיר געזאגט?

— משה! — האט מרים אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען—איך האב דיר זעהר פיעל צו דערצעהלען און מיט דיר צו ריידען. איך האב שוין לאנג עס געוואלט טהאָן אבער איך האב מורא געהאט אז דו ביזט נאָך צו יונג און דו וועסט נישט וויסען ווי אזוי צו האלטען דעם סוד!

— מרים! דערצעהל מיר אלעס וואס דו ווייסט וועגען מיר! — האט משה אויסגערופען—איך וויל וויסען אויב מענעפטא האט מיר געזאגט דעם אמת. בין איך טאקע א זוהן פון אן אידישען שקלאַף?!

— אמת, דו ביזט א זוהן פון אידישע עלטערן, אבער דיינע עלטערן זיינען נישט קיין שקלאפען. יע, און אפילו ווען דיינע עלטערן וואלטען געווען שקלאפען וואלט עס אויך קיין שאנדע נישט געווען... זיי זיינען דאָך דערצו געצוואונגען געוואָרען.

— און ווייסטו ווער מיינע עלטערן זיינען געווען? — האט משה מיט ניי־געריגקייט איהר געפרעגט.

— יע, משה, איך קען דיינע עלטערן זעהר גוט.

— זאג מיר, מרים, איך בעט דיר ווער זיינען זיי? — איז משה צוגעגאנגען גאַנץ נאָהענט צו איהר.

— מיינע עלטערן זיינען אויך דיינע עלטערן! — האט מרים אויסגערופען און גענומען משה'ן האלזען און קושען. משה האט איהר אנגעקוקט פערוואונדערט.

— איך ווייס, מרים, אז איך האב ביי דיין מוטער געזויגען, אבער...

— זעץ זיך משה נעבען מיר און איך וועל דיר אלעס דערצעהלען. אבער געדענק אז קיינער טאָר דערפון נישט וויסען, אפילו נישט די נאָבעלע פרינצעסין וועלכע איז פערערכענט אלס דיין מוטער.

— איך וועל קיינעם נישט דערצעהלען, מרים, דו קענסט זיך אויף מיר פערלאזען. געדענקסט נישט, ווען איך בין נאָך גאָר א קליין קינד געווען און דו האסט מיר אנגעזאגט אנצוריהרען די גליהענדע קוילען אנשטאט די גאָלד האב איך דען וועמען עס איז דערצעהלט אז דו האסט עס מיר געהייסען טהאָן?

— יע, משה, איך ווייס אז איך קען זיך אויף דיר פערלאָזען.—האט מרים אויסגערופען.—יעצט קען איך דיר זאגען אז דו ביזט מיין אמת'ער ברודער... דו ביזט א זוהן צו מיין פאטער און מוטער אזוי ווי איך בין זייער טאָכטער און אזוי ווי אהרן איז זייער זוהן. ווען מיין מוטער האט דיר געבוירען, איז דאן די גזרה צו דערטרינקען אלע ניי־געבוירענע קינדער געווען זעהר גרויס און מיר האבען זיך בעמיהט דיר אויסצובעהאלטען ווי ווייט מעגליך... און ווען מיר האבען דיר שוין מעהר נישט געקענט אויסבעהאלטען האבען מיר בעשלאָסען דיך אוועקצולייגען אין א קליין קעסטעלע ביים ברעג טייך, און איך וועל פון ווייטען אכטונג געבען עס זאל מיט דיר קיין שלעכטס נישט פאסירען דעם גאַנצען טאָג, און ווען עס וועט ווערען פינסטער, האב איך גערעכענט דיך צוריקצוברייגען צו אונז אין הויז, ווייל ביינאכט איז די סכנה נישט געווען אזוי גרויס. די מצריים פלעגען קומען זוכען אין אידישע הייזער בלויז בייטאג.

— און ווי אזוי האָט מיר מיין מוטער, איך מיין פרעה'ס טאָכטער מיר געפונען? — האט איהר משה געפרעגט.

— דאס האט אונזער גאָט א נס געמאכט... מיין הארץ האט אין מיר אזוי געשראקען, ווען אימיצער פון די מצריים וואלטען דיר געפונען, וואלסטו שוין יעצט נישט געווען צווישען די לעבעדיגע... זיי וואלטען דיך גלייך אין טייך אריינגעווארפען... אבער עס איז געווען בעשערט אז דו זאלסט לעבען.... האט גאָט געמאכט אז יענער טאג זאל זיין זעהר הייס, און די פרינצעסין איז געקומען צום ברעג טייך זיך באדען, גראדע אין זי צוגעקומען צו דעם פלאץ וואו די קעסטעלע איז געווען און זי האט מיר דארטען געפונען... זי די נאָבעלע

פרינצעסין האט דיך ליעב בעקומען פון דער ערשטער רגע ווי זי האט דיך דערזעהען... דו האסט דאן ביטער געוויינט.

דו ביזט געווען הונגעריג... איך האב זיך געמאכט ווי איך בין צופעליג פערביי געגאנגען און ווען איך האב געזעהען אז די פרינצעסין האלט א וויינענדיגען קינד אויף איהרע הענט, האב איך פארגעשלאָגען צו ברייגנען א פרוי וועלכע זאל דיר אנזויגען... די פרינצעסין איז געווען זעהר צופרידען דערפון און איך בין גלייך אוועק און געבראכט דיין מוטער און אזוי האט דיר דיין אייגענע מוטער געזויגען און אויפגעהאָדעוועט. אבער קיינער וויים דערפון נישט. די פרינצעסין האט נאָך אונזער מוטער זעהר גוט בעלוינט דערפאר... און יעצט משה דארפסטו זעהן זי זאל זיך גאָרנישט דערוויסען פון דעם, דו דארפסט איהר רופען "מוטער" אזוי ווי פריהער און קיינער טאָר נישט וויסען אז איך בין דיין שוועסטער. ווייל אזוי וועסטו קענען זעהר פיעל אויפטהאָן פאר דיינע אומגליקליכע ברידער וועלכע זיינען אזוי געשטיקט און געדריקט אונטער דעם שווערען יאָך פון מצרים.

— מרים! איך בין זעהר גליקליך צו וויסען אז איך שטאם פון דעם וואונדערבארען פאָלק, ישראל, און איך שווער אז ווען איך וועל עלטער ווערען וועל איך טהאָן אלעס מעגליכעס צו העלפען מיינע ארימע ברידער.

— יעצט, משה, אז דו ווייסט שוין ווער דו ביזט, וועסטו זעהן פועל'ן, אז די פרינצעסין זאָל דיר ערלויבען צו קומען באזוכען אונזער הויז אין גשן... זי וועט קיין זאך ניט פארדעכטיגען, זי וויים, אז דו ביזט שטארק צוגעבונדען צו מיין מוטער, וועלכע האָט דיך געזויגען, און זי וועט דיר געווים ערלויבען איהר צו באזוכען.

זינט דאן איז דער קליינער משה געווארען א גאַנץ אנדער קינד. ער האָט זיך אויפגעהערט צו שפּילען מיט זיינע פריינד. ער פלעגט טאָג און נאכט טראכטען וועגען זיינע ברידער, די ישראלים, ווי אזוי ער זאָל קענען פארלייכטערן זייערע שווערע ליידען. ער פלעגט אָפט באזוכען זיינע עלטערן אין גשן, צו וועמען ער איז נאָך שטארקער צוגעבונדען געוואָרען. און ווען עטליכע יאָהר נאָכדעם זיינען פאָראיבער און איהם האָט זיך איינגעגעבען אויסצווירקען ביי פרעה'ן איין רוהע טאָג פאר זיינע ברידער, איז ער געווען העכסט גליקליך...

---

אזוי זיינען נאָך איניגע יאָהר פארבייגעלאָפען און דער שווערער יאָך פון די פארשקלאפטע אידען איז אויף א האָר ניט געמינערט געוואָרען, כאָטש זיי האָבען איין טאָג א וואָך גערוהט, האָבען זיי אָבער געארבייט אזוי שווער און ביטער די גאַנצע זעקס טאָג, אז זיי פלעגען קוים קענען אָפּכאַפּען דעם אָטהעם... דערצו נאָך האָבען די מצרישע בעאמטע שוידערליך באהאנדעלט די אידען. און וועה איז געווען צו יענעם אויף וועמען א בעאמטער האָט געהאט א כעס... יענעם פלעגען די רשעים אזוי פארמוטשען ביז וואנען ער פלעגט פאלען אונטער זייערע הענט.

קאדמאר'ס שנאה צו דברי'ן און צו אדר'ן האט זיך נאָך מעהר פארשטארקט, זינט מען האָט איהם פאר'מסר'ט פאר די שופטים, אז ער זוכט צו באלעסטיגען א פארהייראטע פרוי, און ווען ער איז באפרייט געוואָרען פון דער קלאגע, ווייל די שופטים האָבען איהם גיכער געגלויבט, ווען ער האָט זיי ערקלעהרט, אז דער צוועק פון זיין באזוך אין אדר'ס הויז איז צוליעב דעם וואָס אדר פארשפעטיגט צו קומען צו דער ארבייט, זינט דאן איז זיין חוצפה נאָך גרעסער געוואָרען... יעצט, אז ער האָט שוין מעהר ניט מורא געהאט, אז מען וועט איהם אָנקלאָגען פאר די שופטים, האָט ער באשלאָסען, אז ער וועט איין מאָל פאר אלע מאָל זיך אָפּרעכענען מיט דברי'ס גאנצער משפחה און באפרידיגען זיין תאוה מיט דער שעהנער שולמית...

קאדמאר׳ס גרויזאמקייט איז געוואַ־רען גרעסער פון טאג צו טאג... פאר יע־דער קליינינקייט פלעגט ער באפאלען דברי׳ן און איהם מערדערליך שלאגען... עס פלעגט זיך מאכען, אז דברי האט זיך געפיהלט גאנץ שלאף און ער האט א טאג ניט געקענט אויסקנעטען די באַ־שטימטע צאהל ציגעל, דאן האט קאד־מאר איהם געצוואונגען אויך צו ארביי־טען ביי נאכט... ער פלעגט איהם ניט לאזען געהן אפילו איבערנעכטיגען אהיים... דברי׳ס כחות זיינען אפּגע־שוואכט געווארען פון טאג צו טאג... דברי׳ס פרוי האט געזעהן ווי איהר מאן פאלט איין. ער קען זיך קוים שלעפען אויף זיינע פיס. האט זי באשלאסען אליין אוועקצוגעהן צו קאדמאר׳ן און איהם בעטען ער זאל רחמנות האבען אויף איהר מאן, ער זאל איהם ערלויי־בען זיך אויסצורוהען עטליכע טעג. זי איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה און אי־בערלאזענדיג איהר מאן אין דער היים, איז זי אוועק צו קאדמאר׳ן. זי איז גע־פאלען צו זיינע פיס און מיט ביטע־רע טרעהרען זיך ביי איהם געבעטען ער זאל פארגרינגערען איהר מאן׳ס לאגע.

— מאכען גרינגער פאר דיין מאן!

— האט קאדמאר אויסגעשטשירעט זיי־נע צייהן און זיך הילכיג פאנאנדערגע־לאכט. — איך וועל איהם פארמוטשען ביז צום טויט! איך וועל זיך מיט איהם אפּרעכענען... איך ווייס, אז ער האט פאראורזאכט, אז דיין טאכטער שולמית זאל ניט געהערען צו מיר! ניט נאר וועל איך זיך אפּרעכענען מיט איהם, אבער אויך מיט שולמית׳עס מאן אדר׳ן, איך וועל איהם אויך צייגען מיין מעכ־טיגע האנד... איך וועל איהם צוטרעטען ווי א ווארעם אונטער מיינע פיס.

— איך בעט דיך, מיין האר! — האט דברי׳ס פרוי ניט אויפגעהערט צו וויי־נען. — ערלויב איהם זיך בלויז אויס־צורוהען פאר איין טאג. איך האף, אז מארגען וועט מיין מאן פיהלען בעסער און ער וועט ווידער קענען טהאן זיין ארבייט אזוי ווי פריהער...

— אומזיסט זיינען דיינע רייד! — האט קאדמאר איהר א שטויס געטהאן — דו בעסער געה ג...יים און זאג אז דיין מאן ער זאל גלייך קומען צו דער ארבייט, אויב ניט, וועט מען איהם מיט געוואלט פון זיין בעט ארויסשלעפען.

מיט וואקלענדע טריט האט זיך דברי׳ס פרוי צוריקגעקעהרט אהיים, און ווען זי האט דערזעהן ווי איהר אויסגע־מוטשעטער מאן ליגט אזוי הילפלאז אין בעט, און ער קען זיך ניט ריהרען פון זיין פלאץ, האט זי אויסגעבראכען אין א יאמערליכען געוויין.

— וואס האט דיר קאדמאר געזאגט?

— האט איהר דברי געפרעגט מיט א שוואכע שטימע.

— ער האט געזאגט, אז דו מוזט גלייך קומען צו דער ארבייט.

— האסטו איהם געזאגט, אז איך פיהל זיך שוואך און קען קוים באוועגען מיינע גלידער?

— וואס ארט דיזען רשע, וואס דו ביזט שוואך — האט זי נאך העכער גע־וויינט — ער האט קיין ברעקעל רחמנות ניט אין זיין הארץ. ער טראגט אויף דיר א שטארקע שנאה, ווייל ער ווייס, אז דו האסט ניט געוואלט דאס אונזער טאכטער שולמית זאל געהערען צו איהם. ער האט מיר נאך געסטראשעט, אז ער וועט זיך מיט אונז אלעמען אפּרעכענען, און אויב דו וועסט באלד ניט קומען צו דער ארבייט וועט מען קומען און מיט געוואלט דיך ארויסנעהמען פון בעט.

— איך געה! — האט דברי געזאגט און זיך באמיהט אויפצושטעלען פון בעט.

— א, ניין, ניין! — האט זיין פרוי איהם צוגעהאלטען, — איך וועל ניט דערלאזען, אז דו זאלסט געהן יעצט צו דיין שווערער ארבייט, ווען דו ביזט אזוי קראנק און שוואך! ביז מיין לעצטען טראפּען בלוט וועל איך קעמפּפען און זיי ניט לאזען דיר שלעכטעס צו טהאן.

— ווייסטו דען ניט, אז דערמיט וועסטו ערגער מאכען? — האט דברי

געזאָגט — קאדמאר וועט זיין כעס אויסלאָזען צו אונז אַלעמען, און דאן זיינען מיר פארלאָרענע.

— ווייסטו גאָר וואָס, דברי, איך וועל אריבערגעהן צו שולמית'ן און איהר בעטען זי זאָל געהן צו קאדמאר'ן, פּיליכט וועט זי קענען אויף איהם ווירקען.

— ניין, טהו עס ניט! — האָט דברי אויסגערופען — איך וועל בעסער געהן א קראנקער צו דער ארבייט... גאָט וועט מיר געבען כח... אבער שולמית דארף צו איהם ניט געהן. פארוואָס זאָלסטו דעם רשע געבען א געלעגענהייט! אָט וועל איך זיך אויפהויבען און געהן.

דברי האָט געמאכט א צווייטען פּאַרזוך זיך אויפצוהויבען פון זיין בעט, אבער ער איז באַלד אנידערגעפאַלען צוריק.

— זעהסטו דען ניט ווי שוואך דו ביזט? — האָט זי ווידער אויסגעבראָכען אין א געוויין — דו קענסט זיך פון אָרט ניט ריהרען. דו ביזט אזוי מיעד. ער וועט ניט האָבען קיין רעכט דיך צו נעהמען צו דער ארבייט, ווען דו ביזט קראנק!

— א סך וועט קאדמאר'ן אארען ווי איך וועל פיהלען — האָט דברי געקרעכצט — אויב ער וועט אויסגעפינען, אז איך בין היינט צו דער ארבייט ניט געקומען, וועט לאנג ניט דויערען, און ער וועט, אָדער אליין קומען, אָדער שיקען זיינע שלוחים, און זיי וועלען מיך פון דאנען מיט געוואַלט ארויספיהרען... אָט וועל איך שוין גלייכער אליין געהן.

— ניין, דו וועסט היינטיגען טאָג בלייבען אין הויז! — איך וועל זיך דורכריידען מיט שולמית'ן און הערען וואָס זי וועט מיר ראטהען — האָט זי געזאָגט, און שנעל א־ויס פון הויז.

זי האָט איבערגעגעבען שולמית'ן וועגען איהר פאָטער'ס צושטאנד און זי האָט זיך אפּגערופען:

— דו מוזט געהן ראטעווען דיין פאָטער! איך בין געגאנגען בעטען קאדמאר'ן, אבער מיינע רייד האָבען אויף איהם קיין שום ווירקונג ניט געמאכט... ער האָט זיך פון מיר אויסגעלאכט און ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אז אויב דברי וועט ניט קומען ארבייטען, וועט ער שוין זעהן, אז מען זאָל איהם מיט געוואַלט ארויסשלעפּען פון זיין היים!

— ער האָט קיין רעכט ניט צו טהאָן אזא זאך! — האָט שולמית אויסגערופען — ער קען ניט צווינגען א קראנקען מענשען צו געהן ארבייטען!

— קאדמאר רעכענט זיך א סך אויב ער האָט רעכט צי ניט! מיר וועלען זיך דען מיט איהם געהן משפּט'ען שפּעטער? דערווייל איז דיין פאָטער'ס לעבען אין סכנה... און דו, מיין טאָכטער, ביזט די איינציגע, וועלכע קען איהם ראטעווען!

— ווי אזוי, מוטער?

— דו מוזט אריבערגעהן צו קאדמאר'ן און איהם בעטען ער זאָל רחמנות האָבען אויף דיין פאָטער... צו דיר וועט ער זיך צוהערען!

— אבער, מוטער, ווי אזוי קען איך טהאָן אזא זאך! דאָס וועט דאך מיינען איהם ווידער צו ערמוטיגען, און עס איז שוין פאראיבער א שטיקעל צייט און ער האָט מיך צורוה געלאָזען.

— איך ווייס ניט וואָס צו טהאָן? — האָט זי געבראָכען מיט איהרע הענט מיט פארצווייפלונג — עס איז מיר שלעכט אזוי און ביטער אזוי!

— איך געה! — האָט שולמית אויסגערופען — איך האָב פאר איהם קיין מורא ניט, איך מוז ראטעווען מיין פאָטער!

שולמית איז שנעל אוועק צו דעם פּלאַץ, וואו די אידישע שקלאפען האָבען געארבייט...

איהר הארץ האָט איהר שטארק דערקוועטשט, זעהענדיג ווי אזוי איהרע ברידער ווערען געפּייניגט. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף קאדמאר'ן, און ווען מען האָט איהר אָנגעצייג־ט אויף א געצעלט, וואָס איז געשטאנען ניט ווייט, איז זי אהין אוועק. זי האָט פון ווייטען באמערקט איהר מאן אדר'ן, זי האָט גע־

זעהן ווי דאָס שוויים גיסט זיך פון זיין פנים... אַט באַמערקט זי ווי צוויי געזונטע מצריים שלעפּען אַן אויסגעדאַרטען, אויסגעמוטשעטען אידען... זיי פיהרען איהם אריין אין קאַדמאַר'ס געצעלט... זי קומט עטוואָס נעהענטער... זי דערהערט האַרצרייסענדע געשרייען . . . קאַדמאַר'ס מגושם'דיגע הויכע שטימע... א ציטער געהט דורך איהר לייב... א ווײַלע שטעהט זי נעבען זיין געצעלט, באַלד באַמערקט זי ווי די זעלבע צוויי מצריים שלעפּען אַרויס דעם אידען א צובּיילטען, א צוקיילטען און א צובלוטיגטען...

קאַדמאַר געהט זיי נאָך און רופט זיך אָפּ:

— יעצט געהט צו דברי'ס הויז און ברייינגט איהם אהער... דער פוילענצער! ער וויל ניט ארבייטען, דעריבער האָט ער פריהער צו מיר געשיקט זיין פרוי מיך צו בעטען איך זאָל איהם באַפרייען פון ארבייט... אָבער ניין! קאַדמאַר'ן קען מען ניט אָפּנאַרען.

— איך בעט דיך, מיין האַר — איז שולמית צוגעלאָפען צו קאַדמאַר'ן — מיין פאָטער איז קראַנק, ער קען ניט קומען צו דער ארבייט... ערלויב דאָך איהם זיך אויסצורוהען עטליכע טעג!

— אה, דיין פאָטער האָט דיך יעצט געשיקט צו מיר! — האָט קאַדמאַר זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. — יעצט, אַז ער וויל זיך אַרויסדרעהען פון זיין ארבייט, שיקט ער דיך צו מיר!

— מיין פאָטער האָט מיך ניט געשיקט! — האָט שולמית אויסגערופען — איך קום צו דיר אויף מיין אייגען רעכענונג. מיין מוטער האָט מיר דערצעהלט, אַז מיין פאָטער ליגט א שלאַפער און קראַנקער אין בעט, און אויב ער וועט זיין געצוואונגען היינט צו קומען צו דער ארבייט, וועט עס זיין זעהר שעדליך פאַר איהם! איך בעט דיך, באַפעהל דיינע מענשען ניט צו געהן היינט אין מיין פאָטער'ס הויז!

— פאַרוואָס זאָל איך טהאָן דיין פאַרלאַנג? — האָט קאַדמאַר א שטשירע געטהאָן מיט זיינע צייהן — האָסטו ווען עס איז געטהאָן מיין פאַרלאַנג? ביזטו דען ניט געגאַנגען מיך פאַר'מסר'ן פאַר די שופטים? דו האָסט געמיינט, אַז די שופטים וועלען מיך זיכער באַשטראָפען... יעצט זעהסטו דאָך, אַז איך בין דערהויבען געוואָרען און קען טהאָן וואָס איך וויל און קיינער וועט ניט וואַגען מיר א וואָרט צו ריידען!

— איך וויל אָבער ריידען צו דיין מענשליכען געפיהל — האָט שולמית געזאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען — דו ווייסט דאָך אליין, אַז מיין פאָטער איז שוואַך און אַלט. ער קען שוין ניט אויפטהאָן אַזוי פיעל ארבייט ווי ער האָט געטהאָן אין די פריהערדיגע יאָהרען!... פונדעסטוועגען איז ער שטענדיג געקומען צו דער צייט און געטהאָן זיין פליכט, און איך בין זיכער, אַז ווען איהם וועט זיין ערלויבט זיך אויסצורוהען אייניגע טעג, וועט ער ווידער קענען טהאָן זיין ארבייט ווי פריהער.

קאַדמאַר האָט א וואונק געטהאָן צו די צוויי מצריים, וועלכע האָבען שוין אָנגעפאַנגען צו געהן דורכצופיהרען זיין שליחות, און זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט.

— איך דאַנק דיר, קאַדמאַר! — האָט שולמית אויסגערופען מיט טרעהרענדע אויגען — איך וועל דיין חסד קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

— דו מיינסט אודאי, אַז איך בין גערירט געוואָרען פון דיינע טרעהרען — האָט קאַדמאַר אויסגערופען — דו מאַכסט א טעות... אויב דו ווילסט איך זאָל מיינע מענשען ניט שיקען צו דיין פאָטער, דאַרפסטו עס פריהער ביי מיר פאַרדינען... קאַדמאַר האָט ליעב צו קריגען באַצאָהלט פאַר זיינע טובות...

— אָבער, מיין האַר, דו ווייסט דאָך ווי אָרעם איך בין... און מיין פאָטער האָט אויך ניט קיין גאָלד און זילבער.

— איך דאַרף ניט דיין געלד! — האָט קאַדמאַר אויסגערופען — קום אריין אין מיין געצעלט, און דאָרטען

וועל איך דיר זאָגן וואָס פאָר א באַלוינונג איך פארלאנג...

— אָח ניין, מיין האר! — האָט שולמית אנגעפא[illegible]גען צו ציטערען... — פארלאנג דאָס ניט פון מיר, איך בעט דיך!

— דאָס איז די איינציגע באַלוינונג וואָס דו קענסט מיר געבען! — האָט קאדמאר פארלייגט זיינע הענט אויף'ן הארצען, — און אויב דו וועסט באלד ניט אריינקומען אין מיין געצעלט, וועל איך מיינע מענשען הייסען גלייך געהן און ברענגען דיין פאָטער!

— דו וועסט עס ניט טהאָן! — האָט שולמית אויסגעבראָכען אין א געוויין — דו וועסט שטעלען מיין פאָטער'ס לעבען אין געפאהר!

— האָט דען דיין פאָטער זיך געקימערט פאר מיר? — האָט קאדמאר אויסגערופען מיט כעל — ווען איך האָב דיך געוואָלט פאר זיך נעהמען, איז ער אוועק און דיך פארהיידאט מיט איינעם פון די שקלאפען... יע, איך וועל זיי ביידע פייניגען אזוי לאנג ביז מיין דורשט פאר נקמה וועט זיך איינשטילען... יעצט גיב איך דיר די ברירה: אָדער דו וועסט אריינקומען צו מיר אין געצעלט, אָדער דיין פאָטער וועט דאָ באלד געבראכט ווערען!...

— זאָל גאָט זיך מיט דיר אָפּרעכענען, דו אומווירדיגער מאַן! — האָט שולמית מיט ביטערניס אויסגערופען — אונזער גאָט אין הימעל, וואָס זעהט אלעס צו, וועט דיר ניט שענקען פאר די אומשולדיגע בלוט, וואָס דו פארגיסט... דו ביזט א רוצח, א בלוט־זויגער! אָה, גאָט, ווי קענסטו צוזעהן אונזערע צרות? פארוואָס זאָלסטו לאָזען אזעלכע רשעים געוועלטיגען איבער אונז?!

— געהט און ברענגט דברי'ן צו מיר! אָבער שנעל! — האָט קאדמאר א באַפעהל געגעבען די צוויי מצריים, וועלכע זיינען געשטאנען אין געווארט...

די מצריים האָבען גענומען שטעלען שנעלע טריט.

— מיין פאָטער'ס בלוט וועט זיין אויף דיין קאָפּ! — האָט שולמית אויסגעשריען און גענומען לויפען.

— אויב דו האָסט ניט געוואָלט אריינגעהן אין מיין געצעלט, וועל איך נאָך זיין ביי דיר! — האָט קאדמאר איהר נאָכגעשריען און זיך שטארק פאַנאנדערגעלאכט.

שולמית איז געלאָפען אָהן אן אָטעם. זי האָט די צוויי מצריים דעריאָגט, און זי האָט זיך אויך ביי זיי גענומען בעטען, אָבער יענע האָבען איהר פון זיך אוועקגעטריבען.

שולמית האָט גענומען צו זיי צושטעהן:

— איך בעט אייך, טהוט ניט קיין בייזעס צו מיין ליעבען פאָטער! ער איז קראנק אין בעט.

— מיר קענען דיר גאָרניט העלפען — האָבען זיי איהר געענטפערט — מיר מוזען דורכפיהרען דעם פארזאָג פון אונזער האר...

שולמית האָט זיי גענומען אָפּהאלטען, זי האָט זיך ביי געבעטען מיט בלוטיגע טרעהרען, און ווען די מצריים האָבען געזעהן, אז זי לאָזט זיי ניט אָפּ, האָבען זיי איהר פון זיך א שטארקען שטויס געטהאָן, ביז שולמית איז אומגעפאלען.

די מצריים האָבען שולמית'ן דאָן איבערגעלאָזען ליגענדיג אויף דער ערד און מיט א הילכיגען געלעכטער האָבען זיי זיך געלאָזט געהן צו דברי'ס הויז...

א ווײַלע איז שלומית געלעגען אויף דער ערד און זיך ניט געקענט ריהרען פון איהר פלאַץ פון וועהטאָג אָבער ווען זי האָט פון ווייטען בעמערקט ווי דיא צוויי מצריים דערנעהנטערען זיך צו איהר פאָטער'ס הויז, האָט זי זיך אָנגעשטרענגט, אויפגעהויבען פון איהר פלאַץ און ווייטער גענומען לויפען...

ווען זי איז צוגעלאָפען צו איהר הויז האָט זי זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט, קוים אָפּכאָפּענדיג דעם אָטהעם... צו איהרע אויערען האָבען דערגרייכט איהר מוטער'ס געוויין און די הארטע רייד פון די מצריים. זי איז גלייך אריין אין הויז

און דערזעהען ווי די צוויי מצריים האַל־טען איהר פּאָטער מיט זייערע דיקע הענד. זי איז זיי ווידער געפאַלען צו זייערע פיס און אויסגעבראָכען מיט א האַרצרייסענדען און יאָמערליכען געוויין.

די מצריים האָבען פון זיך ביידע פרויען אוועקגעטריבען און גענומען ארויספיהרען דברי'ן פון הויז... דברי איז געווען אזוי אָפּגעשוואַכט אז ער האָט קוים געקענט בעוועגען זיינע פיס.

די מוטער און טאָכטער זיינען א ווייַלע געבליבען שטעהען בעוועגלאָז... נאָכ־הער זיינען זיי ביידע ארויסגעלאָפען פון הויז און גענומען נאָכלויפען די צוויי מצריים. זיי האָבען געוויינט, געשריען, אָבער עס האָט גאָר ניט געהאָלפען.

— איך פיהל זיך עטוואָס קרעפטיגער — האָט דברי זיך צו זיי אָפּגערופען מיט א שוואכער שטימע — קעהרט זיך אום אהיים, זעהט איהר דען ניט אז אומזיסט איז אייער מיה!

די מוטער און טאָכטער האָבען נאָך שטאַרקער געוויינט.

— דער רשע האָט זיך אויך צו דיר ניט געוואָלט צוהערען! — האָט די מו־טער א קרעכץ געטהאָן — דער בלוט־דורשטיגער קאדמאר!

— ער האָט פון מיר פערלאַנגט איך זאָל... — האָט שלומית געווישט איהרע אויגען און די טרעהרען וואָס האָבען זיך געשטעלט אין האַלז האָבען איהר ניט דערלאָזט צו ענדיגען.

— ער האָט קיין רעכט ניט, דער רשע צו נעהמען מיין קראַנקען מאַן און צווינ־גען איהם צו געהן צו דער ארבייט! — האָט זי אויסגערופען — איך וועל איהם פערקלאַגען פאר דעם שופט...

— דו וועסט דורך דעם גאָר ניט גרינגער מאכען, מוטער! — האָט שלומית זיך אָפּגערופען — וועלען מיר אידען, דען קריגען גערעכטיגקייט ביי א מצרישען שופט?

— אָה ווען יתרו וואָלט געוועזן? — האָט זי טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ...

— אין צוויי טעג ארום וועט דאָך זיין שבת און דער פאטער וועט האָבען א געלעגענהייט זיך אויסצורוהען, פּי־לייכט וועט גאָט רחמנות האָבען אויף איהם און וועט איהם צוריקקעהרען זיין כח.

— אַ מיין קינד, דיין פאטער וועט שוין זיין פריהערדיגען כח ניט צוריק־קריגען... ער איז נידערגעשלאָגען, אויס־געמוטשעט און אויסגעארבייט... ווען אונז זאָל געלינגען איהם אין גאַנצען צו בעפרייען פון דער ארבייט, וואָלט ער נאָך אפשר צו זיך געקומען.

— פונדעסטוועגען וועט ניט שאַדען אַנצוגעבען א ביטע מען זאָל דעם פא־טער בעפרייען... דער רופא וועט דאָך בעשטעטיגען אונזערע רייד — האָט שלומית געזאָגט — איך געה גלייך אוועק אהין און איבערגעבען מיין פערלאַנג צו די העכערע בעאמטע.

שלומית איז אוועק אהין... דעם גאַנ־צען טאָג איז זי אָפּגעשטאַנען אויף איה־רע פיס און געווארט ביז וואַנען מען וועט איהר צולאָזען. און ווען מען האָט איהר אריינגערופען און געפרעגט איהר פערלאַנג, האָט זי דערצעהלט וועגען איהר קראַנקען פאטער ווי אזוי קאדמאר צווינגט איהם צו געהען צו דער ארבייט.

די העכערע בעאמטע האָבען אויסגע־הערט אַלע איהרע טענות און זיי האָבען זיך פון איהר אויסגעלאַכט.

— מיט אזעלכע קלאַגעס קומען צו אונז פיעלע פרויען יעדען טאָג — האָט דער עלטסטער זיך צו איהר אָפּגערופען — אָבער מיר ווייסען אז זיי זיינען פויל, און דעריבער שיקען זיי זייערע פרויען אָדער טעכטער מיט אן אויס־רייד אז זיי זיינען קראַנק! אָבער קאד־מאר'ן קען מען ניט נאַרען! געה אהיים און זאָג אָן דיין פּאָטער אז וואָס קאד־מאר וועט איהם הייסען וועט ער מוזען טהאָן!

מיט א צובראָכענעם געמיטה, איז שלומית צוריקגעגאַנגען אהיים און אי־בערגעגעבען די טרויעריגע בשורה צו איהר מוטער.

— קאדמאר, ווי עס ווייזט אויס איז

נאך העכער דערהויבען געווארען, און ער קען טהאן מיט אונז וואס ער וויל — האט שלומית טרויעריג געזאגט.

מיט גרויס אומגעדולד האבען זיי געווארט אויף דער נאכט ווען דברי וועט זיך צוריקקעהרען פון דער ארבייט... זיי האבען מורא געהאט צו געהן אהין ניט ערגער צו מאכען.

ווען עס איז געווען גאנץ שפעט, האט זיך דברי צוריקגעקעהרט אנלעהנענדיג זיך אויף זיין איידים, אדר.

— וואס מאכסטו, מיין מאן! — איז די פרוי ארויפגעפאלען איהם קושען.

— אה, ליעבער פאטער ווי פיהלסטו זיך? — האט שלומית איהם ארומגענומען.

— דו האסט ערגער געמאכט מיין טאכטער דערמיט וואס דו ביזט געגאנגען זיך בעקלאגען אויף קאדמאר׳ן ביי דיא העכערע בעאמטע — האט דברי זיך אפגערופען — קאדמאר האט מיר און אדר׳ן געזאגט אז מארגען וועט ער אליין קומען צו אונז און מיר וועלען נאך דארפען פריהער אויפשטעהען.

— און אויך מיר האט ער היינט א סך ערגער בעהאנדעלט — האט אדר אויסגערופען — ער האט מיר געגעבען שווערע ארבייט צו טהאן און ווען איך האב עס אזוי שנעל ניט געטהאן, האט ער מיר געשלאגען...

— צו וועמען זאלען מיר זיך יעצט ווענדען נאך הילף? — האט שלומית זיך פונאנדערגעוויינט, פערשלאסען פאר אונז זיינען טהיר און טויער פון רחמנות. אונזער גאט האט אונז פערלאזען! ער בעשטראפט אונז, און איך זעה ניט קיין סוף צו אונזערע צרות.

— זינדיג ניט מיין טאכטער מיט דיינע רייד! — האט דברי זיך אפגערופען — אונזער גאט פון אונזערע עלטערען זעהט אלעס צו. ער זעהט ווי מיר ווערען געפייניגט, געדריקט און געשטיקט... און ער וועט אונז שיקען זיין הילף פון הימעל... זעהסטו דען ניט אז די גרויזאמע גזרה אריינצוואווארפען אונזערע קליינע קינדער אין טייך, איז שוין אזוי גוט ווי אפגעשאפט געווארען... מיר הערען יעצט זעלטען אז דיא מצריים געהען זוכען ניי געבוירענע קינדער ביי׳ די אידען... געדענקסטו דען ניט וואס פאר א טרויער און יאמער דיעזע גזרה האט ארויסגערופען ביי אלע אידען... און יעצט גלויבט איז גאט! און א חוץ דעם, דאס וואס מיר האבען געקראגען דעם טאג שבת אלס א רוהע טאג, איז דען ניט א גאטעס זאך? יא, מיין טאכטער מיר מוזען האבען געדולד, אונזער גאט וועט אונז ניט פערלאזען, ווען די צייט וועט קומען און ער וועט אונז אין גאנצען בעפרייען פון דעם יאך פון די מצריים, ער וועט אונז ארויסנעהמען פון מצרים און פיהרען צוריק צו דעם לאנד פון אונזערע עלטערען, אברהם, יצחק און יעקב.

— זאל דערווייל̇ע גאט געבען דו זאלסט זיין געזונד! — האט דברי׳ס פרוי געזאגט מיט טרעהרען פערלאפענע אויגען — ווי אזוי וועסטו עס קענען אלץ אריבערטראגען?

— אויב עס וועט אזוי לאנג אנהאלטען — וועט זיין זעהר שלעכט או׳ ביטער — האט אדר געזאגט — די הונדערט און צוואנציג אידען וועלכע געפינען זיך אונטער קאדמאר׳ס אויפזיכט ווערען בעהאנדעלט ערגער ווי אלע אנדערע, און מיר ווייסען אז קיינער פון די אידען לעקט ניט קיין האניג, זייענדיג פערשקלאפט ביי די מצריים.

— ווי עס ווייזט אויס, איז וואס מעהר ער פייניגט די אידען אלץ גרעסער ווערט ער דערהויבען — האט שלומית געזאגט.

— זיין טאג וועט אויך קומען! — האט דברי זיך אפגערופען זינט פרעה האט אונז אנגעפאנגען צו פערשקלאפען האבען ביי איהם אנגעפאנגען אויסצושטארבען זיינע זיהן.

— פונדעסטוועגען זעהסטו, אז ער נעהמט עס אפילו ניט אן פאר א סימן אז אונזער גאט שטראפט איהם! — האט דברי׳ס פרוי זיך אפגערופען.

—. דאס איז ווייל פרעה האט גענוג

אנדערע זינד אויף זיין געוויסען, און ער גלויבט דאס ער ווערט פאר זיי בעשטראפט! — האט אדר געזאגט.

— וויפיעל זיהן עס וועלען ביי איהם אויסשטארבען, וועלען דאך בלייבען גענוג צו פערנעהמען זיין פלאץ נאך זיין טויט און טהאן צו אונז שלעכטס ווי דיזער פרעה טהוט צו אונז.

---

איניגע וואכען זיינען פאראיבער און קאדמאר פלעגט שוין אליין קומען ארויסצונעהמען דברי'ן און אדר'ן פון זייערע הייזער.

דברי איז וואס פון טאג שוואכער געווארען, אבער קאדמאר האט אויף דעם ניט געקוקט ער האט איהם געצוואונגען צו געהן צו דער ארבייט אלע טאג, ווען דברי איז געווען אזוי קראנק אז ער האט איינמאל זיך ניט געקענט ארונטערגעהן פון זיין בעט, האט קאדמאר איהם ווידער גענומען צווינגען צו געהן מיט, עס האט ניט געהאלפען דער געוויין און יאמער פון דברי'ס פרוי. קאדמאר האט איהם גענומען שלעפען פון בעט... ווען דברי האט ניט קענענדיג שטעהען אויף זיינע פיס, צוריק אנידערגעפאלען אויף זיין בעט, האט קאדמאר'ס צארן אויף איהם גענומען ברענען און האט איהם גענומען מערדערליך שלאגען.

דברי'ס פרוי איז צוגעלאפען צו העלפען איהר מאן און ער האט איהר אזא שטארקען שטויס געטהאן אז זי איז אומגעפאלען א בעוואוסטלאזע אויף דעם באדען.

ווען זי איז צו זיך געקומען און זי האט זיך קוים אוועקגעשטעלט אויף איהרע פיס... האט איהר די שטילקייט פון הויז גענומען שטארק שרעקען... זי איז גלייך צוגעגאנגען צו דער בעטעל פון איהר מאן און זי האט בעמערקט ווי דברי ליעגט אויף דעם באדען נעבען זיין בעט א צובלוטיגטער. זי איז גלייך צוגעגאנגען צו איהם און איהם געוואלט אויפהויבען אבער זי האט דערפיהלט אז זיין גאנצער קערפער איז קאלט...

**דברי איז טויט!** איז א שוידער דורכגעלאפען דורך איהר קערפער... זי איז ארויסגעלאפען אין דרויסען און גענומען שרייען... באלד זיינען שכנים צוזאמענגעלאפען... אויך שלומית איז געקומען... עס איז געווארען א געוויין און א יללה...

— א דער מערדער, דער רוצח! — האט דברי'ס פרוי געקלאגט, ער האט מיין מאן ערמארדעט.

— מיין ליעבער פאטער! מיין טייערער פאטער—איז שלומית ארויפגעפאלען אויף זיין האלז... אה ווי שטארק האט גאט און געשטראפט! אה גאט נעהם נקמה אן דעם רשע קאדמאר!

אלע האבען געוויינט. עס איז געווען הארצרייסענד צוצוזעהען ווי די מוטער און טאכטער זיינען געזעסען נעבען דעם טויטען דבר'ן און האבען ביטערליך געוויינט.

— אה ווי איך האב זיך ביי דעם רשע געבעטען, ער זאל מיין קראנקען, שוואכען מאן צו רוה לאזען!—האט זי געבראכען איהרע הענט — ער האט מיר אזא שטארקען שטויס געטהאן, אז איך האב געמיינט, אז איך וועל שוין אויך מעהר נישט זיין צווישען די לעבעדיגע. פארוואס, אה גאט, האסטו מיך אויך צו דיר נישט צוגענומען! אה ווי שרעקליך! ער האט מיין מאן צו טויט דערשלאגען.

---

גאנץ גשן האט געטרויערט אויף דעם טויט פון דברי'ן. ער איז ביי אלעמען געווען באליעבט! יעצט האבען אלע געזעהן, אז זייערע לעבענס זיינען הפקר... עס איז נישטא קיין משפט און גערעכטיגקייט, וועגען דעם לעבען פון א אידען!

דרייסיג טעג נאך דברי'ס טויט, האט זיך קאדמאר ווידער גענומען בעוויזען אין אדר'ס הויז.

— דו פוילענצער!—האט ער אויף איהם א געשריי געטהאן — דו ווילסט קריגען דעם זעלבען סוף ווי דיין שווער האט פון מיר געקראגען.

— איך געה! איך געה!—האט אדר זיך אפגערופען מיט א ציטערענדע שטימע.

איינמאָל, איז קאַדמאַר געקומען זעהר פריה אין אדר'ס הויז און איהם גענומען וועקען.

אדר האט זיך שנעל אָנגעטהאן און געווען געגרייט צו געהן.

— דו געה גלייך צו דער ארבייט! — האט קאַדמאַר איהם בעפוילען — איך דארף נאך זיין ביי וואך, אייניגע אזעלכע פוילער ווי דו ביזט. מאך דאס שנעלער! אויב איך וועל אויסגעפינען אז דו האסט זיך פערזאמט אויפ'ן וועג, וועט דיין שטראף זיין זעהר גרויס.

קאַדמאַר איז מיט אדר'ן אָפּגעגאנגען א שטיקעל וועג און ער האט זיך באלד אומגעקעהרט.

— יעצט געה איך צו די אנדערע שקלאפען! — האט ער געזאגט און פערלאָזען אדרן.

א ווײַלע איז קאַדמאַר געבליבען שטעהן און נאכגעקוקט אויב אדר געהט זיך זיין וועג און ווען ער האָט זיך איבערצייגט אז אדר איז שוין אוועק גאנץ ווייט, האָט ער זיך אומגעקעהרט צו אדר'ס הויז.

— וואס פערלאנגסטו יעצט! — האט שלומית זיך צו איהם אָפּגערופען איינהילענדיג זיך אין איהרע קליידער.

— יעצט פארלאנג איך גאָר נישט — האָט קאַדמאַר זיך פאנאנדערגעלאכט און זיך אוועקגעזעצט.

שלומית האָט אומגעדרעהט איהר קאָפּ מיט צאָרן און איהרע אויגען געווענדעט אין אן אנדער ריכטונג.

— ווילסטו דען אויף מיר אפילו נישט א קוק טאָהן, שלומית? האָט ער זיך אָפּגערופען און זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ.

— פאַרלאָז מיין הויז! — האָט שלומית אויסגערופען — נאָכדעם ווי דו האָסט מיין מאן אוועקגעשיקט צו דער ארבייט, האָסטו מעהר קיין רעכט נישט זיך צו געפינען דאָ.

— וואו א שעהנע פרוי געפינט זיך, האָט קאַדמאַר שטענדיג א רעכט צו זיין — האָט ער זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל. — דו ווייסט דאָך אז איהר זייט אלע אין מיינע הענט. איך קען טאָן צו דעם מאן אזוי ווי איך האב געטאָן צו דעם פאָטער. דו דארפסט ניט פערגעסען, אז איך בין שטארק געלויבט געוואָרען פאר מיין איבערגעבענהייט, ווען איך האָב מיינע העכערע בעאמטע ערקלעהרט, פאר וואָס איך האב דברי'ן געטויטעט... איך האָב נאָך געקראָגען מעהר מאכט און ווען איך זאָל בלויז וועלען, קען איך גלייך אויך שיקען אדר'ן צו דיין פאָטער.

שלומית האָט איהם נישט געענטפערט... זי האָט בלויז געקוקט אין דער ריכטונג וואו די טיהר איז געווען...

— ווען דו וואָלסט זיך צו מיר דאן צוגעהערט און ארײַן צו מיין געצעלט — האָט קאַדמאַר פאָרטגעזעצט — וואָלט איך דאָך געטאָן גוטעס מיט דיין גאנצע משפחה... דיין פאָטער וואָלט געווים יעצט נאָך געלעבט און אויך דיין מאן אדר וואָלט אזוי שווער נישט געדארפט ארבייטען... ווי לאנג דענקסטו וועט דיין מאן ציהען אונטער דעם שווערען יאָך וואָס איך לעג אויף איהם ארויף... אויב דו ליעבסט דיין מאן באמת, דארפסטו טאָהן אלע מיינע פערלאנגען, דאן וועל איך אויך פאר איהם גרינגער מאַכען... דיין מאן דארף קיינמאָל נישט וויסען וואָס עס קומט פאָר צווישען אונז ביידען!

— אויב דו פערלאָזט נישט באלד מיין הויז וועל איך נעהמען שרייען — האָט שלומית אויסגערופען. אין איהרע אויגען האָט זיך א פייער פון האס און נקמה אָנגעצונדען.

— דו ווייסט דאָך ווי שטארק איך האָב מורא פאר דיינע געשרייען — האָט קאַדמאַר זיך פאנאנדערגעלאכט. איך וועל זיין מעהר בעגלויבט ביי מיינע שופטים ווי דו!

— האָסטו דען אונז נישט גענוג צרות פערארזאכט — האָט שלומית זיך שוין אָפּגערופען מיט א בעטענדע שטימע — איך האָב דיר קיין שלעכטעס נישט געטאָהן... פערלאָז מיין הויז איך בעט דיר...

— איך האב שוין געהאט גענוג געדולד מיט דיר! — האט קאדמאר זיך אפגערופען — יעצט וועל איך שוין מעהר ניט ווארטען... איך האב דיך ליעב געהאט, און האב בעשלאסען אז דו וועסט געהערען צו מיר! דיין פאטער האט דיר אפגעגעבען צו א צווייטען, און ער האט דערפאר טייער בעצאהלט. דער צווייטער וועט אויך טייער בעצאהלען, סיידען דו וועסט מיין פארלאנג טאהן...

שלומית האט זיך א לאז געטאן צום טיהר, אבער קאדמאר האט איהר דעם וועג פארלאפען. ער האט איהר אנגענומען פאר'ן האנט.

— הא, דו ווילסט גאר פון מיר אנטלויפען! — האט ער צו איהר געזאגט און זיך געשטעלט נעבען טיהר — אבער ניין! פון קאדמאר'ן אנטלויפט מען ניט אזוי שנעל!

— איך בעט דיר, לאז מיר אפ! האט שלומית געמאכט א פערזוך ארויסצורייסען איהר האנט פון זיינע.

— אזא נאר דענקסטו איז קאדמאר! אה ניין! ווען קאדמאר האלט די האנט פון א שעהנע פרוי וועט ער שוין אזוי שנעל נישט אפלאזען!

— איך בין א פערהייראטע פרוי און דו האסט קיין רעכט נישט מיר אזוי צו בעלעסטיגען! — האט שלומית געזאגט.

— קאדמאר'ן איז אלעם ערלויבט!— האט ער א שטשירע געטאן מיט זיינע צייהן... ווען דו האסט זיך מיט א צייט צוריק בעקלאגט אויף מיר, אז איך בעלעסטיג דיר, האסטו נאך מיר דאמיט א טובה געטאן, מען האט מיר דערהויבען צו א העכערען ראנג, און יעצט קען איך געוויס טאהן וואס איך וויל... איך זאג דיר, אויב דו וועסט זיין נאכגעביג און טאהן מיין פארלאנג, וועט דערפון קיינער נישט וויסען. דיין מאן וועט דיר אפילו קיינמאל נישט חושד זיין אין אונטרייהייט, און איך וועל אויף זעהן איהם בעסער צו בעהאנדלען!

— אה, לאז מיר אפ, דו אומווירדיגער מצרי! — האט שלומית א געשריי געטאן און גענומען ארויסרייסען איהר האנט פון זיינע.

קאדמאר אבער האט איהר א ציה געטאן צו זיך און איהר ארומגענומען מיט זיינע ביידע הענט....

— א ווי שעהן זיינען דיינע אויגען! דיינע ליפען זיינען אזוי זיס און ליעבליך.

—דו רשע לאז מיר אפ! — האט שלומית גענומען שרייען מיט אלע איהרע כחות.

קאדמאר האט גלייך ארויפגעלעגט זיין האנט אויף איהר מויל.

שלומית האט זיך גענומען ראנגלען. זי האט איהם גענומען בריקען, גראבלען, זי האט איהם גענומען רייסען פאר די האר פון זיין קאפ... קאדמאר אבער האט איהר נאך פעסטער ארומגענומען. ער האט געזוכט איהרע ליפען.

שלומית האט אומגעדרעהט איהר קאפ זי האט געזוכט אויסצומיידען זיינע ליפען, וועלכע האבען אויף איהר אן עקעל ארויפגעווארפען.

— יעצט ביזטו אין מיינע הענט און דו וועסט טאן אלעם וואס איך וועל פון דיר פערלאנגען — האט קאדמאר געזאגט אויסשטארטשענדיג זיינע מערדערליכע אויגען אויף איהר.

שלומית האט זיך נאך שטארקער גענומען ווערען און ראנגלען. זי האט געקעמפט מיט איהרע לעצטע כחות פאר איהר עהרע...

— — — — — — — — — — —

אדר האט א ווילע פארטגעזעצט זיין וועג. באלד אבער איז איהם אויסגעקומען פערדעכטיג וואס קאדמאר האט איהם אליין איבערגעלאזען און זיך אומגעקעהרט... עפעס דוכט זיך איהם, אז קאדמאר איז צו איהם נישט געווען אזוי שטרענג ווי אימער. פארוואס האט זיך קאדמאר צוריקגעקעהרט. ווער ווייס! —איז א געדאנק דורכגעפלויגען אין זיין מח. ער האט זיך א ווילע אפגעשטעלט—זאל ער זיך פיליכט אומקעה־

רעדן? אָבער ווען קאַדמאַר וועט אויסגעפינען אַז ער איז גלייך נישט געגאַנגען צו דער אַרבייט, וועט ער דאָך איהם שטרענג באַשטראָפען! אָבער וואָס קען ער פערלירען, ערגער וועט דאָך נישט זיין... אפשר האָט זיך קאַדמאַר צוריקגעקעהרט צו זיין הויז. שלומית איז דאָרט אַליין. ווער ווייס וואָס עס קען נאָך פּאַסירען.

— איך וועל זיך אומקעהרען צוריק און זעהן וואָס טוט שלומית — האָט אדר פּלוצלונג בעשלאָסען, און האָט גענומען שטעלען פעסטע טריט אין דער ריכטונג פון זיין וואָהנונג.

ער איז צוגעגאַנגען צו זיין הויז און א ווײלע זיך געקווינקעלט, באַלד אָבער איז ער צוגעקומען צום טיהר. צו זיינע אויערן האָט זיך דערטראָגען א פערשטיקטער געשריי און א גערויש. זיין בלוט האָט איהם אין פּנים א זעץ געטאָן, און ער האָט האַסטיג אָן עפען געטאָהן די טהיר. ער בעמערקט ווי קאַדמאַר האַלט פעסט אַרומגענומען שלומית'ן זיין פרוי, און ווי זי ראַנגעלט זיך, זי בריקעט מיט איהרע פיס, זי גראַבעלט, קאַדמאַר אָבער לאָזט איהר נישט אָפּ. ער זוכט איהרע ליפּען...

— יעצט וועסטו זיך שוין פון מיינע הענט נישט אַרויסדרעהען — נעהמט קאַדמאַר און פאַרדרעהט איהרע הענט אויף הינטען... אויב דו וועסט זיך פרייוויליג נישט אונטערגעבען, וועל איך דיר צווינגען דאָס צו טאָהן!

— דו אומווירדיגער מצרי! לאָז אָפּ מיין פרוי!! — האָט אדר א געשריי געטאָן מיט אַלע זיינע כחות.

קאַדמאַר איז געוואָרען אַזוי איבערראַשט פון אדר'ס פּלוצלונגער אַנוועזענהייט, אַז ער האָט גלייך פריי געלאָזען שלומית'ן, וועלכע איז באַלד אומגעפאַלען פון שוואַכקייט און ערשעפּונג.

— ווי אַזוי האָסטו געוואַגט זיך צוריקצוקעהרען א היים, דו פוילענצער! — האָט קאַדמאַר א קריין געטאָן מיט זיינע צייהן.

— ווי אַזוי וואַגסטו צו ברויכען געוואַלדטאַטען געגען מיין פרוי! — האָט איהם אדר גלייך געענטפערט.

קאַדמאַר האָט גלייך אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און זיך פערמאָסטען געגען אדר'ן.

— אויב דו וועסט זיך באַלד נישט אומקעהרען צו דער אַרבייט וועל איך דיך מיט מיין שווערד צום טויט שלאָגען!

— איך וועל פון דאַנען נישט אוועקגעהן ביז וואַנען דו וועסט אויך מיין הויז פערלאָזען! אדר איז צוגעגאַנגען צו זיין פרוי און געהאָלפען זיך אויפשטעלען פון איהר פּלאַץ.

— שוין זאָלסטו מיט מיר מיטגעהן!

— האָט קאַדמאַר איהם בעפוילען מיט כעס.

מיין פרוי נויטיגט זיך אין מיין הילף — האָט אדר געזאָגט — און איך קען איהר אַזוי נישט איבערלאָזען.

— איך זאָג דאָך דיר דו זאָלסט גלייך געהן! — האָט קאַדמאַר ווידער אויפגעהויבען זיין שווערד.

—דו ביזט בעוואָפענט מיט א שווערד און דו ווילסט זיך פערמעסטען געגען אַן אומבעוואָפענטען, הילפלאָזען מאַן! — האָט אדר אויסגערופען און זיך אָפּגערוקט.

— וואַרט, איך וועל דיר צייגען! — האָט קאַדמאַר צוריקגעלעגט זיין שווערד אין דער שייד — איך וועל דיר ציינען, אַז איך דאַרף נישט קיין וואָפען. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו אדר'ן און איהם מיט זיין פויסט א זעץ געטאָן אין פּנים.

אדר איז אומגעפאַלען א צובלוטיגטער... שלומית האָט אַרויסגעלאָזען א געשריי און איז גלייך צוגעלאָפען צו איהר מאַן. אדר האָט זיך אָבער באַלד אויפגעשטעלט.

— איך בעט דיר, געה מיט איהם!

— האָט שלומית זיך אָפּגערופען מיט א וויינענדיגער שטימע. — געה אדר, דו זעהסט דאָך, אַז דו קענסט גאַרנישט אויפטהאָן.

— איך וועל נישט געהן ביז וואַנען איך וועל זעהן, אז דו ביזט באַזאָרגט און נויטיגסט זיך נישט אין מיין הילף.

— איך וועל אריבערגעהן צו מיין מוטער! — האָט שלומית געזאָגט. — דו דאַרפסט זיך וועגען מיר נישט זאָרגען. אָט געה איך, — האָט זיך שלומית גענומען צורוקען צום טיר.

— קום, דו פוילער שקלאַף! — האָט קאָדמאָר אויסגעשריען און זיין פּנים האָט געברענט פון כעס.

שלומית איז ארויסגעגאַנגען און אדר האָט איהר נאָכגעפאָלגט.

— וואוהין געהסטו!! — האָט קאָדמאָר א געשריי געטאָן אויף אדר'ן און איהם א שלעפּ געטאָן מיט'ן גאַנצען כח.

שלומית האָט צו איהם א וואונק געטאָן ער זאָל בעסער געהן מיט קאָדמאָר'ן.

אדר איז א ווייל געבליבען שטעהן אומבאַשלאָסען, און ווען ער האָט געזעהן, אז שלומית געהט צו איהר מוטער, האָט ער גענומען געהן נאָך קאָדמאָר'ן.

— דו מיינסט, אז איך בין שוין מיט דיר פאַרטיג!! — האָט קאָדמאָר נאָך אלץ געדריקט זיין פויסט. — וואַרט, איך וועל זיך נאָך מיט דיר אָפּרעכענען, דאָרטען ביי דער ארבייט! דו שמוציגער שקלאַף! דו האָסט שוין לאַנג געדאַרפט זיין ביי דער ארבייט... נעהמסטו גאָר און קעהרסט זיך אום...

אדר האָט געביסען זיינע ליפּען פון אויפרעגונג און כעס. ער האָט אָבער איהם גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געזעהן, אז ער איז הילפלאָז געגען דיזען געזונטען מצרי און ער וועט נאָך ערגער מאַכען. ער האָט געוואוסט אז דער רשע וועט איהם נאָך היינט שלעכטס טאָן און ער איז דערצו געווען געגרייט. ער איז געווען דאַנקבאַר צו גאָט, וואָס ער האָט איהם אריינגעגעבען א געדאַנק זיך אומצוקערען אהיים, דאמיט צו ראַטעווען דעם כבוד פון זיין פרוי... וואָס וועט אָבער ווייטער זיין... קאָדמאָר וועט דאָך זיכער איהר נישט צורוהלאָזען... זי וועט זיך שוין מעהר קיינמאָל נישט טאָרען געפינען אליין אין דער היים...

— וואָס געהסטו נישט שנעלער! — האָט קאָדמאָר א געשריי געטאָן אויף איהם, — דו ביזט שוין אזוי אויך צו שפּעט!

ווען אדר איז צוגעקומען צו דעם פּלאַץ פון דער ארבייט איז ער געווען אזוי אויסגעמאַטערט, אז ער האָט קוים געקענט ארבייטען. קאָדמאָר האָט פון איהם די אויגען נישט ארונטערגענומען און פאַר יעדער קליינינגקייט האָט ער איהם מערדערליך געשלאָגען.

---

מרים האָט משה'ן איבערגעגעבען וועגען די שרעקליכע ליידען און יסורים וואָס די אידען שטעהען אויס פון די מצריים. זי האָט איהם אויך דערצעהלט וועגען קאָדמאָר'ן, וועלכער האָט פאַרפּייניגט דברי'ן צום טויט... א פייער האָט זיך אָנגעצונדען אין זיין הארצען, א פייער פון נקמה און האס צו די שונאים פון זיינע ברידער... ער האָט באַשלאָסען צו באַזוכען די פּלעצער וואו די אידען ארבייטען.

איינמאָל איז ער אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה. ער האָט געזאָגט בתיה'ן די פּרינצעסין, אז ער געהט אוועק אויף א שפּאַציר און וועט זיך אומקעהרען אין פּאַלאַץ גאַנץ שפּעט. ער האָט אויף זיך אָנגעטאָן זיינע פּרינצישע קליידער, אָנגעגורט זיין שווערד און זיך אוועקגעלאָזען אין רעמסס. דאָרטען, האָט ער געהערט, ווערען די אידען נאָך מעהר אונטערגעדריקט ווי אין פּתם. די מצרישע באַאַמטע, דערזעהענדיג דעם פּרינץ, האָבען זיך נאָך מעהר גענומען פּלייסען מיט זייער צווינגען די אידישע שקלאַפען צו טאָן זייער ארבייט...

משה האָט באַמערקט ווי שווער און ביטער די אידען ארבייטען, ווי דער שווייס גיסט זיך פון זיי ווי וואַסער. זיי קנעטען ליים און מאַכען ציגעל, זיי שלעפּען שווערע משאות און ווען אי־

מיצער קען אזוי שנעל די ארבייט ניט טאַן, ווערט ער געשלאָגען.

משה'ס הארץ האָט איהם פאַרדריקט. זיינע אויגען זיינען פול געוואַרען מיט טרערען... ער באטראכט גוט זיינע ברידער. ער זעהט בלויע סיניאַקעס אויף זייערע האלב־נאקעטע קערפּערס... פּלוצלונג דערהערט משה פון וייטען א יאָמערליכען געשריי און א קרעכצען... משה איז אהין צוגעגאנגען. ער באמערקט ווי א מצרי שטעהט מיט א דיקען בייטש און שמייסט איהם אזוי שטארק... דער איד קאָרטשעט זיך אין דרייען פון יסורים, ער קרעכצט און זוכט שוץ.... אָבער דער מצרי הערט איהם נישט אויף צו שלאָגען... משה האָט דאָס שוין נישט געקענט צוזעהן. ער איז צוגעגאנגען גאנץ נאָהענט צו דעם פּלאַץ און ער האָט אויסגערופּען:

— פּארוואָס שלאָגסטו דיזען אומגליקליכען מענשען?

— אָה, מיין האר, ראַטעווע מיך!

— האָט זיך דער יונגער איד אָפּגערופּען, ווען ער האָט איהם דערזעהן. ער וועט מיר זיכער צום טויט שלאָגען!

—ער איז א פוילער שקלאַף! — האָט דער מצרי אויסגערופּען. — ער וויל נישט אויספאָלגען די געזעצען פון אונזער קעניג, און ער פאַרדינט די קלעפּ וואָס ער קריגט.

— אָה, מיין האר, ער איז א ליגנער, דיזער מצרי. ער האָט געזוכט צו פאַרשוועכען דעם כבוד פון מיין פרוי, ווען ער איז געקומען מיך נעהמען צו דער ארבייט. ער האָט מיך אוועקגעשיקט, און ווען ער האָט געמיינט, אז איך בין אוועק, איז ער אריין צוריק אין מיין הויז און איז באַפאַלען מיין פרוי... מיין הארץ האָט אין מיר געשראָקען, ווען איך האָב איהם געזעהן צוריק געהענדיג, און ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט צו מיין הויז, האָב איך באמערקט ווי דיזער אומווירדיגער מאן איז באפאלען מיין פרוי...און ווילע איך האָב איהם אונטערבראָכען און געשטערט אין זיין שווידערליכען שענדליכען טאַט, איז ער זיך דאָס איצט אין מיר נוקם!

— און ווי הייסטו און דיין פרוי?

— האָט איהם משה א פרעג געטאָן.

— מיין נאָמען איז אדר און מיין פרוי הייסט שלומית, די טאָכטער פון דברי. און דיזער אומווירדיגער מצרי האָט נישט לאנג צוריק פארמוטשעט איהר פאָטער צום טויט.

— איך וועל דיר ווייזען ווי אזוי צו ריידען אזוי וועגען מיר! — האָט קאדמאר איהם גענומען נאָך מעהר שלאָגען.

— דו זאָלסט מעהר נישט וואגען צו הויבען דיין האנט אויף אדר'ן! — האָט איהם משה א שטויס געטאָן. קאדמאר איז אומגעפאלען אָבער ער האָט זיך גלייך ווידער געשטעלט.

— איך טו מיין פליכט פאר פרעה'ן! — האָט קאדמאר זיך אָפּגערופען און דו האָסט נישט קיין רעכט מיר צו שטערען!

— פריהער טויטסטו זיין פרוי'ס פאָטער און נאכהער ווילסטו פארשוועכען דעם כבוד פון זיין פרוי און איצט ווילסטו איהם צום טויט שלאָגען.

— איך ווייס פאר וואָס דו נעהמסט זיך אָן פאר איהם!—האָט קאדמאר אויסגערופען מיט ערביטערונג און געצויגען זיין שווערד. — דו שטאמסט אויך פון די פארפלוכטע אידישע שקלאפען.

משה איז צוגעלאָפען צו קאדמאר'ן און איהם געגעבען אזא זעץ מיט זיין פויסט איבער דעם פנים, אז קאדמאר האָט זיך צוויי מאָל איבערגעקוליעט... באלד אָבער האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אויפגעהויבען זיין שווערד און זיך פארמאָסטען געגען משה'ן...

— איך וועל דיר דערפאר נישט שענקען! — האָט קאדמאר זיך געװאָרפען אויף משה'ן.

משה האָט זיך ארומגעקוקט און ווען ער האָט באמערקט, אז פון די מצרישע באאמטע איז קיינער נישטאָ, האָט ער שנעל ארויסגעצויגען זיין שווערד און

מיט איין קלאפּ האָט ער קאדמאר'ן צום טויט געשלאָגען.

— ער האָט דעם טויט פארדינט!

— האָט משה זיך אָפּגערופען צו אדר'ן, וועלכער איז געשטאנען און געציטערט ווי א בלאט. — איך האָב שוין פריהער געהערט וועגען דעם טויט פון דיין שווער און יעצט וואָס ער האָט געטאָן צו דיין פרוי, האָט ער שוין דאמיט אליין פארדינט זיין שטראָף...

משה האָט צוגערופען נאָך עטליכע אידען און זיך צו זיי אָפּגערופען:

— שנעלער העלפט מיר גראָבען א גרוב אין דעם זאמד, מיר וועלען דעם רשע באגראָבען און קיינער וועט נישט וויסען וואו זיין געביין איז אהינגעקומען!

משה, אדר און נאָך עטליכע אידען האָבען מיט זייערע רידלען אָנגעפאנגען צו גראָבען א גרוב אין דעם זאמד...

משה האָט אליין צוגעשלעפּט דעם טויטען קערפּער פון קאדמאר'ן און אריינגעשליידערט אין גרוב און נאכהער איהם פארדעקט מיט דעם זאמד.

— וואָס וועלען מיר טאָן, אויב די מצריים וועלען געפינען זיין קערפּער און זיי וועלען נעמען אונז אויספּרעגען?

— זאָלט איהר זאָגען, אז איהר וויסט פון גאָרנישט! — האָט משה זיי געענטפערט.

— אבער וואָס וועלען מיר טאָהן ווען זיי וועלען אונז בעשולדיגען. — האט אן אידישער שקלאף געזאגט — זיי וועלען דאָך אינז געוויס צום טויט שלאָגען.

— דאן זאל מען מיר לאָזען וויסען און איך וועל שוין זעהן אייך צו רעטען פון די הענט פון די מצריים.— האט משה געזאגט.

משה איז גלייך צוריק געגאנגען אין פּאלאץ. די פּאסירונג פון דעם טאָג האט אויף איהם געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק. א שוידער האט איהם דורכגענומען, ווען ער האט זיך פאָרגעשטעלט ווי זיינע ברידער ווערען בעהאַנדעלט, ווי זיי ווערען מערדערליך געשלאָגען. אזא אומווירדיגער מצרי יוי ער האט אזא איידעלע משפּחה פעראומגליקט. מרים האט איהם דערצעהלט אז ער איז געוועזן אויסבעהאלטען אין דברי'ס הויז. זי האָט איהם אויך דערצעהלט וועגען שולמית'ן, ווי אזוי זי איז מיט א כיוון אוועק צו בעגעגענען קאדמאר'ן ער זאל נישט אויסגעפינען אז א ניי געבוירען קינד געפינט זיך אין זייער הויז און יעצט האט זי דורך דעם זיך אזוי פיעל אנגעליטען. געלויבט איז גאָט וואס ער האט איהם אין צייט געבראכט און דאמיט געראטעוועט שולמית'עס מאן ווען ער וואלט נישט אנגעקומען וואלט איהם קאדמאר פערשמיסען ביז טויט.

## צעהנטער קאפּיטעל

## דתן און אבירם

ווי משה איז אוועקגעגאנגען פון דעם פּלאץ וואו ער האט געטויטעט קאדמאר'ן איז געווארען צווישען יענע אידען א שטיקעל בעוועגונג. מען האט זיך צוזאמענגעקליבען אין קליינע גרופּעס און צווישען זיך גענומען ריידען:

אונזער גאָט האט אויף אונז רחמנות געהאט און צו אונז געשיקט א מלאך אין געשטאלט פון דעם פּרינץ! — האט זיך איין איד אפּגערופען צו זיין שכן.— האסטו געזעהן ווי ער האט דעם רשע אוועקגעלייגט מיט איין קלאפּ?!

— אזא סוף זאלען האבען אלע אונזערע אונטערדריקער, ווי דער אומווירדיגער רשע האט עס געקראגען!—האט א צווייטער איד געזאגט.

— איך האב געהערט ווי קאדמאר האט דעם פּרינץ גערופען א זוהן פון א אידישען שקלאף.

— מען קען גלייך דערקענען אויף זיין פּנים אז ער איז נישט קיין מצרי.

— וואס דען. ביי די מצריים וועט געבאָרען ווערען א מאן מיט אזא געטליכען געשטאלט ווי משה בעזיצט? פון די טונקעל־הויטיגע דיק ליפּענדיגע, פערגרעבטע מצריים וועט אזא נאָבעלער פּערזאָן ניט ארויסקומען!

— פון דעסטוועגען האט ער די

מאכט פון א פרינץ, וועלכער קומט פון פרעה'ס משפחה. ער טראגט פרינצליכע קליידער און קיינער קען איהם נישט זאגען וואס צו טהאָן.

— דאך האט ער אונז אנגעזאגט, מיר זאלען קיינעם נישט דערצעהלען אז ער האט דעם מצרי געטויטעט.

— נו, עס פערשטעהט זיך אז עס וועט פאר איהם זיין א סך גרינגער אונז צו העלפען, ווען פרעה וועט זיך דערפון נישט דערוויסען.

— איהם איז זיך גוט, ער האט געהרג'עט דעם מצרי, און איז זיך צוריק אוועק אין פאלאץ — האט זיך איין יונגערמאן אפגערופען מיט'ן נאָמען דתן. —און ווען די אנדערע מצריים וועלען אנקומען וועלען זיי אונז נעהמען פייניגען און שלאָגען מען זאל זיי אויסזאגען וואו קאדמאר איז אהינגעקומען.

— מיר דארפען האלטען אין איין טענה'ן אז מיר וויסען גאָרנישט. — האט אדר זיך אפגערופען.—מיר האבען זיך אלע גענוג אנגעליטען פון איהם און מיר דארפען אלע דאנקבאר זיין צו דעם פרינץ, משה, וואס ער האט זיך נוקם געווען אין אונזער גרעסטען שונא. ער האט מיין שווער געטויטעט; ער האט געזוכט אוועקצורויבען מיין פרוי פון מיר און וויפיעל האט געפעהלט ער זאל מיר ביז צום טויט פערשמייסען ?!

— אויף דיר האט קאדמאר שוין פון לאנג געטראגען א כעס — האט זיך אפגערופען אבירם, דתן'ס ברודער.— און דעריבער האט ער דיך אזוי בעהאנדעלט—אבער איך זעה נישט איין אז ער איז געווען ערגער פון די איבעריגע מצרישע בעאמטע.

— ווינציג האט ער זיך איבער אונז אלעמען איזדזעקעוועט.—האט זיך נאָך א איד אפגערופען.—ווער פון אונז קען זאגען אז קאדמאר האט איהם נישט געשלאָגען ?

— איך קען עס זאגען ! — האט דתן זיך אפגערופען.—מיך האט נאָך קאַבמאר קיינמאל נישט אָנגעריהרט.

— און מיך אויך נישט ! — האט אבירם בעשטעטיגט.

— און איך וויית די אורזאכע פארוואס קאדמאר איז צו אייך ביידען געווען אזוי צוגעלאָזען ! — האט א יונגער מאן פון דער גרופע זיך אפגערופען.—יע, איך וייס, איהר ביידע פלעגט איהם חנפה'נען און....

— און וואס ?! — איז דתן צו איהם צוגעגאנגען מיט א צוגעדריקטען פויסט.

— און איהר פלעגט פאר איהם מסור'ן אויף אייערע אייגענע ברידער !

— דו ביזט א ליגנער ! דו ביזט א ליגנער ! — האט אבירם אויפגעהויבען זיין האנט אויף איהם.

עטליכע אידען זיינען צוגעלאָפען און נישט דערלאָזען אבירם'ן איהם צו שלאָגען.

— עס איז אז אמת ! — האט דער יונגער מאן געזאָגט, און זיך עטוואָס אפגערוקט פון איהם.—איך האב בעוויזע אז דו פלעגסט זיך סוד'ען מיט קאדמאָר'ן און אין א קורצע ווייל שפעטער איז שוין אימיצער פון אונז געשלאָגען געווארען !

— און דו מיינסט אז איך וויים ניט אז דיין ברודער דתן האט דערצעהלט קאדמאר'ן אז איך האב געגעבען געלט צו צוויי מצריים זיי זאלען מיר העלפען צופיהרען די גרויסע שטיינער.—האט נאָך איינער זיך אפגערופען.—יע, מען האט מיר איבערגעגעבען אז ווי נאָר דו ביזט אוועק פון קארמאר'ן האט ער צו זיך צוגערופען די צוויי מצריים און מיט זיי גערעדט און דערנאָך איז ער גלייך צוגעגאנגען צו מיר און ער האט מיר אנגעהויבען צו שלאָגען. איהר זייט ביידע מוסרים!

— פארוואס דען פלעגט קאמדאר זיי געבען די גרינגסטע ארבייט צו טאָהן, און ער פלעגט זיך אפילו אויף זיי נישט בייזערן ווען זיי פלעגען זיך פערשפעטיגען צו דער ארבייט ?

— דו ביזט אונז מקנא פארוואס מיר האבען געקראגען א בעסערע בעהאנדלונג ! דערפאר טראכסטו אויס

אויף אונז א בלבול! האָט דתן זיך א קרים געטאָהן.

— די בעסערע בעהאנדלונג וואס איהרביידע האט געקראגען איז עס געווען אויף אונזער חשבון! געלויבט איז גאָט אז קאמדאר איז טויט, און איהר וועט שוין נישט האבען וועמען צו חנפה'נען און וועמען פאר אונז צו פערמסור'ן.

—און אז ער איז טויט איז וואס? וועלען מיר דען נישט קריגען קיין אנדער אויפזעהער איבער זיך?

— יע, אבער ווי שלעכט דער צווייטער וועט זיין וועט ער נישט זיין ערגער פון קאדמאר'ן!

— און דתן און אבירם וועלען שוין וויסען ווי אזוי אויך יענעם צו חנפה'נען זיי וועלען אנ'מסור'ן אויף עטליכע פון זייערע אייגענע ברידער און יענע וועלען געשלאָגען ווערען, און זיי וועלען דערפאר אויסנעהמען ביי דעם נייעם בעאמטען!

— און ווען קאדמאר וואלט געלעבט וואלטען נאָך דתן און אבירם געווארען זיינע געהילפען! — האט אדר אויסגערופען.—מען קען בעמערקען אויף זייערע פנים'ער אז זיי פערדריסט זעהר שטארק וואס דער רשע האט בעקומען זיין פערדיענטען שטראף.

—אבער ברידער! — האט זיך אפגערופען אן עלטערער איד—מיר האבען אויפגעהערט צו ארבייטען און זיך דאָ פערזאמעלט און ווען א מצרי וועט אנקומען וועט די זאך פארקומען גאנץ פערדעכטיג. מיין עצה דעריבער איז אז מיר זאָלען גלייך זיך אומקעהרען צו דער ארבייט אזוי ווי גאר נישט האט פאסירט, און ווען אימיצער וועט אנקומען און פרעגען אויב מיר וויסען וואו קאדמאר געפינט זיך וועלען מיר זאגען אז מיר וויסען נישט!

די גרופע אידען זיינען זיך צוגאנגען יעדער צו זיין ארבייט. דתן און אבירם האבען זיך א ביסעל דערווייטערט פון די איבעריגע אידען און האבען צווישען זיך דורכגערעדט:

— דאס ביזטו שולדיג — האט זיך דתן אפגערופען צו אבירם'ן—דו ביזט זעהר נישט פאַרזיכטיג. ווען דו פלעגסט צוגעהן ריידען צו קאדמאר'ן, האסטו געדארפט פריהער זיין זיכער אז קיינער פון אונזערע אידען זעהען דיך נישט. יעצט זעהסטו אז זיי שטויסען זיך אָן אז מיר האבען אויף זיי גע'מסור'ט.

— און ווי אזוי האט ער אויסגעפונען אז דו האסט קאדמאר'ן דערצעהלט דאס ער האט געדונגען צוויי מצריים צו העלפען איהם שלעפען די שווערע שטיינער? — האט אבירם געזאגט צו דתן.—זעהסטו אז דו אליין ביזט אויך נישט פאַרזיכטיג און דו בעשולדיגסט גאָר מיר!

— איך וועל זיי נאָך אנלערנען ווי אזוי אונז צו רופען מוסרים! — האט דתן א זאג געטאָהן — שטעל זיך פאר ווען מיר זאלען דערצעהלען פרעה'ן אז משה האט געטויטעט קאדמאר'ן בשעת ער האט געטאָהן זיינע פליכטען, דאן וואלט אונז פרעה אליין געמאכט פאר אויפזעהער איבער עטליכע אידען, און מיר וואלטען דאן אין גאנצען פטור געווארען פון דער שווערער ארבייט.

— ווי אזוי וועלען מיר אבער קענען טאָהן אזא זאך. משה האט דאך אונז קיין שלעכטעס נישט געטאָהן און אויב מיר וועלען איהם פער'מסור'ן פאר פרעה'ן וועט עס פאר איהם מיינען א זיכערער טויט.—האט אבירם געזאגט—און ווען די אידען וועלען זיך דערפון דערוויסען וועלען זיי אונז געווים פארשטיינען.

—עס וועט פאר אונז זיין נישט שווער צו געפינען אן אורזאכע.—האט דתן זיך אפגערופען.—איך בין זיכער אז משה וועט אהער קומען נאָך אמאָל דאן וועלען מיר שוין זעהן ער זאל זיך מיט אונז אנפאנגען צו קריגען, און אויב אזוי וועלען מיר דאך זיין בערעכטיגט אויף איהם צו מסור'ן!

— איך פערשטעה נאָך אלץ נישט ווי אזוי דו וועסט טאָהן דאס ער זאל זיך מיט אונז אנפאנגען צו קריגען?— האט איהם אבירם געפרעגט.

— איך האב א גוטען פלאן! ווען משה וועט אהער אנקומען וועלען מיר ביידע זיין פערנומען אין א גרויסען קאמפף, מיר וועלען זיך זידלען, שילטען און דערצו וועלען מיר זיך כלומר'שט שלאָגען. איך בין זיכער אז ווען משה וועט דערזעהען ווי צוויי אידען קריגען און שלאָגען זיך, וועט ער זיך געווים נעהמען אריינמישען, דאן וועלען מיר האבען א גוטע געלעגענהייט זיך מיט איהם צו צוקריגען, און דערנאָך וועט שוין פאר אונז נישט שווער זיין אויף איהם צו מסור'ן.

— דאָך האב איך מורא אז ווען אונזערע ברידער זאלען זיך דערוויסען אז מיר האבען גע'מסור'ט אויף משה'ן וועלען זיי אונז נאכהער זוכען שלעכטעס צו טהאָן. — האט אבירם געזאגט.

— זיי נישט קיין פייגלינג, מיין ברודער. — האט דתן איהם געענטפערט. — ערשטענס וועלען מיר זיין זעהר פארזיכטיג. ווען מיר וועלען געהן צייגען די מצרי'שע בעאמטע וואוהין משה האט אהין געטהאָן קאדמאר'ס קערפער וועלען מיר עס טאָהן באנאכט, ווען קיינער וועט נישט זיין דערביי און צווייטענס וועט דאך אונז פרעה געווים בעלוינען דערפאר און אונז מאכען פאר הויפּטע איבער אונזערע ברידער, דאן וועלען זיי דארפען מורא האבען פאר אונז!

א ווײַלע שפּעטער איז אנגעקומען קאדמאר'ס געהילף, און בעמערקט ווי די אידען וועלכע זיינען געווען אונטער קאדמאר'ס אויפזיכט טוען זייער ארבייט מיט פלייסיגקייט. ער האט זיך גענומען ארומקוקען און ווען ער האט נישט געזעהן קאדמאר'ן איז ער אוועק צו זיין געצעלט. ער האט געפרעגט די צוויי מצריים, קדמאר'ס דינער, וועלכע פלעגען שטעהן און היטען קאדמאר'ס געצעלט.

— איז קאדמאר פאראן אין געצעלט?

— ניין, ער איז נישטאָ! — האבען זיי געענטפערט.

— איז ער דעם גאנצען טאָג דאָ נישט געווען? — האט קאדמאר'ס געהילף זיי ווייטער געפרעגט.

— יע, אין דער פריה איז ער צוגעקומען אויף א קליינע ווײַלע, ער האט אומגעביטען זיינע קליידער און איז גלייך צוריקגעגאנגען צו דעם פּלאַץ פון דער ארבייט. — האָט איין מצרי איהם געענטפערט.

— און ער האט אייך גאָר נישט אנגעזאגט?

— ער האט אונז אנגעזאגט אז אויב אדר'ס פרוי שלומית וועט אנקומען, זאלען מיר איהר פערהאלטען ביז וואנען ער וועט זיך אומקעהרען.

א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף דעם געהילפ'ס פנים. יע, יעצט פערשטעהט ער, אז קאדמאר מוז זיך ערגיץ וואו געפינען מיט יענער שעהנער פרוי.... ער האט זיך אומגעקעהרט און געזעהן ווי אדר טוט זיין ארבייט פלייסיג. ער האט איהם בעטראכט און קוים געקענט איינהאלטען זיין געלעכטער: שלומית'עס מאן איז פארנומען מיט דער ארבייט און זי, זיין פרוי, איז געווים יעצט פארנומען מיט קאדמאר'ן. ער איז צוגעגאנגען נעהענטער צו אדר'ן און זיך צו איהם אפּגערופען קוים איינהאלטענדיג זיין געלעכטער:

— ווייסטו פיליכט אדר, וואו קאדמאר געפינט זיך יעצט?

אדר האט א קוועטש געטאָהן מיט די פּלייצעס און א שאָקעל טוענדיג זיין קאָפּ אויף ניין, האט ער פארטגעזעצט זיין ארבייט.

ווען עס האט שוין אנגעפאנגען טונקעל ווערען און דער געהילף האט געזעהן אז קאדמאר איז נאָך אלץ נישטאָ צוריק, איז איהם די זאך געווארען עטוואס אויפפאלענד, ער האט זיך דורכגערעדט מיט נאָך עטליכע בעאמטע און זיי האבען אלע בעשלאָסען אז קאדמאר האט זיך געמוזט גוט אנ'שכור'ן און ער פערברייננגט מיט אדר'ס פרוי....

— פונדעסטוועגען וועל איך אוועקגעהן נאָך גשן אויסצוגעפינען אויב קאדמאר איז דארטען דאָ. עס טרעפט

דעם ערשטען מאָל אז ער זאָל זיך אזוי לאַנג פערזאמען.

דער געהילף האט זיך געזעצט אויף א פערד און איז גלייך אוועקגעריטען נאָך גשן. ער איז צוגעקומען צו אדר׳ם הויז און איז אריין אינוויינינג און קיינעם דארט נישט געפונען. יעצט איז ער געווען ביי זיך זיכער אז קאדמאר איז אוועק מיט שלומית׳ן.

ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיינע פריינד, האט ער זיי געזאגט אז ער איז געווען אין אדר׳ם הויז און דארטען קיינעם נישט געפונען.

— מיר וועלען דארפען ווארטען ביז מאָרגען ווען אדר וועט זיך צוריקקעהרען פון זיין הויז, מיר וועלען איהם פרעגען אויב ער האט געטראָפען זיין פרוי אין דער היים. ער וועט דאָך געווים זאגען דעם אמת דאן וועלען מיר וויסען אויב קאדמאר האט פארבראכט מיט איהר אָדער מיט אימיצען אנדערש.

— דאָך קען איך נישט פערשטעהן ווי אזוי קאדמאר זאָל די אידען איבערלאָזען אליין און קיינעם נישט איבערגעבען מען זאָל אויף זיי נישט אכטונג געבען.

— פריהער אז ער פלעגט אוועקגעהן אויף דעם גאנצען טאָג פלעגט ער אנשטעלען זיין ברודער אויף זיין פלאַץ און זינט ער האָט זיך מיט זיין ברודער צוקריגט, פלעגט ער מיר בעטען פערנומען זיין פלאַץ. אָבער היינט האָב איך איהם נאָך נישט געזעהן!

די נאכט איז צוגעפאלען און די אידען זיינען זיך צוגאנגען, יעדער צו זיין היים, אדר איז אהיים געגאנגען. ער האט געוואוסט אז זיין פרוי געפינט זיך יעצט ביי זיין מוטער און ער איז דעריבער פריהער אהיין אריבערגעגאנגען.

— אָה, מיין ליבער מאן! — האט שלומית איהם געפאלען אויפ׳ן האלדז— ווי פיהלסטו זיך, אָ ווי איך האב זיך געשראָקען פאר דיין לעבען, איך האב מורא געהאט אז קאדמאר וועט זיך מיט דיר אפּרעכענען!

— געלויבט איז אונזער גאָט! — האט אדר אויסגערופען—ער האט דעם רשע בעצאָהלט ווי ער האט פארדינט.

— וואס מיינסטו? — האט שלומית און זיין מוטער איהם א פרעג געטאָהן.

— קאדמאר וועט שוין מעהר דיר נישט קומען בעלעסטיגען, מיין טייערע שלומית! — האט איהר אדר געקושט. —קאדמאר איז טויט!

— קאדמאר איז טויט!

—יע, דער פרינץ, משה האָט איהם מיט איין קלאַפּ אוועקגעלעגט א טויטען.

— ווי אזוי האט עס פאסירט?!

— דער פרינץ משה איז היינט אין דער פריה געקומען זעהן ווארשיינליך ווי מיר ארבייטען, און ער האט פון וויטען בעמערקט ווי קאדמאר האט מיר געשלאָגען. יע, ר האט זיך געוואלט מיט מיר אפּרעכענען פאר דעם וואס איך האב זיין אומריינעם פלאן צושטערט. די יסורים זיינען געווען אזוי גרויס אז איך האב געשריען מיט מיינע לעצטע כוחות. דער פרינץ האט עס דערהערט און איז גלייך צוגעלאָפען צו דעם פלאַץ. איך האב איהם דערצעהלט וועגען אלעס וואס קאדמאר האט צו דיר געטאָהן און איהם געזאגט אז ער שלאָגט מיר יעצט צוליעב דעם. דאס האט קאדמאר׳ן אזוי ארייגעבראכט אין כעס, אז ער האט מיר נאָך שטארקער גענומען שלאָגען, כאָטש משה האט איהם בעפוילען מיר נישט מעהר אנצוריהרען. דאן האט משה ארויסגעצויגען זיין שווערד און איהם גלייך אויף אן אָרט געטויטעט!

— געלויבט איז גאָט. ער רעכענט זיך אפּ מיט אונזערע שונאים! — האט שלומית׳עס מוטער אויסגערופען.

— אבער איך האָף אז מען וועט דיר נִיט בעשולדיגען אין זיין טויט? —! האָט שלומית זיך אָפּגערופען צו איהר מאן.

— קיינער ווייס ניט וואס עס האָט פאסירט צווישען דיר און קאדמאר. אויך קיינער פון די מצריים האט ניט בעמערקט ווי קאדמאר האָט מיר געשלאָ־

געזן... זיין געהילף האט מיר אפילו געפרעגט אויב איך ווייס וואו קאדמאר איז, אבער איך האב געענטפערט אז ניין. זיין קערפער האט משה בעהאלטען גאנץ טיעף אין די זאמד און אין איינינע טעג שפעטער וועט מען שוין זעהן אין גאנצען זיין קערפער צו פארניכטען עס זאל פון איהם אפילו קיין שפור ניט איבערבלייבען....

— געלויבט איז גאט וואס קיינער פון די מצריים האט עס ניט בעמערקט! — האט שלומית געזאגט... ווען פרעה וואלט זיך דערוואוסט אז משה האט זיך אנגענומען פאר זיינע ברידער און געטויטעט א מצרי וואלט ער איהם געוויס גוט בעשטראפט.

— דריי מאנאטען האבען מיר געהאלפען אויסבעהאלטען יוכבד'ס קינד, און דאן האבען מיר קיין אהנונג אפילו ניט געהאט אז עס וועט קומען א צייט און דאס קינד וועט אויסוואקסען און אונז טהאן א גרויסע טובה... א דאנק דעם בעשעפער פון דער וועלט וואס ער האט אזוי געפיהרט אז משה זאל אונז ראטעווען פון די הענד פון דעם רשע וועלכער האט פריהער געטויטעט מיין מאן, און דערנאך זיך גענומען צו אייך, מיינע קינדער! — האט שלומית'עס מוטער געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

---

אויף מארגען איז אדר אוועק צו דער ארבייט מיט א לייכטערען געמיטה. ער איז יעצט געווען זיכער אז קיינער וועט זיין פרוי נישט באלעסטיגען... יע, גאט פארלאזט ניט זיין פאלק... מיט איין האנט שטראפט ער, און מיט דער צווייטער האנד היילט ער...

די איבעריגע אידען שקלאפען וועלכע זיינען געווען אונטער קאדמאר'ס אויפזיכט זיינען שוין אויך געקומען... קיינער האט קיין ווארט נישט גערעדט... מען האט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט.

באלד איז אנגעקומען דער געהילף און דערזעהענדיג אז קאדמאר איז נאך אלץ נישטא, האט ער צוגערופען אנדערע בעאמטע. זיי האבען גענומען אויספרעגען יעדען אידען בעזונדער אבער אלע האבען געזאגט אז זיי ווייסען גאר נישט וועגען קאדמאר'ן. אפילו דתן און אבירם האבען אויך קיין ווארט ניט גערעדט וועגען דעם.

מען איז גלייך אריבער צו קאדמאר'ס משפחה און אויך דארטען האט קיינער גאר נישט געוואוסט פון איהם. קאדמאר'ס פרוי האט געזאגט אז לעצטענס פלעגט זיך איהר מאן זעהר זעלטען געפינען אין דער היים... ער האט געהאט צו טהאן מיט פיעלע פרויען.

— איך צווייפעל ניט אז ער געפינט זיך ערגיץ אויף דעם טייך נילוס אין זיין שיפעל צוזאמען מיט א פרוי! — האט זי געזאגט מיט פארביטערונג. — זינט ער איז דערהויבען געווארען, האט ער זיך גענומען אויפפיהרען זעהר נישט פיין! ער האט מיך אין גאנצען פערנאכלעסיגט... אה הלואי זאלען איהם די געטער פון מצרים בעשטראפען פאר זיין שענדליכער אויפפיהרונג.

— קענסטו אונז פיליכט זאגען מיט וועלכער פרוי ער איז געווען בעפריינדעט? — האט מען איהר געפרעגט.

— ווען איך וואלט געוואוסט, ווער יענע איז, וואלט איך זיך שוין מיט איהר אפגערעכענט... א חוץ דעם האט מען מיר איבערגעגעבען אז ער האט נישט איינע נאר עטליכע פרויען. זאל א צרפוילקייט אריין אין זיינע ביינער... ווען איך פלעג איהם נעהמען אויסריידען, פלעגט ער מיר מערדערליך שלאגען.. יעצט בין איך צופריעדען אז ער איז שוין לאנג נישט געווען אין מיין הויז!

— דאס איז אבער דאס ערשטע מאל, אז ער פערנאכלעסיגט זיין ארבייט, — האט א בעאמטער געזאגט — ווען ער וואלט געהאט אין זינען אוועקצוגעהן אויף מעהר ווי א טאג, וואלט ער דאך זיכער איבערגעלאזען איינעם אויף זיין פלאץ, ווי ער פלעגט עס טהאן פריהער.

— האט ער זיך געוויס אנגעשכורט און האט פערגעסען וועגען זיינע פליכטען — האט קאדמאר'ס פרוי זיך אפגע־

רופען—עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז ער געפינט זיך יעצט אויף דעם טייך נילוס אין א שיפעל מיט אן אומווידדיגער פרוי...

---

יענעם טאג איז משה אוועק נאך גשן זיך צו זעהען מיט זיינע עלטערען און שוועסטער מרים און ברודער אהרן.

אלע האבען זיך שטארק דערפרעהט מיט זיין בעזוך. יוכבד און מרים האבען גענומען גרייטען צום טיש לכבוד זייער ליעבען גאסט און עמרם און אהרן האבען משה'ן געפרעגט פערשיעדענע זאכען וועגען דער לאגע פון דער מלוכה, וועגען פרעה'ס בעציהונגען צו די אנדערע פעלקער, און וועגען דער מעגליכקייט צו פערגרינגערען די אידישע לאגע.

משה האט זיי ערקלעהרט און אויסגעדריקט זיין האפענונג, אז ער וועט טהאן אלעס וואס איז מעגליך צו העלפען זיינע ברידער.

ווען אלע האבען זיך געזעצט ביים טיש צום עסען, האט זיך משה פלוצלונג אפגערופען מיט א ניעדעריגע שטימע.

— איהר ווייסט, נעכטען האב איך געטויטעט א מצרי ?

— וואס? דו האסט געטויטעט א מצרי ?—האט זיך מרים אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און איהם אנגעקוקט מיט פערוואונדערונג.

— ווי אזוי איז דאס געשעהן, מיין זוהן ?—האט יוכבד איהם געפרעגט אן איבערראשטע

— ווארט, לאמיר הערען, ער וועט דאך אונז אלעם דערצעהלען !— האט עמרם געזאגט און זיך צוגערוקט נעהענטער צו משה'ן. די איבעריגע האבען אויך צוגעבויגען זייערע קעפ צו משה'ן און מיט קלאפענדע הערצער געווארט ער זאל זיי שוין דערצעהלען, וואס האט פאסירט.

משה האט זיי דערצעהלט ווי ער איז נעכטען ארויס צו זעהן ווי זיינע ברידער ארבייטען און ווי אזוי ער האט דערזעהן ווי קאדמאר האט אדר'ן מערדער־

ליך געשלאגען. און ווען אדר האט איהם דערצעהלט וואס קאדמאר האט געטהאן צו זיין פרוי שלומית'ן און צו איהר פאטער דברי'ן, האב איך איהם גלייך אויף אן ארט געטויטעט.

— אבער משה !—האט יוכבד אויסגערופען.—דו האסט דאך דיין לעבען אין סכנה געשטעלט, ווען פרעה וועט זיך דערוויסען, אז דו האסט געטויטעט א מצרישען בעאמטען, ווייל ער האט אונטערדריקט די אידען, וועט ער דאך דיך געוויס בעשטראפען.

— דער פערפלוכטער מצרי האט אבער דעם טויט פערדינט !—האט משה געענטפערט—ער האט דאך געטויטעט דברי'ן, און ווען איך וואלט נישט אין צייט אנגעקומען, וואלט ער אויך אדר'ן פערשמיסען צום טויט.

— דו האסט געטהאן זעהר גוט, מיין ברודער !—האט מרים געזאגט.—אבער דו האסט געדארפט זיין פארזיכטיג, אז קיינער פון די מצריים זאלען דיך נישט בעמערקען.

— יע, מיין ליעבע שוועסטער איך האב זיך פריהער גוט ארומגעקוקט און ווען איך האב געזעהן, אז קיין אנדער מצרי געפינט זיך נישט ארום, האב איך קאדמאר'ן געטויטעט.... איך האב זיין קערפער בעהאלטען גאנץ טיעף אין זאמד ! געלויבט איז גאט, וואס שלומית איז פטור געווארען פון דעם רשע קאדמאר... מען האט מיר דערצעהלט, אז ער איז געווען דער ערגסטער מצרישער בעאמטער.

— יע, ער איז דאך בעשטימט געווארען פון טאגערן זעלבסט—האט משה געענטפערט און עס פערשטעהט זיך, אז טאגער וועט בעשטימען אזא שונא ישראל ווי ער אליין איז צו אונטערדריקען די אידען !

— מיין ברודער !—האט אהרן זיך אפגערופען — מיר מעגען אלע שטאלץ זיין מיט דיין גבורה און מיט דעם איבערגעבענקייט צו אונזערע פערדאומגליקטע ברידער... כאטש דו ביזט אויפגעהאדעוועט געווארען אין קעניגליכען פא־

לאַז, פיהלסטו דאך דעם צער פון דעם שוואכערען און אונטערדריקטען:... דו קענסט נישט צוזעהן אז אומרעכט זאל געטהאן ווערען צו דעם הילפלאזען.

— אבער דאך מיין זוהן מוזטו זעהר פארזיכטיג זיין... יעצט ביזטו פערערכענט פאר איינעם פון דער קעניגליכער משפחה, אבער ווען פרעה וועט אויסגעפינען, אז דו האסט דעם מצרי געטויטעט צוליעב דעם וואס דו האסט געוואלט העלפען דיינע ברידער, וועט ער דיר זיכער נישט וועלען שענקען!

— מוטער ווען דו וואלסט געוואוסט וואס פאר א שמחה קאדמאר'ס טויט וועט ארויסרופען צווישען אלע אונזערע ברידער און בפרט אין שלומית'עם הויז, וואלסטו דאן משה'ן געהייסען ווייטער אזוי טהאן.

— איך געה באלד ווידער אהין אריבער! — האט משה געזאגט.

— אה, ניין, מיין קינד, נישט אזוי שנעל, זאלען עטליכע טעג פאריבער געהן, ביז וואנען עס וועט זיך איינשטילען און דאן וועסטו ווידער בעזוכען דיינע ברידער! — האט יוכבד געזאגט.

— איך ווייס נישט וואס דארטען האט פאסירט, — האט משה געזאגט — די מצריים האבען שוין זיכער אויסגעפונען וועגען קאדמאר'ן און זיי וועלען פיילייכט נעהמען און בעשולדיגען אן אומשולדיגען אידען! יע, איך מוז גלייך אהין אוועקגעהן, און זעהן וואס עס טהוט זיך דארט...

— אפשר זאל אהרן אהין פריהער אוועקגעהן און אויסגעפינען, אויב עס איז פאראן א חשד אויף דיר! — האט יוכבד זיך אפגערופען א צושראקענע צו משה'ן.

— איך האב פאר קיינעם פון די מצריים קיין מורא נישט, קיינער וועט מיר קיין שלעכטעס נישט קענען טהאן. בלויז פרעה איז דער איינציגער וועלכער וועט מיר קענען בעשטראפען, און דעריבער איז פאר מיר גלייכער איך זאל אהין אליין פריהער אוועקגעהן... אין דערזעלבער צייט וועל איך פיליכט קענען ווערען עס איז פון די אידען מיט עפעס בעהילפיג זיין.

— זאל איך פיעלייכט מיט דיר מיטגעהן? — האט איהם אהרן געפרעגט.

— ניין, דו וועסט דאמיט ערוועקען א גרעסערען חשד... ווען אימיצער וועט דיך טרעפען מיט מיר... די צייט איז נאך נישט געקומען, אז עס זאל קענען בעוואוסט ווערען, דאס איך בין איינער פון דער משפחה פון עמרם

משה האט זיך אפגעזעגנט מיט אלעמען, ער האט געקושט זיין מוטער און שוועסטער און איז גלייך אוועק צו מאכען א צווייטען בעזוך צו זיינע ברידער, אין פיתם און אין רעמסס.

ער איז צוגעקומען צו דעם זעלבען פלאץ, וואו ער איז ערשט נעכטען געווען... אלעס האט געשיינט צו זיין רוהיג. די אידען האבען געטהאן זייער שווערע ארבייט, זיי האבען געקנאטען די ליים, געשלעפט משאות. דא און דארטען האט ער בעמערקט ווי עטליכע צעהנדליג אידען זיינען איינגעשפאנט אין גרויסע וועגענער און שלעפען מיט אלע זייערע כחות אונגעהויער גרויסע שטיינער. איינינע מצריים שטעהן מיט בייטשען און זשאלעווען נישט א שמיץ צו טהאן א אידען וועלכער מאכט א פערזוך אפצוכאפען זיין אטהעם.

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין משה'ס אויגען ווען ער האט דערזעהן ווי די אידען ווערען פערשווארצט... ער האט זיך דערנעהענטערט צו דער פלאץ, וואו אדר האט געארבייט. א ווײלע איז ער געשטאנען און אדר האט איהם נישט בעמערקט. ער איז געוועזן אזוי אריינגעטהאן אין זיין ארבייט, אז ער האט אפילו קיין צייט נישט געהאט אויפצוהויבען זיין קאפ.. באלד אבער האט אדר דערזעהן משה'ן און זיין פנים האט אויפגעלויכטען.. משה האט זיך ארומגעקוקט און האט פון ווייטען בעמערקט א צווייטען מצרי.

ער האט פערשטאנען, אז דאס פערנעהמט יענער קאדמאר'ס פלאץ. ווען משה האט געזעהן, אז דער מצרי קוסט

נישט אין דיזער ריכטונג, איז ער צוגעגאנגען עטוואס נעהענטער צו אדר׳ן און איהם שטילערהייט געפרעגט:

— מען האט נאך וועגען קאדמאר׳ן גאַרנישט אויסגעפונען?

— ניין, מיין האר! — האט אדר געזאגט מיט א נידעריגע שטימע. — די בעאמטע גלויבען, אז ער האט מיטגענומען א פרוי און פאַהרט מיט איהר אויף דעם טייך נילוס. זיי ערווארטען ער זאל זיך אומקעהרען יעדע ווייל... און אויב זיי וועלען זעהן, אז ער וועט זיך נישט אומקעהרען וועלען זיי געווים דענקען, אז ער איז דערטרונקען געווארען אין טייך.

— ווען זיי וועלען אָבער נעהמען גראַבען דעם זאמד, וועלען זיי דאך באלד אויסגעפינען, אז ער איז געטויטעט געווארען! — האט משה מיט זארג געזאגט.

— איך און נאך איינִיגע אידען האָבען בעשלאָסען אָפּצוואווארטען, ווען די נעכט וועלען פינסטער ווערען, דאן וועלען מיר אהער צוקומען און ארויסגראַבען זיין קערפּער און איהם אוועקפיהרען צום נילוס און דאָרטען ארײַנוואַרפען. און אפילו ווען מען וועט זיין קערפּער שוין יע געפינען, וועט ער זיין אזוי צופרעסען פון די קראָקאָדילען, דאס קיינער וועט נישט קענען דערקענען, אז ער איז פריהער געטויטעט געווארען...

— ניין, מיין פריינד, דו מוזט עס נישט טהאָן. עס ליגט אין דעם זעהר א גרויסע סכנה! — האט משה זיך אָפּגערופען — אין איינער פון די נעכט וועל איך עס אליין טהאן... איך וועל זיך ארויסגנב׳ענען פון פּאלאַץ אין מיטען נאכט... און צוקומען צו דיעזען פּלאַץ און אוועקפיהרען זיין קערפּער צום טייך. ווען אימיצער וועט מיר דערזעהן טהוענדיג דאס, וועט מיר קיין באַלדיגע סכנה נישט דראָהען, אָבער ווען דו און דיינע פריינד וועלען געכאַפּט ווערען, וועט איהר גלייך בעשולדיגט ווערען אין זיין טויט און איידער איך וועל צייט האבען אייך צו רעטען, וועט איהר שוין געטויטעט ווערען, דו מוזט מיר פערזיכערען אדר, אז דו וועסט נישט וואגען איינצושטעלען דיין לעבען און דעם לעבען פון דיינע ברידער אין געפאהר...

— אָבער מיר וועלען זעהר פאָרזיכטיג זיין... מיר וועלען עס טהאן אין א פינסטערע נאכט און קיינער וועט אונז ניט בעמערקען — האט אדר געזאגט — עס וועט זיין א סך שווערער פאר מיין האר עס צו טהאן, ווייל ווען דו וועסט פערלאָזען דעם פּאלאַץ אין מיטען נאכט, וועלען דיך די וועכטער פון פּאלאַץ זיכער בעמערקען און דער חשד וועט גרעסער ווערען. אָבער מיר קענען דאך אונזערע הייזער פערלאָזען צו יעדער צייט...

— דו טאָרסט אויך ניט פערגעסען — האט משה זיך צו איהם אָפּגערופען — אז איך וועל בלויז איינשטעלען מיין לעבען אין געפאהר, אָבער ווען מען זאָל דיך און דיינע פריינד כאַפּען מיט קאדמאר׳ס קערפּער, וועט מען בעשולדיגען אלע אידען, אז זיי ווילען אוים׳הרג׳ענען די מצריים, און דאן וועט אונזער גאַנצעם פאָלק זיין אין גרוים סכנה. און ניט דו און ניט דיינע פריינד האָבען א רעכט צו טהאָן אזא זאך וואו אלע קענען ליידען.

פּלוצלונג האָט צו משה׳ס אויערען דערגרייכט א געשריי און א טומעל, ער האָט פערלאָזען אדר׳ן און געגאַנגען צו יענעם פּלאַץ פון וואנען דער טומעל איז געקומען, ווען ער איז גאַנץ נאָהענט צוגעקומען האָט ער דערזעהען ווי צוויי אידען קריגען זיך.

— דו אויסוואורף, דו גנב! — הערט משה ווי איינער שרייט אויף דעם צווייטען, — איך וועל דיר צייגען ווי אזוי צו נעהמען די ציגעל וואָס איך האָב געמאכט און זאָגען אז זיי זיינען דיינע!

— דו ליגנער, דו פאלשער! — האָט דער צווייטער איהם געענטפערט דו פוילסט זיך צו טהאָן דיין פליכט, יעצט ווילסטו איינריידען די בעאמטע אז דו האסט די ארבייט געטהאָן! ניין דאס וועט זיך דיר ניט איינגעבען!

— עס איז דאָך א חרפּה און א שאנדע אז צוויי אידען וועלכע זיינען אליין אויף גרויסע צרות זאָלען צווישען זיך

קריגען! — האָט משה זיך אָפּגערופען צו זיי.

די צוויי מענשען אָבער, האָבען זיך ניט געמאכט הערענדיג, און זיך גענומען קריגען מיט מעהר קראַפט.

— אויב דו וועסט ניט צוריקגעבען מיינע ציגעל, וועל איך דיר דיין קאָפּ צושפּאַלטען! — האָט דער ערשטער ווייטער געזאָגט — איך וויים דיין פאַלשקייט און גייציגקייט! זאָלען דיינע ביינער צופוילט ווערען!

— און אויב דו וועסט וואגען אָנצוריהרען איינעם פון מיינע ציגעל וועסטו פון דאנען קיין לעבעדיגער ניט אוועקגעהען! — האָט דער צווייטער געדריקט זיין פויסט!

— איך בעט אייך הערט זיך אויף צו קריגען! איז משה נאָך נעהענטער צוגעגאנגען צו זיי — ווי פּאסט דאָס אז צוויי אידען זאָלען צווישען זיך אזוי קריגען און רופען איינער דעם צווייטען אזעלכע שענדליכע נעמען! וואָס וועלען אייערע אונטערדריקער זאָגען?

די צוויי אָבער האָבען ווייטער קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען צו משה'ס רייד, זיי האָבען זיך נאָך העכער געקריעגט און געזידעלט... קיינע מצריים זיינען דערביי ניט געווען, האָבען איינינגע אידען זיך פערזאמעלט ארום און צוגעקוקט ווי זיי קריגען זיך.

— זעה נאָר ווי די צוויי ברידער, דתן און אבירם האָבען זיך צואמפּערט — האָט איין איד זיך אָפּגערופען צום צווייטען — זיי שעהמען זיך גאָר ניט פאר'ן פּרינץ.

— איך האָב אליין געהערט ווי דער פּרינץ האָט זיי אויסגע'מוסר'ט און זיי האָבען זיך אפילו אויף איהם ניט אומגעקוקט.

— ווען דער פּרינץ וואָלט ניט געשטאמט פון אונזער פאָלק וואָלטען זיי זיך שוין יאָ צוגעהערט צו איהם!

— שוין צוויי מאָהל ווי משה האָט זיי געהייסען זיך אויפהערען צו קריגען און זיי פאָלגען איהם ניט.

— עס איז דאָס ערשטע מאָל ווי איך זעה ווי די צוויי ברידער קריגען זיך אזוי שטארק — איז נאָך א איד צוגעקומען — שטעלט זיך פאָר ווען א מצרי'שער בעאמטער וואָלט עס בעמערקט... זיי וואָלטען שוין ביידע געקריגען פאר מבטל זיין זייער צייט.

זייערע געשרייען האָבען זיך פערגרעסערט. פון ווערטער האָבען זיי זיך גענומען צום שלאָגען.

דתן האָט געכאפּט א ציגעל און זיך פערמאָסטען געגען אבירם'ן.

משה איז גלייך צוגעלאָפען צו דתן'ען, איהם צוגעהאלטען פאר'ן האנד ער זאָל דעם ציגעל ניט ווארפען אויף דעם צווייטען.

— לאָז מיך אָפּ! — האָט דתן זיך ארויסגעריסען פון משה'ס הענד — איך וועל איהם מיט דעם ציגעל זיין מח צושפּאלטען.

— דו רשע! — האָט משה זיך צו איהם אָפּגערופען — פאר וואָס שלאָגסטו דיין פריינד!

— זעה נאָר, קוק נאָר איהם אָן! — האָט דתן אויסגערופען מיט כעס — ווער האָט דיר געמאכט פאר א מענשען! ער מיינט אז ער איז איבער מיר אויך א האר און א שופט... וואָס? אפשר וועסטו מיר טויטען אזוי ווי דו האָסט געטויטעט דעם מצרי קאדמאר'ן! ווארט דאָס וועט דיר נאָך ניט געשאָנקען ווערען. איך וועל דערצעהלען פּרעה'ן וועגען דעם, און דאַן וועסטו וויסען ווי אזוי זיך צו מישען אין אונזערע אנגעלעגענהייטען.. איך וועל דיר ווייזען ווי אזוי דו וועסט מיר רופען רשע!

די בלוט האָט משה'ן א זעץ געטהאָן אין פנים, ווען ער האָט דערהערט אזעלכע רייד פון א אידען.. הייסט עס אז צווישען די אידען געפינען זיך אויך אזעלכע רשעים. און פאר זיי האָט ער דאָס איינגעשטעלט זיך לעבען אין סכנה! משה איז געבליבען שטעהן בעוועגלאָז...

דתן האָט געזעהען אז זיינע ווערטער האָבען משה'ן גאנץ גוט דערשראָקען,

האָט ער נאָך געקראַגען מעהר מוטה און זיך אויף איהם ווייטער צושריען:

— ווער האָט נאָך דיר געשיקט, וואָס ביזטו אהער געקומען, דו מיינסט אז דיר האָט אָפּגעגליקט וואָס דו געפינסט זיך אין פּרעה'ס פּאַלאַץ... איך וויים אז דו ביזט מעהר ניט ווי א איד, און פּרעה וועט טאקע באַלד אויך וויסען, וואָס דו טהוסט צו זיינע בעאמטע... איך שרעק זיך ניט פאר דיר, אויב איך וועל וועלען געבען מיין ברודער מיט דעם ציגעל אין קאָפּ, וועל איך ביי דיר קיין ערלויבנים ניט בעטען!

— מיין האר! — האָט זיך א זוויטיגער איד אָפּגערופען צו משה'ן — נעהם ניט אין אכט זיינע ווערטער, זיי זיינען די איינציגע רשעים צווישען אלע אידען.. זיי זיינען בעוואוסט אלס מוסרים... און זיי זיינען ביי קיינעם ניט איבעריג בעליבט... אָה, אָט די זיהן פון אליאב האָבען שוין פעראורזאכט פיעלע צרות צו זייערע אייגענע ברידער!

— אָט קומט אָן א מצרישער בעאמטער! — האָט איינער אויסגערופען, און באַלד האָבען זיך די אידען צולאָפען, יעדער צו זיין ארבייט...

דתן און אבירם האָבען זיך אויך צוריקגעקעהרט צו זייער ארבייט און קללות זיינען געפלויגען פון זייערע מיילער.

משה'ס פּנים איז בעדעקט געוואָרען מיט א קאַלטען שוויים. וועלען די צוויי אידען אויך געהן מסור'ן אויף איהם. אויב אזוי איז דאָך זיין לעבען אין סכנה. יאָ, ער וועט יעצט דארפען פאָרזיכטיג זיין...

ער איז צוריק אוועק אין פּאַלאַץ, ער האָט בעשלאָסען זיך דורכצורייד‏ען מיט זיין "מוטער" די פּרינצעסין בתיה; ער וועט זיך פאר איהר מודה זיין וואָס ער האָט געטהאָן, און זיך מיט איהר בעראטהען ווי צו האנדלען.

משה איז אריין אין זיין צימער, ער איז געווען זעהר אויפגערודערט פון די פּאסירונגען אין די לעצטע צוויי טעג... ער האָט די גאנצע צייט זיין "מוטער" ניט געזעהן, און די דיענער האָבען איהם איבערגעגעבען אז די פּרינצעסין האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איהם.

ער האָט געזוכט א ווייל‏ע זיך אָפּצורוהען. באַלד אָבער האָט זיך די טהיר געעפענט און די פּרינצעסין בתיה איז אריין אין זיין צימער.

— משה, מיין ליעבער זוהן! — איז בתיה צו איהם צוגעגאנגען און איהם ארומגענומען און געקושט — וואָס איז מיט דיר, מיין זוהן, דו שיינסט צו זיין ניט מיט אלעמן, פיהלסטו דען ניט גוט? ליידעסטו פילייכט שמערצען, וועל איך שיקען נאָך די רופאים...

— ניין, ליעבע מוטער! — האָט איהר משה א קוש געטהאָן, איך בין געזונד און איך לייד ניט פון קיין קראנקהייט.

— אָבער דאָך קוקט דיין פּנים ניט אוים אזוי ווי פריהער! — האָט בתיה צו איהם געזאָגט.

— מוטער! — האָט משה זיך אָפּגערופען נאָך א קליינער פּויזע — איך האָב דיר עטוואָס וויכטיגעס צו דערצעהלען, איך האָף אז דו וועסט מיר פערשטעהען און פילייכט וועסטו מיר קענען ראטהען וואָס צו טהאָן.

— דערצעהל מיר, מיין זוהן, דו ווייסט דאָך ווי טהייער דו ביזט ביי מיר און אויב איך וועל דיר קענען מיט עפּעס בעהילפיג זיין וועל איך זיך זעהר גליקליך שעצען!

— איך האָב שוין פון לאנג אויסגעפונען אז איך שטאם פון די ישראלים!

— האָט משה זיך אָפּגערופען צו איהר

— זינט מענעפּטא, האָט מיר מיט יאָהרען צוריק געזאָגט אז דו האָסט מיך געפונען ביים ברעג טייך נילוס אין א קעסטעלע, און אז א אידישע משפחה האָט מיר ווארשיינליך דאָרט איבערגעלאָזען, אוים מורא פאר די מצריים, האָב איך ניט גערוהט, און אויסגעפונען אז זיינע רייד זיינען ריכטיגע. מיר האָט אנגעהויבען צו ציהען אהין, צו פּתם און רעמסס, וואו מיינע ברידער זיינען פערשקלאָפט... איך האָב געזעהען ווי שווער און ביטער מיינע אומגליקליכע ברידער

ארבייטען פון גאנץ פריה ביז שפעט אין דער נאכט... עס האָט מיר פערדריקט ביים הארצען... מיט בלוטיגע טרעהרען האָב איך געוויינט ביינאכט אויף מיין בעט, ווען איך האָב נאָר דערפון א טראכט געטהאָן, די שרעקליכע בילדער פון אויסגעמוטשעטע, אויסגעדארטע אידען, וועלכע שטעהען געבויגען אי־בער דיעזער שווערער ארבייט מיט פער־טריקענטע צושפּאלטענע ליפּען פון זון, מיט בלויע סיניאקעס אויף זייערע האלב נאקעטע לייבער, וואָס זיי בעקומען פון די בעאמטע אָט די אלע בילדער האָבען מיר ביינאכט ניט געלאָזען שלאָפען...

— אָבער מיין קינד, וואָס קענסטו זיי העלפען, דאָס איז דאָך שוין אזוי פאר פיעלע יאָהרען, און לויט ווי מען גיט מיר איבער, ווערען די אידען נאָך שטאר־קער און זיי פערמעהרען זיך... און דו דארפסט זיין צופרידען וואָס דיר איז געלונגען צו פועל'ן ביי מיין פאטער, ער זאָל ערלויבען די אידען איין רוהע טאָג. ביז דאן האָבען זיי דאָך דאָס אויך ניט געהאט... פיליכט עטוואָס שפעטער וועסטו קענען ווירקען אויף מיין פאטער ער זאָל פערקירצען דעם טאָג ארבייט, כאָטש איך צווייפעל זעהר אין דעם, ווייל זיין הויפט מיניסטער טאגער וועט דערצו ניט דערלאָזען... ער האָט דאן, ווען דו האָסט פאָרגעשלאָגען איין רוהע טאָג, אויך שטארק געקעמפפט געגען דעם... עס וועט זיין א סך בעסער און געזונטער פאר דיר ווען דו געהסט גאָר ניט אהין! איך וואָלט זעהר ניט גע־וואָלט אז מיין פאטער זאָל וויסען דאָס דו געהסט אהין און אז דו ביזט פער־אינטערעסירט אין דער לאגע פון די אי־דען... ווייל אויב דו ווילסט ווען עס איז ארויסקריגען נאָך א הנחה פאר די ישראלים פון מיין פאָטער, טאָר ער דיר קיינמאָל ניט חושד זיין אז דו ביזט זייער פריינד... ער דארף אפילו ניט ווי־סען אז דו ווייסט פון וואנען דו שטאמסט... איך זאָג דיר, משה אז איך האָב מורא אויב מען וועט זיך דערווי־סען אז דו זוכסט די טובה פון די אי־דען, וועט עס דיר טהאָן א סך שאדען און פאר די אידען וועט עס אויך זיין א רעה...

משה האָט ארונטערגעבויגען זיין קאָפּ און האָט געשוויגען נאָכדעם ווי ער האָט געהערט פון בתיה'ן אזוינע רייד אין איהם געוואָרען נאָך שווערער איהר אלעם צו דערצעהלען.

— משה, איך זעה אויף דיין פּנים אז דיר דריקט עפּעס און דו ווילסט עס פון מיר פארבאָרגען. בין איך דען נישט דיין בעסטער פריינד. דערצעהל מיר אלעם, פיליכט וועל איך דיר קענען העלפען!

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין משה'ס אויגען, ער האט געקוקט אויף זיין "מוטער", און זי האט איהם ווידער געקושט.

— מוטער! — האט משה אויסגע־רופען—איך וויים אז ווען דו וועסט זיך דערוויסען וואס איך האב געטאָהן, וועסטו מיר אנפאנגען צו האסען.

— אָה ניין מיין זוהן! — האט בתיה איהם ארומגענומען.—קיין זאך אין דער וועלט וועט נישט ענדיגען מיין ליעבע צו דיר. זינט דו ביזט דריי מאָ־נאטען אלט געוואָרען ביזטו געוואָרען מיינער, און מיט יעדען יאהר וואס דו האסט אונטערגעוואקסען ביזטו ביי מיר נאָך טייערער געוואָרען, און וואס עס זאָל מיט דיר נישט האבען פאסירט, ביזטו נאָך אלץ מיין טייערער זוהן משה, ווען איך האב פון וואסער ארויסגעצויגען. אבער זאג דאך מיר וואס האט מיט דיר פּאסירט משה? איך בין זעהר אומגעדולדיג צו הערען!

— איך האב נעכטען געטויטעט א מצרי! — האט משה אויסגערופען און בעטראכט זיין מוטער צו זעהן וואס פאר אן איינדרוק זיינע ווערטער האבען אויף איהר געמאכט.

בתיה'ס פּנים איז בלאס געוואָרען. זי האט אויף משה'ן געקוקט מיט שטא־רע בליקען.

— דו האסט א מצרי געטויטעט?!

— יע, איך האב איהם געטויטעט.

— ווען? וואו?

— איך האָב געטויטעט קאַדמאַר'ן וועלכער איז געוועזן דער הויפּט אויפזעהער איבער פיעלע אידען אין רעמסס!

— פאַרוואָס האָסטו איהם געטויטעט? — האָט די פּרינצעסין אויסגערופען א צושראָקענע.

— איך ווייס איך בין א מערדער! אה מוטער, האָס מיך! — איך האָב קיינמאָל נישט געדענקט אז מיינע הענט וועלען בעפלעקט ווערען מיט מענשליך בלוט.

— בערוהיג זיך, משה! — האָט זי איהם געגלעט איבער'ן קאָפּ—דערצעהל מיר ווי אזוי איז דאס געשעהן?

— איך בין געקומען אין רעמסס געוואָלט זעהן ווי מיינע ברידער ארבייטען. איך האָב דיר שוין געזאָגט... מיר האָט עפּעס אהין געצויגען. איך קום צו איך דערהער א יאָמערליכען געשריי. איך בעמערק ווי א מצרי שלאָגט א אידען אומ'ברחמנות'דיג. איך האָב איהם קוים אבגעהאלטען. דער אומגליקליכער איד האָט מיר דערצעהלט ווי אזוי דער מצרי האָט געטויטעט שלומית'עס פאַטער דברי, און ער האָט אויך געמאַכט א פערזוך צו פעראומגליקען זיין פרוי און ווייל ער האָט פערשטאַנען און אונטערבראָכען זיין פּלאַן, האָט ער זיך דאס מיט איהם יעצט גענומען אפּרעכענען... ווי קאַדמאַר האָט דערהערט אז ער דערצעהלט מיר אלעס, איז ער נאָך מעהר אויף דעם אידען אויפגעבראַכט געוואָרען און איהם נאָך שטאַרקער גענומען שלאָגען, ווען איך האָב זיך אנגענומען פאַר איהם און נישט געוואָלט לאָזען ער זאָל איהם צום טויט דערשלאָגען, האָט ער מיר גענומען זידלען און זיך געכאַפּט צו זיין שווערד, האָב איך איהם דעריבער גלייך אויף אָרט געטויטעט!

— ווי אזוי האָסטו געקענט טאָהן אזא זאַך, אַ משה! — האָט בתיה אויסגערופען מיט טרעהרען אין איהרע אויגען.—דו האָסט דאָך דיין לעבען אין סכנה געשטעלט! ווען פּרעה וועט זיך דערפון דערוויסען וועט ער דיר דען שענקען? א זאג מיר דאך, מיין ליבער זוהן—האָט זי איהם געדריקט צו זיך—האָט קיינער פון די מצריים נישט בעמערקט וואס דו האָסט געטאָהן?!

— קיינער פון די מצריים איז דאָן דאַביי נישט געוועזן! — האָט משה געזאָגט—איך האָב דעם טויטען קערפּער בעגראָבען טיעף אין זאַמד און איך רעכען צו געהן אהין אין איינער פון די פינסטערע נעכט, און ארויסנעהמען דעם קערפּער פון אונטער'ן זאַמד און איהם אריינוואַרפען אין נילוס דאַמיט צו פערדעקען יעדען שפּור.

— אה, געלויבט זיינען די געטער! —האָט די פּרינצעסין פרייער אפּגעאָטעמט—וואס קיינער פון די מצריים האָבען דיר נישט געזעהן. אבער וואס זאָגט מען דאָרטען אין רעמסס, וועגען קאַדמאַר'ס פערשווינדען?

— מען גלויבט אז ער האָט זיך אנגע'שכור'ט און אוועק פארברייניגען מיט איינע פון די פילע פרויען וואָס ער האָט געהאט!

— זאג מיר, משה, ביזטו זיכער אז קיינער א חוץ די אידען האָבען דיר ניט בעמערקט. ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי מייי הארץ שרעקט מיר אזוי שטאַרק. איך פיהל יעצט אזוי ווי איך האָב געפיהלט דאַן, ווען מען האָט פאַר דיר, אלס קליין קינד, אוועקגעשטעלט די צוויי שיסלען, מיט גאָלד און ברענענדע קויהלען.... וויפיעל האָט דאַן געפעהלט אז דו זאָלסט דיין לעבען פערלירען!... אה ניין, משה, דו טאָרסט אליין נישט געהן ביינאַכט... איך ציטער טאָמער וועט אימיצער דיר דערזעהען מיט קאַדמאַר'ס קערפּער און דאַן וועט זיך מיין פאַטער פון אלעם דערוויסען...

— אבער איך וויל נישט אז אימיצער פון די אידען זאָל בעשולדיגט ווערען אין זיין טויט... אויב זיין קערפּער וועט פערבלייבען אין דעם זאַמד, וועט מען פריהער אדער שפּעטער איהם דאָרט געפינען און דאַן וועלען פיעלע פון די אידען וועלכע האָבען געארבייט אונטער זיין אויפזיכט, ליידען צרות.

— דיין לעבען איז ביי מיר טייערער פון אלעם אין דער וועלט, משה, און

איך קען ניט דערלאָזען אז מיין פאטער זאל זיך דערוויסען וואס דו האסט געטאָהן צו זיינעם א בעאמטען, ווייל דאן וועל איך דיר געוויס פערלירען! אויב דו ווילסט וועל איך הייסען צוויי פון מיינע קנעכט זיי זאלען אוועקטראגען דעם קערפּער צום טייך. און ווען זיי וועלען מיר פערשפּרעכען קיינעם נישט צו דערצעהלען וועגען דעם, וועט מען מעגען אפילו זייער פליש שניידען, וועלען זיי נישט ריידען.

— אבער איך האב מורא אז פּרעה וועט זיך אלץ איינס דערפון דערוויסען! — האט משה פּלוצלונג אויסגערופען — איך בין היינט ווידער אוועק אויף יענעם פּלאַץ, און בעמערקט ווי צוויי פון מיינע ברידער קריגען זיך און עס איז צווישען זיי שיעור נישט אויסגעבראכען א געשלעג. איך האב זיך אריינגעמישט, און נישט דערלאָזען אז איינער זאל שלאָגען דעם צווייטען. איז דער שלעגער אויף מיר אנגעפּאלען מיט זידלערייען און האט צו מיר געזאגט: "אפשר וועסטו מיר אויך טויטען ווי דו האסט דעם מצרי געטויטעט, ווארט איך וועל דערצעהלען פּרעה'ן פון דעם!"

— און אזוי האט צו דיר גערעדט איינער פון דיינע ברידער? — האט פּרעה'ס טאָכטער איהם א פרעג געטאָהן.

— יע, ער איז געווען זעהר אין כעס און איך האב מורא טאָמער וועט ער טאקע אוועקגעהן און דערצעהלען פּרעה'ן אז איך האב גע'הרג'עט דעם מצרי!

— דאס איז דאך אונמעגליך! — האט בתיה זיך אפּגערופען — א ישראל וועט דאך געוויס נישט טאָהן אזא זאך בפרט ווען ער ווייס, אז דו האסט עס געטאָהן פאר די טובה פון די ישראלים.

— מען האט מיר אבער וועגען דיזע מענשען זעהר נישט קיין שעהנע זאכען דערצעהלט. מען האט מיר געזאגט אז זיי זיינען בעוואוסטע מוסרים, און איך האב מורא אז זיי וועלען דערצעהלען פּרעה'ן פון דעם וואָס זיי האָבען געזעהען.

— דאָן, מיין ליבער משה, איז דאָ אין פּלאַץ פאר דיר קיין אָרט נישט יעצט. אויב מיין פאטער וועט זיך דערפון דערוויסען וועט ער דיר לאזען טויטען אפילו אין בעט. ניין, דו טאָרסט היינטיגע נאכט נישט איבערנעכטיגען אין דיין צימער. איך וועל פערופען מיין קאמער־מיידעל צו שטעהן מיט מיר די גאנצע נאכט און דו וועסט איבערנעכטיגען אין איהר צימער. דערווייל וועל איך זעהן דערגעהן אויב מיין פאטער האט זיך דערוואוסט וועגען דעם, און אויב יע, וועסטו מוזען פון דאנען ענטלויפען. איך וועל צוגרייטען פאר דיר אנדערע קליידער און דו וועסט זיך איבערטאָהן, וועט מען דיר אזוי שנעל נישט דערקענען. איך האף אז מיין פאטער ווייס דערפון נישט. מעגליך אז יענע שלעכטע מענשען האבען בלויז דיר געוואלט אנשרעקען, אבער זיי וועלען דאָך נישט געהן טאָהן אזא שענדליכע זאך און מסור'ן אויף איינעם פון זיי וועלכער האט זיי געזוכט צו העלפען.

— אָה, מוטער! מוסרים זיינען די ערגסטע מין מענשען, זיי וועלען זיך פאר קיין זאך נישט אפּשטעלען, בפרט ווען זיי קענען דערפון עפּעס געניסען.

— מיין ליבער זוהן, משה! — האט זיך בתיה פאנאנדערגעוויינט — אויב עפּעס זאל מיט דיר פּאסירען, וועל איך דאס זיכער נישט אריבערטראגען. דו טאָרסט זיך פאר קיינעם נישט בעווייזען ביז וואנען איך וועל אויסגעפינען אויב די זאך איז שוין בעוואוסט, און וואס מיין פאטער דענקט צו טאָהן מיט דיר. דערווייל קום אריין אין מיין צימער און דארטען וועסטו פערבלייבען ביז באנאכט און נאכהער וועל איך דיר ראטען וואס ווייטער צו טאָהן.

משה איז אריין אין בתיה'ס צימער, און זי איז אוועק צו דעם פּלאַץ וואו איהר פאטער האט זיך געפונען.

— מיין טאָכטער! — האט פּרעה זיך צו איהר אפּגערופען. — דו זעהסט מיר אויס צו זיין נישט מיט אלעמען. עפּעס איז דיין פּנים אזוי בלאס. האט עפּעס מיט דיר פּאסירט?

— אָה ניין, ליבער פאטער — האט

בתיה זיך אפּגערופען—איך פיהל זיך נישט אמבעסטען אין געזונד.

פילייכט זאל איך שיקען נאָך די רופאים?—האט איהר פרעה געפרעגט.

— עס איז נישט נויטיג. איך וועל זיך אויסרוהען א פּאר טעג, און וועל זיך ווייטער פיהלען גוט.

— מיר דוכט זיך אז יעצט האסטו זיך גערארפט פיהלען גליקליך, משה דיין "זוהן" איז אויסגעוואקסען, און ער איז זעהר שעהן, ווי מען גיט מיר איבער איז ער אויך גאנץ שטארק. איך בין זי־כער אז עס וועט לאנג נישט נעהמען און איך וועל איהם מאכען פאר דעם הויפּט גענעראל פון מיינע אלע ארמעען.

— איך דאנק דיר, ליעבער פאטער, פאר דיין גוטסקייט צו מיין זוהן—האט בתיה צו איהם געזאגט—איך בין זיכער אז ווען משה וועט פיהרען אן ארמעע וועט ער שטענדיג בעזיגען.

— און איך האף אז איך קען זיך פערלאָזען אויף זיין טרייהייט און אי־בערגעבענהייט צו מיין פאלק און לאנד!—האט פרעה ווידער געזאגט—כאָטש ער איז נישט קיין געבאָרענער מצרי איז ער דאָך אבער אויפגעהאָדעוועט געווא־רען אליץ אזעלכער און די סביבה האט אויף איהם געווירקט דאס ער זאל זיין א גאנצער מצרי.

— נו, געוויס איז ער דאך פעררע־כענט איינער פון אונז! — האט די פרינצעסין אויסגערופען.

— טאָגער האט מיר אפילו געוואלט איינריידען דאן ווען משה האט ביי מיר גע'פועל'ט איך זאל געבען איין רוהע טאָג פאר די אידישע שקלאפען, אז משה איז איבערגעגעבען צו די אידען, ווייל ער פיהלט דאס ער שטאמט אויך פון זיי, אבער לויט ווי איך האב געזעהען, האט משה גאר געמיינט די טובה פון אונזער לאנד און דאס האט ער מיר גלייך איבערציינגט מיט זיינע לאָגישע ווערטער.

— טאָגער איז פון אנפאנג אן געווען משה'ם שונא! — האט בתיה זיך אפּ־גערופען מיט פערביטערונג—נאר ער זוכט צו מאכען בלבולים אויף איהם און געלויבט זיינען די געטער וואס נישט אלע מאל הערסטו זיך צו איהם צו. אויב יא, וואלט שוין מיין זוהן, משה, לאנג נישט געווען צווישען די לעבעדיגע.

— איך זעה אליין ווען טאגער איז גערעכט אדער אומגערעכט. אָט האט מיר טאגער דאָ נישט לאנג דערצעהלט אז משה האט בעזוכט די שטעדט פּתם און רעמסס צו זעהן ווי די אידישע שקלאפען ארבייטען. ער האט געוואלט אויסטייטשען זיין בעזוך אלס א סימן, דאס ער פעראינטערעסירט זיך אין די שקלאפען. איך האב איהם אבער באלד געזאגט, אז משה געהט אהין, ווייל ער איז נייגעריג צו זעהן ווי די שטעדט ווערען געבויט, און אפילו ווען די שקלאפען וואלטען געווען פון א פרעמד פאָלק, וואלט ער אויך אהין געגאנגען. איך צווייפעל נישט אז אין א קאמף צווישען א מצרי און א אידען וואלט משה געהאָלפען דעם מצרי און נישט דעם אידען!

— געוויס, פאטער, משה איז פער־רעכענט פאר איינעם פון אונז.—האט בתיה זיך אפּגערופען און איהר פּנים איז נאָך בלאסער געווארען.

— זעהסטו ווען איך זאל אויסגעפי־נען אז ער נעהמט זיך אָן פאר די אי־דען, דאן וואלט איך צוגעגעבען אז טא־גער האט רעכט.—האט פרעה געזאגט.

---

יענעם אבענד, ווען דתן און אבירם האבען זיך אומגעקערט אהיים פון דער ארבייט, האבען זייביידע צווישען זיך דורכגערעדט.

— נו, זעהסטו שוין, אבירם ווי מיין פּלאן האט געארבייט.—האט דתן זיך צו איהם אפּגערופען. — ווי טויט בלאס ער איז געווארען ווען ער האט דער־הערט אז איך וועל געהן דערצעהלען פרעה'ן דאס ער האט געטויטעט דעם בעאמטען קאדמאר'ן.

— יע, ער איז געווארען בלאס און ווידער רויט! — האט אבירם געזאגט מיט א שמייכעל—ער קען זיך ארויס־צייגען פאר א העלד צווישען אונז, אבער

ווען עס קומט אין פּאַלאַץ פיהלט ער זיך דאָך אלס פרעמדער. אבער זאג מיר דתן, וועסטו טאקע געהן פער'מסור'ן פּרעה'ן אויף איהם!

— און דו, מיין ברודער, צווייפעלסט נאָך אין דעם! — האט דתן אויסגערופען—וועל איך דען אזא גוטע געלעגענהייט, צו ווערען א מצרי'שער בעאמטער, אויסלאזען? אַה, ניין, ברודער, אויב דו האסט מורא קענסטו שטעהן אין דער היים. איך וועל אבער נאָך מאָרגען אין דער פריה, אנשטאט צו געהן צו דער ארבייט אוועקגעהן אין פּאַלאַץ און זיך מעלדען אז איך האב צו זאגען פּרעה'ן זעהר א וויכטיגע זאַך, און ווען מען וועט מיר צו איהם צולאַזען וועל איך איהם דערצעהלען ווי אזוי משה האט דעם מצרי גע'הרג'עט. דו מעגסט זיכער זיין אזוי ווי פּרעה וועט בעשטראָפען משה'ן אזוי וועט ער מיר בעלוינען, און מיר פיליכט מאכען פאר אן אויפזעהער איבער די אנדערע שקלאַפען. יע, אבירם, אויב דו ווילסט מיט מיר נישט מיטגעהן, וועסטו נאָך אלץ פערבלייבען דערזעלבער שקלאַף, און מעגליך אז דו וועסט נאָך דארפען ארבייטען אונטער מיין אויפזיכט.

— צו זיין א שקלאַף ביי דיר, מיין ברודער, וואלט איך געווים נישט געוואלט! — האט אבירם געזאגט מיט א שמייכעל—איך וועל מיט דיר מיטגעהן, פארוואס זאל איך אויך דערפון נישט געניסען. זאג מיר וועסטו פּרעה'ן דערצעהלען אלעס וואס האט פּאסירט.

— געווים אלעס. — האט דתן געזאגט.—איך וועל איהם דערצעהלען ווי אזוי קאדמאר האט געטאָהן זיין פליכט און געשלאַגען א שקלאַף וועלכער איז געווען פויל, דאן איז משה צוגעגאנגען און איהם געטויטעט.

— ניין, מיין ברודער, דאמיט קענסט דו נאָך ברייכגען א גרעסערע צרה אויף אלע אידען און פּרעה וועט נאָך שווערער מאכען זייער ארבייט, און ווען זיי וועלען זיך דערוויסען אז מיר האבען דאס אלעס פּעראורזאכט, וועלען זיי זוכען זיך אפּצורעכענען מיט אונז.

— דו דארפסט פאר זיי קיין מורא נישט האבען, די מצריים וועלען אונז בעשיצען, בפרט ווען זיי וועלען ווייסען אז פּרעה האָט אונז בעשטימט צו אונזערע עמטער וועלען זיי פאר אונז ציטערן.—האט דתן געזאגט.

— דאָך גלויב איך אז עס איז מעהר ראטהזאם צו דערצעהלען פּרעה'ן אז מיר האבען געזעהען ווי משה האט זיך געקריגט מיט קאדמאר'ן און דאן איהם געטויטעט, דאמיט וועלען מיר נישט דארפען בעריהרען די איבעריגע אידען.

— איך האב געמיינט אז דו האסט נאָך עטוואס שכל, מיין ברודער, יעצט בין איך איבערצייגט אז דו ביזט א גרויסער נאר. שטעל זיך פאר אז ווען מיר דערצעהלען פּרעה'ן דאס משה האט געטויטעט דעם מצרי אין א קריעג וואס איז צווישען זיי אויסגעבראכען, און מיר דערצעהלען איהם נישט אין וואס דער קריעג איז ענטשטאנען, קען דאָך געמאָלט זיין אז ער וועט גאָר משה'ן דערפאר נישט בעשטראפען, און דאן וועלען מיר דאָך געווים אויך נישט בעלוינט ווערען, און דער סוף וועט זיין אז משה וועט זיך נאָך מיט אונז אפּרעכענען, פארוואס מיר זיינען געגאנגען מסור'ן אויף איהם. יעצט זעהסטו שוין אז פאר אונז וועט זיין בעסער ווען מיר וועלען פּרעה'ן דערצעהלען דעם גאנצען אמת!

— אבער דאס וועט דאָך נישט זיין קיין אמת, אז קאדמאר האט געשלאַגען אדר'ן צוליעב פוילקייט — האט אבירם געזאגט.—מיר ווייסען דאָך פאר וואס קאדמאר האט איהם אזוי מערדערליך געשלאַגען.

— נו, וועלען מיר זאגען א קליינעם ליגען. עס וועט נישט שאדען ווען מיר זאגען איהם א ליגען פאר אונזער טובה וועגען.... דו וועסט זעהן ווי גליקליך מיר וועלען זיך נאכדעם פיהלען. מיר וועלען אין גאנצען בעפרייט ווערען פון אונזער ארבייט, און מיר וועלען זיך קענען אפּרעכענען מיט יענע אידען וועלכע פלעגען אונז זידלען און שילטען.

אויף מאָרגען אין דער פריה, האָבען

די צוויי ברידער, דתן און אבירם, אַנשטאָט צו געהן אין רעמסס צו זייער אַרבייט, זיך אַוועקגעלאָזען אין דער ריכטונג פון פרעה'ס פּאַלאַץ.

זיי זיינען באַגעגענט געוואָרען פון די וועכטער פון פּאַלאַץ.

— וואָס איז אייער פערלאַנג? — האָט מען זיי געפרעגט.

— מיר האָבען איבערצוגעבען זעהר א וויכטיגע זאַך צו דעם קעניג! — האָט דתן זיי געענטפערט.

דער הויפּט וועכטער איז צו זיי צוגעגאַנגען, און זיי ביידען בעטראַכט מיט זיינע דורכדרינגענדע בליקען און זיך אָפּגערופען:

— איהר שיינט מיר צו זיין אידישע שקלאַפען און אייער פּלאַץ איז יעצט ביי דער אַרבייט, טאָ ווי אַזוי קומט איהר דאָ?

— מיר ווייסען פון א גאַנץ וויכטיגע זאַך און מיר וואָלטען עס וועלען דערצעהלען פאַר אונזער האַר קעניג!

— איהר קענט דעם קיניג נישט זעהן! — האָט דער וועכטער זיך אָפּגערופען — אויב איהר האָט וואָס צו דערצעהלען קענט איהר דאָס מיר איבערגעבען, און איך וועל שוין זעהן אַז דאָס זאָל דערגרייכען פּרעה'ס אויער.

— ניין, מיר מוזען אַליין דאָס איבערגעבען צו פּרעה'ן — האָט אבירם געזאָגט — מיר קענען דאָס נישט טאָהן דורך א צווייטען.

— ווי איך פערשטעה, זייט איהר זיך געוויס געקומען בעקלאָגען אויף די שווערע אַרבייט וואָס אייך קומט אויס צו טאָהן! — האָט ער א שמייכעל געטאָהן, אויב אַזוי וואָלט איך אייך געראַטען גלייך אומצוקעהרען זיך צו אייער אַרבייט, אויב איהר ווילט נישט נאָך מעהר בעשטראָפט ווערען... יעדער אידישער שקלאַף וואָס פּלעגט זיך קומען בעקלאָגען אין פּאַלאַץ פאַר די שלעכטע בעהאַנדלונג וואָס ער קריגט אָדער פאַר די שווערע אַרבייט וואָס איהם קומט אויס צו טהאָן, האָט נאָך ערגער געמאַכט... דעריבער איז מיין עצה, אַנטלויפט פון דאַנען, איידער די העכערע בעאַמטע וועלען אייך בעמערקען...

— מיר וועלען פון דאַנען נישט אָפּטרעטען, ביז וואַנען דו וועסט מעלדען פּרעה'ן אַז די צוויי ברידער דתן און אבירם זיינען געקומען איהם איבערגעבען זעהר א וויכטיגע געהיימנים, וואָס וועט ברייננגען נוצען פאַר אונזער לאַנד מצרים...

— וועט זייט איהר דאָס, צוויי שקלאַפען, וועלכע ווייסען די געהיימנים פון מצרים. איהר זייט געוויס בערוישט פון ויין אָדער פון זינגען געריהרט. געהט זיך שנעל צו אייערע אַרבייט, איידער איך וועל זאָגען די סאָלדאַטען און זיי וועלען אייך אַהין מיט געוואַלד אוועקשלעפּען!

— מיר האָבען דאָך דיר געזאָגט אַז עס איז זעהר וויכטיג! — האָט דתן אויסגערופען — און ווען פּרעה וועט זיך דערפון דערוויסען וועט ער אונז דערפאַר נאָך שטאַרק בעלוינען... געה, איך בעט דיר זאָג אָן פּרעה'ן וועגען דעם...

— וואָס זייט איהר געקומען אַזוי פריה מיר צו בעלעסטיגען — איז בער הויפּטוועכטער אומגעדולדיג געוואָרען — אויב איהר טרעט נישט אָפּ דיעזע רגע וועל איך אייך אָפּשיקען צו אייער אַרבייט מיט די סאָלדאַטען.

דער וועכטער האָט געגעבען א סיגנאַל און עטליכע סאָלדאַטען זיינען באַלד אָנגעקומען.

ווי דתן און אבירם האָבען זיי דערזעהן, האָבען זיי זיך שטאַרק דערשראָקען און גענומען לויפען...

ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו דער אַרבייט אין רעמסס האָט זיי דער נייער אויפזעהער גענומען שלאָגען פאַר וואָס זיי זיינען געקומען אַרבייטען אַזוי שפּעט...

— מיר זיינען געוועזן נעבען פּאַלאַץ!

— האָט אבירם זיך אויסגערעדט, באַלד אָבער האָט איהם דתן געגעבען א ציה

פאַר'ן ארבעל ער זאָל יעצט נישט רייד־דען.

— ווארט, קיינער טאָר נאָך דאָ וועגען דעם נישט וויסען! — האָט ער איהם שטילערהייט געזאָגט — מיר וועלען איהם נאָך ווייזען ווי אזוי אונז צו שלאָגען...

זיי האָבען אריינגענומען אין זיך די קלעפּ שטילערהייט און געוואָרען מעהר ענטשלאָסען צו געהן מסור'ן אויף משה'ן און אויף מאָרגען זיינען זיי נאָך אמאָל אוועק צום פּאַלאַץ.

— וואָס איהר זייט שוין ווידער געקומען? — האָט זיי דער הויפּט־וועכטער געפרעגט מיט ערשטוינונג — יעצט וועט איהר זיך שוין מעהר נישט ארויסדרעהען פון מיינע הענט... איהר וועט געהן אין געפענגנים.

— נעהמט זיי אָן! — האָט דער הויפּט בעפוילען עטליכע וועכטער.

די וועכטער האָבען א נעהם געטאָהן דתן און אבירם'ן — איך בין זיי חושד אז זיי זיינען אהער געקומען מיט א שלעכטער כונה — האָט ער זיך אָפּגערופען — בינדט זיי די הענט און איך וועל א זוך טאָהן ביי זיי אויב זיי טראָגען נישט קיין וואפען...

— מיר זיינען געקומען צו פּרעה'ן איהם איבערצוגעבען א וויכטיגען סוד וואָס מיר ווייסען. מיר טראָגען זיך ניט ארום מיט קיין שלעכטע כונות!—האָט דתן אויסגעשריען.

— פּילייכט זאָלען מיר מעלדען דעם קעניג'ס הויפּט לייבוועכטער — האָט זיך איינער אָפּגערופען — מעגליך אז זיי האָבען יע עפּעס וויכטיגעס צו דערצעהלען.

— ווי אזוי קומען די צוויי אידישע שקלאפען צו האָבען עפּעס וויכטיגעס צו דערצעהלען? — האָט ער געזאָגט, און זיי גענומען זוכען — זיי זיינען פוילער און זוכען זיך דערווייל ארויס־צודרעהען פון דער ארבייט!

— מיר זיינען נישט קיין פוילער!— האָט דתן אויסגערופען — מיר האָבען צו דערצעהלען א זאך צו דעם קעניג וואָס איז פון גרויס וויכטיגקייט.

— קיין וואפען טראָגען זיי מיט זיך נישט! — האָט ער געזאָגט — דאָך ווייס איך נישט צו איך זאָל געהן בעלעסטיגען דעם הויפּט לייבוועכטער, ניט לאנג צוריק איז ער אויף מיר אין כעס געוואָרען וואָס איך קום איהם מעלדען וועגען פערשידענע אידישע שקלאפען וועלכע קומען אהער זיך צו בעקלאָגען... און איך בין חושד אויך די אז זיי טרויען אריינצוקריגען צוטריט צו פּרעה'ן, כדי אויסצופּועל'ן ביי איהם, ער זאָל פערגרינגערען זייער לאגע.

— אָט קומט אָן טאגער, פּרעה'ס הויפּט־מיניסטער, לאָמיר איהם דערפון זאָגען, איידער ער געהט אריין אין פּאַלאַץ, פּילייכט וועט ער אונז ראטען וואָס צו טאָהן.

ווען טאגער איז נעהענטער צוגעקומען צו זיי האָט זיך דער הויפּט וועכטער פאַר איהם פערנייגט, און איהם דערצעהלט וועגען די צוויי אידישע שקלאפען.

טאגער האָט אויף דתן און אבירם'ן געוואָרפען א בליק פון פעראכטונג און נאכהער האָט ער זיך געווענדעט צו זיי:

— שוין ווידער קומען די אידישע שקלאפען זיך בעקלאָגען!

— אָ ניין מיין האר! — האָט דתן זיך אָפּגערופען — איך און מיין ברודער האָבען צו דערצעהלען דעם קעניג זעהר א וויכטיגען סוד... יע, די זאך וואָס מיר ווייסען, וועט פּרעה'ן שטארק איבערראשען...

— אויב עס איז ווירקליך אזוי וויכטיג, דאן דערצעהלט עס מיר, און איך וועל שוין זעהן אויב עס לוינט זיך צו בעלעסטיגען דערמיט דעם קעניג! — האָט טאגער זיך צו זיי אָפּגערופען.

— ניין, מיר האָבען בעשלאָסען קיינעם דערפון נישט צו דערצעהלען, נאָר דעם קעניג! — האָט אבירם געזאָגט.

— דאן געהט צוריק צו אייער ארבייט! — האָט טאגער א געשריי גע־

טהאָן — איהר זוכט צו פאַרשווענדען אייערע טעג אין גאָרנישט, איהר פוילענצער!

דתן און אבירם זיינען געבליבען שטעהן אין גרוים פערצווייפלונג. יעצט, אז טאגער שיקט זיי צוריק צו דער ארבייט. וועלען זיי שוין געוויס קיין געלעגענהייט מעהר נישט האָבען זיך צו זעהן מיט פּרעה'ן.

— מיין האר! — האָט זיך דתן אָפּגערופען, ווען ער האָט דערזעהען אז טאגער געהט אוועק — דאָס וואָס איך און מיין ברודער ווילען דערצעהלען פּרעה'ן, האָט עס צו טאָהן מיט קאדמאר'ס פערשווינדען...

— וואָס?! — איהר ווייסט וואָס האָט פּאסירט מיט קאדמאר'ן?!—האָט זיך טאגער שוין אין זיי פעראינטערעסירט.

— יע, מיר ווייסען אַלעס וואָס מיט איהם האָט פּאסירט. און מיר ווילען דאָס דערצעהלען בלויז צו דעם קעניג.

— אויב אזוי — האָט טאגער געזאָגט, ווארט דאָ א ווייל׳ע און איך וועל איבערגעבען פּרעה'ן וועגען וואָס איהר זייט געקומען, מעגליך, אז ער וועט אייך אויפנעהמען.

דתן און אבירם זיינען געבליבען שטעהן און דער וועכטער האָט זיי דערוויל בעפרייט זייערע הענט פון די שטריק.

טאגער איז אריינגעקומען אין פּאַלאַץ און דאָרט א קליינע ווייל׳ע געווארט אויף פּרעה'ן. און גלייך ווי פּרעה איז אריינגעקומען האָט זיך טאגער פערנייגט און אָפּגערופען:

— מיין האר קעניג, עס איז שוין א פּאָר טעג זינט איינער פון די וויכטיגסטע בעאמטע פון רעמסס איז פערשוואונדען געוואָרען. ער איז געוועזען אן אויפזעהער איבער הונדערט און צוואנציג שקלאפען און זיין נאָמען איז געוועזען קאדמאר. איך האָב געמאכט א קליינע אויספאָרשונג, און מיר זיינען פריהער געקומען צום בעשלוס אז קאדמאר האָט ווארשיינליך זיך געוואָלט אויסרוהען פאר א טאָג... יעצט אָבער איז שוין דער דריטער טאָג און קאדמאר איז נישטאָ... און מיין הארץ זאָגט מיר אז א פערשווערונג איז דאָ פיליכט געמאכט געוואָרען פון די אידישע שקלאַפען, און מעגליך אז מען האָט איהם ערמאָרדעט!

— ערמאָרדעט!! — האָט פּרעה אויסגעשריען — מיינעם א בעאמטען ערמאָרדעט! שוין זאָל מען אַלע שקלאַפען פון אונטער זיין אויפזיכט שמידען אין קייטען... און זאָל מען זיי אזוי שטארק שלאָגען ביז וואנען זיי וועלען זיך מודה זיין ווער עס האָט מיין בעאמטען ערמאָרדעט!

— עס איז מעגליך אז איך מאך א טעות, מיין האר קעניג, מעגליך אז ער לעבט און געפינט זיך ערגעץ וואו און גראדע זיינען יעצט צוגעקומען צוויי אידישע שקלאַפען צום פּאלאץ און מיר געזאָגט אז זיי ווייסען עפּעס וואָס האָט צו טאָהן מיט קאדמאר'ס פערשווינדען, אָבער זיי ווילען מיט קיינעם דערפון נישט ריידען, אויסער מיט דעם קעניג!

— זאָלען זיי גלייך אריינקומען צו מיר! — האָט פּרעה בעפוילען.

טאגער האָט געשיקט איינעם פון פּרעה'ס לייבוועכטער און באלד זיינען שוין דתן און אבירם געשטאנען פאר פּרעה'ן.

— וואָס ווייסט איהר וועגען קאדמאר'ן! — האָט זיי פּרעה גלייך געפרעגט.

די ביידע ברידער מוסרים, האָבען זיך פערנייגט און דתן האָט זיך אָפּגערופען:

— קאדמאר איז טויט!

— ער איז טויט?!

—יע, ער איז טויט! ער איז ערמאָרדעט געוואָרען! — האָט אבירם צוגעגעבען.

— ווער האָט איהם ערמאָרדעט? געוויס איינער פון די אידישע שקלאַפען! — האָט פּרעה אויסגערופען.

— ניין! — האָט דתן געזאָגט.

— ווער דען, אויב נישט די פערפלוכטע שקלאַפען! — האָט טאגער זיך אויפגעשטעלט פון זיין שטוהל.

— איהם האָט ערמאָרדעט איינער פון פרעה׳ס משפחה און זיין נאָמען איז משה!

— משה! — איז פרעה אויפגעשפרונגען פון זיין טראָהן — משה האָט ערמאָרדעט מיינעם א בעאמטען!

— יע, מיין האר קעניג, איך האָב אליין געזעהן ווי משה האָט מיט זיין שווערד געטויטעט איהם.

— ווען האָט עס פאסירט? — האָט טאגער איהם געפרעגט.

— דאָס האָט פאסירט מיט דריי טעג צוריק! — האָט אבירם געענטפערט.

— און איהר ביידע האָט צוגעזעהען דעם מאָרד? — האָט פרעה זיך צו זיי אָפגערופען — וואו האָט עס פאסירט?

— דאָס האָט פאסירט אין רעמסס, אין מיטען טאָג, ווען קאדמאר האָט זיין פליכט געטהאָן!

— און פארוואָס זייט איהר גלייך ניט געקומען מיר מעלדען וועגען דעם? — האָט פרעה ביי זיי א פרעג געטהאָן.

— מיין האר קעניג! — האָט דתן זיך אָפגערופען, מיר זיינען באַלד אויף מאָרגען גאַנץ פריה געקומען אהער ביז׳ן פאַלאַץ און געזאָגט די וועכטער אז מיר האָבען איבערצוגעבען דעם קעניג זעהר א וויכטיגע זאך, אָבער די וועכטער האָבען אונז אוועקגעטריבען פון פאַלאַץ.

פרעה׳ס בלוט האָט אין איהם גענומען זידען... זיין פנים האָט אויסגעדריקט צאָרן און ער האָט געדריקט מיט זיינע פויסטען:

— דערצעהלט מיר אַלעס וואָס איהר ווייסט דערפון! — האָט ער אויסגערופען.

— עס איז געווען אין מיטען טאָג — האָט דתן אָנגעפאנגען צו דערצעהלען, מיר האָבען אלע געטהאָן אונזער ארבייט רוהיג... אָבער ווי עס ווייזט אויס האָט זיך איין אידישער שקלאַף אביסעל צוגעפוילט, האָט איהם דער בעאמטער קאדמאר גענומען בעשטראָפען, פלוצלונג דערזעהען מיר ווי משה געהט צו צו קאדמאר׳ן און ער בעפעהלט איהם אויפצוהערען צו שלאָגען דעם אידען... קאדמאר האָט איהם געענטפערט אז ער מוז טהאָן זיין פליכט און בעשטראָפען דיא וועלכע פוילען זיך צו טהאָן זייער ארבייט. א קריעג איז אויסגעבראָכען צווישען משה׳ן און קאדמאר׳ן און משה האָט ארויסגעכאפט זיין שווערד און קאדמאר׳ן אויפ׳ן אָרט געטויטעט!

— און וואָס האָט ער געטהאָן מיט זיין קערפער? — האָט טאגער איהם געפרעגט.

— דעם קערפער האָט משה בעהאַלטען אין זאמד! — האָט דתן אויסגערופען — איך האָב מיט מיינע אויגען געזעהען אפילו דעם פלאַץ וואו ער האָט איהם בעהאלטען.

— וועסטו אונז קענען בעווייזען וואו זיין קערפער ליעגט? — האָט טאגער איהם געפרעגט.

— געוויס! — האָט אבירם זיך אָפגערופען.

— אָבער מיין האר קעניג האָט זיך דתן פערנייגט פאר פרעה׳ן — ווען די איבעריגע שקלאפען אידען וועלען דערזעהען אז מיר צייגען אָן דעם פלאַץ וואו קאדמאר׳ס קערפער ליעגט בעהאלטען וועלען זיי, נאָכהער, ווען מיר וועלען זיך דארפען אומקעהרען צו ארבייטען צוזאמען מיט זיי, געוויס זיך זוכען אָפצורעכענען מיט אונז...

— ווען איך וועל זיך איבערצייגען אז אַלעס וואָס איהר האָט מיר דערצעהלט איז אמת! — האָט פרעה געזאָגט — דאן וועל איך וויסען אז איהר זייט מיר געטריי און דעריבער וועל איך אייך מאכען פאר שוטרים (אויפזעהער) איבער דיזעלבע שקלאַפען וואָס קאדמאר איז געווען. געוועהנליך, איהר וועט זיין פעראנטוואָרטליך צו א העכערען בעאמטען.

— און מיין האר קעניג! — האָט טאגער זיך אָפגערופען וועט דען משה ארומגעהען אומבעשטראָפט דערפאר?

— אה ניין! האט פרעה אויסגעשריען און זיין קערפער האט זיך ווי אין קאנוואולסען געווארפען — איך שווער ביי די געטער פון מצרים אז אויב עס איז ריכטיג וואס זיי זאגען, וועט משה געטויטעט ווערען פאר דעם!

— מיין עצה איז — האט טאגער געזאגט, אז איידער איך געה אויספארשען די זאך זאל משה פערהאלטען ווערען... ווייל ווען ער וועט זיך דערוויסען, וועט ער זיכער זוכען צו אנטלויפען.

— זאל מען גלייך ברייינגען משה'ן צו מיר! האט פרעה בעפוילען אייניגע פון זיינע לייבוועכטער, געהט צו זיין צימער און ברייינגט איהם צו מיר, און אוי בער וויל ניט געהן, נעהמט איהם מיט געוואלט!

די לייבוועכטער זיינען אוועק צו משה'ס צימער, זיי האבען אנגעקלאפט אין זיין טהיר, און ווען זיי האבען קיין ענטפער ניט געקראגען, האבען זיי אויפגעעפענט די טהיר, אבער קיינער איז אין צימער ניט געוועזן. זיי האבען זיך גלייך אומגעקעהרט און איבערגעגעבען פרעה'ן אז משה איז ניטא אין זיין צימער.

— ער מוז זיין אין מיין טאכטער'ס צימער — האט פרעה געזאגט. — געהט אריבער צו בתיה'ס צימער און אויב ער איז דארטען אויך ניטא, דאן זאלט איהר זאגען דער פרינצעסין אז איך וויל איהר גלייך זעהן.

די לייבוועכטער זיינען צוגעקומען צו בתיה'ס צימער און אנגעקלאפט אין טהיר.

די הויפט קאמערמיידעל האט די טהיר געעפענט און ווען זי האט אויסגעפונען דעם צוועק פון זייער קומען, האט זי עס איבערגעגעבען בתיה'ן.

די פרינצעסין איז צוגעגאנגען צום טהיר און זיי געזאגט:

— משה געפינט זיך ניט יעצט אין מיין צימער, זייט איהר געוועזן אין זיין צימער?

— יא, מיר זיינען דארטען אויך געוועזן, און ער איז ניטא, און אונזער האר קעניג האט אונז פערזאגט, אויב משה איז ניטא אין דעם צימער פון דער פרינצעסין, דאן זאל זי אליין גלייך קומען צום קעניג.

— איך קום באלד אריין! — האט בתיה געזאגט.

א שרעק האט בתיה'ן אנגענומען, איהר הארץ האט איהר געשראקען, עס איז עפעס ניט גלאט... איהר פאטער זאל שיקען רופען משה'ן און אויב ער איז ניטא מוז זי גלייך אליין קומען... איז עס מעגליך אז איהר פאטער ווייס שוין פון אלעס... א שוידער איז דורך איהר לייב... משה טאר זיך יעצט פאר קיינעם ניט בעווייזען.. זי. איז גלייך אריין אין דעם צימער וואס האט בעלאנגט צו איהר הויפט קאמער מיידעל.

— דו פערבלייב אין מיין צימער ביז וואנען איך וועל זיך צוריקקעהרען! — האט בתיה בעפוילען איהר הויפט קאמערמיידעל — דו זאלסט פון דאנען ניט ארויסגעהן אפילו אויף א קליינער ווייילע!

שנעל איז די פרינצעסין אריינגעלאפען אין דעם צימער וואו משה איז געווען בעהאלטען.

— מיין ליבער זוהן! — האט זי אויסגעבראכען אין א געוויין — מיין הארץ שרעקט מיר זעהר פיעל — מיין פאטער האט געשיקט זיינע לייבוועכטער דיך צו זוכען אין דיין צימער און ווען זיי האבען דיך דארטען ניט געפונען, האט ער מיר געשיקט רופען. מיין הארץ זאגט מיר אז עפעס איז די זאך ניט גלאט...

— איך בין פערלארען! איך בין פערלארען! — האט משה אויסגערופען — עס איז ביי מיר קיין צווייייפעל ניט אז פרעה האט זיך פון אלעס דערוואוסט.

— בערוהיג זיך מיין זוהן! — האט בתיה אויסגערופען — איך וועל דיר זעהן צו ראטעווען... דו געה פון דיעזען צימער ניט ארויס, ביז וואנען איך וועל זיך צוריקקעהרען, איך וועל אריינגעהן צו מיין פאטער און אויסגעפינען וואס דא האט פאסירט, און ווען איך וועל זיך

איבערצייגען אז דיין לעבען איז אין סכנה, וועל איך שוין זעהן אז דו זאָלסט פון דאנען אנטלויפען... איך וועל דיר ניט לאָזען שטארבען דורך די הענד פון מיין פאטער!

זי האָט משה'ן ארומגענומען איהם געדריקט צו זיך און געוויינט.

— איך מוז זיך איילען ארייצוגעהן צו מיין פאטער! — האָט בתיה אויסגערופען — ווען ער וועט זעהן אז איך זאָג זיך, וועט ער נעהמען פיליכט מיר חושד זיין אז איך בין צו דיר פריהער אריין זיך דורכריידען...

— און וואָס וועט זיין אויב פרעה האָט אויסגעפונען וואָס איך האָב געטהאן און וועט בעפעהלען מען זאָל מיר ארומזוכען אין פאלאץ? — האָט משה זיך אָפגערופען.

— ווען מיין פאָטער וועט מיך פרעגען וואו דו ביזט, וועל איך איהם זאָגען אז דו ביזט אוועקגעגאנגען אויף א שפאַציר, און עס וועט לאנג ניט געדויערען ביז דו וועסט זיך צוריקקעהרען. מיין קאמערמיידעל האָב איך פערזאָגט ניט צו פערלאָזען מיין צימער, און דו קענסט דאָ גאנץ רוהיג זיין!

די פרינצעסין האָט אָפגעוואשען איהר פנים, און איז אוועק אין טראָהן צימער, צו איהר פאטער. זי האָט גלייך בעמערקט די צוויי אידישע שקלאפען און איהר הארץ האָט א צאפּעל געטהאן... דאס זיינען זיי געווים געקומען מסור'ן אויף משה'ן — האָט זי געטראכט.

— וואו איז משה? — האָט פרעה א פרעג געטהאָן זיין טאָכטער מיט א בייזע שטימע.

— משה! הם. — ער איז ארויס אויף א ווייל שפאצירען. — האָט בתיה געזאָגט.

— יעצט זעה איך אז גערעכט זיינען געווען די יעניגע וועלכע האָבען מיר געראטהען צו טויטען משה'ן ווען ער איז נאָך געווען יונג! — האָט פרעה אויסגערופען... ווייסטו וואָס דיין געפונענער זוהן האָט געטהאָן?

— ניין! האָט בתיה א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס — וואָס האָט פאסירט מיט איהם?

— מיינע שטערענזעהער און קלוגע לייט האָבען מיר אָבער געוואָרענט אז קיין גוטעס וועט ניט ארויסקומען, ווען א קינד פון די ישראלים ווערט אויפגעהאָדעוועט אין מיין פאלאץ... יעצט זעה איך אז איך האָב זיך בענארישט וואָס איך האָב זיך ניט צוגעהערט צו זייערע רייד! משה, ווייזט אויס ווייסט גאנץ גוט אז ער שטאמט פון די אידען און ער קומט זיי העלפען... אזוי האָט ער ביי מיר גע'פועל'ט איך זאָל זיי געבען איין אָג רוה און...

— אָבער פאָער דו האָסט דאָך אליין צוגעגעבען אז צו געבען דיינע שקלאַפען איין טאָג רוה איז זעהר א וויכטיגע זאך! און אז דו ביזט געראדע צופריידען פון דעם!

— יאָ, איך בין צופרידען, אָבער יעצט זעה איך דאָך אז משה האָט עס ניט געטהאָן ווייל ער האָט געמיינט מיין טובה און די טובה פון מיינע פאָלק... ניין! ער האָט בלויז געהאט אין זינען די טובה פון זיין אייגען פאָלק!

— וואָס האָט משה אזוינס געטהאָן, מיין פאָטער, וואָס דו ביזט אזוי אויפגעבראכט אויף איהם? — האָט זי זיך ניט ווייסענדיג געמאכט — מיר דוכט זיך אז מיין משה וועט קיין שלעכטעס קיינעם ניט טהאָן.

— דיין משה האָט געטהאָן גאָר א קליינינקייט, ער איז אוועק צו דעם פלאַץ וואו די אידען ארבייטען, און ווען ער האָט בעמערקט ווי מיינער א בעאַמטער טהוט זיין פליכט און בעשטראָפט א אידען פאר זיין פוילקייט, האָט ער איהם ערמאָרדעט!

— אה, פאטער, עס איז אוממעגליך! משה וועט אזא זאך ניט טהאָן! — האָט זי זיך פונאנדערגעוויינט.

— דו זעהסט דאָך אז אָט זיינען געקומען צוויי אידישע שקלאפען וועלכע שטאַמען פון זעלבען פאָלק ווי דיין משה שטאַמט, און זיי האָבען מיר דערצעהלט אז זיי האָבען אליין געזעהען מיט

זייערע אויגען אז משה האָט איהם געטויטעט!

— אָה עס איז א בלבול אויף משה'ן! מיין זוהן וועט אזא זאך ניט טהאָן!

— פון יעצט אָן טאָרסטו איהם מעהר ניט אָנרופען דיין זוהן! — האָט פּרעה איהר געזאָגט מיט א שטרענגע שטימע — מש האיז א פעררעטהער! און ער וועט פאר דיעזען פערברעכען בעצאָהלען מיט זיין לעבען!

— עס איז דאָך מעגליך אז דער בעאמטער האָט איהם שטארק בעליידיגט און דאס האָט געבראכט צו א קריג צווישען זיי ביידען, און משה האָט איהם פיליכט געטויטעט אין זעלבסט פערטיידיגונג! — האָט די פּרינצעסין געזאָגט אָפּווישענדיג איהרע טרעהרען.

— דיעזע צוויי שקלאפען האָבען אלעס צוגעהערט און צוגעזעהען! משה האָט זיך אָנגענומען פאר דעם שקלאַף, וועלכער איז מיט רעכט בעשטראָפט געווארען, און ער האָט געטויטעט קאדמאר'ן איינעם פון מיינע פעהיגסטע בעאמטע! זיי ווייסען אפילו וואו ער האָט אהינגעטהאָן דעם קערפּער, און אָט באלד וועל איך שיקען צו געפינען קאדמאר'ס קערפּער און דאן וועל איך טויטען משה'ן!

— איך בעט דיר פאטער, זיי ניט אזוי גרויזאם צו משה'ן וועלכער איז צו מיר פעררעכענט ווי מיין אייגענער זוהן... אויב עפּעס שלעכטעס וועט געטהאָן ווערען צו משה'ן וועל איך דאָס ניט איבערטראָגען.

— דו דארפסט געדענקען, מיין טאָכטער, אז משה איז ניט פון דיין בלוט און פלייש, ער איז א פרעמדער, ער איז א זוהן פון דעם שקלאפען פאָלק און איך האָב געמיינט אז דורך דער ערציהונג וואָס ער האָט געקראָגען אין פּאלאַץ, וועט ער זיין אזוי ווי איינער פון אונז... איך האָב דאָך אפילו אין זינען געהאט צו מאכען איהם פאר א גענעראל איבער אן ארמעע, יעצט אָבער זעה איך, אז א זוהן פון א שקלאַף וועט אלע מאָל פערבלייבען א שקלאַף! און דו מוזט איהם אינגאנצען פערגעסען!

— ווען ער האָט אלס קינד ארונטערגענומען די קרוין פון פּרעה'ס קאָפּ, האָב איך גלייך געזעהען אז א בייזער גייסט רוהט אין דעם קינד, אָבער קיינער האָט זיך ניט געוואָלט צו מיר צוהערען... יתרו'ס עצה איז דאן אלעמען בעסער געפעלען געוואָרען, יעצט צייגט זיך ארויס, אז מיינע רייד זיינען געווען ריכטיגע!

— יאָ, געלויבט זיינען די געטער פון מצרים, וואָס יתרו האָט פערלאָזען מיין לאנד מיט יאָהרען צוריק, ער וואָלט, מיט זיינע שלעכטע עצות פיליכט געבראכט אן אומגליק אויף מיין גאנצען לאנד.

— יתרו איז געווען זעהר אן עהרליכער מאן! — האָט בתיה זיך אָפּגערופען — און משה איז אויך זעהר עהרליך, און ער טראָגט זיך געוויס ניט ארום מיט שלעכטע כונות, און אויב ער האָט געטויטעט דעם מצרי, בין איך זיכער אז ער איז דערצו געווען געצוואונגען... פיליכט האָט עס קאדמאר פערדיענט! אָבער ער האָט איהם ניט געטויטעט, ווייל ער האָט זיך אָנגענומען פאר דעם אידען!

— דארף איך דען בעסערע עדות, ווי דיעזע צוויי אידען, זיי וועלען דאָך געוויס ניט מאכען קיין בלבול אויף איינעם וועלכער שטאמט פון זייער פאָלק!

— דו קענסט זיך שוין פאָרשטעלען וואָס פאר א נידעריגע בדואים זיי זיינען, אז זיי קומען מסור'ן אויף איינעם וועלכער איז לויט זייערע רייד, געקומען העלפען זייערע ברידער! איך בין זיכער פאטער אז זיי זאָגען א ליגען זיי זוכען וואהרשיינליך צו געניסען דערפון.

דתן און אבירם זיינען געשטאנען בעוועגלאָז... זיי האָבען זייערע בליקען געוואָרפען אויפ'ן קעניג צו זעהען וואָס פאר אן איינדרוק די פּרינצעסינס רייד האָבען אויף איהם געמאכט.

— זאָג אָן מיינע וועכטער! — האָט פּרעה זיך געווענדעט צו טאגער'ן אז ווי נאָר משה וועט זיך צוריקקעהרען זאָל ער

געבראַכט ווערען צו מיר! און יעצט קענסטו געהן צוזאַמען מיט די צוויי אידען און ווען עס וועט זיך ארויסצייגען אז זיי האָבען געזאָגט אמת, זאָלסטו זיי גלייך מאַכען פאַר שוטרים!

א גליקליכע פרייד האָט די ביידע מוסרים ארומגענומען. יעצט איז זייער גאַנצער פּלאַן כמעט פערווירקליכט געוואָרען, זיי האָבען דערצו שוין לאַנג געשטרעבט... זיי וועלען זיין פריי פון דער ארבייט און אין דערזעלבער צייט וועלען זיי הערשען איבער אנדערע... זיי וועלען שוין וויסען ווי ארויסצוצייגען דעם קעניג זייער געטריייהייט... זיי וועלען טהאָן זייער פליכט, אזוי גוט ווי זיי וואָלטען געווען געבוירענע מצריים.

טאגער איז מיט זיי ארויס און ער האָט געהייסען איינשפּאַנען זיין קאַרעטע. די צוויי מוסרים האָט ער פערזאָגט זיך צו זעצען פון הינטען, און ער האָט בעפוילען דעם טרייבער צו טרייבען זיין קאַרעטע נאָך רעמסס.

דתן האָט זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען מיט זיין ברודער און ווען די קאַרעטע איז שוין געווען אין מיטען וועג, האָט זיך דתן אָפּגערופען שטילערהייט צו אבירם'ן.

— נו, מיין ברודער, האָסטו ווען עס אין געקענט חלום'ען פון דעם אז דו וועסט פאָהרען אין איין קאַרעטע צוזאַמען מיט פּרעה'ס הויפּט מיניסטער?

— און אז מיר וועלען ווערען בעאַמטע און הערשען איבער אונזערע ברידער, האָסטו זיך ווען עס איז געקענט פאַרשטעלען? — האָט אבירם איהם געענטפערט מיט א שמייכעל.

— און דו דאַרפסט מיר פאַר אַלעם בעדאַנקען! — האָט דתן זיך אָפּגערופען מיט א צופריעדענעם שמייכעל, דאָס איז אין גאַנצען געווען מיין פּלאַן.

— אָבער דו ווייסט וואָס איך האָב מורא? — האָט אבירם געזאָגט.

— אַ דו הויבסט זיך שוין אָן צו שרעקען טאָמער וועלען זיך די אידען מיט אונז וועלען אָפּרעכענען — האָט דתן איהם אונטערבראָכען — דו ביזט פון שטענדיג אָן געווען א שרעקעדיגער און א פייגלינג!

— ניין, דו האָסט מיר ניט פערשטאַנען, מיין ברודער! איך האָב מורא טאָמער האָבען די אידען ארויסגענומען קאַדמאַר'ס קערפּער פון די זאַמד און איהם בעגראָבען ערגעץ אנדערש! דאַן וועט דאָך אויסקומען אז מיר האָבען פּרעה'ן אָפּגענאַרט, און דער קעניג וועט נאָך אונז וועלען בעשטראָפען.

— איך גלויב אז וועגען דעם דאַרפען מיר אויך מעהר קיין מורא ניט האָבען! — האָט דתן געענטפערט. — קאַדמאַר איז דאָך ניטאָ וועלען דאָך אַלע קענען זעהען אז עפּעס אויסערגעוועהנליך האָט מיט איהם פּאַסירט... און טאָמער וועלען מיר זיין קערפּער ניט געפינען יעצט, וועלען מיר אָנצייגען אויף אדר'ן אז ער וויים וואו דער קערפּער געפינט זיך און מען וועט איהם אזוי פיעל פּייניגען, אז ער וועט זיך מודה זיין! אָבער נאָך אַלעמען בין איך זיכער אז קיינער האָט דעם קערפּער ניט גערירט פון פּלאַץ.

ווען טאגער איז אָנגעקומען אין רעמסס, איז דאָרט געוואָרען א שטיקעל בעוועגונג... אַלע מצרישע בעאַמטע האָבען זיך גענומען פלייסען... און ווען די אידען האָבען דערזעהען ווי דתן און אבירם קומען ארויס פון טאגער'ס קאַרעטע, האָט ביי יעדען אין הארץ עפּעס א ריס געטהאָן... אַלע האָבען פערשטאַנען אז עפּעס אן אומגליק רוקט זיך אָן אויף זיי. באַלד האָט מען געזעהען ווי דתן און אבירם פיהרען טאגער'ן צו דעם פּלאַץ וואו משה האָט געטויטעט דעם מצרי... אַלע האָבען זייערע בליקען אָנגעשטרענגט אויף טאגער'ן, די הערצער האָבען גענומען קלאַפּען... פאַר די אויגען האָט יעדען גענומען שווינדלען.

— איז עס מעגליך אז דתן און אבירם האָבען דורכגעפיהרט זייער דראָהונג און האָבען גע'מסור'ט אז משה האָט דאָ געטויטעט קאַדמאַר'ן?... איז יעדען דורכגעבליצט א געדאַנק... באַלד אָבער איז שוין ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געווען אז עס האָט אזוי פּאַסירט, מען האָט

דערזעהען ווי דתן ציִיגט אָן אויף דיזער קופּע זאמד.

— יאָ — אָט דאָ האָט משה בעהאַלטען קאדמאר'ס קערפּער. — האָט מען געהערט ווי דתן זאָגט צו פּרעה'ס הויפּט מיינסטער.

אדר, וועלכער איז געוועזן ניט ווייט פון דאָרט, איז טויט בלאס געוואָרען... א ציטער איז דורכגעגאנגען זיין קערפּער ער האָט מיט נאָך עטליכע אידען בעשלאָסען אז היינט ביינאכט זאָלען זיי דעם קערפּער אוועקטראָגען צום נילוס און דאָרטען אריינוואַרפען... פאַרוואָס האָבען זיי עס ניט געטהאָן לעצטע נאכט, — האָט איהם א געדאנק געמאטערט... גאָט וויים וואָס יעצט וועט פאָרקומען!

טאגער האָט גלייך צוגערופען עטליכע אידישע שקלאַפען און זיי בעפוילען זיי זאָלען מיט זייערע רידלען ארונטערוואַרפען די קופּע זאמד.

די אידישע שקלאפען האָבען געמוזט אויספאָלגען טאגער'ס בעפעהל און גענומען גראָבען, לאנגזאם.

— מאכט עס שנעלער! — האָט טאגער א געשריי געטהאָן און א וואונק געטהאָן צו די מצרישע בעאמטע.

די בעאמטע זיינען צוגעקומען און גענומען שמייסען די אידען מיט זייערע בייטשען און זיי געצוואונגען צו ארבייטען שנעלער.

באלד האָט זיך באוויזען קאדמאר'ס קערפּער. די פּנימער פון דתן און אבירם'ן האָבען גענומען לייכטען פון פרייד און טאגער האָט מיט צאָרן אויסגעשריען!

— וואַרט א הר פאַרפלוכטע שקלאַפען איהר וועט דאַרפען גראָבען א גרוב פאַר אייער בעשיצער, משה'ן.

באלד האָבען זיך פאַרזאמעלט פיעלע פון די מצרישע בעאמטע, און האָבען מיט גרוים בעוואונדערונג זיך אנגעקוקט איינער דעם צווייטען.

— פון יעצט אָן וועט איהר זיין שוטרים איבער א געוויסע צאָהל פון די אידישע שקלאפען, וועלכע זיינען געווען אונטער קאדמאר'ס אויפזיכט! איבער אייך וועלען זיין די מצרישע בעאמטע, און צו זיי וועט איהר מוזען זיין פעראנטוואָרטליך!

— וועלען מיר קריגען אנדערע קליידער? — האָט דתן איהם געפרעגט. — די שקלאפען זאָלען וויסען ווי אונטערצושיידען און זיך צוהערען צו אונז.

טאגער האָט צוגערופען די מצרישע בעאמטע און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— דיעזע צוויי ברידער, דתן און אבירם, האָבען געטאָן א גרויסע דינסט צו אונזער קעניג, זיי האָבען איבערגעגעבען פּרעה'ן ווער עס האָט געטויטעט קאדמאר'ן און עס איז פּרעה'ס וואונש זיי צו בעלוינען דערפאר וואָס זיי האָבען ארויסגעוויזען זייער טרייהייט צו דער מלוכה, און זיי וועלען זיין שוטרים, יעדער פון זיי וועט הערשען איבער פינף און צוואנציג שקלאפען, און זיי זאָלען אויך קריגען דעם אויסוואהל; זיי קענען אויסקלייבען וועלכע שקלאפען זיי ווילען! איהר וועט זיי אויך צושטעלען קליידער פון שוטרים!

די בעאמטע האָבען זיך פאר טאגערן פארנייגט, און דער עלטסטער פון זיי האָט זיך אָפּגערופען:

— מיר וועלען טאָהן אלעס וואָס אונזער האר האָט אונז פערזאָגט!

— יעצט, האָט טאגער אויסגערופען, זאָל מען ברייגגען א וואָגען אריינצולעגען קאדמאר'ס קערפּער.

אין א קליינע ווייל<br>ע איז שוין געשטאַנען א וואָגען מיט עטליכע פערד נעבען יענעם פּלאַץ.

די בעאמטע, צוזאמען מיט דתן און אבירם'ן האָבען געהאָלפען אריינלעגען אהין קאדמאר'ס קערפּער.

— נישט די פערד וועלען שלעפּען דעם וואָגען! — האָט טאגער אויסגערופען — שפּאנט אוים די פּערד און זאָלען די שקלאפען פיהרען דעם וואָגען ביז צום פּאלאַץ... קאדמאר איז געפאלען א קרבן צוליעב די פערפלוכטע שקלאפען, און יעצט דאַרפען זיי איהם אָנטאָהן דעם כבוד און פיהרען איהם צום פּאלאַץ. פּרעה זאָל זעהן וואָס איינער וועלכער

איז געוועזן פעררעכענט פאר דעם זוהן פון דער פרינצעסין, האט געטאהן צו אן אומשולדיגען גוטהערציגען מצרי בשעת ער האט זיין גרויסען פליכט געטאהן פאר דער טובה פון אונזער לאנד...

— ווער האט עס געטאהן אזא זאך!

— האט שוין דער עלטסטער בעאמטער זיך מעהר נישט געקענט בעהערשען און געפרעגט טאגער'ן.

— דאס האט געטאהן משה, דעם וועמען די פרינצעסין האט ביי דעם טייך נילוס געפונען און צו זיך פאר א זוהן איהם גענומען! — האט טאגער, געזאגט — אבער באלד וועלען זיך, אונזערע געטער נוקם זיין אן דעם פערפלוכטען אידען, וועלכער האט זיך אויפגעהאדעוועט אלס פרינץ אין פרעה'ס פאלאץ... באלד וועט זיין קערפער געבראכט ווערען אהער. איהם וועלען שוין פיהרען די פערד... יע, נישט אזוי שנעל וועט מען איהם בעגראבען, זאלען זיך די שקלאפען, וועמען ער האט געזוכט צו העלפען גענוג אנזעטיגען זייערע אויגען מיט דעם טויטען קערפער פון זייער העלד, און ערשט דאן וועט מען זיין קערפער אין טייך אריינווארפען פאר שפייז פאר קראקאדילען אין פיש.

מען האט אויסגעשפאנט די פערד אין וואגען און טאגער האט געוויזען דתן און אבירם'ן אויסקלייבען צוואנציג אידישע שקלאפען און זיי איינשפאנען צו שלעפען דעם וואגען מיט קאדמאר'ס טויטען קערפער.

צווישען די צוואנציג אידישע שקלאפען איז געוועזן אהרן און אויך די איבעריגע וועמען די צוויי ברידער מוסרים האבען פאררעכענט פאר זייערע שונאים. דתן און אבירם זיינען אויך מיטגעגאנגען, זיי האבען זיך געפיהלט ווי אמת'ע מחותנים צו דער חתונה וואס ס'וועט זיך דארפען אפשפיעלען מיט משה'ן, ווען פרעה וועט דערזעהן קאדמאר'ס טויטען קערפער... זיי האבען אויך געהאלטען אין זייערע הענט בייטשען, ווי די איבעריגע מצרישע בעאמטע, געגרייט צו שמייסען יענעם פון זייערע ברידער וועלכער וועט קיין כח ניט האבען מעהר צו שלעפען דעם וואגען.

טאגער איז געזעסען אין דער קארעטע, ער איז געפאהרען פון הינטען און פון זיין מויל האבען זיך געשאטען קללות אויף משה'ן און אויף אלע אידען...

געבויגען אונטער דעם שווערען יאך, האבען די אידען געשלעפט דעם וואגען מיט זיין טויטען קערפער. זייערע הערצער זיינען געוועזן פערביטערט.. גאט ווייס וואס וועט פאסירען מיט משה'ן, וועלכער האט זיי אויסגעלייזט פון קאדמאר'ס בלוטיגע הענט...

## עלפטער קאפיטעל

## משה אנטלויפט פון מצרים

בתיה פרעה'ס טאכטער, איז נאך אלץ געבליבען נעבען איהר פאטער. זי האט נישט אויפגעהערט צו וויינען און בעטען איהם ער זאל משה'ן נישט שטרענג בעשטראפען יעצט, אז טאגער און דתן און אבירם זיינען נישט געוועזן אין פאלאץ, האט די פרינצעסין פרובירט ווירקען אויף פרעה'ן ער זאל זיך נישט צוהערען צו משה'ס שונאים.

— איך בין זיכער, ליעבער פאטער!

—האט זי אויסגערופען, אז זיינע שונאים האבען מורא, דאס דו וועסט נאך ווען עס איז אויסגעפינען אז משה וועט בריינגען זעהר פיעל נוצען פאר אונזער לאנד און פאר דיין מלוכה, דעריבער זוכען זיי איהם צו בעזייטיגען... איך וויים נישט אויב משה האט דעם מצרי געטויטעט אדער עס איז אן אויסגעטראכטער בלבול אויף איהם. אבער איין זאך איז זיכער אויב משה האט קאדמארען ערמארדעט, האט ער דאס פארדיענט. — משה וועט קיין אמרעכט ניט טהאן.

— אה מיין טאכטער דו רעדסט נאך גאר ווי אן אומערפארענע... וואס הייסט משה וועט טויטען מיינעם א בעאמטען!.. ווער האט דאס געגעבען א רעכט צו טאהן אזא זאך! יעצט, פעהלט איהם גאר א קלייניגקייט, די קרוין, און דאן וועט ער ווערען דער הערשער פון

מצרים, און פערשקלאפען אלע מצרים צו די אידען. ניין, בתיה! דיינע געוויינען וועלען דיר נישט העלפען, משה וועט מיט זיין לעבען בעצאָהלען, אויב איך וועל אויסגעפינען אז ער האָט ווירקליך בעגאנגען דעם מאָרד פון קאדמארן.

בתיה האָט גלייך פארלאָזען דעם טראָהן צימער און איז אריין אין דעם צימער וואו משה האָט זיך געפונען. איהרע אויגען זיינען געווען רויט פון וויינען און איהר פנים—טויט בלאס.

— משה איז שנעל צוגעלאָפען צו איהר און מיט א צושראָקענעם פנים איהר אָנגעקוקט.

— משה! — האָט בתיה ארויפגעפאלען איהם אויפן האלז און איהם געקושט — משה, מיין פאָטער וויים שוין פון אלעם. די צוויי מוסרים האָבען איהם אלע איינצעלהייטען דערצעהלט, און דערצו נאָך פיעל ליגען געזאָגט! אָה, מיין זוהן דיין לעבען איז אין גרויס סכנה מיין פאָטער האָט פארזאָגט אז ווי די וועכטער וועלען דיך דערזעהן, זאָלען זיי דיך גלייך ברייננען צו איהם! מיין הארץ שרעקט מיר!

— איך בין געגרייט צו שטארבען, מיין ליעבע מוטער! — האָט משה אויסגערופען — און איך וועל זיך פיהלען גליקליך צו וויסען אז איך שטארב צוליעב דעם וואָס איך האָב געהאָלפען מיינע פערשקלאפטע ברידער!

— אָה ניין, משה! איך וועל נישט דערלאָזען אז מיין פאָטער זאָל דיר טויטען! איך וועל עס נישט קענען אריבערטראָגען! ניין! קיינער טאָר דיך נישט געפינען! דו מוזט פון דאנען אנטלויפען כל זמן עס איז נאָך דאָ צייט!

—אָבער ווי אזוי וועל איך דאָס קענען בעווייזען, יעצט אז אלע וועכטער וועלען מיך היטען. ווי נאָר אימיצער וועט מיך דערזעהן וועט ער דאָך מיר מוזען ברייננען צום קעניג!

— דערווייל פערבלייב דאָ, אין דיזען צימער קיינעם וועט נישט איינפאלען דיך דאָ צו זוכען. איך וועל זעהן צו פערהאלטען די קאמער מיידעל פון דיזען צימער ביי מיר דעם גאנצען טאָג און ביינאכט ווען עס וועט גוט פינסטער ווערען, וועל איך דיר ברייננען איינפאכע מצרישע קליידער און דו וועסט ארונטערקלעטערען דורך דיזען פענסטער. איך בין זיכער אז די וועכטער קומען קיינמאָל נישט צו דיזען פלאץ, און דו וועסט נישט בעמערקט ווערען. איך וועל דיר מיט זיך געבען עטוואָס שפייז און דו וועסט נאָך בעוויזען צו זיין ביי דער גרענעץ, איידער עס וועט טאָג ווערען... דו טאָרסט זיך אין ערגיץ נישט אָפּשטעלען, איבערהויפּט זאָלסטו אויסמיידען גשן, ווייל דאָרטען וועט מען דיך זוכען אין יעדען הויז...

בתי האָט אומבאמערקטערהייט געבראכט משה'ן שפייז, זי האָט שוין געזעהן אז קיינער פון איהרע דיענסטען און קאמער מיידלעך זאָלען זיך ארומדרעהען יענער צימער וואו משה איז געווען בעהאלטען. זי האָט אויך געקראָגען איינפאכע קליידער פאר איהם און עס צו איהם געבראכט.

---

דערווייל איז גאנץ מצרים אויפגערודערט געוואָרען צוליב קאדמאר'ס מאָרד. פערשיעדענע קלאנגען האָבען זיך גענומען פארשפרייטען. ווען מען האָט בעמערקט ווי קאדמארס קערפער ווערט געפיהרט צו דעם קעניג'ס פאלאץ. טויזענדע מצרים זיינען נאָכגעגאנגען דעם וואָגען וואָס איז געשלעפט געוואָרען פון די אידישע שקלאפען. פיעלע האָבען געדריקט זייערע פויסטען צו די אידישע שקלאפען וועלכע זיינען געווען איינגעשפאנט צום וואָגען. אנדערע האָבען געשאָלטען אלע אידען.

— היינט וועט שוין נעמען א סוף צו די פערפלוכטע קנעכט — האָט איין מצרי זיך אָפּגערופען צום צווייטען. דאָס האָבען זיי, די שקלאפען, איהם ערמאָרדעט...

— יעצט וועלען מיר האָבען א רעכט צו בעפאלען זייערע הייזער און אויסצוראבירען זייער גאנצע האָב און גוטס— האָט א צווייטער זיך אָפּגערופען—דוכט זיך זיי זיינען ביי אונז פערשקלאפט

פונדעסטוועגן זיינען זיי נאָך יעצט פיעל רייכער פון אונז!

— מען וועט זיי דארפען אלעמען אויסקוילענען! קיין געדעכנים טאָר פון זיי ניט בלייבען! — האָט א מצרי זיך אָפּגערופען.

— אָבער ווער וועט פערענדיגען בויען די שטאָדט פּתום און רעמסס, — האָט א אנדער מצרי, צו איהם געזאָגט — נאָך אלעמען דארפען מיר נישט פארגעסען אז די אידישע שקלאַפען ברייגנען פיעלע נוצען צו אונזער לאנד. פּרעה'ס אוצרות ווערען אָנגעפילט מיט אידישע גאָלד, און יעדער פון אונז קריגט פּאַלאַצען פון די אידען.

— נו, אויב אזוי איז ביי דיר רעכט צו לאָזען די שקלאַפען אויסצוקוילענען אונזערע בעאמטע! ניין, זיי טאָרען נישט אוועקגעהן אומבאשטראָפט. נקמה דארפען מיר נעהמען אן אלע אידען!

— דער קעניג וועט געוויס אויספאָרשען ווער עס האָט דיזען שרעקליכען פערברעכען בעגאנגען, און יענער וועט מסתמא זיין שטראָף בעקומען.

— א טויט צו אלע אידען! זיי זיינען אונזערע בלוטזויגער... זיי האָבען אָנגעזאמעלט זייער רייכטום פון אונז... מיר דארפען זיך מיט זיי אלעמען יעצט אָפּרעכענען!

— אָט זעהט ווער עס קומט אָן! — אָט א מצרי אָנגעוויזען מיט זיין פינגער!

— ווער איז דאָס!

— דאָס איז דאָך קאדמאר'ס פרוי! מען האָט איהר אודאי אָנגעזאָגט פון איהר גרויסען אונגליק!

— דאָס וועט געוויס זיין א גרויסער קלאַפּ פאר איהר.

— אָה ווי ביטער און יאמערליך קאדמאר'ס פרוי וויינט... מיין הארץ ווערט אויף שטיקער צוריסען צוזעהן איהר גרויסען צער!

פיעלע פון די מצרים האָבען קאדמאר'ס פרוי ארומגערינגעלט. זי האָט נישט אויפגעהערט צו קלאָגען און יאָמערען:

— מיין טייערער מאן! מיין שווארץ אַפּעל פון מיינע אויגען! — האָט זי געצומען רייסען איהרע האָר! אָה וואָס פאר א טייערע נשמה ער האָט געהאט, ווי גוט און נאָבעל ער איז געווען צו מיר... ווי געטריי און איבערגעגעבען ער איז צו מיר געווען! און יעצט ליגט ער דאָ א טויטער. ער איז געפאלען א קרבן פון א גרויזאמע האנט.

ווען טאגער האָט פון וויטען דערהערט די קולות און געוויינען פון א פרוי האָט ער זיינע דינער געפרעגט ווער זי איז.

— זי איז דאָך קאדמאר'ס פרוי — האָט מען איהם געזאָגט.

טאגער האָט געהייסען צופיהרען די פרוי צו איהם. און ווען זי איז צוגעקומען, האָט ער איהר געהייסען אריינזעצען זיך אין זיין קארעטע.

— זאָרג נישט, דו נאָבעלע פרוי, די געטער פון מצרים וועלען נעמען גרויס נקמה אָן דעם מעדער פון דיין מאן... איך פיהל מיט מיט דיר, ווייל איך ווייס ווי גרויס דיין צער איז יעצט, אָבער דער איז געכאַפּט, און ער וועט מיט זיין לעבען בעצאָהלען פאר דעם.

— אָה, מיין האר, ווען דו וואָלט געוואוסט ווי טייער און ליעב איך בין ביי איהם געווען, וואָס א געטרייער מאן ער איז געווען צו מיר... ער האָט קיינמאָל נישט געשאָנקען קיין אויפמערקזאמקייט צו א צווייטער פרוי... ער פלעגט קומען יעדען אבענד אהיים א מידער פון דער שווערער ארבייט וואָס ער האָט געהאט אכטונג צו געבען אויף אזוי פיעל אידישע שקלאַפען.

— בערוהיג זיך — האָט טאגער זיך אָפּגערופען צו קאדמאר'ס פרוי. די געטער וועלען זיין היילינע נשמה גלייך אין גן עדן אריינפיהרען. און אויך דיר וועלען זיי בענשען... אָבער משה וועט פערשאָלטען ווערען פון זיי... זיין קערפער וועט אריינגעוואָרפען ווערען אין נילים. ער וועט אפילו נישט בעגראָבען ווערען...

— האָט דען משה ערמאָרדעט מיין מאן? — האָט קאדמארס פרוי זיך נאָך העבער פאנאנדערגעוויינט.

— יע, ער האָט איהם **ערמאָרדעט.**

און איך וועל בעטען פרעה'ן, ער זאָל דיר ערלויבען ארונטערצוהאקען משה'ס קאָפּ מיט א שארפען שווערד וואָס איך וועל דיר געבען.

וואָס נעהענטער דער וואָגען איז צוגעקומען צו פרעה'ס פּאלאץ, אלץ גרעסער איז דער המון געוואָרען. יעדער האָט גערעדט וועגען דעם. פיעלע האָבען מיט זייערע פויסטען געדריקט און געקריצט מיט די ציינער פאר כעס.

באלד איז טאגער אריינגעקומען אין פּאלאץ און איבערגעגעבען פרעה'ן אלע איינצעלהייטען ווי אזוי מען האָט געפונען דעם קערפער פון קאדמאר'ן.

פרעה האָט געברענט פון צאָ־ן. ער האָט גלייך געשיקט אָנזאָגען איבער גאנץ מצרים אז ווער עס וועט דערזעהן משה'ן זאָל איהם פערהאלטען און ברייגגען צו פרעה'ן.

— מיינע וועכטער האָבען מיר איבערגעגעבען אז זיי האָבען משה'ן נישט בעמערקט אריינקומענדיג אָדער ארויסקומענדיג — האָט פרעה זיך אָפּגערופען צו טאגער'ן. — און מיין טאָכטער האָט מיר איבערגעגעבען אז משה איז נאָך גאנץ פריה ארויס אויף א שפּאציער.

— מעגליך אז די וועכטער געדענקען נישט ווען ער איז ארויסגעגאנגען. איין זאַך איז דאָך אָבער זיכער אז משה געפינט זיך נישט אין פּאלאץ, און ער מוז גלייך אויסגעזוכט ווערען און בעשטראָפט ווערען פאר די אויגען פון גאנץ מצרים.

פרעה אליין איז ארויסגעגאנגען פון זיין פּאלאץ אין בעגלייטונג פון אלע פריעסטער און צוזאמען מיט זיי האָט ער מתפלל געווען צו די געטער פון מצרים.

דער הויפּט פריעסטער איז נאָכהער צוגעגאנגען און געפּראוועט די צערעמאָניע וואָס ווערט געטאָהן פאר א טויטען.

די באלמער האָבען קאדמאר'ס קערפּער באלמאזירט און איהם אָפּגעפיהרט אין דעם פלאץ וואו די קערפער ווערען געהאלטען פאר א שטיק צייט.

אין גאנץ מצרים האָט מען זיך גענומען צו זוכען משה'ן... אין גשן זיינען אלע אידישע הייזער דורכגעזוכט געוואָרען און יעדער איינער איז אויסגעפרעגט געוואָרען. פרעה האָט ארויסגעשיקט סאָלדאטען צו זוכען משה'ן אין אלע געגענדען נעבען די גרעניצען אָבער קיינער האָט קיין שפּור נישט געפונען פון משה'ן...

טאגער אליין האָט אויך נישט אויפגעהערט צו זוכען. ער איז געווען צוויי מאָל אין גשן און געזוכט אין יוכבד'ס הויז ביידע מאָל.

אין דער צייט וואָס אלע זיינען געווען פערנומען צו זוכען משה'ן איבער'ן גאנצען לאנד, איז די פּרינצעסין בתיה געזעסען מיט איהר הויפּט קאמער מיידעל אין איהר צימער, איהר הארץ האָט אין איהר געקלאפּט פון שרעק. ווער ווייס אפשר וועט מען נאָך איהם דאָ געפינען.... זי איז איינינגע מאָל, אומבעמערקטערהייד, צו איהם אריין אין צימער, זי האָט בעמערקט ווי בלאס זיין פּנים איז געווען, וויפיעל צער און אנגסט זיינע אויגען דריקען אויס און איהר הארץ האָט נאָך איהר מעהר צוקלעמט.

— אָה, מיין ליבער זוהן, משה! — האָט זי איהם צו זיך געדריקט, איך וועל נישט דערלאָזען זיי זאלען דיר שלעכטעס טאָהן! איבער מיין טויטען קערפּער וועט מען דיר אוועקנעהמען פון דאנען!

משה האָט מיט אומעדיגע און פערזאוש'דיגע אויגען געקוקט אויף איהר.

— דאָס לעבען איז גאָרנישט ווערט! —האָט ער טרויעריג געזאָגט.—ווען די מענשהייט איז אזוי פערדארבען, ווען די שטארקע דריקען און שטיקען די שוואכע און שוצלאָזע... אָבער ווען איך גיעב נאָר א טראכט פון דיר, ליעבע מוטער, וואָס פאר א גוטע הארץ און נאָבעלע נשמה דו בעזיצסט דאן ווערט אין מיר דער חשק צום לעבען נאָך שטארקער, דאן ווערט אלעס כדאי, יע, דאן מעג איך ליידען און קעמפען.

— דו דארפסט נישט זיין אזוי פערצווייפעלט, משה! — האָט איהם בתית

געקושט—דו טו ווי איך הייס דיר. די נאכט קומט אָן, עס ווערט שוין גוט פינסטער, דו טו אָן די קליידער וואס איך האב דיר געבראכט און זיי וועט דיר קיינער נישט דערקענען, דו וועסט ארונטערקלעטערן דורך דיזען פענסטער, קיינער פון די וועכטער וועלען דיך נישט בעמערקען און אזוי וועסטו ראַטעווען דיין לעבען. ווי נאָר דו וועסט ארויס פון מצרים ביזטו א געראַטעוועטער!

— און וואוהין זאל איך געהן? — ־אט משה געפרעגט.

— אויב מעגליך זאלסטו געהן נאָך מדין, דארטען וועסטו פיליכט טרעפען מיין גוטען פריינד יתרו, אויב ער לעבט נאָך, וועט ער דיר זיכער זעהר פיין אויפנעהמען, ווען דו וועסט איהם זאגען ווער דו ביזט. דו קענסט איהם אויך דערמאָהנען אז ער האט דיין לעבען געראַטעוועט ווען דו האָסט די קרוין פון מיין פאטער'ס קאָפּ ארונטערגענומען. איך בין זיכער אז ער וועט זיך געוויס דערמאָהנען וועגען דעם און דו וועסט ביי איהם זיין אַן אנגעלעגטער גאַסט. דו וועסט דערצעהלען שרה'ן יתרו'ס פרוי, אז דו האָסט געראַטעוועט איהר שוועסטער, שלומית'עס מאַן און צוליעב דעם ביזטו געוועזען געצוואונגען צו פערלאָזען מצרים! איך בין זיכער אז אויב זיי געפינען זיך נאָך אין מדין, וועסטו זיך שוין נישט פיהלען אזוי עלענד אין דער פרעמד!

פלוצלונג האבען זיי געהערט א קליינעם טומעל און שווערע טריט, דאס הארץ איז ביי איהר איינגעפאלען...

— משה! — האט זי שטילערהייד געזאגט — דו פערבלייב דאָ זיצען און מאך נישט קיין בעוועגונג. איך וועל צוּוואַרטען א ווייל און נאכהער וועל איך ארויסגעהן זעהן וואס דאָ האט פּאַסירט.

ווען די טריט האבען זיך שוין מעהר נישט געהערט, איז בתיה פארזיכטיג ארויס פון דעם צימער און איז גלייך געגאַנגען צו זיך אין צימער. נעבען איהר טיהר האט זי געטראָפען צוויי פון פרעה'ס לייב וועכטער.

— וואס איז אייער פערלאנג? — האט זי זיי געפרעגט.

די לייב וועכטער האבען זיך פערנייגט און איינער האט זיך אָפּגערופען:

— דער קעניג האט אונז געשיקט נאָכאמאָל א־יסצוגעפינען אויב משה געפינט זיך נישט אין זיין צימער אדער אין דעם צימער פון דער פרינצעסין. מיר זיינען געווען אין משה'ס צימער און איהם דארטען נישט געטראָפען, יעצט אויב די פרינצעסין וועט אונז ערלויבען וועלען מיר אויך אריינקומען אין איהר צימער, ־די מיר זאלען קענען ברייגנען דעם קעניג א ריכטיגע תשובה.

— געהט אריין! — האָט בתיה זיך אָפּגערופען. — און אויב איהר וועט איהם דאָרט געפינען, וועט איהר איהם ברייגנען צו מיין פאטער!

די וועכטער זיינען אריין אין דעם צימער פון דער פרינצעסין און דארט געטראָפען איהר הויפּט קאמער־מיידעל, וועלכע האט זיך גלייך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ.

— אויב די פרינצעסין וועט מיר ערלויבען, וועל איך זיך צוריקקעהרען צו מיין צימער.—האט זי זיך אָפּגערופען.

— אָה, ניין, דו פערבלייב דאָ! — האט בתיה געזאגט מיט א בעפעהלערישע שטימע—דו שטערסט גאָר נישט מיין פאטער'ס לייב־וועכטער, זיי וועלען בלויז זוכען א ווייל אין דעם צימער און נאכהער וועלען זיי זיך צוריקציהען.

ווען די לייב־וועכטער האבען געענדיגט זוכען, האבען זיי זיך ענטשולדיגט פאר בתיה'ן און זיי זיינען ארויסגעגאַנגען.

---

די נאכט האט גענומען צופאלען. די מענשען וועמען פרעה האט ארויסגעשיקט צו זוכען משה'ן האבען זיך גענומען אומקעהרען און געבראכט פרעה'ן

א בעריכט דאס זיי האבען משה'ן אין ערגעץ נישט געקענט געפינען.

— משה מוז געפונען ווערען! — האט פרעה געשטורעמט — ער טאר קיין לעבעדיגער נישט ארויס פון מצרים! ער מוז זיכער זיין באהאלטען ערגעץ וואו.

— מיין האר קעניג זאל ארויסגעבען א בעפעהל! — האט טאגער זיך אפגערופען, — אז דער וועלכער בעהאלט משה'ן און ער גיט איהם נישט ארויס, וועט בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט!

— נישט נאר וועט דער שולדיגער בעשטראפט ווערען מיט דעם טויט, נאר זיין גאנצע משפחה וועט אויסגעראטען ווערען און זיין פערמעגען וועט צוגענומען ווערען פאר דעם אוצר פון דער מלוכה! — האט פרעה אויסגערופען.

— זאל מען דעם קעניג'ס בעפעהל בעקאנט מאכען איבער'ן גאנצען לאנד! — האט טאגער געזאגט — און דער וועלכער וועט ברייגנע משה'ן פאר דעם קעניג וועט זעהר גוט בעלוינט ווערען.

— מארגען גאנץ פריה זאל דאס אלעס בעקאנט ווערען! — האט פרעה צוגעגעבען. — איך בעפאלמעכטיג דיך, טאגער, צו טאהן אלעס וואס דו פערשטעהסט, דו וועסט אנפיהרען די גאנצע אויספארשונג, ביז וואנען דו וועסט משה'ן געפינען און איהם ברייגנען פאר מיר!

---

עס איז געווען אין מיטען נאכט, גאנץ מצרים איז געווען פערזונקען אין א טיפען שלאף. דאן איז די פרינצעסין שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון איהר צימער. זי האט ארויסגעקוקט פון עטליכע פענסטער צו זעהן וואו די וועכטער פון פאלאץ געפינען זיך, דערנאך איז זי אריין אין משה'ס צימער. זי האט מיט זיך געהאלטען א ביסעל שפייז און א לאגעל וואסער. משה איז געווען געגרייט, ער איז געווען איבערגעטאן אין די איינפאכע קליידער, זיינע האר זיינען געווען צושויבערט און זיין פנים איז געווען פערשמירט אזוי אז עס איז גאנץ שווער געווען איהם צו דערקענען.

— מיין זוהן יעצט איז די צייט צו ענטלויפען. פון דיזען פענסטער וועסטו ארונטערקלעטערן. זעה צו זיין זעהר פארזיכטיג נישט צו מאכען קיין גערויש.

זי האט איהם ווידער געהאלזט און געקושט...

— מיין ליבער זוהן, משה — האט זי געוויינט — זאלען דיר די געטער בעשיצען פון אל דאס בייז, און פיליכט וועל איך נאך זוכה זיין דיך ווען עס איז צו זעהן... איך בעט דיר משה אויב עס וועט נאר זיין מעגליך, ווען דו וועסט זיין אין דער פרעמד אין א זיכערן פלאץ, זאלסטו שיקען מיר אנזאגען וועגען דיין געזונט און וואו דו געפינסט זיך. דו וועסט אויך קענען אנשרייבען עטליכע ווערטער וועגען זיך און בעטען דעם שליח מיר אין האנט איבערצוגעבען. קיינער וועט נישט וואגען צו עפענען א בריעף וואס בעלאנגט צו מיר. איך בעט דיך נאך אמאל, משה, דו זאלסט מיר לאזען וויסען אזוי שנעל ווי מעגליך וועגען דעם צושטאנד און וואו דו געפינסט זיך, ווייל איך וועל זיין זעהר בעזארגט וועגען דיין שיקזאל.

— איך וועל דיין פערלאנג ערפילען, טייערע מוטער, ווי נאר איך וועל האבען די ערשטע מעגליכקייט! — האט משה איהר געקושט.

בתיה האט ארונטערגענומען איהר ציערונג און דאס אריינגעלייגט אין משה'ס קעשענעס און האט ווידער ארויסגעקוקט דורך'ן פענסטער.

— די ציערונג וועט דיר פיליכט אמאל צוניץ קומען, — האט זי צו איהם געזאגט, און ווען זי האט זיך איבערצייגט אז קיינער געפינט זיך נישט אונטען, האט זי געהאלפען משה'ן ארונטערצונידערן פון פענסטער.

— די שפייז און דעם לאגעל וואסער וועל איך דיר ארונטערווארפען נאכהער — האט זי צו איהם געזאגט מיט טרעהרען און איהם צוגעהאלטען. — זיי מעהר פארזיכטיג, משה!

משה האט זיך לאנגזאם און פארזיכטיג ארונטערגעלאזען און ווען זיינע פיס זיינען שוין געשטאנען אויפ'ן בא־

דען, האט די פרינצעסין ארונטערגעװאָרפען די שפּייז מיט דעם לאָגעל װאסער.

— װארט, משה! — האט זי זיך אבגערופען מיט א שטילע שטימע, — איך װעל אויך ארונטערװארפען דיין שװערדעל. עס װעט דיר צוניץ קומען.

זי האט ארונטערגעװאָרפען משה'ס קורצען שװערדעל.

זי האט דורך דער פינסטערניש געקענט זעהן װי משה בעהאלט דעם שװערדעל אונטער זיינע קליידער. זי האט זיך ארויסגעבויגען פון פענסטער און מיט איהרע אויגען נאָכגעפאָלגט משה'ן ביז װאנען ער איז פערשװאונדען געװארען אין דער פינסטערניש...

— — — — — — — — — — — — — — —

משה האט זיך פערנומען אין א זייטיגע געסעל און ער האט גענומען שטעלען פעסטע טריט. די גאנצע נאכט איז ער געגאנגען ביז ער איז צוגעקומען צו דער שטאָדט סכת, װאס גרעניצט מיט דעם מדבר שור און װען עס האט שוין אנגעהויבען צו טאָגען איז ער שוין געװען אויסער די גרעניץ פון מצרים.

---

## צװעלפטער קאפּיטעל.

## משה'ר װאנדערן

װי משה איז שוין געװען אויסער דעם גרעניץ פון מצרים, איז ער שוין געװען זיכער אז זיין לעבען איז געראטעט געװארען. ער האט געדאנקט גאָט דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, פאר דעם גרויסען חסד װאס ער האט מיט איהם געטאָהן און איהם געראטעװעט פון פרעה'ס שװערד.

ער איז געװען גאנץ מיעד פון דעם לאנגען װעג ער האט זיך אנידערגעזעצט אונטער א בוים און ארויסגענומען זיין שפּייז און געגעסען, נאכהער האט ער פערטרונקען מיט דעם װאסער װאס די פרינצעסין האט איהם געגעבען, און איז באלד איינגעשלאָפען.

משה האט זיך אויפגעכאפּט פון דעם גערודער און גערויש װאס האט זיך פון װייטען דערטראָגען, װען ער האט אויפגעעפענט זיינע אויגען האט ער פון װייטען דערזעהען א קאראװאן מיט פיעלע קעמלען קומען אָן. ער האט זיי פון װייטען בעטראכט, און בעמערקט אז זיי זוכען א פלאץ װאו זיך אפּצושטעלען. אָט זעהט ער װי זיי שטעלען אויף זייערע געצעלטען. זיי לאדען אויס זייערע קעמלען.

— נישט װייט פון דאנען איז דער מדבר—האט זיך משה געטראכט—און אליין דורכצואװאנדערן דעם מדבר איז אונמעגליך, פיליכט זאל ער צוגעהן צו יענע מענשען און בעטען זיי זאלען איהם ערלויבען צו זיי זיך אנצושליסען.

א װיילע האט משה געצעגערט, ער האט מורא געהאט פיליכט קליבען זיך די פרעמדע מענשען צו געהן נאָך מצרים, פון װאנען ער ענטלויפט. באלד אבער האט ער זיך בעטראכט: ניין, זיי מוזען זיכער קומען פון מצרים, װען זיי װאלטען געגאנגען נאָך מצרים, װאלטען זיי זיכער דאָ יעצט נישט געמאכט קיין אפּשטעל. װייל מצרים איז דאָך נישט װייט פון דאנען. ער האט זיך אנגענומען מיט מוטה און איז צו זיי צוגעגאנגען.

— פרידען צו אייך, מיינע הארען! —האט ער זיך צו זיי אפּגערופען.— מעג איך אייך בעלעסטיגען מיט מיין פראגע און אייך פרעגען פון װאנען איהר קומט און װאוהין געהט איהר?

דער הויפּט פון דעם קאראװאן האט איהם בעטראכט און זיך אפּגערופען:

— און װער ביזטו, װי אזוי קומסטו ד, אליין ביי די גרענעצין פון מדבר.

— איך בין א װאנדערער און איך האב פערלאָרען מיין װעג! — האט משה זיי געענטפערט.

—ניין איך געה נאָך מדין, קענסטו מ ר פיליכט זאָגען אויב מדין איז ניט װייט פון דאנען.

דער הויפּט אָנפיהרער האָט זיך איבערגעװאָרפען מיט שמייכעלדיגע בליקען מיט די איבעריגע און נאכהער האָט ער זיך געװענדעט צו משה'ן.

— װי עס װייזט אויס, פרעמדער,

האָסטו גאָר קיין ערפאַהרונג ניט דורכגעמאכט א ז וואנדערען—און דו רופסט זיך נאָך א וואנדערער!

— עס איז ריכטיג, אז דאָס איז מיין ערשטער פארזוך צו וואנדערען, האָט איהם משה געענטפערט, און מיר זיינען נאָך די לענדער אומבעקאנט.

— אויב דו האָסט אין זינען צו וואנדערען נאָך מדין, דארפסטו זיך בעסער אומקעהרען צוריק פון וואנען דו ביסט געקומען. ווײַלע א גרויסער און ברייטער מדבר שטעהט פאר דיר פאָר, און ווי איך זעה, ביזטו ניט צוגעגרייט צו פארברענגען אפילו א האלבען טאָג אין דעם מדבר. נעהם אָן מיין עצה, דו פרעמדער און קעהר זיך אום נאָך מצרים, ווײַלע ווי איך זעה ביזטו נאָך גאנץ יונג, און פארוואָס זאָלסטו פארלירען דיין לעבען אין דיזען מדבר.

— אָבער מיין האר! האָט משה זיך אָפּגערופען. איך קום נאָר וואָס אָן פון מצרים, און איך וויל זיך אהין מעהר ניט צוריק קעהרען! קענסטו מיר פּילייכט זאָגען וואוהין איהר געהט?

— מיר זיינען סוחרים פון אדום. מיר זיינען געפאָרען האנדלען מיט מצרים און יעצט קעהרען מיר זיך אום צו אונזער לאנד!

— איך וואָלט אייך אלעמען זעהר דאנקבאר זיין ווען איהר לאָזט מיך זיך אָנשליסען אָן אייער קאראוואן, און מיטרייזען מיט אייך צוזאמען — האָט משה זיך אָפּגערופען.

— דאָס איז אונמעגליך! — האָט זיך איינער פון די אדומים אָפּגערופען — דו פיהרסט מיט זיך גארניט און דו וועסט דארפען פאלען אויף אונז צו לאסט. און אין א מדבר וויפיעל שפייז און וואסער מיר זאָלען ניט האָבען, וועט אלץ זיין ווינציג, און ווי אזוי וועלען מיר דיר קענען מיטנעהמען?

משה איז געבליבען שטעהן אין גרויס פארצווייפלונג, וואס וועט ער טאקע טאן אויב זיי וועלען זיך ענטזאגען איהם מיטצונעהמען? ער האָט זיך גארניט פאָרגעשטעלט, אז פאר איהם שטעהט פאָר דורכצוקרייצען א גרויסען מדבר. באלד אָבער האָט זיך משה דערמאָנט, אז די פּרינצעסין האָט אריינגעלעגט איהרע ציערונג אין איינער פון זיינע קעשענעס. ער האָט אריינגעשטעקט זיינע הענט און גלייך ארויסגעצויגען פון זיין קעשענע עטליכע גאָלדענע רינגען, מיט א האלזבאנד פון פּערל און קאָסטבארע שטיינער און אוירינגלעך געפלאסטערט אין ברילִיאנטען.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער הויפּט זיך אָפּגערופען צו משה'ן — ווי אזוי האָסטו געקראָגען אָט די ציערונג.

— דאָס האָט מיר מיין מוטער געגעבען! — האָט משה געענטפערט, — זי האָט מיר געזאָגט, אז דורך דער צייט פון מיין וואנדערען וועט עס מיר זעהר שטארק צוניץ קומען.

— דאן מוז דיין מוטער זעהר רייך זיין? — האָט איהם דער הויפּט געזאָגט.

— יע, זי איז ווירקליך זעהר רייך... איך גלויב, אז זי איז איינע פון די רייכסטע פרויען אין מצרים! — האָט משה איהם געענטפערט.

— און פארוואָס האָט זי דיר ניט מיטגעגעבען קעמלען און קנעכט, וועלכע זאָלען דיר באגלייטען אויפ'ן וועג? ווי איך זעה האָסטו דאָך אפילו ניט גענוג שפּייז אפילו פאר איין טאָג!

— אפשר אויב מיר וועלען זיין צוזאמען אין וועג א היבשע צייט, וועל איך אייך ערקלעהרען אלעס, אָבער יעצט קען איך דאָס ניט טאָן.

— לויט די קליידער, וואָס דו טראָגסט וואָלט מען געקענט מיינען, אז דו ביזט איינער פון די אָרימע ערד־ארבייטער פון מצרים.

אויב איהר וועט מיר מיטנעהמען, וועל איך אייך אָפּגעבען א טהייל פון די ציערונג, וואָס מיין מוטער האָט מיר געגעבען! — האָט משה געזאָגט.

— איך וועל זיך פריהער בעראטען מיט מיינע מענשען. דו ווארט צו א קליינע ווײַלע און איך וועל אריינרופען מיי־

נע מיטרייזענדע און נאכהער וועלען מיר דיר געבען א תשובה.

משה האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גראָז, און דער הויפּט אָנפיהרער פון קאראוואן איז אריין אין איינעם פון די געצעלטען וואָס זיי האָבען נאָר וואָס אויפגעשטעלט.

האָט איהר באמערקט די קאָסטבארע ציערונג, וואָס דער פרעמדער האָט אונז באוויזען? — האָט זיך דער הויפּט אָפּגערופען צו די איבעריגע — מיר דוכט זיך, אז די ווערדע פון די ציערונג איז זעהר גרויס, אזעלכע ציערונג טראָגען בלויז קעניגען און פרינצעסינס.

— מיר דוכט זיך, אז ווען מיר זאָלען וועלען פארקויפען די ציערונג צו אונזער קעניג וואָלטען מיר דערפאר געקראָגען פיעל מעהר וויפיעל מיר האָבען געמאכט פארדינסטען פון אונזער יעצטיגער רייזע!

— איז דאָך אלץ גערעדט אויב ער וועט אונז אָפּגעבען די גאנצע ציערונג, אָבער ווי איך האָב איהם געהערט, באָט ער אונז בלויז אַן א טהייל פון זיין ציערונג, און ווארשיינליך וועט ער אונז אָפּגעבען דאָס, וואָס האָט ניט אזא גרויסע ווערדע.

— מיר מוזען זעהן ארויסצוקריגען פון איהם די גאנצע ציערונג! — האָט נאָך איינער געזאָגט — ווען מיר וועלען דאָס פארקויפען און זיך נאכהער צוטיילען אויף גלייך מיט די געלד, וועלען מיר אלע געניסען א סך.

— אָבער ווי אזוי קענען מיר פון איהם ארויסקריגען די גאנצע ציערונג, ער וועט עס געוויס ניט וועלען אָפּגעבען. בפרט ווען ער האָט עס געקראָגען א מתנה פון זיין מוטער!

— און דו גלויבסט איהם, אז ער האָט עס געקראָגען פון זיין מוטער?

— האָט דער הויפּט, זיך אָפּגערופען — לויט זיין הלוך און דעם אופן ווי ער איז אהער געקומען, בין איך איהם חושד, אז אדער ער האָט די ציערונג אוועקגערויבט פון אימיצען אדער ער האָט עס גע'גנב'עט . . . א רייכע מוטער וועט ניט לאָזען איהר זוהן געהן וואנדערען אַהן שוך . . .

— וואָס איז דער אונטערשיעד ווי אזוי ער האָט די ציערונג געקראָגען, — האָט אַן עלטערער סוחר זיך אָפּגערופען. מיר דארפען זעהן, אז די ציערונג זאָל אריינפאַלען אין אונזערע הענט.

מיר וועלען איהם זאָגען, אז מיר האָבען באשלאָסען דאָס מיר קענען איהם ניט מיטנעהמען, דאן וועט ער אויס פארצווייפלונג אונז אָנבאָטען אלעס, וואָס ער האָט. ווייל איך האָב באמערקט אז ער איז זעהר נייגעריג צו מאכען די רייזע.

— אָבער, וואָס וועלען מיר טאָן, אז ער וועט אינגאנצען אוועק געהן און ווארטען ביז וואנען א צווייטער קאראוואן וועט אָנקומען. ניין, מיין עצה איז, אז מיר זאָלען אזא גוטע געלעגענהייט ניט דורכלאָזען פון אונזערע הענט און דערווייל אָננעהמען זיין אָנבאָט. און נאכהער וועט אונז שוין זיין ניט שווער ארויסצוקריגען דאָס איבעריגע פון איהם.

— יע, ווען ער וועט מיט אונז זיין אין מיטען מדבר, וועלען מיר מיט איהם קענען טאָן וואָס מיר וועלען וועלען.— דערווייל דארפען מיר איהם זאָגען, אז מיר שטימען איין איהם מיטצונעהמען פאר די ציערונג, וואָס ער באָט אונז אָן.

— און אויב ער וועט ניט וועלען אָפּגעבען מיט גוטען, דאן וועלען מיר איהם איבערלאָזען אין מיטען מדבר שטארבען פון הונגער און דורשט...

— נאָך אלעמען קענען מיר זיין זיכער אז די גאנצע ציערונג וואָס דער מצרי האט וועט בעלאנגען צו אונז!— האָט דער הויפּט זיך אָפּגערופען—זאָל ער נאָר מיט אונז מיטפאָהרען. יע, איך וועל איהם זאגען אז מיר זיינען אלע מסכים אָנצונעהמען זיין אָנבאָט, און דאן וועלען מיר זעהן וויפיעל ער וועט אונז געבען.

דער הויפּט און די איבעריגע זיינען ארוים פון געצעלט און זיי זיינען צוגעגאנגען צו משה'ן און דער הויפּט האט זיך אָפּגערופען:

— מיר האבן בעשלאָסען אנצונעהמען דיין אַנבאָט. דו קענסט מיט אונז מיטרייזען אויב דו וועסט אונז אפּגעבען אַ טייל פון די ציערונג וואס דו האסט.

משה האט ארויסגענומען צוויי גאָלדענע רינגען געפּאסט מיט בריליאנטען, און די אוירינגלאך וואס ער האט געהאט און דאס איבערגעגעבען צו דעם הויפּט פון קאראוואן.

— ווען קלייבט איהר זיך אין וועג?

— האט משה איה: געפרעגט.

— מיר וועלען דאָ רוהען אייניגע טעג, מיר ווילען אנזאמלען גענוג שפּייז און וואסער, ווייל דער מדבר וואס מיר דארפען דורכגעהן איז זעהר א גרויסער און א געפעהרליכער. דארטען קומען פאָר אפּטע זאמד שטורעמס און דאן מוזען מיר זיך אפּשטעלען אין מיטען מדבר ביז וואנען דער שטורעם געהט פאַריבער. יע, מיר קענען קיינמאָל נישט פאָראויסזעהן ווי לאנג עס וועט אונז געדויערן די רייזע און דעריבער מוזען מיר אנגרייטען וואס מעהר שפּייז און וואסער. מיר געפינען זיך יעצט נישט ווייט פון א קוואל וואסער. דאָ שטעלען מיר זיך יעדעס מאָל אפּ און מיר פילען אָן אונזערע לאָגלען מיט וואסער און אונזערע קערב מיט שפּייז.

— ווי אזוי קענט איהר דאָ קריגען שפּייז! — האט משה זיך געוואונדערט—דיזער געגענד איז דאָך נישט בעוואוינט און איהר קומט דאָך נאָר וואס אן פון מצרים, האט איהר דען נישט געקענט קויפען גענוג שפּייז, עס זאל אייך קלעקען פאר דעם גאנצען וועג?

דער הויפּט האט אנגעקוקט משה'ן מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

— אין מצרים דארפען מיר דאָך בעצאָהלען פאר די שפּייז וואס מיר קריגען דאָרט און מיר ווילען נישט אויסבריינגען אונזערע פערדינסטען אויף שפּייז וואס מיר קענען עס קריגען אָהן געלד.

— ווי אזוי קענט איהר קריגען שפּייז אומזיסט אין דיזען געגענד? — האט משה געפרעגט.

— אז דו וועסט וואנדערן אזוי לאנג ווי מיר, וועסטו אויך וויסען.—האט ער איהם געענטפערט.

— דאָך בעט איך דיר, זאג מיר, וועל איך פיליכט אויך מיטהעלפען צו קריגען שפּייז. איך האב אין זינען צו פערדינען ביי אייך מיין ברויט און וואסער.

— אויב דו ביזט שטארק און קרעפטיג און דו ווייסט ווי זיך צו בענוצען מיט א שווערד, קענסטו אונז נאָך פיליכט בעהילפיג זיין.

— אבער איך פערשטעה נישט וואס דו מיינסט?

— איך וועל דיר זאגען! — האט דער הויפּט זיך אנידערגעזעצט נעבען משה'ן אויפ'ן גראָז—דאָ וואו מיר געפינען זיך איז דער איינציגער גלייכער וועג פון דעם מדבר ביז מצרים און זעהר פיעל רייזענדע קומען אָן פון פערשיעדענע לענדער וועלכע מאכען דורך דיזען מדבר, און ווען מיר זעהען אז מיר זיינען שטארקער, און אז אונזער קאראוואן איז א גרעסערער, געהען מיר צו און מיר פאָדערן ביי יענע אונז אפּצוגעבען זייער שפּייז, און אויב זיי ווילען דאס נישט טהאָן מיט גוטען, דאן צווינגען מיר זיי דאס צו טאָהן מיט אונזער שווערד! יעצט פערשטעהסטו שוין ווי אזוי מיר קריגען אונזער שפּייז.

— אבער דאס איז דאָך רויבעריי!

— האט משה אויסגערופען—ווי אזוי קענט איהר דאס טאָהן אזא זאך, און בערויבען אנדערע וואנדערער פון זייער שפּייז!

— גאנץ איינפאך! — האט דער הויפּט געזאגט—מיר קומען זיי ענטקעגען און מיר פערלאנגען זיי זאלען אינז אפּגעבען זייער שפּייז און אויב נישט וועלען מיר מיט זיי מלחמה האלטען, און אויב יענע פיהלען זיך אז זיי זיינען שוואכער פון אונז וועלען זיי שוין אונז בעסער אפּגעבען זייער שפּייז.

— אבער איהר האט גאר נישט מורא פאר גאט! — האט זיך משה אפּגערופען—איהר זינדיגט דאָך געגען גאָט,

— מיר זיינען אדומים און אונזערע געטער ערלויבען אונז צו רויבען. מיר שטאמען פון עשו'ן און זיין ברכה וואס ער האט געקראגען פון זיין פאטער איז געווען אז אויפ'ן שווערד זאל ער לעבען. און יעצט וואו נור מיר קענען בייקומען יענעם מיט אונזער פויסט אדער שווערד טוען מיר דאס און דאמיט ציהען מיר אונזער חיונה.

— אבער ווי איך האב אייך פריהער פערשטאנען—האט משה געזאגט—זייט איהר דאָך סוחרים וועלכע קומען האנדלען אין מצרים?

— יע, דאס איז אויך אמת! — האט זיך איינער פון זיי אפגערופען—ווען מיר קומען אין מצרים זיינען מיר ערליכע סוחרים. דו קענסט דאָך נישט ערווארטען אז מיר זאלען קומען קעמפען מיט מצרים. דארטען בעצאָהלען מיר פאר די סחורה וואס מיר קויפען, און קריגען בעצאָהלט פאר די זאכען וואס מיר פערקויפען. אבער ווען מיר זיינען אין וועג פיהרען מיר זיך ווי די איבעריגע פון אונזער שבט!

— וואלט איהר געוואלט אז אן אנדער קאראוואן א שטארקערער פון אייך זאל אייך בעפאלען און בערויבען פון אייער לעצטע ביסעל שפייז וואס אייך איז פערבליבען איהר זאלט קענען אריבערגעהן דעם מדבר?

— געוויס נישט! מיר וואלטען געקעמפט פאר אונזער שפייז!

— און וואס וואלט איהר געטהאָן ווען יענע וואלטען אייך בעזיעגט און פון אייך אוועקגענומען אייער שפייז

— דאן־דאן—האט דער הויפט גענומען שטאמלען — דאן וואלט טאקע פאר אונז זעהר שלעכט געווען...

— אויב אזוי, פארוואס זאלט איהר נישט מיטפיהלען אויך דעם צווייטען. ווען עס דען נישט זיין שלעכט פאר די אנדערע מענשען וועלכע זיינען נישט געבענשט מיט אזעלכע שטארקע פויסטען ווי איהר האט, אויב איהר וועט זיי בערויבען פון זייער שפייז, וועלען זיי דען קאנען פאָרזעצען זייער רייזע??

— ווען זיי וועלען נישט קענען וואנדערן ווייטער דורכ'ן מדבר וועלען זיי זיך צוריק קעהרען קיין מצרים און דארטען וועלען זיי קריגען אנדערע שפייז!

— האט איהר דאָך געקענט אזוי טאָהן! — האט משה צו זיי געזאגט— איהר קומט דאָך יעצט פון מצרים, פארוואס האט איהר נישט אנגעגרייט גענוג שפייז, איהר זאלט נישט דארפען בערויבען הילפלאָזע רייזענדע אויפ'ן וועג.

— וואס דו ווילסט אפשר ענדערן אונזערע געוואָהנהייטען? — האט דער הויפט זיך פאנאנדערגעלאכט—ווען דו וועסט מיט אונז מיטרייזען א היבשע צייט וועסטו אויך טאָהן ווי מיר טוען!

— ניין! — האט משה געענטפערט —איך וועל מיט אייך נישט מיטרייזען, ביי מיר זייט איהר פעררעכענט פאר רוצחים און איך וויל נישט זיין א שותף צו אזעלכע מענשען וועלכע בעגעהען א פערברעכען! גיעב מיר צוריק מיינע ציערונג וואס איך האב דיר נאָר וואָס געגעבען און איך וועל זיך געהן מיין וועג!

— נישט נאָר וועלען מיר דיר נישט צוריקגעבען די ציערונג וואס דו האסט אונז געגעבען מיט דיין גוטען ווילען, אבער דו וועסט אונז נאָך אפגעבען די איבעריגע ציערונג וואס דו האָסט ביי זיך, ווייל דו האסט געבראָכען דעם אפמאך מיט אונז! — האט דער הויפט פיהרער פון קאראוואן זיך צו איהם אפגערופען.

— האב איך דען געוואוסט אז איהר קריגט אייער שפייז דורך רויבעריי — האט משה געענטפערט—ווען איך האב מיט אייך אפגעמאכט צו ווערען אייער מיטרייזענדער האב איך זיך גאר נישט געקענט פארשטעלען, אז סוחרים וועלכע פאָהרען האנדלען זאלען אויך זיין רויבער!

— יע, מיר זיינען רויבער, מיר לעבען אויף אונזער פויסט און שווערד, אבער מיר וועלען קיינמאָל נישט גנב'ענען, מיר וועלען נישט אריינגעהן צו יענעם אין הויז, ווען דער אייגענטימער איז נישטא אדער ער שלאָפט און ארויס'גנב'ענען זיין געָלד און ציערונג

פון איהם. ניין, דאס טוען מיר נישט. גנבה איז ביי אונז פארבאָטען, אבער גזלה! — דאס נישט! אויב מיר זיינען שטארקער און קענען צווינגען דעם צווייטען אונז אפּצוגעבען זיין רייכטום, טוען מיר דאס! אבער דו ביזט א גנב! דו האסט אוועקגע'גנב'עט די ציערונג ביי א רייכער פרוי ווען זי איז ווארשיינליך אין דער היים נישט געווען, אדער ווען זי איז געשלאָפען און דו ווילסט אונז איינריידען אז דיין מוטער האט עס דיר געגעבען! ניין, מיר ווייסען, אז די מצריים זיינען גנבים!

— איך האב אייך קיין ליגען נישט געזאגט! — האט משה געענטפערט— די ציערונג האב איך נישט גע'גנב'עט ביי קיינעם, דאס האט מיר מיין מוטער געגעבען.

— אונז קענסטי אזוי שנעל נישט אפּנארען! — ווען א מוטער פערמאָגט אזעלכע ציערונג, לאזט זי נישט איהר זוהן ארוים אין אזעלכע ארימע קליידער און אָהן שפּייז אויף אזא לאנגען וועג. דו האָסט עס גע'גנב'עט און א גנב איז לויט אונזער בעגריעף זעהר א נידעריגע בעשעפעניש. א גנב טוט זיין ארבייט אין דער שטיל, ווייל ער איז א פייגלינג, ער האט מורא מען זאל איהם ניט כאפּען. אבער מיר אלס רויבער זיינען בראוו. מיר טוען עס אָפען, מיר קעמפען און מיר קריגען די זאכען וואס אונז געלוסט זיך, דורך אונזער העלדישקייט! און דעריבער וועסטו אונז באלד אפּגעבען דיין גאנצע ציערונג.

— און וואס וועט איהר טאָהן אז איך וועל אייך נישט וועלען אפּגעבען די איבעריגע ציערונג? —האט משה איהם געפרעגט.

— דאן וועלען מיר דיר צווינגען עס צו טאָהן! — האט דער הויפּט געענטפערט.

— און דאס וועט נאָך ביי אייך אנגערופען ווערען "העלדישקייט" — האט משה געזאגט— ווען אזוי פיעל פון אייך וועלען בעפאלען איינעם און איהם בערויבען, וועט דען דאס נישט זיין אזוי גוט ווי גנבה, וואס איהר פערהאסט. ווען אזוי פיעל ווילען קעמפען געגען איינעם, וועט עס זיין אזוי גוט ווי דער איינער שלאָפט און איהר קומט איהם בע'גנב'ענען.

די אדומים האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און דער הויפּט האט זיך צו זיי אפּגערופען:

— דער פרעמדער איז גערעכט! ווען מיר אלע זאלען איהם צווינגען אפּצוגעבען די ציערונג, וועט עס טאקע קאָנען פעררעכענט ווערען פאר גנבה. דעריבער איז מיין עצה אז איינער פון אונז זאל זיך פערמעסטען כוחות מיט דעם מצרי און ביי איהם אוועקרויבען די ציערונג. ווער פון אייך איז וויליג צו קעמפען מיט איהם אויב ער וועט ענטזאגען אפּצוגעבען זיין ציערונג?

— איך בין וויליג! איך בין וויליג! —האבען זיך אייניגע מיט אמאָל אפּגערופען.

— גוט, דו וועסט געהן! — האט דער הויפּט אויסגעקליבען א געזונטען אדומי—געה און קריג ארוים די ציערונג פון דעם מצרי!

משה איז עטוואס צוריקגעטראטען, און דער הויפּט האט עס אנגענומען אלס א סימן אז ער זוכט זיך ארויסצודרעהען.

— וואס, דו ווילסט אנטלויפען פון איהם?! — האט דער הויפּט אויסגערופען—איך וויל דיר ווייזען אז בלויז איינער פון אונז וועט מיט דיר קעמפען און דו וועסט נאכהער נישט קענען זאגען אז מיר האבען פון דיר די ציערונג גע'גנב'עט.

— איך וועל די ציערונג נישט אפּגעבען! — האט משה אויסגערופען.

— אויב דו וועסט עס נישט אפּגעבען מיט דעם גוטען ווילען, דאן וועסטו מיר אפּגעבען דורך קאמף—האט דער געזונטער אדומי געזאגט און זיך דערנעהנטערט צו משה'ן.—עס וועט זיין א קאמף צווישען אונזביידען און אויב איך וועל דיר בעזיעגען און צונעהמען די ציערונג פון דיר וועסטו שוין נישט קענען זאגען אז דאס איז גנבה! זעהסטו ווען איך זעה אז דו ביזט אומבעוואָ־

פּענט, וועל איך מיט דיר קעמפּען בלויז מיט מיינע פויסטען.

— אבער אויב איך וועל דיר בעזיעגען, וועסטו מיר צוריקקעהרען אויף די ציערונג וואס דיין הויפּט האט ביי מיר צוגענומען — האט משה צו איהם געזאגט.

— מיין קאמף מיט דיר האט גאָר נישט צו טאָהן מיט די ציערונג וואס דו האסט שוין אוועקגעגעבען, פאר דעם וועסטו מוזען קעמפּען מיט אונזער הויפּט אליין.

דאָך וואלט איך דיר געוואלט ווארנען! — האט משה זיך אפּגערופען. — ווארום זאָלסטו געשלאָגען ווערען?

— איך וועל געשלאָגען ווערען! — האט דער אדומי זיך הילכיג פאנאנדערגעלאכט. — וואס זאגט איהר אויף דיזען מצרי? — האט ער זיך געווענדעט צו די איבעריגע אדומים. — ער האפּט נאָך אז ער וועט מיר בעזיעגען!

— קוק איהם נאָר אָן! — האט דער הויפּט זיך אפּגערופען מיט א שמייכעל — זיין פּנים איז דאָך אזוי צארט און איידעל אז ער דארף נאָך אנקומען צו זיין מוטער, זי אל איהם בעשיצען און דא דענקט ער נאָך אז ער וועט בעזיעגען אונזער ברודער!

אלע אדומים האבען זיך פאנאנדערגעלאכט און דער געזונטער אדומי איז ווידער צוגעגאנגען צו משה'ן און אויסשטרעקענדיג זיין האנט האט ער געזאגט:

— דו בעסער גיעב מיר אָב די ציערונג אָהן א קאמף, פארוואס זאלסטו זיך קייקלען אין דיין בלוט, ווען דו קענסט עס פערמיידען!

— דו שאצסט דיין גבורה צו הויך! — האט משה זיך אפּגערופען און געדריקט זיין פויסט.

— איך וועל דיר באלד צייגען מיין גבורה! — האט דער אדומי אויפגעהויבען זיין פויסט און געוואלט א זעץ טאָן משה'ן אין פּנים.

משה אבער האט גלייך מיט א שטארקען קלאפּ איבער דעם אדומי'ס האנט איהם צוריקגעשטויסען.

דאס האט דעם אדומי שטארק אריינגעבראכט אין כעס און ער האט א שפּרונג געטהאָן אויף משה'ן מיט זיין גאנצען קראפט. א קאמף האט זיך צופלאקערט אבער עס האט נישט לאנג געדויערט און משה האט געגעבען דעם אדומי אזא שטויס אז דער אדומי איז אומגעפאלען. באלד אבער האט ער זיך אויפגעהויבען און גענומען ווידער זיך צו שלאָגען. משה האט איהם אבער מיט א שטארקען קלאפּ אנידערגעלייגט אז דער אדומי האט זיך נישט געקענט ריהרען פון אָרט.

די איבעריגע אדומים האבען צוגעקוקט מיט גרויס פּערוואונדערונג ווי אזוי דער צארט פּנים'דיגער מצרי האָט אנידערגעלייגט איינעם פון זייערע שטארקסטע ברידער.

א ווילע האבען זיי געשוויגען. דערנאָך זיינען עטליכע צוגעקומען צו דעם אדומי וועלכער איז געלעגען א בעוואוסטלאָזער און א צובלוטיגטער, און האבען איהם אריינגעטראגען אין געצעלט.

משה איז געבליבען שטעהן אויף זיין פּלאץ און געווארט. ער האט געוואלט זעהן וואס זיי וועלען ווייטער טאָהן.

— איך וועל מיט איהם קעמפּען! — האט זיך א צווייטער אדומי אויסגערופען — איך וועל פּערטיידיגען דעם כבוד פון די אדומים.

עס האט אבער לאנג נישט געדויערט און אויך דער אדומי איז געלעגען א צובלוטיגטער און צושלאָגענער אויף דעם גראָז.

א מורא איז אנגעפאלען אויף די איבעריגע אדומים, ווען זיי האבען בעמערקט ווי צוויי פון זייערע שטארקסטע האבען נישט געקענט בייקומען דעם פּרעמדען.

ער בעזיצט אן אויסערגעוועהנליכע גבורה — האט זיך דער הויפּט אפּגערופען שטילערהייט צו די איבעריגע — איך זעה שוין אז קיינער פון אונז וועט איהם נישט קענען בעזיעגען.

— יעצט אז ער איז אויסגעמאטערט פון דעם קאמף מיט די צוויי שטארק־

סטע פון אונזערע ברידער וועט שוין זיין נישט אזוי שווער איהם בייצוקומען— האט זיך א דריטער געזונטער אדומי געווענדעט צו דעם הויפט—און אויב דו וועסט מיר ערלויבען וועל איך געהן מיט איהם קעמפען!

— די צוויי וועמען דער מצרי האט נאָר וואס צוקלאפּט וועלען פאר עטליכע טעג זיך נישט קענען ריהרען פון אָרט און יעצט ווילסטו אויך קריגען אנגעבראכען די ביינער? און טאָמער וועט זיך באלד מאכען א דורכרייזענדער קאראוואן וועלען מיר נישט זיין אימשטאנד איהם צו בעפאלען און אוועקצורויבען זייער שפּייז!

— איך בין זיכע. אז איך וועל דעם מצרי באזיגען—האט ער אויסגערופען צוזאמענפּרעסענדיג זיינע פויסטען, און א חוץ דעם זיינען מיר דאך נאָך גאַנץ גרויס אין צאָהל, און ווען איך וועל האלטען שמאָל וועט איהר מיר אלע קומען צו הילף.

— איך וועל דאן דארפען ברעכען מיין ווארט, און א חוץ דעם וועט דאס אונז נישט ברייגען קיין גרויסען כבוד, ווען מיר אלע וועלען בעפאלען איין מאן! ניין, מיין עצה איז דו זאלסט מיט איהם נישט קעמפע' ווייל דער פרעמדער בעזיצט אן אוננאטירליכע קראפט. ווער ווייס פיליייכט איז ער א כשוף מאַכער און דורך זיין כשוף בעזיעגט ער אונזערע שטאַרקע פון אונז.

— ניין, איך בין זיכער אז ער איז נישט קיין כשוף מאכער! — האט זיך נאָך איינער אפּגערופען —איך האב געהערט אז די כשוף מאַכער פון מצרים זיינען אלע גרויסע פּייגלינגע און כאָטש זיי קענען פערבלענדען די אויגען מיט זייער כשוף, אבער ווען עס קומט צו א קאַמפּף אנטלויפען זיי זעהר שנעל.

— אויב ער איז נישט קיין מכשף, וועל איך מיט איהם קעמפּפען — האט דער דריטער אדומי צוגעשטאַנען צום הויפּט.—איך וועל דאס גלייך טאָהן: ווייל וואס לענגער איך ווארט, רוהט זיך דער מצרי מעהר אויס. יעצט, ווען ער איז אזוי מיעד, איז די צייט מיט איהם יוידער צו קעמפּפען.

משה איז נאָך אלץ געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ. ער האט געוואוסט אז נישט אזוי גיך וועלען זיך די אדומים רויבער אונטערגעבען און ער איז דעריבער געווען געגרייט אויף נאָך א קאמף.

דער דריטער אדומי האט זיך צו איהם דערנעהנטערט און האט זיך אפּגערופען צו איהם:

— דו בעסער גיעב אונז אָפּ די איבעריגע ציערונג אהן א קאמף, ווייל אויב נישט וועל איך צו דיר טאָהן, אזוי ווי דו האסט געטאָהן צו מיינע צוויי ברידער.

משה האט א שמייכעל געטאָהן און זיך אפּגערופען:

— דו האסט דאָך געזעהען וואס איך האב געטאָהן צו דיינע צוויי ברידער און יעצט איז מיין עצה דו זאָלסט זיך שנעל אפּטראָגען פון דאנען ווייל דו וועסט נאָך ערגער מאכען פון די פריהערדיגע צוויי!

— זאיך וועל דיר צייגען אז אן אדומי טרעט נישט אָפּ אויף צוריק! — האט ער אויסגערופען און מיט זיין גאנצען כח א שפּרונג געטאָהן אויף משה'ן.

משה האט איהם גלייך א כאפּ געטאָהן פאר ביידע הענט און האט זיי פארדרעהט אויף הינטען, אזוי אז דער אדומי האט זיך פון אָרט נישט געקענט ריהרען. דערנאָך האט ער איהם א הויב געטאָהן און א שליידער געטאָהן פון זיך אז דער אדומי האט זיך גענומען קייקלען ווי א רונדע זאד, און איז געבליבען ליגען א באַוואוסטלאָזער אויף דעם גראָז.

ווען די איבעריגע אדומים האבען דאס דערזעהען, איז זייער שרעק נאָך שטארקער געווארען. זיי האבען גלייך גענומען און אויפגעהויבען זייער געפאַלענעם ברודער און אויך איהם אוועקגעפיהרט אין געצעלט.

— מיר האבען געזעהען דיין גבורה! —האט זיך דער הויפּט פון דעם קאראַוואן אפּגערופען צו משה'ן און יעצט ווילען מיר מיט דיר מאכען שלום.

— פריהער פון אלץ דארפסטו מיר צוריקקעהרען די ציערונג.—האט משה געזאגט.

דער הויפט פון די אדומים האט ניט ווילענדיג איהם אומגעקעהרט די ציערונג און געזאגט:

— דו קענסט זיך אנשליסען אין אונזער קאראוואן אומזיסט, מיר וועלען דיר געבען גענוג שפייז און וואסער דורך דער גאנצער רייזע פון מדבר.

— דאס קען איך טאָהן! — האט משה געזאגט—איך וויל נאָר נישט געניסען פון גזלה. איך וויל מיין שפייז עהרליך פערדינען, און נישט בערויבען א צווייטען כדי צו שטילען מיין הונגער און דורשט. און מיין עצה איז צו אייך, שיקט איינינע פון אייך צוריק נאָך מצרים און זאלען זיי איינקויפען גענוג שפייז. וואסער האט דער אלמעכטיגער גאָט אייך געגעבען אומזיסט. איהר קענט אנפילען אייערע כלים פון דעם נאָהענטען קוואל וויפיעל אייער הארץ געלוסט.

— ניין, דיין עצה וועלען מיר נישט אננעהמען.—האט דער הויפט זיך צו איהם אפגערופען. — מיר וועלען נישט געהן אויסגעבען אונזער גאנצע פערדינסט וואס מיר האבען פערדינט דורך דיזער רייזע אויף שפייז, אין דער צייט ווען מיר קענען דאס קריגען אומזיסט.

— דאן קען איך מיט אייך נישט מיטרייזען! — האט משה אויסגערופען און איז צוריק געגאנגען צו דעם פלאץ וואו ער האט איבערגעלאָזען די ביסעל שפייז וואס די פרינצעסין האט איהם מיטגעגעבען. ער האט געדאנקט גאָט פאר דעם חסד וואס ער האט מיט איהם געטאָהן און געגעבען גענוג כח צו קעמפען געגען די אדומים און ווען ער האט געהאט אויפגעגעסען די לעצטע ביסעל שפייז, איז ער מיט זיין לאָגעל אוועקגעגאנגען צום קוואל און אנגעשעפט פרישען וואסער. ער האט זיך גוט אנגעטרונקען און זיך געזעצט דארטען אונטער א בוים זיך אפצורוהען. ער איז געוועזען גאנץ מיעד פון דעם קאמף וואס ער האט דעם טאָג געהאט און איז דעריבער באלד איינגעשלאָפען אונטערן בוים.

א טומעל און א געשריי האט משה'ן אויפגעוועקט פון שלאָף. ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און זיך גענומען ארומקוקען פון וואנען דער טומעל קומט. ער איז צוגעקומען עטוואס נעהנטער און ער האט בעמערקט א צווייטען קאראוואן, און די אדומים שטעהען מיט געצויגענע שווערדען געגען זיי.

משה איז גלייך צוגעגאנגען און ער האט געפרעגט וואס דאס בעדייט.

— מיין האר! — האט זיך איינער פון זיי אפגערופען—מיר זיינען פריעדליכע רייזענדע פון אונזער לאַנד כנען איז היינטיגען יאהר נישט קיין גרויסער גערעטענים אויף תבואה, זיינען מיר געפאָהרען אין מצרים איינצוקויפען פאר אונזערע משפחות גענוג שפייז פאר דעם גאנצען יאהר און יעצט זיינען זיי צו אונז צוגעקומען און פערלאנגען מיר זאלען זיי אפגעבען אונזער שפייז!

— איהר וועט פון זיי נישט אוועקרויבען זייער שפייז! — האט משה אויסגערופען צו די אדומים.

— ווער ביזטו עס, אז דו וועסט אונז פערמיידען פון צו רויבען! — האט דער הויפט אויסגערופען—דו מיינסט אז דו האסט בייגעקומען דריי פון אונזערע, ווען זיי האבען מיט דיר געקעמפט איינציגווייז, וועסטו אויך זיך קענען געגענשטעלען אונז אלעמען! דו בעסער געה זיך דיין וועג און מיש זיך נישט אריין אין אונזערע אנגעלעגענהייטען!

— איהר קענט נישט בערויבען דיזע מענשען! — האט משה שטרענג א זאג געטאָהן—און אויב איהר וועט זיי נישט צורוה לאָזען וועט איהר נאכהער חרטה האבען!

— הערט זיך נישט צו צו איהם! — דער אנפיהרער פון די אדומים זיך אפגערופען צו די מענשען פון דעם צווייטען קאראוואן—ער וועט אייך ווינציג וואס העלפען! און אויב איהר וועט אונז נישט אפגעבען אייער גאנצע שפייז וועט איהר ערגער מאכען!

— קעמפט געגען די רויבער און גיט זיי גאָר נישט אָפּ! — האט משה זיך אָפּגערופען—און איך וועל אייך העלפען!

— בעסער לאָזט אונז געהן נאָך אונזער לאנד! — האבען די כנענים זיך געווענדעט צו די אדומים. מיר ווילען נישט קעמפען געגען אייך!

— אויב איהר ווילט פערמיידען בלוט פערגיסונג, גיט אונז אָפּ אייער שפּייז! — האט דער הויפּט זיך אָפּגערופען.

— מיר קענען נישט לאָזען אונזערע פרויען און קינדער שטארבען פון הונגער—האבען זיי געענטפערט.

— נעהמט אוועק זייער שפּייז מיט געוואלד! — האט דער הויפּט א געשריי געטאָהן.

משה איז שנעל צוגעלאָפען און זיך געשטעלט צווישען די צוויי קאראַוואנען.

— דו בעסער טרעט אָפּ פון דאנען!

— האָט דער הויפּט אויסגערופען צו משה׳ן אויפהויבענדיג זיין שווערד.

משה האָט שנעל ארויסגעצויגען זיין קורצען שווערדעל וואס ער האָט געהאט בעהאלטען אין בוזים.

ווי דער הויפּט האָט דערזעהן אז משה האָט אויך וואפען מיט זיך, האָט ער זיך דערשראָקען און האָט זיך ע׳וואס אָפּגערוקט אויף הינטען.

דערזעהענדיג דאס, האָבען די כנענים געקראָגען עטוואס מעהר מוטה, און זיך אויך גענומען צו זייערע וואפען.

א קאמפף איז ענטשטאנען. משה האָט זיך געשטעלט פאראויס און האָט זיך גענומען פעכטען מיט דעם הויפּט אנפיהרער פון דעם קאראוואן. אין א קליינע ווײלע האָט משה ארויסגעשליידערט דעם שווערד פון דעם הויפּט׳ס הענט... א צווייטער איז גלייך צוגעלאָפען, אָבער משה האָט איהם געגעבען א שטארקען שטויס אז ער איז באלד אומגעפאלען. דער הויפּט האָט דערווייל אויפגעהויבען זיין שווערד און די צוויי קאראוואנען האָבען זיך אָפּגערוקט איינער פון דעם צווייטען.

— לאָמיר צוריקטרעטען! — האָט זיך איינער אָפּגערופען — אויב דער מצרי איז מיט זיי, זיינען מיר פארלארענע.

— מיר האָבען זיך בענארישט וואס מיר האָבען איהם פריהער גלייך ניט געטויטעט, ווען ער איז אליין געווען... יעצט האָבען מיר פארלארען די ציערונג וואס מיר האָבען פון איהם געקענט ארויסקריגען און דערצו וועלען מיר זיך מוזען צוריקציהען פון דיעזען קאמפף מיט די כנענים!

א ווײלע זיינען די צוויי קעמפענדע מחנות געבליעבען שטעהן בעוועגלאָז און זיך אָנגעקוקט מיט פארזיכטיגע בליקען. דערנאָך האָט דער הויפּט ארונטערגעלאָזען זיין שווערד און אויסגערופען:

— מיר וועלען מאכען שלום! מיר וועלען אייך מעהר נישט באלעסטיגען. איהר קענט געהן אייער וועג אין פריעדען!... אָבער איהר דארפט וויסען אז ווען נישט דיעזער מצרי וואלט איהר אונז אייער שפּייז אָפּגעגעבען.

די אדומים האָבען גלייך צוריקגעטראָטען מיט גרויס ענטטוישונג.

ווען די כנענים האָבען דערזעהען וואס דער פרעמדער האָט פאר זיי געטהאָן זיינען זיי געפאלען מיט זייערע פנים׳ער צו דער ערד.

— מיט וואס קענען מיר דיר אָפּדאנקען אונזער האר! — האָט דער פיהרער פון די כנענים זיך צו איהם אָפּגערופען.

— דו האָסט אונזערע לעבענס און די לעבענס פון אונזערע משפחות גערעטעט! — האָט אן עלטערער כנעני זיך פאר איהם פערנייגט. זאָלען דיר די געטער פון כנען בענשען.

— אויב איהר זייט פון כנען — האָט זיך משה צו זיי אָפּגערופען — האָט איהר דאָך געוויס געהערט אז אמאָל, מיט הונדערטע יאהרען צוריק האָט דארט געוואָהנט א איד מיט׳ן נאָמען אברהם העברי?

— געוויס האָבען מיר געהערט. אונזערע זיידעס פלעגען אונז דערצעהלען

אַז זייערע זיידעס האָבען איהם געזעהען... יע, זעהר פיעלע וואונדערליכע זאכען דערצעהלט מען פון איהם און זיינע קינדער נאָך איהם.

— דאס האָט אייך דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב געהאָלפען און איהם דארפט איהר דאנקען ! ער האָט מיר געגעבען כח צו קעמפּפען מיט יענע רויבער !...

— אָבער דו ביזט דאך דער שליח געוועזן... מיר וואָלטען זעהר געוואָלט דיר מיט עפּעס אָפּדינען.

— איך קלייב זיך אריבערצוגעהן דעם מדבר, און איך האָב זיך שוין געהאט אָנגעשלאָסען אין יענעם קאראוואן — האָט זיי משה געזאָגט — אָבער ווי איך האָב אויסגעפונען אז זיי קריגען זייער שפּייז דורך גזלה, האָב איך זיך פון זיי צוריקגעצויגען. יעצט, אויב איך האָב געפונען חן אין אייערע אויגען, וועט איהר מיר ערלויבען מיט אייך צוזאמען דיעזען גרויסע מדבר אריבערצוגעהן !

— דו וועסט זיין אונזער האר און פיהרער ! — האָבען די כנענים מיט פרייד אויסגערופען — מיר זיינען דיינע קנעכט ! מיר וועלען טאָהן אַלעס וואס דו וועסט אונז הייסען !

דעם זעלבען טאָג, נאָך א קורצע צייט פון רוהען, האָבען די כנענים איבערגעגעבען משה'ן איינעם פון זייערע בעסטע קעמלען. זיי האָבען אָנגעפילט אַלע זייערע כלים מיט פרישען קוואל וואסער, און זיי האָבען גענומען דורכרייזען דעם מדבר... און איידער דער אבענד איז אָנגעקומען זיינען זיי שוין געוועזן אָפּגעגאנגען א היבש שטיק וועג אין דער וויסטעניש. אין אבענד האָבען זיי צונויפגעשטעלט זייערע געצעלטען. זיי האָבען אָפּגעגעסען און זיך אָנגעטרונקען און זיך געלייגט אָפּרוהען. זיי זיינען געוועזן גאנץ מיעד און האָבען באלד איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען, ווי נאָר די זון איז אויפגעגאנגען האָבען זיי פארטגעזעצט זייער רייזע... אין מיטען טאָג האָט די זון שרעקליך גענומען ברענען. עס איז געוועזן אינכ עגליך פאר זיי פאָרטצוזעצען זייער רייזע. מען האָט זיך אוועקגעלייגט אויף דעם ברענענדען זאמד זיך אויסצורוהען. יעדער האָט געהאט גענוג וואסער פאר זיין אייגענעם געברויך...

איידער משה האָט זיך אוועקגעזעצט אויף'ן זאמד, האָט ער אויסגעלאָדען זיין קעמעל אראפּנעהמענדיג פון איהם די שווערע משאות.

— פאר וואס טהוסטו עס אזוי מיין האר ? — האָט איהם איינער פון די כנענים געפרעגט — דו וועסט דאך נאָכהער האָבען פיעל ארבייט צוריק אָנצולאָדען דיין קעמעל !

— אָבער אויב מיר זיינען מיעד, זיינען דאך די קעמלען געוויס מיעד ! — האָט משה איהם געענטפערט און פאר וואס זאָל דער קעמעל זיך ניט אויסרוהען...

אויף איהם קוקענדיג האָבען די איבעריגע אויך נאָכגעטהאָן זיין ביישפּיעל און האָבען צו יעדען מאָל ווען זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויסרוהען אויסגעלאדען די קעמלען.

איינמאָל, ווען דער אבענד האָט גענומען צופאלען, און דער גאנצער קאראוואן האָט זיך צושפּרייט איבער'ן זאמד זיך אויסצורוהען... אייניגע פון זיי האָבען איינגעדרימעלט... משה איז געוועזן וואך. ער האָט גענומען טראכטען פון זיין מוטער יוכבד און זיין פאָטער עמרם... פון זיין שוועסטער מרים און פון זיין ברודער אהרן. זיינע געדאנקען האָבען גענומען וואנדערען אויך צו דער פרינצעסין בתיה וועלכע איז ביי איהם געוועזן אזוי באליעבט ווי זיין אייגענע מוטער. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען פון זיינע אומגליקליכע ברידער וועלכע זיינען פארשקלאפּט ביי די מצריים, פון זייערע צרות און יסורים וואס זיי שטעהן אויס פון די שלעכטע פארדארבענע מענשען.... — פאר וואס, אָ, גאָט — האָט ער ביי זיך אין הארצען גענומען מתפלל זיין — פאר וואס האָסט צווישען די מענשען, וועלכע דו האָסט געגעבען פארשטאנד און געפיהל בעשאפען אזוי פיעל שלעכטסקייט...

פאר וואס זאל דער שטארקערער זוכען צו דריקען דעם שוואכערען ?.. פאר וואס זאל דער קליגערער וועלען אפנארען דעם וועלכער באזיצט ווינציגער פערשטאנד ?... פאר וואס זאלען הערשען פיינדשאפט צווישען איין מענשען און צווייטען ? טראכטענדיג אזוי וועגען אזעלכע פראגען האט ער פלוצלינג באמערקט ווי איין כנעני האט אויפגעהויבען זיין קאפ און זיך גוט ארומגעקוקט, און ווען ער האט בעמערקט אז זיין שכן, וועלכער איז געווען ניט ווייט פון איהם האט איינגעדרימעלט, האט ער זיך זעהר פארזיכטיג צוגערוקט צו איהם או אויפהויבענדיג זיין שכן'ס לאגעל וואסער, האט ער שנעל גענומען זופען דאס וואסער. ווען ער האט זיך גוט אנגעטרונקען, האט ער דעם לאגעל גלייך פארשטאפט און איהם צוריק אוועקגעלייגט אויף דעם זעלבען פלאץ. און האט זיך אפגערוקט צו זיין ארט.

ווען משה האט דאס דערזעהען האט ער זיך שטארק פארוואונדערט ; ער וויים אז יעדער פון די כנענים האט מיט זיך מיטגענומען די זעלבע מאס וואסער, פאר וואס זאל זיך יענעם געלוסטען אוועקצו'גנב'ענען זיין שכן'ס וואסער ? יע, די קליינע פאסירונג, האט זיינע אויגען געעפענט, יעצט זעהט ער קלאהרער די נאטור פון דעם מענשען... די אייגענליעבע איז די הערשענדע מאכט פון דעם מענשענ'ס נאטור. דער געפיהל פון זעלבסטליעבע איז שטארק איינגעווארצעלט אין מענשענ'ס נשמה און דאס טרייבט איהם צו באגעהן די פיעלע אומרעכטען צו זיינע מיט־מענשען... אה, ווען עס זאל מעגליך זיין איינצופלאנצען אין מענשענ'ס הארצען אויך ליעבע פאר דעם צווייטען ווען איין מענש זאל ליעב האבען זיין פריינד, שכן, אזוי ווי זיך זעלבסט דאן וואלט די מענשהייט געווען אסך גליקליכער ווי יעצט.... איז עס אבער מעגליך אזא זאך ? פאר וואס האט דער כנעני וועלכער פארמאגט אזוי פיעל וואסער ווי זיין שכן, גע'גנב'עט א טרונק פון איהם ? און פאר וואס האבען די אדומים, וועלכע האבען געהאט די מעגליכקייט אנצוגרייטען זייער שפייז, פאר וואס האבען זיי געזוכט צו בערויבען פרעמדע ?... פאר וואס פארשקלאפען די מצריים די קינדער פון ישראל און דריקען זיי ? דאס איז מעגליך ווייל זיי זיינען אומוויסענד. מען האט זיי נישט באוויעזען אז דעם צווייטען טהוט אויך וועה... אדער ווילע די טבע פון דעם מענשען איז צו טראכטען נור וועגען זיך זעלבסט און נישט וועגען צווייטען... יענע נאכט האט משה ניט געקענט איינשלאפען. ער האט די גאנצע צייט געטראכט דערפון. דיעזער אומוויכטיגער אינצידענט האט אויף איהם געמאכט זעהר א גרויסען רושם. אויף מארגען, האט משה גערעדט מיט די כנענים, זעהר פיעל וועגען פריינדשאפט און ליעבע וואס עס דארף הערשען צווישען מענש און מענש...

ווען זיי האבען געהאט אבגערייזט בעזיעצען די מידה פון "ליעב האבען אונזערע פריינד ווי זיך זעלבסט" דאן וואלט גאטעס וואונדערבארע וועלט און די מענשען געווען אסך גליקליכער ווי יעצט.

די כנענים האבען זיך צוגעהערט צו משה'ס רייד מיט גרויס אינטערעס... יעדער האט בעשלאסען נאכצופאלגען זייער פיהרער און זעהן צו העלפען איינער דעם צווייטען.

ווען זיי האבען געהא טאבגערייזט אייניגע טעג דורך דער וויסטעניש, און ווידער געמאכט אן אפשטעל, האט פלוצלונג דערגרייכט צו זייערע אויערען א קרעכצען פון א מענשען. מען האט גענימען געהן אין דער ריכטונג פון וואנען די שוואכע קרעכצענדע שטימע האט זיך געהערט, און זיי האבען דערזעהן א האלב פאר'חלש'טען מענשען ליגענדיג אויף דעם ברענענדען זאמד. זיינע ליפען זיינען געוועזן אויסגעטריקענט זיין צונג ארויסגעשטעקט פון דורשט און היץ.

משה איז שנעל צוגעלאפען צו זיין קעמעל און גענומען איינע פון

זיינע לאָגלען וואסער און עס שנעל צוגעטראגען צו דעם פאַר'חלש'טען מאַן און אריינגעגאָסען אביסעל וואסער אין זיין מויל. דער פרעמדער מאַן איז עטוואס צו זיך געקומען. משה האָט איהם געגעבען מעהר וואסער, ביז וואַנען דער מאַן האָט זיינע אויגען געעפענט. משה האָט מיט זיין האַנט אונטערגעלעהנט דעם מאַן'ס קאָפּ.

— ער איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט פון הונגער און דורשט! — האָט משה געזאָגט מען דאַרף איהם ברייננען עטוואס שפּייז וועט ער קומען צו זיך און וועט אונז דערצעהלען דעם צופאַל, ווי אזוי ער איז דא פאַרבליבען אליין אין דיעזען שרעקליכען מדבר.

די כנענים זיינען געבליעבען שטעהן און זיך ניט געריהרט פון אָרט.

משה האָט זיי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— פאַר וואס ווילט איהר ניט העלפען דעם אומגליקליכען פרעמדען? — האָט ער זיי געפרעגט.

די כנענים האָבען נישט געענטפערט.

— איך פאַרשטעה נישט! — האָט משה זיך וויעדער געווענדעט צו זיי — האָט איהר איהם דערקענט אלס אייערען א שונא?

— ניין, מיר קענען ניט דיעזען מאַן, מיר האָבען איהם ביז יעצט קיין מאָל ניט געזעהן! — האָט איינער פון די כנענים זיך אָפּגערופען.

— אויב אזוי פאַרוואס מאַכט איהר קיין פאַרזוך ניט דעם אונגליקליכען צו העלפען.

— מיר וועלען דיר זאָגען, אונזער האַר — האָט זיך דער עלטסטער פון זיי אָפּגערופען — ביז וואַנען מיר וועלען פאַרענדיגען די רייזע פון דיעזען מדבר וועט נאָך אונז נעהמען עטליכע טעג. מיר האָבען קוים גענוג וואסער און שפּייז פאַר אונזער אייגענעם געברויך, און אפילו ווען אונז וועט געלינגען דיעזען פרעמדען מאַן צו ברייננען צוריק צום לעבען, וועלען מיר פאַר איהם גאַר נישט קענען טהאָן, מיר וועלען אלץ איינם זיין געצוואונגען איהם איבערצולאָזען אין דער מדבר ווייל אויב אימיצער פון אונז וועט איהם אָפּגעבען זיין חלק וואסער און שפּייז וועט ער דאָך געוויס אליין שטאַרבען פון דורשט און הונגער.

— ניין, מיינע ברידער! — האָט משה זיך אויפגעשטעלט — איהר האַנדעלט נישט ריכטיג! — ביי אייך איז רעכט צו לאָזען א מענשען אויסגעהן פאַר אייערע אויגען פון הונגער און דורשט... מיר זיינען זעהר פיעל. אויב יעדער איינציגער פון אונז וועט איינוויליגען אביסעל צוצוליידען, וועט מען קענען אָפּשפּאַרען פון אונז גענוג שפּייז און וואסער צו דערהאַלטען זיין לעבען ביז וואַנען מיר וועלען צוקומען צו א ישוב... וועט עס דען ניט זיין מענשליכער, ווען דעם לעצטען טאָג פון אונזער וואַנדערען אין דער מדבר וועלען מיר קיין וואסער נישט האָבען, פון איין טאָג דורשט שטאַרבט מען דאָך ניט, און דאַמיט וועלען מיר ראַטעווען א מענשען פון א זיכערען טויט. איך פון מיין זייט וועל זיך טהיילען יעדע זאַך וואס איך האָב גלייך אויף גלייך מיט איהם. און אויך איהר דאַרפט בלויז איהם אָפּגעבען א קליין טהייל...

— איך וועל איהם געבען איין לאָגעל וואסער פון מיינע לאָגלען — האָט זיך אָפּגערופען דער כנעני וועלכער האָט לעצטען אבענד אליין גע'גנב'עט א זופּ וואסער פון זיין שכן'ס לאָגעל. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו זיין קעמעל און פון דאָרט צוגעטראָגען א לאָגעל וואסער צו משה'ן.

משה האָט איהם בעטראַכט און טרעהרען האָבען זיך בעוויעזען אין זיינע אויגען. דאס איז דער זעלבער מאַן וואס ערשט ניט לאַנג האָט ער גע'גנב'עט און יעצט איז זיין האַרץ געריהרט געוואָרען... דאס צייגט אז דער מענש איז גאָר ניט אזוי פאַרדאָרבען אין האַרצען. די מענשליכע געפיהלען קענען ארויסגערופען ווערען ביי דעם מענשען. די מידות פון יושר, גערעכטיגקייט און רחמנות זיינען נאָך טיעף בעהאַלטען אין דער נשמה פון מענשען.

באַלד האָבן די איבעריגע כנענים אָנגעבאָטן צו העלפן דעם פאַרשמאַכטן מאַן. יעדער האָט געבראַכט עטוואָס שפּייז און אַ לאָגעל וואַסער.

משה איז פון איהם נישט אָפּגעטראָטן. ער האָט איהם אַריינגעלייגט עטוואָס שפּייז אין מויל, ווייל דער פרעמדער איז געווען צו שוואַך אפילו צו ריהרען זיינע הענט. ווען ער האָט זיך געפיהלט עטוואָס קרעפטיגער האָט איהם משה מיט דער הילף פון נאָך איינינע כנענים צוגעפיהרט צו זיין געצעלט. ער האָט אונטערגעלייגט זיינע בגדים, דער מאַן זאָל זיך פיהלען בעקוועהמער.

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט זיך דער פרעמדער דערפיהלט קרעפטיגער און זיך שוין געקענט אוועקזעצען.

אַלע כנענים זיינען געווען ביי זיך גאַנץ צופריעדען וואָס עס איז געלונגען משה'ן צו ברייגגען דעם גוסס'ן מאַן צוריק צום לעבען. זיי האָבן זיך אַלע אַרומגעזעצט אַרום איהם. משה איז געזעסען נעבען איהם און אַלע האָבן מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט ער זאָל אָנפאַנגען צו ריידען.

דער פרעמדער האָט בעטראַכט משה'ן מיט דאַנקבאַרע אויגען און ער האָט זיך אָפּגערופען מיט אַ שוואַכער שטימע:

— געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט אייך, גוטע מענשען געפיהרט צו מיר אין צייט, אַז איהר זאָלט נאָך קענען מיין לעבען רעטען... און איך האָב שוין געמיינט אַז גערעכטיגקייט און יושר איז שוין נישטאָ ביי דעם מענשען.איך בין אייך דאָך אַזוי שטאַרק דאַנקבאַר פאַר אַלעם וואָס איהר האָט פאַר מיר געטהאָן...

אַלע זיינען געבליעבען זיצען שטיל, פערגאַפטע. זיי האָבן יעצט געקענט זעהן אַז דער מאַן שטאַמט פון אַן אייד'עלער משפחה, און פון זיינע קליידער וואָס ער האָט געטראָגען האָט מען בעמערקט אַז ער איז געווען נישט אָרים...

— ווי אַזוי, מיין פריינד ביזטו געקומען צו אַזאַ טרויעריגע לאַגע ? — האָט איהם משה געפרעגט — ווער ביזטו און פון וואַנען קומסטו !

— איך בין אַ ישמעאלי — האָט דער מאַן געזאָגט מיט קוים אַ הערבאַרע שטימע — איך וואָהן אין באר שבע... גאָט האָט מיר געבענשט מיט פיעל רייכטהום... מיט אַ גוטע שעהנע פרוי און קינדער. יעדען יאָהר מאַך איך אַ רייזע נאָך מצרים, וואו איך קויף פערשיעדענע נויטהווענדיגע זאַכען און צו דער זעלבער צייט קויף איך מתנות פאַר מיין פרוי און קינדער. איך מאַך די רייזע מיט מיינע פיעלע קנעכט און נעהם מיט קעמלען און אַ סך געלד איינצוקויפען דיא פאַרשיעדענע זאַכען. איינינע וואָכען האָב איך פערבראַכט אין מצרים און ווען איך האָב שוין אַלעס פאַרטיג געהאַט, האָבן מיינע קנעכט אָנגעלאָדען די קעמלען און מיר האָבן זיך גענומען אומקעהרען אהיים. מיר זיינען שוין אָפּגערייזט אין מדבר עטליכע טעג ווען איך האָב פלוצלונג זיך אָנגעהויבען פיהלען קראַנק. די גרויסע אַנשטרענגונג און די אונערטרעגליכע היץ האָבן מיר קראַנק געמאַכט. איך האָב געזאָגט מיינע קנעכט אַז מיר וועלען זיך דאָ אָפּשטעלען ווייל איך קען מעהר ניט פאָרטזעצען מיין רייזע. איך בין באַלד אַנידערגעפאַלען אויפ'ן זאַמד און זיך ניט געקענט ריהרען פון שוואַכקייט... אַנשטאָט מיינע קנעכט זאָלען מיר קומען צו הילף, און מיר געבען וואַסער, הער איך ווי זיי ריידען צווישען זיך, אַז איך וועל זיכער שוין מעהר פון דיעזער קראַנקהייט ניט אויפשטעהן און יעצט איז זייער צייט צו בעפרייט ווערען. זיי האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך מיך איבערצולאָזען אין דיעזען מדבר צו שטאַרבען פון הונגער און דורשט, און זיי וועלען זיך דערווייל צוטהיילען מיט מיין פאַרמעגען וואָס איך פיהר מיט זיך אויף די קעמלען. איך האָב געהערט יעדעס וואָרט, כאָטש איך האָב מיט קיין גליעד ניט געקענט ריהרען און אויך קיין וואָרט ניט געקענט ריידען... מיינע בליקען האָבן ביי זיי רחמנות געבעטען, אָבער זיי האָבן זיך אפילו אויף מיר נישט אומגעקוקט. זיי האָבן צוזאַמענגענומען מיינע קעמלען און דער עלטסטער פון מיינע קנעכט, צו

וועמען איך האָב געהאַט אַזוי פיל צוטרויען, האָט זיך איבערגעבויגען איבער מיר און פון מיינע קעשענעס ארויסגענומען די ציערונג וואָס איך האָב פאַר מיין פרוי געפיהרט, און איך בין געווען אַזוי הילפלאָז אַז איך האָב אַפילו קיין וואָרט ניט געקענט זאָגען. איך האָב געקענט הערען זייערע שטימען. דערנאָך איז אַלעס שטיל געוואָרען. איך האָב שוין געזעהען אַז מיין סוף איז געקומען... איך ווייס ניט ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגען, ביז וואַנען גאָט האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און אייך, גוטע מענשען, צו מיר געשיקט. יעצט האָב איך נאָך אַ האָפנונג אַז איך וועל זיך זעהן מיט מיין ליעבער פרוי און קינדער, וועלכע וואַרטען מיט אַזוי פיעל אומגעדולד אויף מיין קומען. איך האָב נאָר מורא אַז מיינע קנעכט זאָלען נישט זוכען אויך קיין שלעכטעס צו טהאָן מיין משפחה... זיי קענען דאָך זאָגען וואָס זיי ווילען. זיי קענען פיעללייכט קומען צו מיין פרוי און איהר דערצעהלען אַז איך בין געשטאָרבען און אַז פאַר מיין טויט האָב איך זיי בעפרייט און צוטהיילט מיין גאַנצען פאַרמעגען צו זיי. אָה, ווי גרויס דער טרויער וועט זיין פאַר מיין פרוי און קינדער, ווען זיי וועלען דערהערען פון די קנעכט אַז איך בין טויט. און יעצט אפילו, ווען איך זאָל זיך צוריקקעהרען נאָך באר שבע אַן אָפּגעשוואַכטער, און אויסגעצערטער, וועלען מיר פיעללייכט מיינע קנעכט באַגעגנען און זיי וועלען מיר דאַן טויטען, כדי צו פאַרדעקען זייער זינד...

— בערוהיג זיך, מיין פריינד — האָט משה צו איהם געזאָגט — מיר וועלען דיך נישט פאַרלאָזען ביז וואַנען מיר וועלען דיך נישט ברייינגען צו די טהויערען פון דיין הויז ביז וואַנען אונזערע אויגען וועלען זעהען די בעגריסונג פון דיין פרוי און די קינדער.

— זאָל אייך גאָט אַלעמען באַלוינען פאַר אייער גוטסקייט! — האָט דער ישמעאלי אויסגערופען — און איך האָב געמיינט אַז די גאַנצע וועלט איז שוין פאַרדאָרבען ווי אין די צייטען פון דעם מבול... איך בין אימער־צו געווען זעהר גוט צו מיינע קנעכט. איך האָב זיי בעהאַנדעלט אַזוי ווי אייגענע און צום סוף טהוען זיי מיר אַזאַ זאַך!

משה האָט איהם בארוהיגט און נאָך אַמאָל פאַרזיכערט, אַז ער וועט שוין זעהן דאָס ער זאָל בשלום אָנקומען אהיים. און ווי נאָר דער ישמעאלי האָט זיך געפיהלט שטאַרק גענוג האָבען זיי פאָרטגעזעצט זייער רייזע.

נאָך עטליכע טעג האָט געדויערט און משה מיט די איבעריגע האָבען פאָרענדיגט זייער רייזע דורכ'ן מדבר. זיי זיינען אָנגעקומען אין באר שבע.

דער ישמעאלי האָט זיי צוגעפיהרט צו זיין וואוינונג און משה האָט זיך גאַנץ גליקליך געפיהלט צוצוזעהן די גרויסע פרייד מיט וואָס די פרוי און די קינדער פון דעם געראַטעטען ישמעאלי האָבען איהם באַגעגנט.

די קנעכט זיינען באַלד געכאַפּט געוואָרען און דעם ישמעאלי'ס פרוי האָט דערצעהלט וואָס זי האָט דורכגעמאַכט דורך דער צייט, ווען די קנעכט זיינען אָנגעקומען און איהר אָפּגעגעבען אַ באַריכט, אַז איהר מאַן און דער פאָטער פון איהרע קינדער איז טויט... טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין משה'ס אויגען ווען ער האָט דערהערט איהרע ליידען... זי האָט דערצעהלט, ווי אַזוי די קנעכט זיינען צו איהר געקומען און איהר איבערצעהלט, אַז איהר מאַן איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען אין דער מדבר און גלייך געשטאָרבען, און אַז פאַר זיין טויט האָט ער אָנגעזאָגט, דאָס אַ העלפט פון זיין פאַרמעגען זאָל געהערען צו זיי, זיינע קנעכט.

דער ישמעאלי איז אַזוי אויפגערעגט געוואָרען ווען ער האָט דערהערט, אַז ער האָט זיי אַלעמען געוואָלט טויטען. משה אָבער האָט איהם ניט דערלאָזען...

— דער מענש איז גענויגט פון זיין נאַטור צו טאָן שלעכטס — האָט ער געזאָגט און ווען ער איז נאָך דערצו אומ־

וויסענד, דאז זעהט ער נישט איין די פערדארבענהייט.

דער ישמעאלי האט שטארק געבעטען משה'ן צו פארבלייבען מיט איהם א לענגערע צייט, אבער משה האט זיך ענטזאגט... עפער האט איהם געצויגען ווייטער, נאך מדין, און מיטנעהמענדיג אביסעל שפייז האט ער פארטגעזעצט זיין רייזע קיין מדין.

## 14טער קאפיטעל.

## אין מדין.

דאס לאנד מדין געפינט זיך אין מזרח־דרום זייט פון ארץ־ישראל, נעבען דעם האלב־אינזעל סני און נעבען דאס לאנד אדום. מדין איז געווען א פרוכטבארעס לאנד און דאס רוב פון די איינוואוינער האבען זיך באשעפטיגט מיט פיה־צוכט און ערד ארבייט.

אין מדין האט געוואוינט יתרו מיט זיין משפחה, וואס איז באשטאנען פון זיין פרוי שרה, די טאכטער פון דברי, מיט וועמען ער האט געהייראט אין גושן.

יתרו'ס עלטערען זיינען פאררעכענט געווארען פאר די חשוב'סטע איינוואוינער פון לאנד. זיי זיינען געווען גאנץ רייך און יתרו איז געווען זייער איינציגער זוהן.

ווען יתרו האט פארלאזען מדין און איז געווארען א מיניסטער ביי פרעה'ן, איז רעואל, יתרו'ס פאטער, געווארען דער הויפט־פריסטער פון די געטער אין מדין. די איינוואוינער פון גאנצען לאנד פלעגען קומען אין דעם טעמפעל פון די געטער מתפלל צו זיין און זיי פלעגען ברענגען מתנות צו די פריסטער.

ווען יתרו האט זיך צוריקגעקעהרט קיין מדין מיט זיין פרוי, שרה, האט ער געטאן דעם פערלאנג׳ין זיין פרוי און זיך צוריקגעהאלטען פון צו דיענען צו די געטער פון מדין.

איינינע יאהר זיינען אריבער און שרה האט געבוירען יתרו'ן בלויז טעכטער. יתרו'ן האט זיך זעהר געוואלט האבען כאטש איין זוהן... און ווען זי האט איהם אויך דיזען מאל געבארען א טאכטער האט זיין פאטער צו איהם געזאגט:

— דאס איז א שטראף פון די געטער פון מדין, ווייל דו האסט זיי פארלאזען, און דעריבער האבען זיי זייער צאהן אויף דיר אויסגעגאסען.

יתרו האט זיך גענומען צוהערען צו זיין פאטער און ער האט ווידער אנגעפאנגען אריינצוקומען אין טעמפעל פון די געטער, פריהער בשתיקה, אז זיין פרוי זאל נישט וויסען. אבער עס האט שוין לאנג ניט גענומען און יתרו האט עפענטליך געדיענט די געטער פון מדין.

ווען שרה האט איהם געבוירען די זיבעטע טאכטער, איז יתרו'ס ענטטוישונג געווען זעהר גרוי... ער האט אזוי פיעל תפלות געטאן און זיי פאטער און די איבעריגע פריסטער האבען איהם געבענשט, דאס זיין פרוי זאל איהם געבוירען א זוהן און דא זיינען צו איהם געבוירען געווארען זיבען טעכטער און קיין איינציגער זוהן.

לאנג האט זיך יתרו'ס ענטטוישונג ניט אנגעהאלטען. ער האט געפונען א טרייסט אין זיינע טעכטער, וועלכע זיינען געווען זעהן שעהן און געראטען. איבערהויפט האט ער ליעב געהאט צפורה'ן זיין עלטסטע טאכטער. זי איז געווען אזוי באצויבערנד שעהן און זעהר גוטהארציג. ווען צפורה איז אונטערגעוואקסען האט זי זיך נאך שעהנער צובליהט און יעדער איינער וואס האט איהר געזעהן, האט פון איהר זיינע אויגען ניט געקענט ארונטערנעהמען.

— מיין צפורה איז געראטען אין מיין פרוי שרה — פלעגט זיך יתרו באריהמען פאר זיינע פריינד — אין אויסזעהן איז זי עהנליך צו איהר און צפורה באזיצט אויך אלע גוטע מדות פון איהר מוטער.

— און די מידה פון נישט דיענען צו אונזערע געטער האט זי אויך איבערגענומען פון איהר מוטער — האט רעואל, צפורה'ס זיידע, איהם פארגעווארפען — דיינע איבעריגע זעקס טעכטער קומען יא אמאל אריין אין דעם טעמפעל פון

די געטער אָבער צפורה׳ן האָב איך דאָרטען קיינמאָל נישט געזעהן!

— אָבער פאָטער! — האָט זיך יתרו אָפּגערופען — ווען איך האָב געהייראַט מיט שרה׳ן האָב איך איהר צוגעזאָגט נישט צו שטערען אין איהר דיענסט צו דעם גאָט פון איהרע עלטערען, און איך וועל מיין וואָרט האַלטען. איך וועל דאָך איהר נישט צווינגען צו געהן אין דעם טעמפעל און דיענען צו די געטער פון מדין.

— אָבער איבער דיינע קינדער האָסטו געדאַרפט האָבען א גרעסערן איינפלוס — האָט רעואל געזאָגט.

— צפורה איז אינגאַנצען אנדערש פון איהרע שוועסטער — האָט יתרו געזאָגט — זי איז מעהר צוגעבונדען צו איהר מוטער און זי טהוט אַלעס וואָס שרה טהוט. אָבער דו דאַרפסט וועגען דעם נישט זאָרגען, פאָטער. וואַרט ביז צפורה וועט חתונה האָבען, דאַן וועט זי זיך אויפפיהרען אַזוי ווי איהר מאַן.

— וועגען דעם האָב איך טאַקע מיט דיר געוואָלט רעדען — האָט רעואל זיך אָפּגערופען צו איהם — איינער פון מיינע פריסטע, מיט׳ן נאָמען עורב האָט מיר פאַרטרויט, אַז ער ליעבט זעהר שטאַרק צפורה׳ן דיין טאָכטער, און ער האָט מיר געבעטען איך זאָל זיך מיט דיר דורכריידען וועגען דעם...

— צפורה איז נאָך צו יונג צו טראַכטען וועגען הייראַטען — האָט יתרו געזאָגט — און אחוץ דעם איז נאָך נישט גענוג אַז עורב דער פריסטער ליעבט מיין טאָכטער. זי דאַרף דאָך איהם אויך ליעב האָבען!

— איך בין זיכער, מיין זוהן, אַז אויב צפורה וועט הייראַטען מיט עורב׳ן דאַן וועט זי אויך אָנפאַנגען צו דינען צו די געטער אונזערע. ווייל עורב וועט אויסאיבען זעהר א שטאַרקען איינפלוס איבער איהר.

יתרו האָט זיין פאָטער מעהר נישט געענטפערט. ער האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי זיין פאָטער זאָל נישט פאַרשטעהן, אַז זיין שעהנע טאָכטער צפורה איז נישט פאַר עורב׳ן. ער האָט געזעהן אויסצומיידען ווייטער צו רעדען וועגען דעם.

עורב איז געווען זעהר א פאַנאַטישער פריסטער. ווען ער איז אָנגעקומען אין טעמפעל פון די געטער פון מדין איז ער נאָך גאַנץ יונג געווען... ווען ער איז אָפּגעוועזן עטליכע יאָהר אין טעמפעל איז איהם פּלוצלונג אַלעס נמאס געוואָרען און ער האָט פאַרלאָזען דעם טעמפעל און איז געוואָרען א פאַסטוך. איינינגע יאָהר האָט ער געפיטערט די שאָף און זיך גע׳חבר׳ט מיט די איבעריגע פאַסטוכער. איינמאָל האָט ער באַמערקט, ווי דער הויפּט־פּריסטער רעואל שפּאַצירט מיט זיין אייניקעל צפורה. ווען ער האָט דערזעהן צפורה׳ן האָט ער אויף א ווייל׳ע צו זיך ניט געקענט קומען פון באַוואונדערונג. ער האָט נאָך אין גאַנץ מדין נישט באַגעגענט אַזא זעלטענע שעהנהייט. ער האָט לאַנג אויף איהר געקוקט און זינט דאַן האָט ער פון איהר נישט אויפגעהערט צו טראַכטען... ווי אַזוי קען ער איהר קריגען פאַר זיך? ער האָט אָנגעהויבען פאַרנאַכלעסיגען די שאָף, ווייל ער האָט שטענדיג געטרוימט פון צפורה׳ן. עורב האָט געוואוסט, אַז כל זמן ער איז א פאַסטוך פון שאָף, זיינען זיינע האָפנונגען גאַנץ קליינע... ער האָט דעריבער גענומען טראַכטען ווידער אריינצוטרעטען אין טעמפעל פון די געטער. ער איז דעריבער אוועק צו רעואל׳ן און זיך צו איהם אָפּגערופען:

— זינט איך האָב דעם טעמפעל פאַרלאָזען געה איך ארום ווי א פאַרלאָרענער. מיר ציהט אהער, צו די געטער, וואו איך וועל זיי קענען דיענען מיט מיין גאַנצען לעבען... און לעצטע נאַכט האָב איך א חלום גע׳חלומ׳ט... איך האָב געזעהן דעם הויפּט אָפּגאָט פון מדין. ער האָט מיר צוגערופען צו זיך. איך בין צו איהם צוגעגאַנגען און ער האָט מיר געזאָגט:

— דיין פּלאַץ איז צוריק אין דעם טעמפעל. געה צו רעואל׳ן, מיין הויפּט פּריסטער, און זאָג איהם אין מיין נאָ־

מען, ער זאָל דיר אריינגעהמען אין דעם טעמפעל און ער זאָל דיר באַשטימען פאַר א פּריסטער.

ווען רעואל האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגערופען מיט פרייד:

— געבענשט זאָלסטו זיין צו די געטער, מיין זוהן. דו קענסט גלייך קומען אהער... איך וועל דעם באַפעהל פון דעם הויפּט־גאָט טאָן, דו וועסט ווערען א פּריסטער און באַדיענען די געטער פון מדין.

זינט דאַן איז עורב געוואָרען א פּריסטער. ער פלעגט שטענדיג מתפלל זיין צו די געטער און דערמיט האָט ער נאָך מעהר נושא חן געווען אין די אויגען פון רעואל'ן.

עורב איז שטאַרק ־פרידען געווען, וואָס איהם איז געלונגען איינצורעדען דעם אַלטען הויפּט־פּריסטער. אז דער שטאַרקער אָפּגאָט פון מדין האָט זיך צו איהם אין חלום באַוויזען... אויב ער האָט איהם געגלויבט אין דעם, וועט עס איהם שוין נישט שווער זיין אויך ווייטער איינצורעדען... מיט גרויס אומגעדולד האָט עורב געוואַרט אויף דעם באַזוך פון צפורה אין דעם טעמפּעל. ער האָט דאַרטען גאַנץ אָפט געזעהן די איבעריגע טעכטער פון יתרו'ן, אבער ניט צפורה'ן.

— מיר דוכט זיך — האָט זיך עורב איינמאָל א פּגערופען צו רעואל'ן, אז דיין זוהן יתרו האָט זיבען טעכטער און פאַרוואָס קומען בלויז זעקס מתפלל צו זיין. איז דען זיין זיבעטע טאָכטער נישט געזונט?

רעואל איז געבליבען שטעהן אויף א ווייל'ע אין גרויס פאַרלעגענהייט. ער האָט זיך געשעהמט צו זאָגען צו עורב'ן, אז איינע פון זיין זוהנ'ס טעכטער גלויבט נישט אין די געטער פון מדין... ער האָט איהם דעריבער אנגעגעבען דערוויי'ל אז אנדער תירוץ און אליין האָט ער פּרובירט זיך דורכרעדען מיט זיין זוהן.

יתרו האָט איהם ערקלערט, אז ער וויל נישט צווינגען זיין פרוי און טאָכטער צו דיענען די געטער געגען זייער ווילען. דאַן האָט רעואל געמאַכט א פאַרזוך איי בערצורעדען מיט צפורה'ן:

— מיין טאָכטער — האָט זיך דער זיידע צו איהר איינמאָל אָפּגערופען — די געטער פון מדין האָבען דיך געבענשט מיט שעהנקייט. זיי האָבען געמאַכט דו זאָלסט נושא חן זיין אין אַלעמענס אויגען, פאַרוואָס קומסטו נישט אין זייערע טעמפּעל זיי אָפּצודאַנקען פאַר דעם גרויסען חסד וואָס זיי האָבען צו דיר געטאָן?...

— זיידע — האָט איהם צפורה געענטפערט — עס איז פאַראַן אַן איינ־איינציגער גאָט, וועלכער האָט באַשאַפען די הימעל, ערד און אַלעס וואָס עס געפינט זיך דאָרט... און דאָס איז דער גאָט פון ישראל! מיין מוטער האָט מיר דערצעהלט פון אַלעם... איך ווייס אז דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב איז דער ריכטיגער גאָט, צו איהם טהוט מיין מוטער דיענען או'ן בלויז צו איהם אליין וועל איך דיענען!

דער אַלטער רעואל איז פאַרציטערט געוואָרען ווען ער האָט געהערט פון צפורה'ן אזעלכע רייד... ער האָט איהר פּרובירט איבעררעדען, און ווען ער האָט געזעהן אז עס העלפט נישט, האָט ער ווידער גערעדט מיט יתרו'ן.

— ווען זי וועט עלטער ווערען וועט זי פילייכט ענדערען איהר מיינונג — האָט יתרו געזאָגט צו זיין פאָטער מיט א שמייכעל — מעגליך אז ווען זי וועט הייראַטען וועט זי זיך אויפפיהרען ווי איהר מאַן.

אזוי איז א היבשע צייט אוועק און עורב האָט נאָך אמאָל געפרעגט רעואל'ן פאַרוואָס צפורה קומט נישט אין דעם טעמפּעל... עורב'ן האָט יעצט נאָך מעהר פאַרדראָסען. פר הער, איידער ער איז געווען א פּריסטער, האָט ער נאָך געקענט קריגען א געלעגענהייט איהר אמאָל צו זעהן. יעצט, אבער, איז ער פאַרנומען דעם גאַנצען טאָג מיט די געטער. עס איז שוין זעהר א לאַנגע צייט

# די טאָכטער פון מדבר

פאַראיבער און ער האָט צפּורה'ס שעהנעם פּנים נאָך נישט אָנגעקוקט.

איינמאָל רופט זיך אָפּ עורב צו רעואל'ן:

— איך האָב לעצטע נאכט געזעהן א חלום און איך בין שטארק באאומרוהיגט. קענסטו מיר פיליכט זאָגען, וואָס דאָס באדייט?

— דערצעהל מיר, מיין זוהן! — האָט רעואל געזאָגט — מעגליך אז איך וועל וויסען וואָס די באדייטונג פון דיין חלום איז.

— ווען איך האָב צוגעמאכט מיינע אויגען און נאָר וואָס איינגעשלאָפען, האָב איך דערזעהן ווי זעקס קליינע פויגלען פליהען ארײן אין דעם טעמפּעל פון די געטער... זיי זיינען אלע צוגעפלויגען צו דעם אלטאר און דאָרטען געבליבען שטעהן. ווען איך האָב זיך ארומגעקוקט האָב איך געזעהן א זיבעטע פויגעל שטעהענדיג פון דרויסען אויף דעם פענסטער... די זעקס פויגלען האָבען איהר גערופען אינווענינ, אָבער זי האָט נישט געוואָלט געהן... פּלוצלונג איז אָנגעקומען א גרויסער אָדלער און זיך ארונטערגעלאָזען אויף דעם זעלבען פענסטער וואו די זיבעטע פויגעל איז געשטאנען און מיט זיינע שארפע נעגעל האָט ער די פויגעל א נעהם געטאָן און איהר גענומען אוועקטראָגען צו זיין נעסט. די זעקס איבעריגע פויגלען האָבען גענומען שרייען און וויינען. איך האָב נישט געקענט צוזעהן זייער צער, האָב איך שנעל געכאַפּט מיין פייל און בויגען און איך האָב אריינגעשאָסען א פייל אין דעם פליהענדען אָדלער. דער אָדלער איז גלייך ארונטערגעפאלען א טויטער און די פויגעל איז געראטעוועט געוואָרען. די איבעריגע זעקס פויגלען האָבען זיך פאנאנדערגעזונגען מיט גרויס פרייד.

ערשט דאן איז די זיבעטע פויגעל אריינגעפלויגען אין טעמפּעל און זיך איינגעשלאָסען מיט די אנדערע פויגלען אין זינגען א לויב־געזאנג צו אונזערע געטער. באלד נאָכדעם איז די זיבעטע פויגעל צוגעפלויגען צו מיין געלעגער און מיר באדאנקט וואָס איך האָב איהר געראטעוועט... זי האָט געוואָלט באלד פון מיר אוועקפליהען, אָבער איך האָב איהר אָנגעכאַפּט מיט מיינע הענט, איהר א קוש געטאָן און זיך גלייך אויפגעכאַפּט פון מיין שלאָף.

רעואל האָט א ווײלע א טראכט געטאָהן, און נאכהער האָט ער מיט גרויס פרייד אויסגערופען:

— איך וויים די באדייטונג פון דיזען חלום. די זיבען פויגלען וואָס דו האָסט געזעהן זיך דאָס די זיבען טעכטער פון מיין זוהן... זעקס פון זיי וועלכע קומען אָפּט באזוכען דעם טעמפּעל און דינען צו די געטער... יע, דאָס זיינען די זעקס פויגלען... און די זיבעטע פויגעל, וועלכע האָט אליין מיט איהר אייגענעם ווילען נישט געוואָלט אריינקומען אין טעמפּעל, דאָס איז צפּורה, וועלכע וויל די געטער נישט דיענען, און דער אָדלער וועלכער האָט געוואָלט איהר צוריסען, דאָס באדייט אז די געטער פון מדין זוכען צו באשטראָפען צפּורה'ן פאַר איהר עקשנות, און דאָס וואָס דו האָסט דערשאָסען דעם אָדלער און איהר געראטעוועט, איז א סימן אז דו ביזט דער איינציגער, וועלכער וועט איהר קענען ראטעווען!..

— אָה, ווי וואונדערבאר איז דיין אויסטייטשונג פון מיין חלום.—האט עורב זיך אפּגערופען—יעצט זעה איך אז די געטער האבען מיר ענטדעקט א גרויסע זאך און איך וועל זיך גליקליך שעצען אויב איך וועל קענען צפּורה'ן העלפען.

— די איינציגע רעטונג פאר צפּורה'ס נשמה וועט זיין ווען זי וועט ווערען דיין פרוי.—האט רעואל זיך אפּגערופען. —דו וועסט אויף איהר ווירקען דאס זי זאל אנפאנגען צו דינען צו די געטער פון מדין און מיר דוכט זיך אז דאס האבען דיך די געטער געוואלט אנדייטען.

— איך גלויב אויך אזוי! — האט עורב אויסגערופען רויט ווערענדיג. —

איך זעה רעם וועג וואס די געטער האבען פאר מיר אנגעצייכענט און איך... ע... האב צפורה'ן זעהר ליעב.

— איך וועל זיך נאָך היינט דורכרײדען מיט מיין זוהן און איך וועל איהם זאגען אז דאס איז דער וואונש פון די געטער.

— אבער איך בעט דיר מיין האר, דערצעהל קיינעם נישט פון מיין יעצטיגען חלום... ז'ער חלום איז פאר מיר צו הייליג אז איך זאל איהם דערצעהלען צו וועמען עס איז, א חוץ דיר, דער הויפט פריעסטער פון מדין.

— אויב מיינע ווערטער וועלען קיין ווירקונג נישט האבען, דאן וועל איך מוזען זיי אלעס דערצעהלען. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט ווען מיין זוהן אדער מיין אייניקעל צפורה וועט דערהערען וואס די געטער האבען דיך ענטדעקט אין חלום, וועלען זיי זיך צוהערען צו מיינע רייד און דאן וועסטו קיינע שטערונגען נישט האבען. דער אמת זאָגענדיג, האב איך שוין געהאט גערעדט מיט מיין זוהן וועגען דיר און צפורה, אבער ער האט מיר דאן געענטפערט אז זי איז נאָך צו יונג. יעצט אבער איז זי ״נטערגעוואקסען, גלויב איך אז יתרו וועט צושטימען.

עורב איז געווען זעהר גליקליך וואס איהם איז געלונגען אפצונארען דעם אלטען פריעסטער מיט זיין ״חלום״. ער גלויבט יעדעס ווארט און ער זעהט אז עס וועט איהם נישט שווער אנקומען צו קריגען די שעהנע צפורה פאר זיין פרוי ווען עס זאל איהר זיידען געלינגען צו ווירקען אויף צפורה'ן צו קומען אין טעמפעל פון די געטער דאן וואלט ער שוין מיט איהר מתפלל געווען. ער וואלט איהר קרבן געבראכט פאר די געטער. זי וואלט געזעהן ווי איבערגעגעבען ער איז צו איהר. ער וואלט געקענט זעהן איהר וואונדער שעהנעם פנים און טיעף אריינקוקען אין איהרע הימלישע אויגען.

ווען יתרו איז אויפ'ן צווייטען טאָג אריינגעקומען אין טעמפעל מתפלל צו זיין צו די געטער, האט איהם רעואל אוועקגערופען אַן א זייט און זיך צו איהם אפגערופען:

— מיין זוהן איך האב זעהר וויכטיגעס מיט דיר צו ריידען. דו גדיינקסט דאָך געוויס אז מיט א קורצע צייט צוריק האב איך מיט דיר גערעדט וועגען צפורה'ן. דו האסט מיר דאן געזאגט אז צפורה איז נאָך צו יונג... יעצט אבער איז געקומען די צייט אז דו זאלסט זיך מעהר אריינטראכטען וועגען דעם... דיין טאָכטער צפורה האט אין גאנצען פערלאָזען די געטי'ר פון מדין.

— זי האט קיינמאָל צו זיי נישט געדיענט! — האט יתרו געענטפערט — זי געהט אין די וועגען פון איהר מוטער און איך האב פארשפראכען שרה'ן איהר קיינמאָל נישט צו שטערען אין גאָטעס דיענסט. יעצט אז איינע פון מיינע טעכטער וויל דיענען צו דעם גאָט פון איהר מוטער זאל איך דען זיין דאגעגען ?!

— אבער דו ווייסט נישט וואס פאר א געפאהר עס דראהעט דיין טאָכטער אויב זי וועט נישט תשובה טאָהן און אנפאנגען אריינצוקומען אין טעמפעל. די געטער'ס צאָרן וועט זיך אויף איהר אויסגיסען און ווער ווייס וואס פאר א שטראף זי וועט פון זיי דערפאר בעקומען. יע, מיין זוהן, יעצט איז די צייט צו ראטעווען איהר נשמה. דער פריעסטער עורב, וועלכער העלפט מיר ארוים אין טעמפעל, איז דער פאסענדסטער מאן פאר צפורה'ן ווען זי וועט מיט איהם הייראטען, דאן וועלען איהר די געטער פערגעבען אלע איהרע זינד... זי אליין וועט אין גאנצען זיך ענדערן...

—אבער איך מוז דיר זאגען דעם אמת, פאטער — האט יתרו געזאגט— עורב האט קיין חן נישט געפונען אין מיינע אויגען. יע, איך האב איהם נישט איבעריג ליעב און וועל געוויס נישט קענען צורײדען מיין טאָכטער איהם צו הייראטען. דאָך ווען ער וועט געפעלען צפורה'ן, און זי וועט איהם וועלען פאר א מאַן, וועל איך איהר געוויס נישט שטערען.

— מיין זוהן! איך זעה אז דו בע־

גרייפסט נישט די וויכטיגקייט דערפון, — האט רעואל זיך אפגערופען — דו טאָרסט נישט געהן געגען דעם ווילען פון די געטער.

— אויב מיין טאָכטער האט געגען די געטער פערזינדיגט טו פאר וואס זאָלען זיי זוכען איהר גליקליך צו מאכען דאמיט וואס זי וועט הייראטען עורב'ן?

— וועל איך דיר יעצט דערצעהלען א חלום וואס עורב האט לעצטע נאכט גע'חלום'ט און זעה פאר זיך, אויב די אויסטייטשונג פון חלום, ווי איך האב עורב'ן געזאגט, איז נישט ריכטיג.

רעואל האט יתרו'ן דערצעהלט עורב'ס גאנצען חלום און די בעדייטונג. יעצט זעהסטו אז א גרויס געפאהר דראהעט דיין טאָכטער צפורה אויב זי וועט ניט הייראטען מיט עורב'ן.

יתרו האט זיך איינגעהערט און דערנאָך אויסגערופען:

— איך גלויב פאטער, אז דו מאכסט א גרויסען טעות אין עורב'ן. איך ווייס אז ער וויל ארייננקריגען צפורה'ן פאר זיין פרוי און ער וועט זיך פאר קיין זיך נישט אפשטעלען. איך פערשטעה אז ער האט זיך צוריקגעקעהרט אין טעמפעל מיט דיזען צוועק אין זיינע געדאנקען, און ווען ער האט געזעהען אז דאס האט זיך איהם נישט איינגעגעבען טראכט ער אויס פערשידענע "חלומות" כדי צו מאכען די ווירקונג אויף דיר אז דאס איז דער ווילען פון די געטער.

— מיין זוהן דו זינדיגסט מיט דיינע ליפען! עורב איז א הייליגער פריעסטער און די געטער זיינען גנדיג צו איהם. איך געפין זיך מיט איהם דעם גאנצען טאָג אין טעמפעל, און איך זעה ווי דעם גאנצען טאָג האלט ער אין איין מתפלל זיין צו זיי...

— און איך האב געהערט פון איהם זעהר נישט קיין שעהנע זאכען, ווען ער האט דעם טעמפעל פערלאָזען און זיך גענומען צו פיטערן די שאָף! — האט יתרו געזאגט—מען האט מיר דערצעהלט אז ער האט זעהר נישט פאסיג בעהאנדעלט איינע פון די טעכטער הירטין.

— דאס האבען זיינע שונאים אויף איהם א בלבול אויסגעטראכט! עורב איז געווען אן עהרליכער פאסטוך און יעצט איז ער אן עהרליכער פריעסטער!

— איך פערזיכער דיר, פאטער, אז דער "חלום" איז אן אויסגעטראכטער. דו ווייסט דאָך אז צפורה איז די שעהנסטע מיידעל פון לאנד און יעדער איינער וואלט זיך גליקליך געשעצט איהר פאר א פרוי צו קריגען. און עורב מיינט געוויס אז דורך דיר וועט ער קענען קריגען מיין טאָכטער!

— און דו דענקסט אז דיין פאטער האט נישט גענוג פערשטאנד, אז מען זאל איהם קענען אזוי נארען.

— איך זאג דאס נישט, ליעבער פאטער, אבער דעם מענשען וועלכען מיר ליעבען קענען מיר אָפט נישט בעמערקען חסרונות וועלכע זיינען אזוי בולט אין די אויגען פון אנדערע. דו האָסט עורב'ן ליעב בעקומען, און דעריבער זעהסטו אין איהם לויטער מעלות און דאן איז איהם שוין נישט שווער דיך צו נארען!

— און איך זאג דיר אז עורב איז אן אומווירדיגער מענש און ער טאָר זיך אפילו נישט געפינען אין דעם טעמפעל פון די געטער! — האט יתרו אויסגערופען—אין דער צייט וואס ער איז א פאסטוך געווען, האט ער פיעלע אומווירדיגע זאכען געטאָהן, און אויב דו ווילסט נישט גלויבען, דאן וועל איך דיר ברייגנען די מוטער פון יענער הירטין וועמען ער האט שלעכטעס געטאָהן. זי איז געקומען צו מיר און מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט ווי אזוי עורב האט איהר טאָכטער פעראומגליקט...

— איך וויל מעהר פון דיר אזעלכע רייד נישט הערען! — האט רעואל אויסגערופען—עס איז געוויס אן אויסגעטראכטער בלבול אויף עורב'ן. ער וועט קיין מאָל אזא זאך נישט טאָהן. איך בין זיכער אז דאס האבען זיינע שונאים אויף איהם אויסגעטראכט, איך ווייס אפילו ווער דאס איז. יע, זיי זיינען איהם מקנא וואס איך האב איהם

פאַר א פריעסטער געמאכט! דו מיין זוהן הער זיך נישט צו צו זייערע רייד!

— איך קען די מוטער פון יענער טאָכטער, און איך ווייס אז זי וועט קיין בלבול אויף איהם נישט אויסטראַכטען. א חוץ דעם האָט זי נישט קיין זיהן אדער ברידער וועלכע זאָלען קענען זיין פריעסטער. אויב דו ווילסט וועל איך איינלאַדען יענע פרוי אין מיין הויז און דו, פאַטער, וועסט דאַרטען אויך זיין וועסטו הערען פון איהר מויל, און דאַן וועסטו פיליכט קענען בעסער אורטיילען אויב די פרוי זוכט א בלבול צו מאַכען אויף עורב׳ן אדער נישט.

— גוט! — האָט רעואל צוגעשטימט —בעשטים דעם טאָג אויף מאָרגען, איך וועל קומען צו דיר אין הויז און דו וועסט שיקען רופען יענע פרוי. אבער דו דאַרפסט מיר פערשפּרעכען, מיין זוהן, אז אויב עס וועט זיך ארויסווייזען אז די פרוי אדער איהר טאָכטער זוכט צו מאַכען א בלבול אויף עורב׳ן כדי דאַמיט צו שעדיגען זיין גוטען נאָמען דאַן זאָלסטו זעהן איהם צו פערגיטיגען און צושטימען איהם צו געבען צפורה׳ן.

— דאָס פאַרשפּרעך איך דיר, מיין פאָטער — האָט יתרו געזאָגט, אז אויב עס וועט זיך ארויסציינען אז דאָס איז בלויז א בלבול אויף עורב׳ן וועל איך ניט זיין דאַגעגען, אבער צוזאָגען צפורה׳ן וועל איך געוויס ניט! נאָר וואס וועט זיין אז עס וועט זיך ארויסצייגען אז ער האָט טאַקע אזא פאַרברעכען באַגאַנגען?

— דאַן וועל איך איהם פאַרטרייבען פון טעמפּעל! — האָט רעואל געענטפערט. — איינער, וועלכער קען טאָן אזעלכע שענדליכע זאַכען, איז ניט ווירדיג צו באַדיענען די הייליגע געטער... אבער איך בין איבערצייגט אז עורב האָט אזא זינד קיינמאָל ניט באַגאַנגען! און דערצו קען איך דיר פאַרזיכערען אז זיין חלום איז א ריכטיגער. ער איז זעהר שטאַרק באַליעבט ביי די געטער, זיי זאָגען איהם אָן פאַראויס אין א חלום אַלעס וואָס וועט טרעפען...

צפורה, יתרו׳ס טאָכטער האָט זיך אונטערשיעדט פון איהרע שוועסטער ניט נאָר אין אויסזעהען, נאָר אויך אין כאַראַקטער און מידות. איהרע שוועסטער זיינען געווען אימער פרעהליך, לוסטיג, זיך גע׳חבר׳ט מיט פיעלע אנדערע טעכטער פון מדין און זיך אויפגעפיהרט ווי זיי. צפורה אבער איז געווען שטיל, געלאַסען. איהרע וואונדערשעהנע אויגען זיינען געווען ווי פאַרטרוימט . . . זי האָט זיך געפיהלט איינזאַם אין איהר אייגען הויז.

איהר הארץ איז געווען אנגעפילט מיט בענקעניש. איהרע געדאַנקען האָבען געשוועבט אין די הימלען. זי האָט געטראַכט, גע׳חלום׳ט . . . זי האָט געזוכט אן ערקלעהרונג צו פיעלע סודות פון דער נאַטור . . . איהר איינציגער פריינד איז געווען איהר מוטער שרה. ביידע, טאָכטער און מוטער, פלעגען פאַרברענגען זייער ליידיגע צייט צוזאַמען . . . צפורה האָט איהר מוטער ליעב געהאַט, מעהר ווי איהר אייגען לעבען . . . זי פלעגט קענען אפּזיצען נעבען איהר טעג און נעכט און זיך צוהערען צו די וואונדערבארע מעשות וואס שרה פלעגט איהר דערצעהלען פון דעם פאָלק ישראל פון וואַנען זי שטאַמט... צפורה׳ס הארץ האָט שטאַרק געבלוטיגט ווען איהר מוטער פלעגט איהר דערצעהלען פון די ליידען און צרות וואס די אידען שטעהען אויס אין מצרים. זי האָט געהערט ווי אזוי די מצריים דערטרינקען ניי געבאָרענע אידישע קינדער און איהרע אויגען פלעגען אנגעפילט ווערען מיט טרעהרען.

— מוטער! — האָט צפורה זיך איינמאָל צו איהר אָפּגערופען: — פאַרוואס האָט דער גאָט פון ישראל אויף זיי אויסגעגאָסען זיין כעס, פאַרוואס העלפט ער זי ניט אין דער צייט פון זייער נויטה... האָט ער דען ניט געטאָן קיין וואונדער מיט זייערע עלטערען . . .

— מיין טאָכטער! די צייט איז נאָך ניט געקומען — האָט איהר שרה געענטפערט. — גאָט וויל אויסלייטערען זיין פאָלק און דערנאָך זיי באַפריי־

ען פון מצרים און פיהרען זיי צוריק אין דער לאַנד פון זייערע עלטערען אברהם, יצחק און יעקב, אין דעם לאַנד פון כנען.

* * *

צפורה האָט זעהר ליעב געהאַט אוועק־צושפּאַצירען גאַנץ ווייט, וואו זי פלעגט קענען בעאָבאַכטען די גלאַררייכע נאַטור אומגעשטערט . . . עס פלעגט גאַנץ אָפט טרעפען, אַז זי פלעגט אַזוי אוועק וואַנדערען ביז דעם מדבר וואס איז געווען ניט ווייט פון מדין. זי פלעגט ליעב האָבען צו קוקען אויף דעם קריסטאַל־בלויען הימעל און האָבען פיעל פאַרגע־ניגען צו באַטראַכטען דעם גלאַררייכען זונען אונטערגאַנג, ווען דעם לעצטע גאָל־דענע שטראַהלען פלעגען נאָכצוגעבען א שעהנערען קאָליר צו די אַזוי אויך הערליכע נאַטור . . .

פיעלע מאָל פלעגט זיך מאַכען אַז די פאַסטוכער, אַראָפּנידערענדיג זיך פון די בערג מיט זייערע שאָף, פלעגען באַמער־קען פון ווייטען צפורה'ן זיצענדיג אויף א שטיין און חלומ'ען. דאַן פלעגען זיי פּלוצלונג אַלע מיט אַמאָל נעהמען פייפען מיט זייערע פייפלען און צפורה פלעגט זיך אויפכאַפּען פון איהרע חלומות און שנעל נעהמען לויפען אהיים.

אין איהרע אויערען פלעגט אָפּהיל־כען דער פרעהליכער געלעכטער פון די פאַסטוכער. זי פלעגט הערען ווי זיי שרייען אוים:

— "די טאָכטער פון מדבר לויפט אהיים! אבער צפורה האָט זיך ניט אומגעקוקט . . .

דאָך ווען עס פלעגט זיך מאַכען אַז איינינע פאַסטוכער פלעגען זיך באַגע־גענען מיט איהר פנים צו פנים, פלע־גען זיי עטוואס פאַרשעהמט אַרונטער־לאָזען זייערע אויגען. איהר שעהנקייט פלעגט זיי אַלעמען באַצויבערען און אַרויסרופען גרויס דרך ארץ צו איהר...

פיעלע פאַסטוכער פלעגען מיט א כיון פיהרען זייערע שאָף אהין צו דעם מדבר, כדי זיי זאָלען האָבען א געלע־גענהייט אַנצוקוקען דעם שעהנעם פנים פון צפורה'ן. און ווען עס פלעגט זיי

יע געלונגען איהר צו באַגעגענען פלעגען זיך די פאַסטוכער דורכריידען צווישען זיך:

— זי איז אַזוי שעהן ווי א געטין! — האָט איינער געזאָגט. — יאָ, זי איז די געטין פון מדבר.

— ווען זי וואָלט דערצו אויך געווען א גלויבערין אין די געטער פון מדין, וואָלטען מיר געהאַט א רעכט איהר אָנ־צורופען די געטין פון מדבר . . . אבער אַזוי ווי זי וויכט פון אונזערע טעמפּ־לען, איז א זינד איהר אָנצורופען מיט אַזאַ נאָמען — האָט א צווייטער געזאָגט.

— זי איז א טאָכטער פון מדבר! זי איז אַזוי אָפּגעזונדערט פון אונז אַלע־מען, ווי זי וואָלט געבאָרען געוואָרען ערגעץ אין דער וויסטעניס און ניט אין מדין.

— —עפּעס ציהט איהר אהער, צום מדבר. ווער ווייס וואס פאַר א סודות זי זוכט דאָ, אין דער שטילקייט פון מדבר.

— גליקליך וועט זיין יענער וועלכער וועט איהר פאַר זיין פרוי אַריינקריגען!

— האָט נאָך א פאַסטוך אויסגערו־פען מיט בענקענדע אויגען.

— א פאַסטוך וועט צפורה'ן געוויס ניט קריגען!

— איך האָב געהערט אַז זי איז פאַר־קנס'ט צו עורב'ן דעם געוועזענעם פאַס־טוך און דער יעצטיגער פריסטער.

— ווער האָט עס דיר דערצעהלט?

— מיין ברודער! ער איז געקומען אין טעמפּעל מתפּלל צו זיין צו די גע־טער און ער האָט זיך דערווייל דורכגע־רעדט מיט עורב'ן, האָט ער איהם פאַר־טרויט א סוד אַז ער וועט אין גיכען הייראַטען צפורה'ן, די טאָכטער פון יתרו'ן.

— איך קען עורב'ן, ער האָט זיך ליב צו באַריהמען. ווען ער איז נאָך געווען א פאַסטוך, האָט ער מיר איינמאָל גע־וואָלט איינריידען אַז צפורה וועט ווע־רען זיין פרוי.

— ווען עורב וואָלט אין זיך געהאַט מענשליכע געפיהלען, וואָלט ער געדאַרפט יעצט הייראַטען ווען ער האָט פאַר־פיהרט . . . ער מיינט אַז ווייל זי

איז געווען די טאָכטער פון אן ארימער אלמנה, קען ער טהאָן מיט איהר וואס ער וויל.

— ניט אומזיסט איז ער געלאָפען צוריק אין טעמפעל . . . דאָרט איז ער באשיצט געגען דער אלמנה און געגען איהר טאָכטער.

— פונדעסטוועגען גלויב איך אז ער וועט דאס ניט אזוי גרינג ארונטערשלינגען. פריהער וועט ער מוזען הייראטען מיט איהר און דערנאָך וועט ער קענען נעהמען צו איהר אויך אנדערע פרויען.

אלס א פריעסטער וועט איהם ניט זיין אזוי שווער דורכצופיהרען אלע זיינע פלענער — האָט אן אנדער פאסטוך זיך אפגערופען. עורב וויים ווי אזוי צו האנדלען.

* * *

אויף מאָרגען, ווען רעואל איז געקומען צו זיין זוהן'ס הויז, האָט יתרו געשיקט רופען די פרוי, די אלמנה און איהר טאָכטער די הירטין.

— דערצעהל פאר מיר און פאר מיין פאָטער אלעס וואס דו ווייסט וועגען עורב'ן —— האָט יתרו זיך געווענדעט צו דער יונגער הירטין.

דער הירטינס פנים איז באדעקט געוואָרען מיט א רויטקייט און זי האָט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען.

— שעהם זיך ניט, מיין טאָכטער ! — האָט זיך איהר מוטער צו איהר געווענדעט. — דערצעהל אלעס פאר דעם הויפט פריסטער. ער וועט דיר פילייכט קענען זעהר פיעל העלפען !

— איך האָב געפיטערט מיינע שאָף אין דעם טהאָל וואס ליגט הינטער דער שטאָדט — האָט די הירטין אנגעפאנגען מיט טרעהרען אין די אויגען — דאָרט פלעגט אָפט אויך צוקומען עורב, וועלכער איז געווען א פאסטוך. ער פלעגט צופיהרען זיינע שאָף ניט ווייט פון דעם פלאץ וואו איך בין געווען . . . ער פלעגט פאר מיר זינגען די לידער פון די געטער . . . און יעדען טאָג פלעגט ער מיר דערצעהלען וועגען זיינע חלומות, וואס ער חלום'ט ביינאכט . . . ער פלעגט מיר אויך זאגען אז די געטער פון מדין באווייזען זיך צו איהם אין חלום און זיי דערצעהלען איהם אלע סודות . . . אין מיינע אויגען איז עורב געווען א הייליגער פאסטוך און איך האָב געגלויבט יעדעם ווארט וואס ער האָט מיר דערצעהלט . . . אזוי זיינען אוועק פיעלע טעג און אונזער פריינדשאפט איז נאָך שטארקער געוואָרען... ער האָט מיר געזאָגט אז ער ליעבט מיר און ער וועט מיר נעהמען פאר זיין פרוי. איך האָב איהם געגלויבט און געטהאָן אלע זיינע פערלאנגען און ווען איך האָב פון איהם גענומען פאָדערען ער זאָל מיר הייראטען, ווייל איך דארף אין גיכען א מוטער ווערען, האָט ער מיר געזאָגט, אז ער האָט לעצטע נאכט געחלומ'ט א חלום אז דער הויפט גאָט פון די געטער פון מדין האָט איהם געהייסען ווערען א פריעסטער און דעריבער קען ער מיט מיר יעצט ניט חתונה האָבען . . . איך האָב געוויינט פאר איהם און געבעטען ער זאָל פון מיר ארונטערנעהמען די שאנדע, אבער ער האָט זיך צו מיר ניט געוואָלט צוהערען און איז גלייך אוועק אין טעמפעל און אין עטליכע טעג ארום האָב איך זיך דערוואוסט, אז ער איז געוואָרען דער פריעסטער — האָט די הירטין פארענדיגט און זיך פאנאנדערגעכליפעט.

— און איך בין אן ארימע אלמנה ! — האָט די מוטער צוגעגעבען. — מיין טאָכטער פלעגט פיטערען מיינע שאָף און דורך דעם קוים זיך ערנעהרט, יעצט דארף זי אכטונג געבען אויף איהר קינד און איך בין צו שוואך צו פיטערען די קליינע צאָל שאָף, וואָס איך פארמאָג... איך בין געווען געצוואונגען צו דינגען א פאסטוך און מיר איז זעהר שווער צו צאָהלען פאר זיין ארבייט.

ווען רעואל האָט דערהערט דיעזע רייד, איז ער זעהר אויפגערעגט געוואָרען. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געגלויבט אז עורב זאָל זיין אזוי געמיין.

— זאָל מען גלייך שיקען רופען עורב'ן — האָט דער אלטער רעואל אויסגערופען — און דו געה און ברענג אהער

דאָס קינד פון דיין טאָכטער — האָט ער זיך געווענדעט צו דער אַלמנה.

יתרו האָט געשיקט איינע פון זיינע טעכטער אין טעמפּעל צו רופען עורבן...

א גליקליכע פרייד האָט זיך צוגאָסען אויף עורב׳ס פּנים, ווען ער האָט דערהערט פון יתרו׳ס טאָכטער אז ער ווערט גלייך איינגעלאַדען צו יתרו׳ס הויז...

— יא, האָט ער זיך געטראַכט דער אַלטער פּריעסטער האָט געווירקט אויף זיין זוהן און יעצט וועט די וואונדערשעהנע צפּורה געהערען צו איהם . . . ער האָט זיך גלייך געקניהט נעבען דעם מזבח פון די געטער און האָט א תּפלה געמורמעלט.

אין א קורצער ווייל איז ער שוין געווען אין יתרו׳ס הויז. ער האָט גלייך ביים אריינגאַנג דערזעהען צפּורה׳ן, וועלכע האָט געהאַלטען ביים ארויסגעהן פון הויז און ער האָט זיך פאַר איהר פאַרנייגט.

צפּורה האָט איהם געענטפערט מיט א נייג און זי איז צוגעגאַנגען צום טיהר.

— אה, צפּורה ! — האָט עורב זיך צו איהר אפּגערופען. — דיין פאָטער האָט דאָך מיך געשיקט רופען . . . איז עס מעגליך אז דו ווייסט נאָך דערפון גאָרנישט ! . . .

צפּורה האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג און זי האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ . . .

— ניין, איך ווייס פון גאָרנישט.

— עס איז דאָך דער וואונש פון די געטער אז דו זאָלסט ווערען מיין פרוי !

— איז עורב שוין דריסטער געוואָרען . . . און דיין זיידע געפינט זיך אויך יעצט אין דיין הויז, און דאָס האָט מען מיר געשיקט רופען פון דעם טעמפּעל. . . איך בעט דיר צפּורה געה יעצט ניט אוועק . . .

— דו ביזט געווים געריהרט געוואָרען פון זינען ! — האָט זיך צפּורה פאַנאַנדערגעלאַכט —— ווייסטו דען ניט אז איך האַלט ניט פון די געטער פון מדין און נאָך ווינציגער האַלט איך פון זייערע פּריעסטער . . .

— זאָלען די געטער מוחל זיין פאַר דיינע רייד — האָט עורב געזאָגט — איך וועל מאָרגען דעם גאַנצען טאָג מתפּלל זיין פאַר דיר . . . און איך בין זיכער אז זיי וועלען דיר דיינע זינד וואס דו האָסט נאָר וואס געזינדיגט מיט דיינע ליפּען, [illegible]רגעבען.

צפּורה האָט גאָר קיין אהנונג ניט געהאַט וואס [illegible]ס געהט אָן אין דעם צווייטען צימער. זי האָט ניט באמערקט ווי די אַלמנה און איהר טאָכטער זיינען אריין אין הויז, דעריבער איז זי שטאַרק איבערראַשט געוואָרען צו הערען אזעלכע רייד פון עורב׳ן... זי האָט טאַקע באַשלאָסען יעצט צו פאַרבלייבען אין הויז . . . זי וועט אויך מוזען האָבען די הילף פון איהר מוטער. זי איז שנעל אריין צו שרה׳ן אין צימער און איהר איבערגעגעבען די רייד פון דעם פּריעסטער עורב.

— אה, מוטער ! — האָט זי אויסגערופען — איך האָב איהם ניט ליעב און איך וועל מיט איהם קיינמאָל ניט הייראַטען, איך בעט דיך דאָך מוטער, קום מיט מיר אריין צו ספאָטער. ער וועט זיך צו דיינע רייד זיכער צוהערען.

— בערוהיג זיך, מיין טאָכטער ! איך ווייס אז דיין פאָטער האָט עורב׳ן אויך ניט איבעריגס ליעב, און ער וועט דאָך געווים דיר ניט צווינגען איהם צו הייראַטען געגען דיין ווילען . . .

שרה און צפּורה זיינען אריין אין יתרו׳ס צימער און דאָרטען האָבען זיי געטראָפען ווי עורב שטעהט ווי א באַשולדיגטער, מיט ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ. די אַלמנה צייגט אָן אויף איהם מיט איהר פינגער און איהר טאָכטער, די הירטין. האַלט א קליין קינד אויף איהרע הענט.

— האָסטו דען ניט פאַרשפּראָכען מיט איהר צו הייראַטען ! — האָט רעואל אויף עורב׳ן געשטורעמט . . .

— ניין ! איך האָב דאָס קיינמאָל ניט געטאָהן ! — האָט עורב געענטפערט.

— ער איז א ליגנער, ער האָט מיר נאָך געזאָגט אז ער האָט געזעהען אין חלום, אז איך וועל ווערען זיין פרוי !

— האָט די הירטין אויסגערופען מיט א וויינענדיגע שטימע.

— און דאָס קינד? — האָט יתרו איהם א פרעג געטאָן, אנערקענסטו אז דו ביזט דער פאָטער פון דעם קינד?

עורב'ס פנים האָט זיך גענומען בייטען קאָלירען...

— ער... המ... יע! — האָט ער קוים ארויסגעשטאמעלט.

— און דו האָסט איהר ניט פארשפראָכען צו הייראטען? איז רעואל'ס כעס גרעסער געווארען.

— איך האָב עס געטאָן איידער מיר האָט זיך גע'חלום'ט אז די געטער פערלאַנגען איך זאל זיי בעדינען אין דעם טעמפעל — האָט עורב געזאָגט.

— מיט דיין שענדליכע אויפפיהרונג האָסטו פארשוועכט די הייליגקייט פון דעם טעמפעל — האָט רעואל געזאָגט — און דעריבער קענסטו שוין מעהר קיין פריעסטער ניט זיין. און אויב דו ווילסט ניט באשטראָפט ווערען, זאָלסטו נאָך היינט צוקומען אין טעמפעל מיט דיעזער פרוי און איהר וועט דאָרטען הייראטען... און ווען דו וועסט עס ניט טהאָן, וועסטו פון די געטער פארשאָלטען ווערען אויף אייביג.

צפורה האָט די גאנצע צייט צוגעקוקט אויף דער הירטין און אויף דעם קליינעם קינד וואס זי האָט אין איהרע הענד געהאלטען און דאָס הארץ האָט איהר פארקוועטשט פון צער... טרעהרען האָבען זיך באוויזען אין איהרע אויגען... און ווען זי איז מיט איהר מוטער ארויס פון צימער האָט זי זיך אָפגערופען:

— עס איז נאָך אויף דער אָרימער הירטען יעצט א גרעסערער רחמנות ווי פריהער.

— עורב וועט שוין מעהר קיין פריעסטער ניט זיין, ער וועט שוין פיטערען די שאָף פון איהר מוטער — האָט שרה איהר געענטפערט, און מעגליך אז זי וועט צופרידען זיין. יעצט מעג איך דיר זאָגען, צפורה, אז כאָטש דיין פאָטער האָט קיינמאָל עורב'ן ניט ליעב געהאט, האָט דאָך דער אומווירדיגער עורב געהאט זעהר א שטארקען איינפלוס איבער דעם זיידען און ער האָט איהם געוואָלט איינריידען אז די געטער האָבען זיך באוויזען צו איהם אין חלום און זיי האָבען איהם געהייסען דיך נעהמען פאר זיין פרוי... אבער דיין פאָטער איז געווען זעהר קלוג צו איהם, ער האָט גלייך אויסגעפונען וואס פאר א מאן עורב, דער געוועזענער פאסטוך איז, און יעצט האָט ער צוזאמענגעבראכט די הירטין מיט איהר קינד און איהר מוטער... יעצט מעגסטו שוין רוהיג זיין, מיין טאָכטער אז ער וועט דיך שוין מעהר ניט בעלעסטיגען.

* * *

דעם זעלבען טאָג האָט רעואל חתונה געמאכט עורב'ן מיט דער הירטין און גלייך נאָכדעם איז עורב צוגעגאנגען צו רעואל'ן און זיך געקניהט פאר איהם און געזאָגט:

— איך וויים אז איך האָב געזינדיגט געגען די געטער און געגען דיר. זיי מיר מוחל און לאָז מיר פארבלייבען דער זעלבער פריעסטער ווי פריהער.

— אָה ניין, ניין! — האָט די יונגע הירטין אויסגערופען. ער פוילט זיך צו טהאָן ארבייט דעריבער וויל ער זיין א פריעסטער אין טעמפעל. ער וועט מוזען געהן פיטערען די שאָף פון מיין מוטער, כדי מיר אלע זאָלען זיך קענען ערנעהרען.

— איך האָב בעשלאָסען אז מעהר קיין פריסטער וועסטו ניט זיין! — האָט רעואל איהם געענטפערט. געה און וואָהן מיט דער פרוי און קינד און זעה פון יעצט אָן צו זיין גוט...

## פופצענטער קאפיטעל

## יתרו אין חרם

אין א קורצע צייט ארום איז דער הויפט פריסטער רעואל, יתרו'ס פאָטער געשטאָרבען. האָט דאָס גאנצע לאנד געטרויערט אויף זיין טויט, ווייל ער איז ביי אלעמען געווען בעליעבט, און ווען די טרויער טעג זיינען פאָראיבער, זיינען די עלטסטע פון מדין געקומען צו יתרו'ן און געזאָגט:

— דיין פאָטער איז טויט, און די

געטער פון מדין זיינען געבליבען אהן א הויפט פריעסטער, וועלכער זאל אבטונג געבען אויף זיי, און וועלכער זאל צו זיי מתפלל זיין פאר דעם פריעדען פון אונזער לאנד. מיר האבען בעשלאסען אז דו ביזט דער איינציגער אין גאנץ מדין, וועלכער איז ווירדיג צו פערנעהמען דיזען היילינען אמט און דעריבער זיינען מיר צו דיר געקומען און פערלאנגען אז דו זאלסט פערנעהמען דעם פלאץ וואס דיין פאטער האט ליידיג געמאכט מיט זיין טויט.

— אבער ווי אזוי קען איך ווערען אייער הויפט פריעסטער ווען נישט אלע אין מיין משפחה דינען צו אונזערע געטער—האט יתרו זיך געפרואווט ארויסדרעהען.

— מיר זיינען זיכער ווען דו וועסט ווערען דער הויפט פריעסטער פון מדין, וועלען שוין די אומגלויביגע פון דיין משפחה אויך ווערען גלויביגע!

יתרו האט זיך נאך א היבשע ווײלע געקווינקעלט, אבער ווען די עלטסטע פון מדין זיינען צו איהם שטארק צוגעשטאנען, האט ער צוגעשטימט צו ווערען דער הויפט פריעסטער פון די געטער.

יתרו האט אנגעטאהן די היילינע קליידער און האט פערבראכט אין טעמפעל דעם גאנצען טאג. די ערשטע צייטען איז ער גאנץ ערנסט געווען. ער פלעגט נעהמען מתפלל זיין צו די געטער מיט זיין גאנצען הארצען. ער האט אויך נישט איינמאל געמאכט א פערזוך צו ווירקען אויף זיין פרוי שרה או. אויף זיין עלטערע טאכטער זיי זאלען אנערקענען די געטער פון מדין און זיי דינען.

יעדען אבענד ווען יתרו פלעגט זיך צוריקקעהרען אהיים פון דעם טעמפעל פלעגט ער מוסר זאגען צפורה'ן פאר וואס זי קומט קיינמאל אהין נישט אריין.

— איך פארשטעה פאר וואס דיין מוטער איז אפגעזונדערט פון די געטער —פלעגט יתרו צו איהר זאגען — זי שטאמט פון די ישראלים און זי איז אויפגעבראכט און ערצויגען געווארען אלס ישראלית, אבער דו, צפורה, דו ביזט דאך געבארען געווארען און ערצויגען געווארען אין מדין און דערצו איז נאך דיין זיידע געווען דער הויפט פריעסטער זינט דו ביזט א קליין קינד געוועזן, און יעצט, אפילו ווען איך בין דער הויפט פריעסטער פון מדין. ווילסטו אויך נישט דינען צו די געטער!

— מיין ליעבער פאטער! — האט צפורה איהם געענטפערט — דו האסט געוויס פערגעסען אז די ערשטע צייטען פלעגסטו אליין אויך נישט זיין קיין שטארקער מאמין אין די געטער און מיר איז שווער צו פערשטעהן וואס עס האט מיטגעבראכט אז דו זאלסט בייטען דיין מיינונג. מיין מוטער דערצעהלט מיר אז ווען דו ביזט אין מצרים געווען פלעגסטו מיט פעראכטונג קוקען אויף די מצריים וועלכע דינען צו פיעלע געטער וואס בעזיצען נישט קיין מאכט, און יעצט טוסטו עס אליין. גלויבסטו, פאטער, אז די געטער פון מדין זיינען מעכטיג און קענען טאהן גוטעס צו די וועלכע דינען זיי און שלעכטעס צו די וועלכע פערלאזען זיי?

יתרו איז געבליבען זיצען אין א פערלעגענהייט. זיין טאכטער'ס גערעכטע טענות האבען איהם זיינע אויגען געעפענט. ער האט גענומען טראכטען: גלויבט ער טאקע אין די געטער פון מדין מיט זיין גאנצען הארצען. ער האט געמוזט קומען צום בעשלוס אז נישט. ער דינט צו זיי מעהר אלס געוואהנהייט, ניט אפגעבענדיג זיך קיין רעכענונג.

פון דאן אן איז יתרו'ן געווען זעהר שווער צו געהן אין טעמפעל פון די געטער. ער האט זעהר שטארק געהאסט פאלשקייט, און ווי נאר ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז ער גלויבט נישט אין זיי, האט ער זיך גלייך געוואלט ענטזאגען פון זיין שטעלע אלס הויפט פריעסטער. אבער יתרו האט די איינוואהנער פון מדין גאנץ גוט געקענט און ער האט געוואוסט אז אויב ער זאל זיי פלוצלינג זאגען אז ער וויל מעהר

קיין הויפּט פּריעסטער נישט זיין וועלען זיי אויף איהם אין כעס ווערען און קענען נאָך טאָהן שלעכטעס צו איהם און זיין משפּחה. ער האט דעריבער געוואַרט אויף א גוטע געלעגענהייט.

איינמאָל, ווען גאַנץ מדין האט געפייערט א יום טוב צו זייערע געטער, זיינען אין דעם גרויסען טעמפּעל וואו יתרו איז געווען דער הויפּט פּריעסטער, צוזאמענגעקומען אלע חשוב׳ע און רייכע בירגער פון שטאָדט מיטברייענגענדיג קרבנות פאר די געטער.

יתרו האט דעם גאַנצען המון בעטראַכט. ארום דעם גרויסען מזבח האָבען זיי זיך פערזאמעלט יעדער מיט זיין קרבן, און וואַרטען פאר איהם ער זאָל דאָרט צוקומען, און מיט זיין תפלה וועלען זיי גלייך אנפאַנגען מקריב צו זיין זייערע קרבנות צו די געטער.

יתרו׳ס האַרץ האָט פערקוועטשט: זיי אלע גלויבען אז ער איז איבערגעגעבען מיט זיין לייב און לעבען צו די געטער און ער איז געצוואונגען זיי אלעמען צו נארען. ניין! ער טאָר מעהר נישט אנגעהן דאמיט! ער וועט יעצט פאר אלעמען ערקלערען ווי נישט ווירדיג ער איז צו זיין זייער הויפּט פּריסטער. יע, ער קען ווייטע״ אזוי נישט אנגעהן. זאָל זיין וואס עס וועט זיין, ער וועט היינט מוזען מאַכען א סוף צו דעם.

יתרו איז ארויף אויף דער במה. באַלד האט זיך דער המון א לאָז געטאָן צו איהם, זיי האבען זיך אלע געקניהט און זיך פארנייגט מיט דעם פּנים צו דער ערד. דערנאָך האבען זיי זיך אויפגעשטעלט און געווענדעט זייערע בליקען אויף זייער הויפּט פּריעסטער, וועלכער איז ביי זיי געווען כמעט אזוי הייליג ווי די געטער.

זיין פּנים איז געווען בלאַס. א לייכטער ציטער איז דורך זיין קערפּער. אין טעמפּעל האט געהערשט אן אנגעצויגענע שטילקייט.

— מיינע ברידער! — האָט יתרו א געפאַנגען מיט א ציטערנדע שטימע — איהר האָט זיך דאָ אלע פערזאמעלט אין טעמפּעל און איהר ערוואַרט איך זאָל פאר אייך מתפּלל זיין צו די געטער!

— יע, יע! — האבען זיך געהערט שטימען — זאָלען זיך די געטער צוהערען צו דיין שטימע און אונז צושיקען זייער ברכה!

— יעצט וויל איך אייך דערמאָנען — האט יתרו פאַרטגעזעצט — ווען איהר זייט צו מיר געקומען און געבעטען איך זאָל זיין אייער פּריעסטער, האב איך זיך לאַנג געקווינקעלט, ווייל איך האב מורא געהאט אז איך בין נישט ראוי צו פארטרעטען אזא הייליגע שטעלע, און כאָטש איך האב דאן אליין אויך שטארק געגלויבט אין די געטער פון מדין און צו זיי געדיענט מיט מיין גאַנצען הארצען, איז מיר דאָך נישט געווען צום הארצען צו פערנעהמען דעם הייליגען פּלאַץ פון מיין פאטער! איהר האט אבער זיך צו מיינע רייד נישט געוואָלט צוהערען און מיר כמעט ווי געצוואונגען צו ווערען אייער הויפּט פּריעסטען.

אזוי איז אוועק א היבשע צייט און זייענדיג שטענדיג פערנומען מיט די געטער אין טעמפּעל, האב איך זיך אליין קיין רעכענונג נישט געקענט אפּגעבען. אבער די לעצטע צייט האב איך זיך גענומען בעטראַכטען און געקומען צום באַשלוס אז איך טאָר אייער הויפּט פּריעסטער נישט זיין!

עס איז געווארען א בעוועגונג און א שטיקעל טומעל אין טעמפּעל. פּיעלע האבען גענומען שרייען און ריידען, אבער באַלד האבען זיך אלע איינגעשטילט און געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד צו הערען די ווייטערדיגע רייד פון זייער הויפּט פּריעסטער.

— יע, מיינע פריינד! — האט יתרו פאָרטגעזעצט — איך טאָר אייער פּריעסטער נישט זיין, ווייל איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג אז מיין גלויבען אין די געטער איז נישט שטארק גענוג. קלייבט זיך אויס א צווטען מאַן, וועלכער זאָל ווערטה זיין צו דינען די געטער און וועלכער וועט מיט זיין גאַנצען הארצען קענען מתפּלל זיין צו די

געטער פון מדין פאַר אייער אלעמענס גליק.

— ניין! ניין! מיר ווילען דו זאָלסט אונזער הויפט פריעסטער פערבלייבען —האבען זיך געהערט שטימען!

— עס געפינט זיך קיינער נישט צווישען אונז וועלכער זאל קענען פערנעהמען דיין פּלאַץ און ווערען אונזער הויפט פריעסטער!

ווען דער המי' האט זיך ווידער איינגעשטילט, האט יתרו ווייטער געזאגט:

— איז דען פּאסיג פאַר א מאַן צו זיין דער פערטרעטער פון זיין פאלק צו זייערע געטער, אין דער צייט ווען ער אליין האט אין זיך נישט קיין אמונה! איך האב דאך איך אלעמען שוין לאנג ערקלערט, אז מיין פרוי און מיין עלטסטע טאָכטער האבען אין זיי קיינמאָל נישט געגלויבט און יעצט בין איך אויך געווארען איינשטימיג מיט זייער מיינונג און איך טאָר מעהר אייער פריעסטער נישט זיין.

— ער איז א פעררעטער צו אונזערע הייליגע געטער! — האָט עירב, וועלכער איז אויך געווען צווישען המון, גענומען אויסשרייען—ער טאָר זיך מעהר נישט געפינען אין אונזער הייליגען טעמפּעל! איך קען די געטער און איך וויים אז זיי וועלען זיכער אויסלאָזען זייער גאנצען כעס אויף אונז פאר דעם גרויסען זינד. איך האב פיעלע יאהרען פארבראכט מיט די געטער, און נישט איינמאָל האבען זיי מיר דורך חלומות ענטדעקט אלעם וואס זיי וועלען טאָהן צו אונזער פאלק. און ער, יתרו, דער פאלשער הויפט פריעסטער איז שולדיג וואס מען האט מיר פון טעמפּעל פערטריבען!

— זאל מען יעצט יתרו'ן פערטרייבען פון טעמפּעל! — האבען איינינגע אויסגעשריען—ער האט דיזען הייליגען פּלאַץ פערשוועכט.

— ארויס פון דאנען! ארויס פון דאנען! — האבען אלע גענומען שרייען, אלעמענס צאָרן האט אזוי שטארק געברענט אויף יתרו'ן אז ווען ער וואלט דורך א הינטער טיהר זיך שנעל נישט

אפּגעטראגען פון דארטען, וואלטען זיי איהם זיכער צום טויט געשלאָגען.

— זאל עורב פערנעהמען זיין פּלאַץ! —האבען זיך געהערט שטימען.

— יע, עורב איז א לאנגע צייט געווען פריעסטער אין אונזער טעמפּעל. ער איז מעהר פּאסיג צו זיין דער הויפּט פריעסטער — האבען פיעלע פון זיינע פריינד, די פּאסטוכער, נאָכגעשריען— ער וועט פאר אונז מתפּלל זיין און מקריב זיין אונזערע קרבנות וועלען די געטער אונז פערגעבען פאר דעם זינד פון יתרו'ן.

נאָך א קליינע ווילע פון היציגע רייד און טומלעניש, איז שוין עורב געשטאַנען אויף דער במה און האט אויפגעהויבען זיין שטימע אין א תפלה צו די געטער. די פערזאמעלטע האבען איהם נאָכגעפאלגט ווארט ביי ווארט. דערנאָך האט ער מיט א צווייטער תפלה געמאכט דעם אָנפאנג פון מקריב זיין די קרבנות.

ווען עורב איז פארטיג געווארען מיט דער גאנצער צערעמאָניע איז ער ווידער ארויף אויף דער במה און זיך אפּגערופען צו די פערזאמעלטע:

— איהר דארפט אלע וויסען אז א גרויסער זינד איז בעגאנגען געווארען געגען די געטער. דאס איז דאס ערשטע מאָל, אז א הויפט פריעסטער זאל אזוי פערשוועכען זייער הייליגקייט און בעליידיגען די געטער פאר די אויגען פון אזא הייליגע פערזאמלונג. ניין! יתרו מוז דערפאר בעשטראפט ווערען. בלויז דאן וועט זיך דער צאָרן פון די געטער אויף אונז איינשטילען.

— א טויט צו יתרו'ן און צו זיין משפחה!—האבען עטליכע אויסגערופען.

— יע, מיר מוזען נקמה נעהמען פון איהם פאר דיזער בעליידיגונג!

עורב האט קוים איינגעשטילט דעם אויפגערעגטען המון און ער האט זיך אפּגערופען:

— מיר וועלען איהם און זיין משפחה נישט טויטען, אבער מיר מוזען איהם אריינלייגען אין חרם! קיינער זאל פאַר

איהם קיין ארבייט נישט טאָהן, קיינער זאָל איהם נישט פערקויפען אדער קויפען פון איהם, די פאסטוכער זאָלען פון היינט אָן מעהר זיינע שאָף נישט פיטערן. די ערד־ארבייטער זאָלען זיינע פעלדער און גערטנער נישט בעארבייטען און דאַן, ווען ער וועט זעהן אז די קללה פון די געטער רוהט אויף איהם און איבער זיין גאַנצע הויז, וועט ערשט ער זיך איבערצייגען אין זייער גרויסער מאַכט!...

— מיר וועלען טאָהן אזוי ווי דו זאגסט! — האבען יתרו׳ס פאסטוכער, וועלכע זיינען זויך געווען אין טעמפעל, אויסגערופען—פון היינט אָן און ווייטער האבען מיר גאָר נישט צו טאָן מיט יתרו׳ן און זיין משפחה! מיר וועלען מעהר זיינע שאָף נישט פיטערן.

— און מיר וועלען נישט בעארבייטען זיינע פעלדער און גערטנער—האָבען זיך אנדערע שטימען געהערט.

— גוט!— האט עורב אויסגערופען —פון יעצט אָן און ווייטער וועט קיינער פאר יתרו׳ן גאָר נישט טאָהן און לאָמיר זעהן ווי ער וועט קענען אויסקומען אָהן די הילף פון אנדערע.

---

יתרו איז געקומען אהיים א בלאסער און אויפגערעגטער.

— וואס האט מיט דיר יעצט פאסירט, יתרו? — האט איהם זיין פרוי שרה געפרעגט א צושראָקענע.

— פאטער, דו זעהסט אוים אזוי בלאס?! — האט צפורה אויסגערופען.

— איך בין קוים מיט מיין לעבען ענטלאָפען פון טעמפעל! — האט יתרו געזאגט מיט א ציטערנדע שטימע.

— וואס מיינסטו? — האט שרה איהם געפרעגט מיט ערשטוינען.

די איבעריגע טעכטער זיינען אויך באלד צוגעלאָפען און ארומגערינגעלט זייער פאטער און קוקענדיג איהם מיט שרעקענדע אויגען.

— איך האב זיך ארומגעזעהען אז ווייטער וועל איך נישט קענען אנגעהן—האט יתרו געזאגט—אלע איינוואָהנער פון שטאָדט האבען זיך פערזאמעלט אין טעמפעל, מיט זייערע קרבנות און האבען געווארט אויף מיין ברכה. איך האב פלוצלינג גענומען פיהלען, אז די געטער זיינען הילפלאָז און זיי קענען נישט טאָהן קיין שלעכטעם אדער גוטעס. איך האב זיך ארומגעזעהען אז דו מיין ליעבע פרוי און צפורה זייט גערעכט, און אזוי גלייך ווי איך אליין האב אויפגעהערט איז זיי צו גלויבען, האב איך מעהר נישט געוואלט זיין פאלש צו זיך און צום פאָלק. און אין דער צייט ווען זיי האבען אלע פון מיר ערווארטעט איך זאָל זיי בענשען מיט די ברכה פון די געטער, האב איך פלוצלינג פאר אלעמען ערקלערט, אז איך קען מעהר זייער הויפט פריעסטער ניט זיין, ווייל איך האב אליין פערלאָרען מיין אמונה צו זיי. איך האב זיי געזאגט אז איך האב קיין מאָל קיין שטארקען חשק נישט געהאט צו ווערען זייער הויפט פריעסטער, און אז עס איז אויף מיר כמעט ווי ארויפגעצוואונגען געווארען. און איידער איך האב געענדיגט ריידען, איז צווישען המון אויסגעבראכען א טומעל און א שטורעם. עורב און פיעלע אנדערע האבען גענומען שרייען דאס מען זאָל מיר טויטען! און איך בין דורך א הינטער טיהר קוים מיט מיין לעבען ענטלאָפען.

— וועלען זיי דיר קומען שלעכטעס טאָהן אין דיין הויז? — האט שרה איהם געפרעגט א צושראָקענע.

— ניין, יעצט אז איך בין פון טעמפעל ארוים, האב איך פאר קיינעם נישט מורא, בלויז ווען די אויפרעגונג איז געווען גרוים, האב איך מורא געהאט זיי זאָלען מיר נישט בעפאלען.

— געלויבט איז דער גאָט פון אברהם יצחק און יעקב! — האט שרה אויסגערופען—דאס ער האט דיר אויסגעהיט פון שלעכטעס און וואס ער האט דיר אריינגעגעבען א געדאנק אז די געטער זיינען מאכטלאָז.

צפורה האט איהם ארומגענומען און געקושט און געהאלזט.

— ווי גליקליך איך בין, פאטער, —

האט זי אויסגערופין מיט טרעהרען פון פרייד—אז דו וועסט שוין פון יעצט אָן מעהר נישט זיין דער הויפט פריעסטער פון די געטער און וועסט שוין מעהר נישט געהן אין טעמפעל!

— אבער פאטער! — האט פלילה, יתרו'ס צווייטע טאָכטער, זיך אפגערופען — מיר האבען דאָך אזוי פיעל שטאָלצירט וואס דו ביזט דער הויפט פריעסטער געוועזן. עס איז דאָך ווירקליך א גרויס כבוד פאר אונז אלעמען געוועזן, טו ווי אזוי האסטו עס אויפגעגעבען?

— ווייל איך קען נישט זיין פאלש צו זיך און צו יענעם—האט יתרו געענטפערט—ווען איך האב אנגענומען דעם אמת, האב איך נאָך דאן יע געהאט עטוואס אמונה אין די געטער, אבער וואס ווייטער האב איך זיך ארומגעזעהען אז איך פערליער מיין גלויבען אין זיי און איך האב געמוזט אזוי האנדלען.

עס איז שוין געווארען האלבער טאָג און די פאסטוכער זיינען נאָך אלץ ניט געקומען צו נעהמען יתרו'ס שאָף אויף דער פאשע.

— מיר וואונדערט זיך אז די פאסטוכער זיינען אזוי שפעט נאָך נישט געקומען—האט יתרו זיך אפגערופען צו שרה'ן—דוכט זיך אז אלע האבען שוין דעם טעמפעל פערלאָזען, און זיי האבען שוין דאָ לאנג געזאלט זיין.

— מעגליך אז זיי זיינען נאָך פערבליבען אין טעמפעל—האט צפורה געזאָגט — אָט וועל איך אריבערגעהן צו אונזער עלטסטען פאסטוך, וועלכער וואהנט נישט ווייט פון דאנען און זעהן אויב ער האט זיך נאָך נישט צוריקגעקעהרט אהיים.

צפורה איז גלייך ארויס פון הויז און איז געגאנגען אין דער ריכטונג וואו דאס הויז פון עלטסטען פאסטוך איז געשטאנען. ווען זי איז צוגעקומען עטוואס נעהנטער, האט זי בעמערקט ווי פיעלע מענשען שטעהען ארום דעם פאסטוך און זיי זיינען פערטיעפט אין א היציגען געשפרעך. אייניגע פון זיי זיינען געוועזן איהר פאטער'ס פאסטוכער, אנדערע — די ארבייטער פון איהר פאטער'ס פעלדער און גערטנער.

צו צפורה'ס אויערן האבען זיך דערטראגען די הויכע קללות פון די פאסטוכער וועלכע האבען נישט אויפגעהערט צו שרייען, שטורמען, איהר איבערראשונג און ערשטוינונג איז געווארען זעהר גרויס ווען זי האט דערהערט אז די קללות ווערען געשאָלטען אויף דעם חשבון פון איהר פאטער.

— פאר וואס קומט איהר ניט פיטערען מיין פאטער'ס שאָף? — האט צפורה זיך צו זיי געווענדעט ווען זי איז צוגעקומען גאנץ נאָהענט צו זיי.

די פערזאמעלטע זיינען פלוצלינג שטיל געווארען ווען זיי האבען דערזעהען יתרו'ס עלטערע טאָכטער.

— עס איז דאָך שוין נאָך האלבען טאָג! — האט צפורה ווייטער געזאגט —און די שאָף זיינען נאָך נישט ארויסגעפיהרט געווארען אין פעלד!

— מיר וועלען שוין מעהר דיין פאטער'ס שאָף נישט פיטערן—האט דער עלטסטער פאסטוך אויסגערופען—זאל ער אליין זיין זייער פאסטוך..

— און מיר וועלען זיינע פעלדער מעהר נישט בעארבייטען—האט אייגער פון די ערד־ארבייטער זיך אפגערופען—מיר ווילען גאָר נישט טאָהן פאר יתרו'ן.

— מיר ווילען נישט קומען אין בעריהרונג מיט איינעם אויף וועמען די קללות פון די געטער רוהט.

— ער האט אונזערע הייליגע געטער בעליידיגט, און יעצט זאל ער קריגען הילף פון אנדערע געטער!

צפורה האָט עפעס זיי געוואָלט זאָגען אבער זיי האבען זיך אלע אומגעקעהרט און זיך צו איהר נישט געוואלט צוהערען.

זי איז אוועק אהיים און דערצעהלט איהר פאטער אלעס וואס זי האט געהערט.

— איך וויים — האט יתרו געזאגט —אז אין גאנצען שולדיג איז דעם איז עורב. ער האט דעם המון אויפגעהעצט

אויף מיר. דאס איז ער נאָך אויף מיר אין כעס זינט דאן, ווען איך און מיין פאטער האָבען איהם געצוואונגען ער זאָל הייראטען מיט יענער מיידעל וועלכע האט פון איהם א קינד געבוירען.

— זאָרג נישט, יתרו, מיר וועלען קריגען אנדערע פאסטוכער און ערד־ארבייטער—האט שרה צו איהם געזאָגט.

— איך וועל געהן קריגען אנדערע פאסטוכער! — האט פלילה, יתרו׳ס צווייטע טאָכטער אויסגערופען — קום, צפורה, לאָמיר געהן צוזאמען.

ביידע שוועסטער זיינען אוועק אין א פלאץ הינטערן שטאָדט, וואו עס זיינען געווען פיעלע פאסטוכער.

— ווילט איהר געהן און פאשען די שאָף ,זון מיין פאטער — האט פלילה זיך געווענדעט צו דריי געזונטע יונגען וועלכע זיינען געלעגען אויסגעצויגען אויפ׳ן גראז.

לאנגזאם האבען זיך יענע אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער, זיי האבען געגענעצט און זיך געצויגען.

— און ווער איז דיין פאטער? — האט זיך איינער צו איהר אפגערופען.

— מיין פאטער׳ס נאָמען איז יתרו! —האט פלילה געענטפערט.

— יתרו?! אָה ניין! פאר איהם וועלען מיר נישט ארבייטען. עורב האט געזאָגט אז דער וועלכער וועט טאָהן ארבייט פאר יתרו׳ן, וועט שטארבען גאנץ יונג!

צפורה און פלילה זיינען געגאנגען צו פיעלע אנדערע פאסטוכער וועלכע זיינען ארומגעגאנגען ליידיג, אבער זיי האָבען פון אלעמען געקראָגען דעם זעלבען ענטפער. זיי האבעי זיך גענומעז אומקעהרען אהיים אומעטיגע און פערזארגטע.

— וואס וועלען מיר יעצט טאָהן? —האט זיך פלילה אפגערופען צו צפורה׳ן—ווי עס ווייזט אויס וועט זיך נישט געפינען אין שטאָדט איינער, וועלכער וועט וועלן טאָהן פאר אונז עטוואס ארבייט! יע, זעהר א שלעכטע לאגע האָט אונזער פאָטער געשאפען מיט דעם וואס ער האט זיך ענטזאגט צו זיין דער הויפט פריעסטער. פריהער פלעגען אלע אויף אונז קוקען מיט גרויס קנאה. מען האט אונז געאכטעט און געשעצט. יעדער האט זיך גליקליך געפיהלט ווען מיר האבען מיט זיי א ווארט אויסגערעדט. יעצט זיינען מיר פאראכטעט. מען זוכט זיך צו דערווייטערן פון אונז, האסט אונז, און ווער ווייס אויב מען וועט נאָך אונז מעהר קיין שלעכטעס נישט טאָהן!

— מיר דארפען זיך פערלאזען אויף דעם גאָט פון אונזער מוטער, ער איז א גאָט פון גערעכטיגקייט, ער וועט אונז בעשיצען פון שלעכטעס!—האט צפורה געענטפערט פלילה׳ן.

— אבער וואס וועלען מיר דערווייל טאָהן?

— איך האב א פלאן! — האט צפורה אויסגערופעי און איהרע אויגען האבען גענומען לייכטען — מיר זיינען זיעבען טעכטער צו אונזערע עלטערן, לאָמיר אליין פיטערן אונזער פאטער׳ס שאָף. מיר זיינען אלע געזונט, מיר דארפען צו קיינעם נישט אנקומען. יע, מיר וועלען ווערען אונזער פאטער׳ס הירטינס!

— דו ביזט גערעכט, צפורה! לאָמיר ווייזען אונזערע עלטערן אז מיר קענען טאָהן דיזע ארבייט אזוי גוט ווי זיי וואלטען געהאט זיהן אנשטאט טעכטער.

— מיר ווייזען צייגען די פאסטוכער די פוילענצער, אז מיר דארפען צו זיי׳ נישט אנקומען. זיי וועלען זיך נאָך קומען בעטען ביי אונז דער פאטער זאל זיי צוריקנעהמען.

ווען צפורה און פלילה זיינען אנגעקומען אהיים, האבען זיי איבערגעגעבען זייערע עלטערן און די איבעריגע שוועסטער ווי אזוי אלי׳ איינוואוינער פון שטאָדט זיינען ענטשלאָסען נישט צו טאָהן קיין ארבייט פאר זיי.

— אבער מיר האבען נישט וואס צו זארגען! — האט צפורה אויסגערופען —מיר זיינען זיעבען שוועסטער און אלע זיינען מיר געזונט און שטארק. מיר

וועלען פיטערן אונזער פאטער׳ס שאף!

צפורה האט איבערגעגעבען איהר פלאן צו די איבעריגע שוועסטער און אלע האבען מיט צופרידענהייט צוגעשטימט דערצו.

דעם זעלבען טאג האבען זיי געקראגען קליידער פון הירטין און יתרו׳ס זיבען טעכטער האבען געטריבען זייער שאף צו דעם ברונעם וואו זיי האבען אנגעטרונקען די שאף און נאכהער האבען זיי די שאף געפיהרט אויף דער פאשע, הינטערן שטאדט.

אזוי זיינען אוועק טעג און וואכען. די ערשטע צייט פלעגען די פאסטוכער חוזק מאכען, זיי פלעגען אפשפאטען און אפלאכען פון זיי, דערנאך, ווען זיי האבען בעמערקט אז יתרו׳ס זיבען טעכטער זיינע גוטע הירטינס, האט עס זיי שטארק גענומען פערדריסען, איבערהויפט האט פערדראסען יתרו׳ס פריהערדיגע פאסטוכער. זיי האבען געמיינט אז אהן זיי וועט יתרו נישט קענען אויסקומען, און דעריבער האבען זיי געזוכט וואס מעהר צו פלאגען יתרו׳ס טעכטער; זיי פלעגען בעווארפען זיי מיט שטויב, נאכשרייען נאך זיי און אפטמאל איבערשרעקען די שאף, וועלכע פלעגען זיך צולויפען, כדי צו מאכען אז די שוועסטער זאלען האבען מעהר ארבייט צונויפצוזאמלען זיי. אבער ווען זיי האבען בעמערקט אז די שוועסטער ווערען דערצו אויך צוגעוואהנט און עס ארט זיי שוין מעהר נישט, האבען זיך די פאסטוכער פערזאמעלט און זיך בעראטען וואס ווייטער צו טאהן.

— די בעסטע זאך וואלט געווען ווען מיר לאזען זיי נישט צו צום ברונעם אנצוטרינקען זייער שאף—האט איין פאסטוך פארגעשלאגען.

— דער ברונעם בעלאנגט דאך צו אלעמען, און מיר וועלען קיין רעכט נישט האבען זיי נישט צו דערלאזען אנצושעפען וואסער — האט אן אנדער פאסטוך זיך אפגערופען.

— מיר קענען זעהן אויסמארקירען אז דעם גאנצען טאג זאלען די פאסטוכער זיך געפינען ארום ברונעם. ווען עטליכע פון אונז וועלען פארטיג ווערען און אנטרינקען זייערע שאף, וועלען צוקומען אנדערע און ווען די וועלען פארטיג ווערען, וועלען נאר אנדערע צוקומען אזוי וועלען מיר טאהן דעם גאנצען טאג, און ווען יתרו׳ס טעכטער וועלען צוקומען צום ברונעם וועלען מיר זיי פון דארטען פארטרייבען. אזוי וועלען מיר טאהן יעדעי טאג ביז וואנען די זוהן וועט אונטערגעהן, בלויז אין אבענד וועלען זיי קענען צוקומען צום ברונעם, ווען מיר וועלען שוין טרייבען די שאף צו״יק אהיים פון פעלד.

אויף מארגען, ווען יתרו׳ס טעכטער האבען געפיהרט זייער שאף צום ברונעם, זיינען צוגעקומען עטליכע פאסטוכער און האבען זיי אוועקגעטריבען און זיי האבען אנגעטרונקען זייערע שאף.

ווען דיזע פאסטוכער זיינען אוועק, זיינען די טעכטער ווידער צוגעקומען צום ברונעם און האבען גענומען אנפילען די קארעטע מיט וואסער, פלוצלינג זיינען אנגעקומען אנדערע פאסטוכער און האבען אוועקגעטריבען יתרו׳ס טעכטער מיט זייער שאף פון דער קארעטע, און בענוצענדיג זיך מיט די פולע קארעטעם וואסער, וואס די זיבען שוועסטער האבען מיט גרויס מיה אנגעפילט, האבען די פאסטוכער אנגעטרונקען זייער שאף. און ווען זיי זיינען אוועק, זיינען באלד אנגעקומען אנדערע פאסטוכער און האבען דאס זעלבע געטאהן. א פאר מאל האבען די שוועסטער געמאכט א פערזוך זיי ניט צו דערלאזען דאס צו טאהן אבער דאן האבען זיי נאך ערגער געמאכט. די פאסטוכער פלעגען זיי נעהמען שלאגען.

יתרו׳ס טעכטער האבען דעריבער בעשלאסען צו פיהרען זייער שאף צום ברונעם גאנץ פריה, איידער די איבעריגע פאסטוכער וועלען דארט צוקומען.

עטליכע טעג האבען זיי אזוי געטאהן און צוגעפיהרט די שאף צום ברונעם גאנץ פריה און קיינער האט זיי נישט געשטערט. גלייך נאכדעם פלעגען זיי פיהרען די שאף צו דער פאשע, אין זיך

צוריקקעהרען אהיים א היבשע צייט איידער די זון פלעגט פערגעהן. באלד אבער האבען זיך די פאסטוכער דערוואוסט און זיי פלעגען שוין זיין ביים ברונעם גאנץ פריה, און ווי פריה די זיבען שוועסטער פלעגען צוקומען צום ברונעם פלעגען זיי שוין דארטען געפינען עטליכע פאסטוכער וועלכע פלעגען זיי אוועקטרייבען פון דארט. עס פלעגט זיך מאכען אז זיי פלעגען מוזען אפשטעהן דעם גאנצען טאָג, ביז שפעט אין אבענד ביז וואנען זיי פלעגען קענען אנטרינקען זייערע שאָף.

זינט דאן האבען זיי שוין אויפגעהערט צו קומען צום ברונעם גאנץ פריה. ווייל זיי האבען געוואוסט אז זיי קענען אלץ איינם נישט קריגען קיין וואסער ביז אין אבענד.

דערזעהענדיג אז עס איז אונמעגליך פאר זיי צו קריגען וואסער ביז שפעט אין אבענד, לעגען זיי שוין פריהער געהן פיטערן די שאָף אין פעלד און דערנאָך פלעגען זיי געהן צום ברונעם. עס פלעגט זיך מאכען אז דער טאָג איז געווען זעהר הייס און די שאָף זיינען געווען גאנץ דורשטיג, פלעגען זיי מורען פיהרען די שאָף צום ברונים פריהער און ווארטען אויף א געלעגענהייט טאָמער וועלען זיך דארט קיין פאסטוכער נישט געפינען אויף א קליינער ווייל'ע, דאן פלעגען זיי שנעל אנשעפען דאס וואסער און צופיהרען די שאָף ביז וואנען די פאסטוכער פלעגען אנקומען און זיי ווידער פערטרייבען.

אזוי איז געווען יעדען טאָג און ווען זיי פלעגען קומען אהיים, פלעגט שוין זיין גאנץ שפעט אין אבענד. יתרו און שרה פלעגען זיין שטארק בעזארגט וועגען זייערע טעכטער, און ווען עס פלעגט זיך מאכען אז זיי פלעגען קומען גאָר שפעט, פלעגט יתרו וועלען ארויסגעהן זעהן וואס האט פאסירט, אבער שרה האט איהם נישט דערלאָזען.

— דו ווייסט דאָך, יתרו—פלעגט זי צו איהם זאָגען—ווי די פאסטוכער האסען דיך, און ווען זיי וועלען דיך דערזעהען קענען זיי נאָך דיר שלעכטעס טאָהן. נייז, דו בלייב זיצען אין הויז און איך וועל אריבערגעהן צום ברונעם און זעהן וואס האָט מיט זיי פאסירט, וואס זיי זאמען זיך אזוי לאנג.

אזוי זיינען אוועק וואכען און מאָנאטען, און קיינער האט פאר יתרו'ן ניט געוואלט טאָהן קיין ארבייט. די בעקער האבען פאר איהם קיין ברויט נישט געוואלט באקען און די קרעמער האבען איהם גארנישט פערקויפט. די וואסער שעפער פלעגען פאר איהם קיין וואסער נישט ברייגען. אלעס האבען זיי געמוזט אליין טאָהן. שרה פלעגט אליין באקען, יתרו פלעגט טאָהן די ארבייט אין זיינע פעלדער, די טעכטער פלעגען פאשען די שאָף און צוגרייטען וואסער פאר זייער הויז.

און ווען די טעכטער פלעגען זיך צוריקקעהרען פון דער פאשע, און זיי פלעגען זיך זעצען צואמען ביים טיש צו עסען דעם אבענד ברויט, פלעגען זיך אלע פיהלען גאנץ גליקליך און צופרידען.

— איך בין יעצט א סך גליקליכער ווי פריהער—האט יתרו געזאגט—איך פיהל זיך אזוי פריי, אז איך דארף נישט אנקומען צו קיין פרעמדען מענשען ער זאל דארפען פאר מיר עפעס טהאָן.

— אבער פאטער — האט די איינגסטע טאָכטער זיך אפגערופען—ביז ווי לאנג דענקסטו וועלען מיר אזוי קענען אנגעהן, מיר וועלען דאָך אלע פערמאָטערט ווערען!

— און איך האב פארלאָרען אלע מיינע פריינד! — האט נאָך א טאָכטער זיך באקלאָגט—אָה יענע צייטען ווען דו ביזט געווען דער הויפט פריעסטער און מיר פלעגען האבען אזוי פיעל גוטע פריינד. יע, דאן זיינען מיר געווען גליקליכער ווי יעצט!

— מיינע שוועסטער!—האט צפורה זיי געענטפערט—א מענש קען קיין מאָל נישט זיין גליקליך, ווען ער איז געצוואונגען זיין פאלש צו זיך און צו זיינע איבערצייגונגען. זעהט איהר דען נישט אז אונזער ליעבער פאטער גלויבט נישט אליין אין די געטער, ווי אזוי

וואלט ער געקענט אנגעהן אזא לאנגע צייט און נארען [illegible]ד און די איבעריגע מענשען פון מדין!

— יע, מיינע טעכטער! — האט יתרו זיך אפּגערופען — ווען איך בין געוועזען אין מצרים און האב געזעהן ווי די מצריים גלויבען אין פערשיעדענע געטער, ווי זיי פערהייליגען אפילו בהמות, פלעג איך זיך נישט קענען פאַרשטעלען ווי אזוי קענען מענשען זיין אזוי נאריש און ווען איך האב זיך בעקאנט מיט מיין ליעבע פרוי, אייער מוטער, און צוגעזעהן ווי אזוי די ישראלים דינען צו דעם איין איינציגען גאָט אין הימעל, האב איך פאר זיי אלעמען געקראגען פיעל מעהר דרך ארץ און איך האב געהאט ביי זיך אפּגעמאכט אין מיינע געדאנקען, אז נאכדעם ווי איך וועל הייראטען מיט מיין ליעבער שרה'ן וועל איך דינען בלויז צו איהר גאָט. ווען אבער איך בין אנגעקומען צוריק אין מיין געבורטסלאנד, מדין, און געטראפען מיין פאטער אלס דעם הויפט פריעסטער פון לאנד, און צוגעזעהן ווי אזוי אלע מיינע פריינד און בעקאנטע געהען אין טעמפעל צו דינען צו די געטער פון מדין, האט מיר אויך עפּעס גענומען ציהען אהין, און נישט אפּגעבענדיג זיך קיין רעכענונג האב איך אויך אנגעפאנגען צו דינען צו די געטער. דאָך האב איך זיך די גאנצע צייט נישט פערלאָרען, איך האב געהאלטען מיין פערשפּרעכען צו אייער מוטער, אז זי וועט קענען דינען איהר גאָט און אפילו אויך ערציהען אונזערע קינדער אין דעם גייסט פון איהר רעליגיאן. זיעבען טעכטער האט זי מיר געבאָרען, זעקס פון אייך האט געצויגען צו דינען די געטער פון מדין, בלויז איינע און דאס איז צפּורה האט נישט אפּגעטראטען פון איהר מוטער. זי האט זיך נישט געוואלט אונטערגעבען און געהן אין טעמפּעל, כאָטש דאס האט מיר דאן פערשאפט פיעלע אונאנגענעהמליכקייטען. דאך אבער האב איך אפילו קיין פערזוך נישט געמאכט איהר צו בעטען זי זאל ווען עס זיך בעווייזען אין טעמפעל! נישט אמת, מיין טאָכטער?

— אמת, מיין ליבער פאטער! — האט זיך צפּורה אויפגעהויבען און איהם א קוש געטאָהן, — דו ביזט אלע מאָל געוועזען א ליעבליכער און גוטער פאטער צו אונז אלעמען.

— יע, מיינע געטרייע קינדער, עס האט מיר „עדויערט גאנץ לאנג, ביז וואנען איך האב זיך ארומגעזעהען אז די געטער פון מדין זיינען נוצלאָז, און אז זיי קענען נישט דעם מענשען קיין גליק ברייננען. איך האב אויך געוואָלט עפענען די אויגען פון די איינוואָהנער וועלכע קומען און ברייננען זייערע קרבנות צו די געטער, אבער ווי עס ווייזט אויס, האבען די מענשען ליעב צו זיין בלינד און זיין גענארט. איך האב אבער שוין מעהר נישט געקענט דאס אריבערטראגען און איך האב עפענטליך ערקלערט וואס איך דענק וועגען די געטער.

— דו האסט אבער דיין לעבען געשטעלט אין גרויס געפאהר — האט פלילה זיך צו איהם אפּגערופען — און יעצט דארפען מיר אלע ליידען צוליעב דעם. האסטו דען נישט געקענט געפינען אן אנדער אויסרייד פאר וואס דו קענסט מעהר זייער הויפט פריעסטער נישט זיין?

— דאן וואלט איך נאָך ביז יעצט געוועזען געצוואונגען צו געהן אין טעמפעל און צו צייגען די מענשען אז איך דיען צו די געטער. יעצט אָבער בין איך פריי און פיהל זיך גליקליך. איך האב נאָך נישט געלערנט ווי אזוי צו דינען דעם גאָט פון ישראל, אבער איך האָף אז מיט דער צייט וועט אלעס פאר מיר קלאָר ווערען. אייער מוטער לערענט מיר ביסלאכווייז די וועגען פון דעם איין איינציגען גאָט, פון דעם גאָט פון איהרע עלטערן און צו איהם וועל איך דינען. אבער איהר, מיינע טעכטער, אויב ווער פון אייך וויל אנפאנגען צוריק צו דינען צו די געטער פון מדין וועל איך איהר געוויס נישט שטערען!

אלע האבען געשוויגען. כאָטש איי־

ניגע פון זיי האבען שוין לאנג געצויגען צוריק צום טעמפעל, דאך האבען זיי יעצט גארנישט גערעדט.

## 16־טער קאפיטעל.
## משה ביים ברונעם

טעג און וואכען האט משה געוואנדערט מיט זיין שטעקען אין האנט ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו דעם לאנד מדין. פאר זיינע אויגען האבען זיך ענטפלעקט גרינע בערג, פעלדער בעדעקט מיט תבואה. פערשיעדענע פרוכט־בוימער. עס איז געווען אין מיטען טאג און די זון האט שטארק געברענט. משה האט געגעסען די פרוכט וואס ער האט אויפ׳ן וועג געפונען און געטרונקען דאס וואסער פון דעם פליסענדען טייכעל. אט איז ער שוין נישט ווייט פון שטאדט. פון ווייטען בעמערקט ער פאסטוכער מיט זייערע סטאדעס שאף. ער דערנעהענטערט זיך צו זיי און פרעגט זיי דעם וועג צום שטאדט.

זיי האבען איהם אנגעצייגט און משה האט פארטגעזעצט זיין וועג ביז ער איז אנגעקומען אין שטאדט. ער איז גלייך געגאנגען צום ברונעם. דארטען האט ער אנגעשעפט א ביסעל וואסער זיך גוט אנגעטרונקען און זיך אוועקגעזעצט אונטער א בוים, נישט ווייט פון ברונעם.

ארום האט געהערשט א שטילקייט און רוהיגקייט. פון צייט צו צייט פלעגט זיך צו איהם דערטראגען א געזאנג פון פויגעל, זשומען פון א ביהן. ענדליך האט ער געפונען א ביסעל רוה—האט זיך משה געטראכט—און האט זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן גראז אונטערן בוים. ער האט זיך געפיהלט זעהר מיעד פון זיין לאנגען וואנדערן אז ער איז געווען שטארק צופרידען וואס ער האט דערגרייכט די שטאדט. דא, צווישען די איינוואהנער פון שטאדט, וועט ער שוין נישט פערפאלען ווערען. די מענשען שיינען צו זיין זעהר גוטהערציג און גאסטפריינדליך. די פאסטוכער אויפ׳ן וועג האבען איהם געענטפערט אויף זיינע פראגען און האבען איהם אנגעצייגט דעם ריכטיגען וועג צום שטאדט.

משה איז אזוי געלעגען א היבשע ווייל אויפ׳ן גראז. זיינע געדאנקען האבען איהם צוריק געבראכט אין מצרים. ער זעהט ווי שווער און ביטער זיינע אומגליקליכע ברידער ארבייטען דארטען, אין זיינע אויערן קלינגט די אנגענעהמע ליעבליכע שטימע פון זיין מוטער יוכבד. ער זעהט דעם פערזארגטען פנים פון זיין פאטער עמרם, ער פיהלט די הייסע קושען פון זיין געטרייע שוועסטער מרים, און ער הערט קלוגע רייד פון זיין ברודער אהרן. ער דערמאנט זיך אויך אז די פרינצעסין בתיה, וועלכע איז צו איהם געווען ווי א מוטער, ווי געטריי און ליעב זי איז צו איהם געווען. זי האט זיין לעבען גערעטעט. זי איז געווען אזוי גינציג צו איהם. זי איז געווען אויסגערעכענט, זי האט איהם פאר זיין אוועקגעהן איהרע ציערונג אין זיין בגד אריינגעלייגט. דא קומט איהם ארויף אויף זיין זינען די צוויי אידישע רשעים, דתן און אבירם וועלכע האבען איהם פער׳מסור׳ט פאר פרעה׳ן. ווער ווייס וויפיעל נאך צרות זיי האבען פעראורזאכט צו די איבעריגע אידען און ווידער קומט איהם ארויף אויף זיינע געדאנקען זיין משפחה. יע, זיי וועלען וויסען אז ער איז געראטעוועט געווארען. אבער זיי וועלען זיכער זיין שטארק בעזארגט וועגען איהם, זיי ווייסען דאך נישט וואו ער איז אהינגעקומען. מעגליך אז זיי וועלען איהם האלטען אין גאנצען פאר טויט. אבער ער האט נאך זיין האפנונג נישט פארלארען. ער וועט זיך נאך ווען ער איז אומקעהרען קיין מצרים און זיך זעהן מיט אלעמען. דיזע געדאנקען האבען איהם ערמוטיגט און פרעהליכער געמאכט. ער האט זיך פארגעשטעלט ווי ער קומט פלוצלינג אז אין גשן, פערשטעלטערהייד, קיינער וועט איהם נישט דערקענען, ער וועט אריינקומען צו זיין פאטער׳ס הויז און זיי זאגען אז ער איז משה. ווי גרויס וועט זייער שמחה זיין! מיט אזעלכע גליקליכע מחשבות און

חלומות האט משה איינגעדרעמלט אונטער'ן בוים.

א טומעל און א געשריי האט איהם אויפגעוועקט פון שלאף. ער האט זיך גלייך אויפגעשטעלט, אויסגעריבען די אויגען און ער האט בעמערקט זיעבען מיידלעך הירטינס שטעהען נעבען ברונעם און עטליכע געזונטע פאסטוכער טרייבען זיי אוועק פון דארטען. ער הערט ווי די מיידלאך בעטען זיך ביי די פאסטוכער:

— מיר זיינען זעהר מיעד, אונזערע שאף זיינען דורשטיג, מיר זיינען געקומען פריהער פון אייך, לאזט אונז אנטרינקען די שאף, עס וועט אונז לאנג נישט דויערן.

— א מגושם'דיגער געלעכטער האט אויסגעבראכען צווישען די פאסטוכער, און איינער האט זיך צו די הירטינס אפגערופען:

— עס איז שוין צייט דאס איהר זאלט וויסען אז מיר וועלען נישט דערלאזען אנטרינקען אייערע שאף כל זמן אנדערע פאסטוכער געפינען זיך ביים ברונעם.

— אבער ווען מיר זיינען דא אנגעקומען איז נאך קיינער נישט געווען— האט איינע פון די הירטינס געזאגט.

— כא־כא־כא! — האבען זיך די פאסטוכער פאנאנדערגעלאכט — אונז האט מען שוין אנגעזאגט אז איהר זייט אוועק צום ברונעם און דעריבער האבען מיר זיך געאיילט און אהער צוגעקומען אייך נישט צו דערלאזען אנצושעפען דאס וואסער.

— ניין! מיר וועלען פון דאנען נישט אפטרעטען! — האט משה בעמערקט ווי די עלטערע פון די הירטינס האט זיך אפגערופען,—דער ברונעם געהערט צו אלעמען. אונזער פאטער האט בעצאהלט פאר גראבען דיזען ברונעם אזוי פיעל ווי אנדערע! איהר האט קיין רעכט נישט אונז אוועקצוטרייבען פון דאנען, ווען מיר זיינען געקומען פריהער פון אייך! מיר וועלען פון דאנען נישט אפטרעטען!

א פאסטוך איז צוגעגאנגען גאנץ נאָהענט צו איהר און האט א טשירע געטאָהן מיט זיינע צייהן:

— איהר וועט פון דאנען נישט אפטרעטען! הא?! א זאיך זאג אז איהר וועט פון דעם ברונעם יע אפטרעטען אזוי ווי איהר טוט עס אלע טאָג!

— מיר האבען אזא רעכט דאָ צו בלייבען ווי איהר! — האט די זעלבע הירטין אויסגערופען.

— איך וועל דיר צייגען וואס פאר א רעכט דו האָסט! האט דער פאסטוך אויסגערופען און איהר א שטויס געטאָהן, די הירטין איז שיעור נישט אומגעפאלען, און די איבעריגע הירטינס האבען זיך שטארק דערשראקען און זיך פאנאנדערגעוויינט..

משה איז די גאנצע צייט געשטאנען אונבעמערקט פון די אנדערע. ער איז געווען ערשטוינט צו זעהן ווי אזוי די שטארקע פאסטוכער בעהאנדלען די שוואכערע פון זיי. ווען אבער ער האט געזעהען אז דער פאסטוך הויבט שוין א האנט געגען די מיידלאך, האט עס משה'ן שטארק פערדראסען.

— ווער האט דיר געגעבען דאס רעכט צו הויבען א האנט אויף דער הירטין! — האט משה זיך דערנעהנטערט צו זיי.

— און ווער האט דיר געגעבען דאס רעכט זיך אריינצומישען! — האט דער פאסטוך א קרים געטאָהן—מיר וועלען טאָהן וואס מיר ווילע מיר וועלען זיי נישט דערלאָזען אנצושעפען דאס וואסער. מיר וועלען זיי פערטרייבען פון די׳גען אזוי ווי מיר טוען דאס אלע טאָג און עס איז נישט דיין עסק!

— און איך זאג אייך אז איהר וועט זיי קיין שלעכטעס נישט טאָהן!—האט משה אויסגערופען.

דער פאסטוך האט איהם אריינגעלאכט אין פנים און האט זיך ווידער אומגעקעהרט צו די מיידלאך וועלכע זיינען געשטאנען צושראקענע.

— אויב איהר וועט באלד פון דאנען נישט אפטרעטען וועט איהר ערגער מאכען! — האט ער זיך צו זיי

געווענדעט—און האט ווידער אויפגעהויבען זיין האנט.

משה איז שנעל צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם אפגעשטופט אז א זייט.

דער פאסטוך האט זיך גלייך געכאפט שלאָגען צו איהם, אבער משה האט איה סנגעגעבן אזא שטארקען שטויס פון זיך אז ער איז גלייך אוועקגעפאלען די איבעריגע פאסטוכער זיינען באלד געקומען צו הילף זייער פריינד, אבער משה האט זיי אלעמען אזוי צושלאָגען אז זיי האבען אנגעהויבען צו לויפען.

— נעהמט מיט אייערע שאָף! — האט משה זיך אפגערופען צו די פאסטוכער וועלכע זיינען זיך צולאָפען איבערלאָזענדיג זייער שאָף נישט ווייט פון ברונעם. די פאסטוכער האבען זיך שטארק דערשראקען, זיי האבען זיך קיין מאָל נישט פארגעשטעלט, אז דער פרעמדער מאן זאל זיין אזוי שטארק. יעדער פון זיי האט שטארק געפיהלט די ווייטאָגען פון די קלעפ וואס ער האט געקראָגען.

די זיעבען שוועסטער האבען מיט גרויס בעוואונדערונג אנגעקוקט ווי דער פריימדער האט זיך אפגערעכענט מיט די פאסטוכער וועלכע האבען זיי געוואָלט פארטרייבען פון ברונעם.

די פאסטוכער, צוטומעלטע און צושראקענע האבען צונויפגעזאמעלט זייערע שאָף און גענומען שטעלען שנעלע טריט. זיי האבען זיך געשעהמט פאר זיך אליין אז אזוי פיעל פון זיי האבען נישט געקענט בייקומען איין איינציגען מאן.

— ער שיינט צו זיין זעהר שטארק! —האט זיך איין פאסטוך אפגערופען צו דיאיבעריגע ווען זיי זיינען שוין געווען גאנץ ווייט פון ברונעם! — ווער קען ער דאס זיין?

— ווי עס ווייזט אויס איז ער א מצרי! יע, איך האב דערקענט אין זיינע קליידער אז ע, איז א מצרי—האט אן אנדער פאסטוך געזאגט.

## די טאָכטער

ווען די גאנצע שאָף האָבען גענעדיגט טרינקען, האָבען יתרו׳ס טעכטער בעדאנקט דעם פרעמדען, און גליקליכע און צופרידענע האָבען זיי גענומען טרייבען זייערע שאָף צוריק אהיים. צפורה האָט עטליכע מאָל אומגעדרעהט איהר קאָפּ, און איהרע בליקען האָבען זיך באגעגענט מיט די בליקען פון דעם פרעמדען, וועלכער איז געבליבען שטעהען ביים ברונים און זיי נאָכגעפאָלגט מיט זיינע אויגען...

— וואָס פאר א גרויסען גליק האָט אונז היינט געטראָפען — האָט צפורה זיך אָפּגערופען — ער האָט אונז צעגעשיקט אזא שטארקען מאן ער זאָל זיך פאר אונז אָננעהמען. מיר וואונדערט ווער ער קען זיין.

— ווי עס שיינט איז ער א מצרי — האָט די אינגערע שוועסטער זיך אָפּגערופען — איך האָב אמאָל געזעהן א מצרי און ער האָט אויך געטראָגען אזעלכע קליידער ווי ער פרעמדער מאן.

— אָה, ווי העלדיש ער האָט אונז פארטיידיגט געגען די פאסטוכער—האָט צפורה אויסגערופען מיט באגייסטערונג —אָה ווי שעהן ער איז געווען. ווי עס ווייזט אויס איז ער אן אָרימער דורכוואנדערער.

— אָה, וואָס פאר א נקמה איך האָב געזעהן אָן דיזע פאסטוכער—האָט זיך נאָך א שוועסטער אָפּגערופען — ער האָט זיי אלעמען אזוי צוקלאפּט און צושלאָגען, אז זיי וועלען שוין נישט אזוי שנעל קומען אונז באלעסטיגען נאָך א מאָל.

— לויט זיינע אלטע און צוריסענע קליידער וואָס ער טראָגט, שיינט ער צו זיין אן אָרימער וואנדערער — האָט צפורה געזאָגט, און איהר פנים איז באדעקט געוואָרען מיט רויטקייט — אָבער ווען מען באטראכט זיין געזיכט, קען מען זעהן אז ער איז נישט קיין איינפאכער מענש... זיינע אויגען... זיין האלטונג, זיין מוטה און קוראזש וואָס ער האָט ארויסגעוויזען אָננעהמענדיג זיך די קריוודע פון די שוואכערע און

באלײדיגטע, צײגט אז ער איז אן אומגעװײנליכער מענש.

— אָה, װי איך װאָלט געװאונשען אז ער זאָל יעדען טאָג שטעהן בײם ברונים — האָט די אינגסטע שװעסטער זיך אָפּגערופען — דאן װאָלטען מיר שטענדיג געקענט קומען א הײם זעהר פריה!

— האָסטו באמערקט, צפורה, װי צושראָקען די פאסטוכער זײנען געװען? װי זײ זײנען זיך צולאָפען, די "העלדען" איבערלאָזענדיג זײערע שאָף — האָט פלילה געלאכט.

— זײ זײנען געװען העלדען געגען אונז, אָבער װי נאָר דער פרעמדער האָט זײ געגעבען פערזוכען דעם טעם פון זײנע שטארקע פױסטען, זײנען זײ זיך צולאָפען — האָט צפורה געזאָגט מיט א שמײכעל. פון דעסטװעגען איז דאָך א גרױסער װאונדער װי דער אײנציגער פרעמדער האָט בײגעקומען אזױ פיעל פאסטוכער.

— איך האָב מורא, אז די פאסטוכער װעמען דער פרעמדער האָט אזױ שטארק צושלאָגען, זאָלען נישט רופען צו הילף די איבעריגע און זיך מיט איהם דערנאָך אָפּרעכענען.

— װען עס װאָלטען געװען אפילו צװײ מאָל אזױ פיעל פאסטוכער, װאָלט ער זײ אױך בײגעקומען — האָט צפורה מיט זיכערקײט געזאָגט.

די זיבען שװעסטער האָבען צוגעטריבען זײערע שאָף און זײנען גלײך ארײן אין הױז.

יתרו און שרה זײנען זײ ענטקעגען געקומען מיט פארװאונדערונג.

— אזױ פריה? — האָט יתרו זיך אָפּגערופען און באטראכט די פרעהליכע פנימער פון זײנע טעכטער — װי אזױ איז דאָס, אז איהר זײט הײנט געקומען א הײם פריהער פון אלע מאָל? האָבען די פאסטוכער אײך אױפגעהערט צו בעלעסטיגען?

— אָה, פאָטער! — האָט צפורה אױסגערופען — די פאסטוכער האָבען זיך צו אונז נישט געענדערט. און אױך הײנט װי מיר זײנען צוגעקומען צום ברונים, האָבען זײ אונז גענומען אװעקטרײבען, אָבער פלוצלונג האָט פאר אונז ערשײנט א מאן... א װאונדערבארער מאן, הױך און שלאנק... און אױגען — געטליכע... בראװ און שטארק איז ער... גוט און גנעדיג איז ער... זײנע ליעבליכע װערטער זײנען פון זײן האָניג זיסען מױל ארױסגעקומען...

א געלעכטער האָט אױסגעבראָכען צװישען צפורה'ס איבעריגע שװעסטער, און צפורה האָט זיך באלד פארכאפּט און פארענדיגט: יא, דיזער פרעמדער מאן האָט אונז געהאָלפען פון די הענד פון די פאסטוכער. ער האָט די פאסטוכער פארטריבען און אָנגעטרונקען אונזערע שאָף.

— פארטריבען?! — האָט פלילה אױסגערופען מיט א שמײכעל — ער האָט זײ אזױ צושלאָגען, אז זײ האָבען זיך קױם געריהרט פון זײערע פלעצער. זײ זײנען צולאָפען געװאָרען װי צושראָקענע האָזען!...

— און װער איז דאָס דער מאן?— האָט שרה געפרעגט מיט נײגיריגקײט.

— מיר דוכט זיך, אז ער איז א מצרי — האָט פלילה געענטפערט — איך האָב געקענט דערקענען אָן זײנע קלײדער. איך האָב שױן א מאָל געזעהן א מצרי אין אזעלכע קלײדער.

— א מצרי? — האָט שרה אױסגערופען — אָה, פילײכט װאָלט איך פון איהם קענען הערען א גערוס פון מײנע ברידער אין מצרים. אפשר האָט ער פאר מיר פרעהליכע נײעס פון מײן געבורטס־שטאָדט גשן? עס איז דאָך שױן אזױ לאנג אז איך האָב גאָר נישט געהערט פון מײנע ברידער אין מצרים. מעגליך אז ער קען אױך װעמען עס איז פון מײן משפחה.

— און װאו איז ער? — האָט יתרו געפרעגט זײנע טעכטער.

— ער איז פארבליבען לעבען ברונעם! — האָט די אינגסטע טאָכטער געענטפערט. איך האָב נאָכגעקוקט פון הינטען און איך האָב באמערקט װי ער האָט זיך דאָרטען אװעקגעזעצט נעבען בױם.

— און פאר וואָס האָט איהר איהם נישט איינגעלאדען צו אונז אין הויז?

— האָט יתרו מיט פארוואונדערונג געפרעגט. ווי אזוי האָט איהר דאָס געקענט זיין אונדאנקבאר צו איינעם וועלכער האָט אייך ארויסגעוויזען אזוי פיעל גנאדע, און איז אייך געקומען צו הילף אין דער צייט פון אייער נויט... איך האָ בזיך אויף אייך, מיינע טעכטער נישט געריכט, אז איהר זאָלט אזוי האנדלען!

— אָה פאָטער, דו וועסט אונז מוזען ענטשולדיגען — האָט צפורה זיך אָפּגערופען. מיר זיינען געוועזן אזוי איבערראשט און צוטומעלט פון זיין פּלוצלונגער ערשיינונג, אז מיר האָבען נישט באגריפען וואָס מיר טוען.

— אפילו ווען ער וואָלט אייך נישט געהאָלפען, האָט איהר געדארפט איהם איינלאדען צו זיך א היים! — האָט שרה געזאָגט — ווען מיר זעהען א פרעמדען מענשען וועלכער שיינט צו זיין אָרעם און עלענד, איז אונזער פליכט איהם צו געבען שפייז און א דאך איבער זיין קאָפּ. אזוי האָבען זיך מיינע אור־עלטערען אויפגעפיהרט און אזוי דארפען מיר זיך אויך אויפפיהרען.

— זאָל אימיצער פון אייך טאקע געהן און דעם פרעמדען איינלאדען פאר אָווענט ברויט.

איידער יתרו האָט נאָך געענדיגט ריידען איז שוין צפורה געוועזן אויף דער צווייטער זייט טיהר און זי איז האסטיג, מיט א קלאפּענדע הארץ געלאָפען אין דער ריכטונג פון ברונעם...

---

נאָכדעם ווי משה האָט אָנגעטרונקען די שאָף פון די מיידלעך וועלכע זיינען באלד אוועקגעגאנגען, איז ער געבליבען שטעהן א ווייל פערווירט... די בליקען פון דער עלטערער מיידעל האָט איהם באצויבערט. ווי וואונדערליך שעהן זי איז... איהרע בליקען האָבען איהם געצערטעלט און געווארענט... ביז יעצט האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געטראכט פון א פרוי... די איינציגע פרויען וועלכע זיינען איהם געווען אזוי נאָהענט און פון וועמען ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראכטען זיינען געוועזן זיין מוטער יוכבד, זיין שוועסטער מרים און די פרינצעסין בתיה, וועלכע האָט איהם ערצויגען אלס איהר אייגענער זוהן... צו די אלע פרויען, וועלכע ער האָט באגעגנט דורך דער גאנצער צייט פון זיין וואנדערען, איז ער געוועזן גאנץ קאלט. קיינע פון זיי האָט זיין הארץ נישט אָנגעריהרט. ער האָט פון קיינעם פון זיי אפילו נישט א טראכט געטאָן. אָבער יענע וואונדערבארע מיידעל, די הירטין, האָט אָנגעריהרט א סטרונע אין זיין הארצען... זי האָט אויפגעעפענט דעם קוואל פון זיינע געפיהלען... דוכט זיך, ער האָט איהר בלויז א קורצע ווייל געזעהן, מיט איהר נאָר עטליכע ווערטער גערעדט, און שוין האָבען איהם די בליקען פון איהרע וואונדערשעהנע טרוימערישע אויגען גענומען פארפּאָלגען...

משה האָט זיך אנידערגעזעצט אונטער'ן בוים, וואָס איז געוועזן נעבען ברונעם... ער האָט באטראכט די אונטערגעהענדע זון. דער הימעל איז אזוי בלוי, די לעצטע רויטע פלעקען נעהמען פארשווינדען... אלעס ווערט שטיל... עטליכע פינקעלדיגע שטערען האָבען זיך גענומען באווייזען... א גרויסע בענקשאפט האָט משה'ן פּלוצלונג ארומגענומען. זיין הארץ האָט גענאָגט, געבענקט און געלעכצעט...

וועט ער איהר פנים שוין פיעלייכט מעהר קיין מאָל נישט זעהן — האָט ער זיך געטראכט — אָבער ניין, ער וועט פון דיזען פּלאַץ נישט אָפּטרעטען ביז וואנען ער וועט איהר ווידער דערזעהן... ער מוז מיט איהר נאָך אויסריידען עטליכע ווערטער... ווי זיס איהר שטימע קלינגט אין זיינע אויערען... און איהר ליעבליכער שמייכעלע ארויסצייגענדיג איהרע פּערעל־ווייסע צייהנער, שטעהט נאָך פאר זיינע אויגען; איהרע פּעך־שווארצע לאָקען האָבען נאָך זייער כשוף נישט אָפּגעטאָן פון איהם...

אזוי איז משה געזעסן און געטרוימט

און געטראַכט. ער האָט צוגעמאכט זיינע אויגען און זיך גענומען פאָרשטעלען דעם געשטאַלט פון יענער באַצויבערענדער מיידעל: ער זעהט איהר יעדער ליעבליכע מינע... אָט באַמערקט ער ווי זי שטעהט א צושראָקענע פון דער ווייטען און קוקט זיך צו מיט מורא ווי ער שלאָגט זיך מיט די פאַסטוכער. ער זעהט איהר גליקליכען שמייכעל, וואָס באַווייזט זיך אויף איהרע ליפּען, ווען זי באַמערקט ווי די פאַסטוכער צולויפען זיך אין אַלע פאַרשידענע ריכטונגען... אָה, פאר וואָס איז זי אַזוי שנעל פאַרשוואונדען פון איהם... זי האָט עטליכע מאָל אומגעדרעהט איהר קאָפּ און אויף איהם געקוקט... איהרע לעצטע בליקען האָבען איהם אַזוי פיעל מוטה געגעבען...

משה האָט נאָך אַזא וואונדערליכען געפיהל קיין מאָל נישט דורכגעמאכט. אַלעס איז איהם געוואָרען אַזוי ליעב און טייער. עס דוכט זיך איהם אז ער וואָלט קיין מאָל נישט מיד געוואָרען טראַכטענדיג פון יענער מיידעל, וועלכע האָט אַזוי פּלוצלונג זיין הארץ געפאַנגען... ער פארמאכט זיינע אויגען נאָך פעסטער און לאָזט זיך אוועק אויף די פליגלען פון זיין פאָרשטעלונג'ס־קראַפט... ווי אנגענעהם עס איז איהם צו טראַכטען פון איהר, וועלכע איז געוואָרען צו איהם ווי א וואַרימער ליכטיגער שטראַהל נאָך אַזא ענדלאָזען און מיעדען וואנדערען...

פּלוצלונג דערפיהלט משה, אז איםיצער שטעהט נעבען איהם. ער האָט אויפגעעפענט זיינע אויגען, און שנעל זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ... זיינע אויגען האָבען זיך באַגעגענט מיט איהרע אויגען...

א קליינע ווײַלע האָבען זיי זיך ביידע אָנגעקוקט שווייגענדיג, נאכהער האָט זי זיך אָפּגערופען:

— דו מוזט מיר ענטשולדיגען, מיין האר, וואָס מיר זיינען צו דיר געוועזען אַזוי אונהעפליך... איך און מיינע שוועסטער זיינען אַזוי געוואָרען צוטומעלט, אז מיר האָבען געגעבען דיר געהאַנדעלט מיט גרויס אונדאַנקבארקייט. מיר האָבען נישט געוואוסט וואָס מיר טוען... מיר האָבען דיר אפילו נישט איינגעלאַדען צו אונז אין הויז, דו זאָלסט מיט אונז מיט־עסען און זיך נאכהער אויסרוהען... קום דאָך, מיין האר, צו מיין פאָטער'ס הויז...

— אָה, איך האָב געפונען גנאָדע אין דיינע אויגען, מיין הארינטע! — האָט משה אויסגערופען, קוים קומענדיג צו זיך פון איבערראַשונג — איך דאַנק דיר זעהר פון די טיעפענים פון מיין הארצען... אָבער פיליכט וועל איך פאַלען צו לאַסט אויף דיין משפחה?...

— אָה, ניין, מיר וועלען זיך אַלע שעצען גליקליך ווען דו וועסט אונז באַעהרען מיט דיין באַזוך — האָט צפורה זיך צו איהם אָפּגערופען—מיר האָבען אונזער פאָטער און מוטער דערצעהלט וואָס דו האָסט פאַר אונז געטאָן, ווי אַזוי דו האָסט אונז ארויסגעהאָלפען אין דער צייט פון אונזער נויט, און זיי זיינען איבערראַשט געוואָרען ווען זיי האָבען געהערט אז מיר זיינען געוועזען צו דיר אַזוי אונדאַנקבאר! קום דאָך מיט מיר מיין האר. דו וועסט זיין ווילקאָמען אין אונזער הויז!

משה האָט זיך אויסגעגלייכט. א שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף זיינע ליפּען, ווען זיינע אויגען האבען זיך באגעגענט מיט איהרע ליכטיגע בריליאַנטענע אויגען

— אָה, מיין הארץ האָט זיך אין מיר אַזוי געשראָקען — האָט זי אויסגערופען ווען זיי האָבען ביידע פארלאָזען דעם ברונעם — איך האָב מורא געהאַט, אז איך וועל דיר שוין מעהר נישט טרעפען... איך וואָלט זיך קיין מאָל נישט געקענט מוחל זיין...

— און איך בין אויך שטארק צופרידען וואָס דו ביזט געקומען מיר רופען און נישט קיין אנדערע! — האָט משה צו איהר געזאָגט.

א בעשיידענער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף איהרע ליפּען און זי האָט ארונטערגעלאָזען די אויגען.

— ווי איז דיין נאָמען, מיין הארינ־

טע ? — האָט משה איהר געפרעגט, ווען זיי זיינען שוין אָפּגעגאנגען א שטיקעל וועג.

— מיין נאָמען איז צפורה ! —האָט זי געענטפערט — און ווי איז דער נאָמען פון מיין האר ?

— מיין נאָמען איז משה.

— ווי עס שיינט ביזטו א מצרי ? — האָט צפורה איהם ווייטער געפרעגט.

— איך קום פון מצרים, איך בין דאָרטען געבאָרען געוואָרען, אָבער איך בין נישט קיין מצרי — האָט משה געענטפערט.

— זאָג מיר מיין האר, זיינען אלע וועלכע זיינען געבאָרען אין מצרים אזוי שטארק ווי דו ?

— איך בין בלויז שטארק ווען עס האנדעלט זיך וועגען גערעכטיגקייט— האָט משה געענטפערט—עס איז נישט אין מיין נאטור זיך צו שלאָגען... אָבער געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט מיר געגעבען כח אייך צו באשיצען פון יע־נע אומווירדיגע פאסטוכער. ווי איך פארשטעה קומען די פאסטוכער אייך צו בעלעסטיגען יעדען טאָג.

— אויב ניט די פאסטוכער קומען אנדערע... אָבער זינט מיר פיטערען אונזער פאָטער'ס שאָף, האָבען זיי נאָך קיין טאָג נישט פארפעהלט אונז צו באליידיגען און אוועקצוטרייבען פון ברונעם. מיר זיינען געצוואונגען צו פערבלייבען נעבען ברונעם ביז גאנץ שפעט אין אָוענט, ביז וואנען אלע פאסטוכער קעהרען זיך אום צוריק אהיים.

— און פאר וואָס זיינען דאָס די פאסטוכער אזוי פארביטערט געגען אייך ?

צפורה האָט א שטילען זיפץ געטאָן...

— דו וועסט מיר ענטשולדיגען, מיין הארינטע, עס איז פיליכט נישט ריכ־טיג פון מיין זייט צו שטעלען דיר אזא פראגע.

— עס איז דאָך נאטירליך, דו זאָלסט אזא פראגע פרעגען. עס קוקט דאָך אויס מאָדנע פאר וואָס די אלע פאסטוכער זיינען געגען אונז... אָבער איך קען דיר זאָגען, מיין האר, אז ניט נאָר די פאסטוכער, נאָר אויך אלע איינוואוינער פון אונזער שטאָדט זיינען אין כעס אויף אונזער משפחה.

— פאר וואָס ?

— אויב דו וועסט האָבען גענוג געע־דולד זיך צוהערען צו מיר, מיין האר, וועל איך דיר דערצעהלען.

— דיינע רייד פארשאפען מיר בלויז פארגעניגען ! — האָט משה געזאָגט און טיעף ארייגעקוקט אין איהרע אויגען.

— מיין פאָטער איז געווען דער הויפּט־פּריסטער פון מדין, און ער האָט זיך ארומגעזעהן אז די געטער פון מדין זיינען הילפלאָז. א חוץ דעם האָט מיין מוטער און איך קיינמאָל אין זיי נישט געגלויבט... מיין פאָטער האָט אויפגע־הערט צו גלויבען אין זיי, און איין מאָל ווען אלע איינוואוינער האָבען זיך פאר־זאמעלט אין טעמפעל צו דינען צו די געטער, האָט מיין פאָטער פאר זיי ער־קלעהרט, אז ער וויל מעהר קיין הויפּט־פּריסטער נישט זיין. דאָס פאָלק איז געוואָרען זעהר אויפגעבראכט אויף מיין פאטער און ווען ער וואלט בעצייטענס נישט פערלאָזען דעם טעמפעל וואָלטען זיי איהם זיכער געטויטעט. זיי האבען איהם ארייגעלעגט אין חרם, און בא־שלאָסען אז קיינער זאָל פאר אונז קיין ארבייט נישט טאָן. די פאסטוכער האָ־בען אויפגעהערט צו פיטערן אונזערע שאָף, די פעלד ארבייטער האָבען זיך ענטזאגט צו בעארבייטען אונזערע פעל־דער, און זינט דאן האָבען מיר אָנגע־פאנגען צו פיטערען די שאָף, אָבער ווי עס ווייזט אויס איז דער כעס פון די פאסטוכער נאָך נישט קלענער געוואָרען. ביי יעדער געלעגענהייט זוכען זיי אונז צו באלעסטיגען און באליידיגען, און ווי נאָר זיי דערוויסען זיך, אז מיר געפינען זיך ביים ברונעם מיט אונזערע שאָף, אזוי קומען זיי אָן און טרייבען אונז פון דאָרט אוועק.

— אויב אזוי האָבען זיי ווירקליך פארדינט די קלעפּ וואָס זיי האָבען באקומען — האָט משה געזאָגט — איך

וועל זיי שוין אָנלערנען ווי אַזוי אייך צו בעלעסטיגען.

— ווי א מלאך געשיקט פון הימעל ביזטו דאָן ביי מיר און מיינע שוועס־טער פאררעכענט געוואָרען! — האָט צפורה אויף איהם א ליבליכען בליק געוואָרפען — מיר זיינען געווען מיעד און הונגעריג, און ווען דו וואָלסט אונז נישט געהאָלפען, וואָלטען מיר נאָך ביז יעצט נישט געהאט אָנגעטרונקען אונ־זערע שאָף.

— ווי איך פארשטעה האָסטו נאָך ניט געגעסען, מיין הארינטע. דו ביזט שוין געווען הונגעריג מיט א היבשע ווײַלע צוריק, און מיר געהען זיך אַזוי לאנגזאם...

— איך בין שוין מעהר נישט הונ־געריג, מיין האר, ווען איך געה מיט דיר. אפילו ווען דער וועג זאָל זיך צי־הען צעהן מאָל אַזוי פיעל וואָלט איך נישט הונגעריג זיין.

— און איך וואָלט אַזוי געקענט געהן און הערען דיין וואונדערליך זיסע שטימע פאר פיעלע טעג, און איך וואָלט קיין הונגער נישט געפיהלט — האָט משה געזאָגט.

צפורה׳ס פנים איז באדעקט געוואָרען מיט א רויטקייט. זי האָט א שמייכעל געטאָן און פאר משה׳ס אויגען האָבען א בליאסק געטאָן איהרע פערעלדיגע צייהן.

— דער אָוועט איז דאָך אַזא באַ־צויבערנדער — האָט משה אויסגערופען און געווענדט זיינע אויגען צום הימעל — ווי שעהן און הערליך די שטערען פינקלען אין הימעל ארומרינגלענדיג די גלאָררייכע לבנה

צפורה האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען און באטראכט דעם הימעל.

— עס איז ווירקליך א נאכט פול מיט צויבער און חן! — האָט צפורה אויס־גערופען — און מיר דוכט זיך, אז איך וועל דיזען אָוועט קיין מאָל אין מיין לעבען נישט פארגעסען!

ווען זי האָט אויפגעהויבען איהר קאָפּ האָט משה באטראכט איהר ווייסע האלז ווי אלבאסטער. דאָ האט ער זיך דערמאָהנט אָן דעם שעהנעם האלזבאנד וואָס די פרינצעסין בתיה האָט איהם געגעבען, ווען זי האָט איהם געהאָלפען אנטלויפען פון מצרים... דיזער האלז־באנד וואָלט זיך זעהר געפּאסט צו איהר וואונדער שעהנעם האלז.

משה האָט גלייך ארויסגענומען פון זיין קעשענע דעם שעהנעם האלז־באנד און זיך אָפּגערופען צו צפורה׳ן:

— דיזער האלז־באנד איז מיר גע־געבען געוואָרען א מתנה פון מיין מו־טער און איך בין זעהר פאָרזיכטיג גע־ווען דאס נישט צו פארלירען. איך בעט דיר, צפורה, נעהם עס פון מיר אלס א מתנה, דאס וועט דיין אַזוי אויך שעה־נעם האלז נאָך מעהר באצירען.

— אָה, ניין, מיין האר! — האט זי אויסגערופען צוטומעלט, און איהר פנים איז רויט געוואָרען. ווי אַזוי זאָל איך נעהמען פון מיין האר אַזא מתנה.

— האָסטו דען נישט געהערט די געשיכטע פון אברהם, ווען ער האָט געשיקט זיין קנעכט אליעזר׳ן צו זיין געבורטס־לאנד צו נעהמען א פרוי פאר זיין זוהן, יצחק, דאָרטען האָט ער אויך באגעגענט א יונגע מיידעל ביי דעם ברונעם און איהר געגעבען א האלז־באנד — האָט משה געזאָגט.

— איך ווייס די געשיכטע — האָט צפורה געענטפערט מיט א שמייכעל, אָבער רבקה האָט געקראָגען די מתנות פאר דעם וואס זי האָט געהאָלפען אָנ־טרינקען אליעזר׳ס קעמלען, און דאָ האָסטו דאך אונז געהאָלפען, דאן האָסטו דאך פארדינט א מתנה, און נישט איך.

— ווי איך זעה ווייסטו די גאנצע גע־שיכטע? — האָט משה זיך אָפּגערופען. זאָג מיר ווער האָט עס דיר דערצעהלט?

— מיין מוטער! זי האָט מיר פילע געשיכטעס דערצעהלט. זי האָט מיר דערצעהלט ווי רבקה איז געווארען יצחק׳ס פרוי. ווי שטארק ליעב זי האָט איהם געהאט.

— איז דיין מוטער אויך א מדינית?

— האָט משה איהר געפרעגט.

— ניין, בלויז מיין פאָטער איז גע־

בוירען געווארען אין מדין, מיין מוטער איז געבוירען געווארען אין מצרים, אָבער זי איז ניט קיין מצרית! — האָט צפורה זיך פארכאפּט.

א שמייכעל האָט זיך באוויזען אויף משה'ס ליפּען. ער האָט פון איהרע רייד פארשטאנען אז זי טראָגט אין איהר הארצען קיין איבעריגע ליעבשאפט ניט צו די מצריים.

— ווען איך וועל דיר זאָגען, צפורה, אז כאָטש איך בין געבוירען געווארען און אויפגעהאָדעוועט געווארען אין מצרים, בין איך אויך ניט קיין מצרי, וועסטו דען נעהמען די מתנה פון מיר?

— אָבער מיין האר פאר וואס קומט מיר אזא מתנה פון דיר, האָב איך דען דאס פארדיענט?! איך גלויב אז איך האָב פארדיענט בעשטראפט צו ווערען פאר מיין זיין אזוי אונהעפליך צו א פרעמדען, וועלכער האָט אונז אזוי אייך־דעל בעהאנדעלט, און אונז געהאָלפען אין צייט פון נויטה! מיר האָבען דיר איבערגעלאָזען אליין און מיר האָבען דיר אפילו נישט פארבעטען צו זיך אהיים.

— אָבער איך פארשטעה דאָך אז איהר זייט געווען צוטומעלט פון דער פלוצלונגען איבערראשונג, האָט משה געזאָגט. און דו דארפסט דאָך געוויס קיין שולד אויף זיך ניט נעהמען. איך בעט דיך צפורה, טו מיר די געפעליגקייט און נעהם ביי מיר די מתנה! — האָט ער איהר ווידער דערלאַנגט דעם האלזבאנד.

— אָט זיינען מיר שוין נעבען אונזער הויז! — האָט צפורה אויסגערופען, אָנצייגענדיג מיט איהר האנט אויף דעם הויז וואס איז געשטאנען ניט ווייט פון זיי.

משה האָט נאָך א ווייל געהאלטען אין זיין האנט דעם האלזבאנד אָבער ווען ער האָט געזעהען אז צפורה איז עטוואס שעהמעוודיג האָט ער איהם צוריק אריינגעלייגט אין קעשענע.

צפורה און משה זיינען אריינגעקומען אין הויז. יתרו איז איהם ענטקעגען געקומען און פריינדליך בעגריסט.

— ווילקאָמען אין מיין הויז דו, געבענשטער פון גאָט! מיינע טעכטער האָבען מיר דערצעהלט וואס דו האָסט פאר זיי געטהאָן, ווי אזוי דו האָסט געקעמפּפט מיט די פאסטוכער און זיי בייגעקומען. זעץ זיך ביים טיש און דו וועסט עסען צוזאמען מיט אונז.

צפורה האָט משה'ן דערלאַנגט וואַסער און ער האָט זיך ארומגעוואשען און זיך געזעצט נעבען יתרו'ס רעכטער האנט. שרה און איהרע טעכטער זיינען געזעסען ארום דעם טיש און האָבען ניט ארונטערגענומען זייערע אויגען פון דעם פרעמדען.

נאָך דעם עסען האָט זיך יתרו פאנאנדערגערעדט מיט משה'ן:

— מיינע טעכטער האָבען מיר געזאָגט אז דו שיינסט צו זיין א מצרי— האָט יתרו געזאָגט — אָבער כאָטש דו טראָגסט די מצרישע קליידער, דוכט זיך מיר אז דו ביזט ניט פון מצרים.

— איך בין געבארען געווארען אין מצרים! — האָט משה געענטפערט — איך בין דארטען אויך ערצויגען געווארען אָבער איך שטאם נישט פון די מצריים.

— און ווער זיינען דיינע עלטערען?

— האָט יתרו איהם געפרעגט.

— מיינע עלטערען זיינען ישראלים!

— האָט משה געזאָגט.

— ישראל'ים! — האָטש שרה אויסגערופען און צוגעגאנגען נעהנטער צו משה'ן — זאָג דאָך מיר, ווי געהט עס יעצט די אידען אין מצרים? איז פיעללייכט זייער לאגע בעסער געווארען?

— ניין, האָט משה געענטפערט, ווען איך האָב פערלאָזען מצרים, איז דארטען די לאגע פון די אידען געווען אונערטרעגליך. און טאקע צוליעב דעם בין איך געווען געצוואונגען צו אנטלויפען פון מצרים.

— וואס מיינסטו? האָט יתרו איהם געפרעגט.

— איך בין ארויסגעגאנגען זעהן ווי מיינע ברידער ארבייטען און ליידען, האָב איך בעמערקט ווי א מצרי האָט

אום׳רחמנות׳דיג געשלאָגען איינעם פון מיינע ברידער. ער האָט איהם אזוי מערדערליך געשלאָגען אז ווען איך וואָלט זיך נישט אריינגעמישט וואלט ער איהם זיכער געטויטעט ! און ווען דער מצרי האָט זיך צו מיין ווארנונג ניט געוואלט צוהערען, האָב איך איהם געטויטעט און דורך דעם געראטעוועט דעם ישראלי !

— דו האָסט דעם מצרי געטויטעט ?!

— האָט פלילה אויסגערופען און דו האָסט ניט מורא געהאט דאס צו טהאָן? אָה, ווי שטארק און בראוו דו ביזט !

— און ווי איז דיין נאָמען ? — האָט איהם יתרו געפרעגט.

— מיין נאָמען איז משה ?

— משה ? דער נאָמען שיינט מיר צו זיין גאנץ בעקאנט ! — האָט יתרו געזאָגט — זאָג מיר ווי אזוי הייסען דיינע עלטערען ?

— מיין פאָטער הייסט עמרם און מיין מוטער הייסט יוכבד !

— וואס ? — איז יתרו אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ — דו ביזט דער זוהן פון עמרם און יוכבד ? ! האָסטו אויך דען נישט א שוועסטער וועלכע הייסט מרים ?

— ריכטיג ! — האָט משה אויסגערופען. און דו מיין האר קענסט דען מיין משפחה ?

— געוויס קען איך זיי. איבערהויפט מרים׳ען, ווייל זי איז געווען די בעסטע פריינדין פון מיין פרוי שרה !

— אָה, מיין טהייערע פריינדין מרים!

— האָט שרה אויסגערופען און געווישט איהרע טרעהרען פון פרייד — זאָג מיר, וואס מאכט מרים און ווי לאנג איז דאס אז דו האָסט איהר ניט געזעהן ?

— אלע אין מיין משפחה זיינען געווען אין בעסטען צושטאנד ווען איך האָב פארלאזען מצרים איבער א יאהר צוריק ! — האָט משה א צופרידענער געזאָגט — יעצט מיין האר — האָט ער זיך געווענדעט צו יתרו׳ן זאָג דאך מיר ווי איז דיין נאָמען ? און ווען ביזטו געווען אין מצרים ?

— מיין נאָמען איז יתרו ! איך בין איינינע יאהר געווען א מיניסטער צו פרעה׳ן... און דער רשע טאגער איז געווען מיין בייזעסטער שונא. לעבט ער נאָך ?

— יע, ער לעבט נאָך און ער טהוט נאָך מעהר רשעות צו מיינע ברידער אין מצרים. אָבער יעצט וויים איך ווער דו ביזט מיין האר ! און געלויבט איז גאָט וואס ער האָט מיר אין דעם ריכטיגען וועג געפיהרט... איידער איך בין פון מצרים אנטלאָפען, האָט מיר די פרינצעסין בתיה, וועלכע האָט מיר אויפגעהאָדעוועט אלס איהר אייגענעם זוהן, געראטהען איך זאָל געהן נאָך מדין — דארטען — האָט זי מיר געזאָגט געפינט זיך איהר גוטער פריינד יתרו. און יעצט בין איך דורך א מערקווירדיגען צופאל גלייך געקומען אין דעם הויז פון יתרו׳ן.

— און ווייסטו, משה ? — האָט שרה אויסגערופען, און איהרע אויגען האָבען געגלאנצט פון פרייד און גליק — ווייסטו אז ווען דו ביזט נאָר וואס געבארען געווארען ביזטו אויסבעהאלטען געווארען פון די מצריים, אין אונזער הויז. איך און מיין שוועסטער שלומית האָבען דיר אָפּגעהיט קיין שלעכטעס זאָל דיר נישט געשעהן. ביז וואנען עס איז שוין אונמעגליך געווען דיר ווייטער אויסצובעהאלטען אין אונזער הויז, דאן האָבען מיר געהאָלפען מאכען די קעסטעלע און מען האָט דיר אוועקגעשטעלט אויף׳ן ברעג טייך וואו די פרינצעסין האָט דיר געפונען.

— אָה ביזטו עס דען שלומית׳ען שוועסטער ! איז משה׳ס איבערראשונג נאָך שטארקער געווארען.

— האָסטו דען געקענט אויך מיין משפחה ? — האָט שרה איהם געפרעגט. זאָג מיר וואס מאכט מיין פאָטער, מוטער און מיין שוועסטער. האָט זי שוין געהייראטה ?

— פרידען איז צו דיין מוטער און צו דיין שוועסטער. זי האָט געהייראטה א מאן מיט׳ן נאָמען אדר... אָבער דיין פאָטער...

— וואס ? ! מיין פאָטער איז טויט ? האָט שרה אויסגעבראכען אין געוויין.

— עס טהוט מיר זעהר לייד צו בריינגען די טרויעריגע בשורה, אָבער ער איז שוין טויט עטליכע יאהר. דער רשע קאדמאר האָט איהם פארמוטשעט צום טוידט !

— אָה, דער אומווירדיגער קאדמאר ! איך געדיינק איהם נאָך ווי ער האָט זיך געטשעפעט צו מיין שוועסטער. ער האָט אויסגעלאָזען זיין נקמה אויף מיין ארימען פאָטער און איהם געטויטעט ! — האָט שרה געזאָגט וויינענדיג. אָה, גאָט פאר וואס זשע שטראפסטו איהם ניט ?

— ער האָט שוין אויך זיין שטראף בעקומען ! — האָט משה געזאָגט — קאדמאר איז דער זעלבער מצרי ווען איך האָב געטויטעט !

— אה דו האָסט געטויטעט קאדמאר'ן — האָבען אלע מיט אמאָל אויסגערופען און זייערע אויגען האָבען ווידער גענומען אויפלייכטען.

— יע, איך האָב קאדמאר'ן געטויטעט ווען איך האָב געזעהען ווי ער שלאָגט א אידען. נאכהער האָב איך זיך דערוואוסט אז דער, וועמען ער שלאָגט איז געוועזן אדר, דער מאן פון דיין שוועסטער שלומית. יע, אדר האָט זיך געדרעהט פון יסורים. ווען ער האָט דערהערט ווי איך בעפעהל דעם מצרי ער זאָל אויפהערען איהם צו שלאָגען, האָט ער מיר דערצעהלט פאר וואס קאדמאר שלאָגט איהם. און ווי איך האָב דאס דערהערט, האָט מיין בלוט אין מיר גענומען אויפזידען און איך האָב איהם אויף אן ארט געטויטעט.

— געבענשט זאָלען זיין דיינע הענט!

— האָט שרה אויסגערופען וואס דו האָסט אין איהם נקמה גענומען פאר מיין פאָטער'ס טויט.

משה האָט פאר אלעמען דערצעלט אלעס וואס איז פארגעקומען מיט איהם זינט ער געדיינקט.

— און ווייסטו, משה אז איך האָב דיר געראטעוועט פון טויט ווען דו ביזט נאָך קוים פיער יאהר אלט געוועזן — האָט יתרו איהם אונטערבראכען. — פרעה האָט דיר געהאלטען אויף זיין שויס און דו האָסט פלוצלונג אראפגענומען זיין קרוין און זי ארויפגעטהאָן אויף דיין קאָפּ... טאגער און די איבעריגע מיניסטאָרען האָבען געווארענט פרעה'ן און איהם געזאָגט אז עס איז א שלעכטער סימן, און אויב דו וועסט בלייבען לעבען וועסטו נאָך מעגליך אוועקנעהמען פון איהם די קרוין. איך האָב אָבער געזאָגט, אז דו האָסט זיך בלויז געשפיעלט און אז דו האָסט קיין שכל נים.

— יע, איך ווייס דערפון ! — האָט משה געזאָגט — איך אליין קען דאס נישט געדיינקען אָבער די פרינצעסין פלעגט מיר דערצעהלען, ווי אזוי מען האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל פריהער אָנריהרען די ברענענדיגע קויהלען...

א היבשע ווײלע איז די גאנצע משפחה פון יתרו געזעסען ארום משה און זיך צוגעהערט מיט גרויס שפאנונג די וואונדערבארע געשיכטעס פון זיין לעבען. ער האָט זיי דערצעהלט ווי אזוי דתן און אבירם האָבען איהם גע'מסור'ט פאר פרעה'ן, און פרעה האָט געשיקט מען זאָל איהם ארומזוכען אין גאנץ מצרים, כאָטש ער איז די גאנצע צייט געוועזן אין פאלאץ.

— יע, די פרינצעסין בתיה איז צו מיר פאררעכענט ווי מיין אייגענע מוטער — זאָל גאָט איהר צושיקען זיין ברכה. זי האָט מיך פון טויט גערעטעט!

גליקליכע און צופריעדענע איז יתרו און זיין משפחה געוועזן מיט זייער גאסט.

יתרו האָט משה'ן דערצעהלט וואס מיט איהם האָט פאסירט זינט ער האָט פארלאָזען מצרים און אין יתרו'ס הויז האָט מען געפייערט א יום טוב לכבוד זייער וויכטיגען גאסט. זייער שמחה איז געוועזן זעהר גרויס, בפרט נאָך יעצט, אין דער צייט ווען זיי זיינען געוועזן אָפּגעזונדערט פון אלע איבעריגע איינוואָהנער פון שטאָדט.

צפורה האָט אויף משה'ן די גאנצע צייט געקוקט מיט ווארימע ליעבליכע בליקען. וואס מעהר זי האָט איהם בעטראכט אלץ גרעסער און וואונדערבא־

רער איז ער אין איהרע אויגען געווען. און יעצט, אז זי האָט זיך דערוואוסט אז ער איז ניט קיין מצרי, נאָר ער שטאמט פון דעם זעלבען פאָלק פון וואַנען איהר מוטער שטאמט, איז ער נאָך מעהר געשטיגען אין איהרע אויגען... זי האָט יענע נאכט איהרע אויגען נישט צוגעמאכט. זי האָט גענומען טראַכטען פון משה׳ן. יעדעם ווארט וואס ער האָט ארויסגערעדט האָט אָפּגעקלונגען אין איהרע אויערען ווי געטליכע רייד... זי האָט זיך דערמאָהנט אז משה האָט איהר בעת זי איז מיט איהם דאס ערשטע מאָל צו איהר הויז געגאנגען, געוואָלט געבען א שעהנעם האלזבאנד אלס מתנה... א מאָדנעם געפיהל נעהמט איהר דורך ווען זי גיט א טראַכט וועגען דעם. ווי גוט הארציג ער איז! ער איז אזוי שטארק און אין דער זעלבער צייט איז ער נאָבעל און איידעל. אָה, ווי זי וואָלט געוואונשען ער זאָל פארבלייבען וואס לענגער אין איהר פאָטער׳ס הויז.

— אויף מאָרגען גאנץ פריה ווען אלע האָבען נאָך געשלאָפען, איז שוין משה ארויסגעגאנגען אין יתרו׳ס גארטען. ער האָט בעטראַכט מיט גרויס בעגייסטערונג די וואונדערבארע נאַטור... ער האָט א תפילה צו גאָט געגעבען פאר דעם רוהע פלאַץ וואס ער האָט ענדליך געפונען אין יתרו׳ס הויז נאָך אזא לאנגער וואנדערונג. ער איז געווען העכסט גליקליך וואס גאָט האָט איהם גלייך געפיהרט צו דעם ברונעם וואו ער האָט געקענט קומען די טעכטער פון יתרו׳ן צו הילף.

צפורה איז אויך געווען פריה אויפגעשטאנען יענעם פריהמאָרגען און גענומען צוגרייטען דעם פריהשטיק. זי איז געווען זעהר פאָרזיכטיג ניט צו מאכען קיין גערויש, ווייל זי האָט געמיינט אז דער גאסט מוז נאָך געווים שלאָפען. ער איז דאָך געווען אזוי מיעד, האָט זי געטראַכט, אָבער ווי ערשטוינט איז זי געוואָרען ווען זי האָט ארויסגעקוקט דורך דעם פענסטער און בעמערקט משה שטעהענדיג אין גארטען. זי האָט איהם בעטראַכט און איהר הארץ האָט א פלאַטער געטהאָן. דער וויכטיגער גאסט איז שוין אזוי פריה אויפגעשטאנען. איהר האָט גענומען ציהען אונטען אין גאָרטען. זי האָט געוואָלט רעדען מיט איהם, הערען זיין שטימע און אריינקוקען אין זיינע געטליכע אויגען.

זי איז גלייך ארונטער אין גאָרטען און בעגריסט משה׳ן מיט א פריינדליכער שטימע.

משה האָט איהר געענטפערט מיט א שמייכעל. ער איז איהר גלייך אנטקעגען געקומען.

— מיין האר! האָט צפורה אויסגערופען, מיך וואונדערט זעהר וואָס דו ביזט אזוי פריה אויפגעשטאנען. איך וויים דאָך ווי מיעד דו ביזט געווען. האָסטו דען ניט געקענט שלאָפען גוט אין אונזער הויז?

— איך בין גאנץ גוט געשלאָפען, — האָט משה געענטפערט — אָבער עס איז מיין געוואָהנהייט זעהר פריה אויפצושטעהען. איך האָב ליעב צו בעאָבאכטען ווי די נאטור ערוואכט פון שלאָף, ווי די זון שיקט ארויס איהרע ערשטע שטראַהלען און טהוט אריין לעבען אין אלע בריאים וואָס דער אלמעכטיגער גאָט האָט בעשאפען.

— איך זעה, משה, אז דו ווייסט אזוי פיעל פון די אונפערשטענדליכע וועגען פון גאָט. איך בעט דיך מיר צו ערקלעהרען פיעלע פון די אונפערשטענדליכקייטען וואָס הילט ארום די גרויסקייט פון דעם באשעפער. איך בין מעהר ניט ווי א פרוי און קיין סך פון וועמען צו לערנען האָב איך אויך ניט געהאט, אויסער פון מיין ליעבער מיטער.

— די וועגען פון גאָט זיינען אונפערשטענדליך צו דעם שטערבליכען מענשען, האָט משה געענטפערט, גאָט אנטפלעקט זיך בלויז צו די וועלכע דיענען איהם מיט׳ן גאנצען הארצען.

— און ווי אזוי דארף מען דיענען גאָט? האָט זי געפרעגט.

— ווען מען איז צוא יהםמתפלל, מוז מען אין זינען האָבען בלויז איהם, דעם אלמעכטיגען, דעם איינציגען גאָט

וועלכער האָט אַלעס בעשאַפען. איך האָב צו איהם נאָר וואָס מתפלל געווען. איך האָב איהם געדאַנקט וואָס ער האָט מיך גלייך געפיהרט צו דיין פאָטער׳ס הויז, ווייל איך ווייס אַז דאָ וועל איך מיין גליק טרעפען.

ביידע האָבען געשפּאַציערט טיעפער אין גאָרטען. פלוצלינג האָט משה בעמערקט א מאָדנע פלאַנצונג אין דעם גאָרטען.

— וואָס איז דאָס פאַר א פלאַנצונג? האָט ער געפרעגט צפורה׳ן.

צפורה האָט א קוק געטהאָן און זיך אָבגערופען מיט א שמייכעל:

— דאָס איז א וואונדערליכער שטעקען איינגעפלאַנצט אין אונזער גאָרטען. מען דערצעהלט זעהר וואונדערליכע מעשיות פון דיעזען שטעקען. און די איינוואָהנער פון שטאָדט האָבען איהם א נאָמען געגעבען דער שטעקען פון ענטוישונגען!

— פאַר וואָס רופען איהם די איינוואָהנער פון שטאָדט אזוי? האָט משה געפרעגט.

צפורה׳ס פנים איז בעדעקט געוואָרען מיט א רויטקייט, און זי האָט זיך אָבגערופען:

— ווען מיין פאָטער איז געווען דער הויפּט פּריסטער פון מדין, האָבען זיך אין שטאָדט געפונען פיעלע יונגע לייט וועלכע זיינען צו מיין פאָטער געקומען און געבעטען ער זאָל מיך אָפּגעבען צו זיי פאַר א פרוי. קיינער פון די היגע יונגע לייט איז מיר ניט געפעלען געוואָרען און אויך אין מיין פאָטער׳ס אויגען האָבען זיי ניט געפונען קיין חן. דעריבער האָט מיין פאָטער צונויפגערופען אלע יונגע לייט אין דיעזען גאָרטען און זיי צוגעפיהרט צו דיעזער פלאַנצונג און האָט זיי געזאָגט:

״איהר בעמערקט אלע דיעזען שטעקען. דאָס איז א וואונדערליכער שטעקען. ער שטאַמט נאָך פון די צייטען פון אברהם, וועלכער האָט איהם אליין איינגעפלאַנצט אין דיעזען גאָרטען. זיינע וואָרצלען זיינען אזוי טיעף אין דער ערד און בלויז דער וועלכער האָט אין זיין לעבען קיין זינד ניט בעגאַנגען וועט קענען ארויסרייסען דיעזען שטעקען פון דער ערד. יעצט, אויב אימיצער פון אייך וועט בעווייזען ארויסצורייסען דיעזען שטעקען, וועט ער בעקומען מיין טאָכטער פאַר א פרוי״.

— נו, האָט ווער עס איז געמאַכט א פערזוך ארייסצורייסען איהם פון דער ערד?

— יעס, האָט צפורה געלאַכט, יעדער איינער פון זיי האָט פּרובירט מיט אלע כחות דיעזען שטעקען ארויסצורייסען, אָבער אָהן ערפאָלג. איינינע שטאַרקע יונגע לייט פלעגען שטונדען לאַנג זיך אָנשטרענגען און נעהמען רייסען, אָבער זיי האָבען געמוזט אוועקגעהן ענטוישטע. אפילו עורב, וועלכער האָט פאָרגעשלאָגען מען זאָל מיין פאָטער אין חרם אריינלעגען, ער האָט אויך עטליכע מאָל געמאַכט א פערזוך ארויסצורייסען דעם שטעקען, אָבער אָהן ערפאָלג. ער האָט אויך געזוכט אָפּצונאַרען מיין זיידען, ער האָט איהם געוואָלט איינרעדען אַז אין חלום האָבען די געטער איהם בעשטימט פאַר מיין מאַן, אָבער מיין פאָטער האָט באַלד ענטדעקט זיין פאַלשקייט.

— דאָס איז דאָך דער זעלבער עורב וועגען וועמען דיין פאָטער האָט מיר לעצטען אָבענד דערצעהלט? — האָט משה געזאָגט.

— יאָ, ער איז פריהער געווען א פּאַסטוך און יעצט איז ער געוואָרען דער צייטווייליגער פּריסטער פון מדין! ער איז זעהר אויפגעבראַכט אויף מיין פאָטער, ווייל ער האָט זיינע פלענער צושטערט. און דאָ נישט לאַנג האָט ער דורך איינעם פון זיינע יונגען געשיקט זאָגען מיין פאָטער אַז אויב ער וועט צושטימען און מיר איבערגעבען צו איהם אלס זיין פרוי, וועט ער ארונטערנעהמען דעם חרם פון איהם.

— און וואָס האָט איהם דיין פאָטער געענטפערט?

— ער האָט דעם יונג פון הויז ארויסגעטריבען. און באַלד איז דער יונג צו־

ריקגעקומען און געזאָגט אַז דער פּריסטער עורב איז זיכער דאָס יעצט, מיט דער הילף פון די געטער, וועט ער קענען ארויסרייסען דיזען שטעקען... דאָריבער פערלאַנגט ער מען זאָל איהם ערלויבען אריינצוקומען אין אונזער גאָרטען...

— נו, און דיין פאטער האָט איהם ערלויבט?

— מיין פאטער האָט איהם דאָס אויך נישט געוואָלט נאָכגעבען, אָבער איך און מיין מוטער האָבען איהם צוגערעדט ער זאָל איהם ערלויבען דאָס צו טהאָן. „מיר ווייסען דאָך אַז די געטער זיינען הילפלאָז — האָבען מיר געזאָגט אונזער פאטער — און אויב דו וועסט איהם נישט דערלאָזען אריינצוקומען אין גאָרטען און מאַכען נאָך אַ פּאַרזוך ארויסצורייסען דעם שטעקען, וועט ער דאָך מיינען, דאָס ער וואָלט עס יעצט געוויס געקענט באַווייזען... מיין פאטער האָט זיך צו אונז צוגעהערט און איהם געהייסען קומען... מיר זיינען אַלע אריין אין גאָרטען און פון וויטען בעטראַכט ווי עורב מאַטערט זיך ארויסצורייסען דעם שטעקען. מיר האָבען באַמערקט ווי ער פאַרגלאָצט מיט די אויגען, ווי זיינע ליפּען מורמלען אַ תפלה... און דערנאָך האָט ער מיט זיינע לעצטע כחות גענומען איהם רייסען . . . ער איז אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ היבשע ווייל און איז דורכגעווייקט געוואָרען מיט שווייס... און דערנאָך איז ער מיט שאַנדע פון דאָרט אוועקגעגאַנגען. ער האָט זיך אפילו אויף אונז נישט געוואָלט אומקוקען... זינט דאַן, איז זיין שנאה צו אונז נאָך שטאַרקער געוואָרען... מיר האָבען עס געפיהלט ווייל די פּאַסטוכער זיינען געגען אונז נאָך מעהר פאַרביטערט געוואָרען און האָבען אונז נישט צוגעלאָזען צום ברונעם ביז גאַנץ שפּעט אין אָבענד.

— און מעהר האָבען די יונגע לייט פון מדין קיין פּאַרזוך נישט געמאַכט צו קומען אין דיין פאטער׳ס גאָרטען? — האָט משה געפרעגט.

— ניין, זינט עורב׳ס לעצטען דורכפאַל איז שוין קיינער מעהר נישט געקומען. זיי האָבען אַ נאָמען געגעבען דיזע פּלאַנצונג — דער שטעקען פון ענטטוישונג... און ווען אימיצער קומט און מאַכט אַ פאַרשלאַג צו אונזער פאטער דאָס ער וויל הייראַטען מיט מיר, און מיין פאטער וויל איהם נישט האָבען פאַר זיין איידעם, דאַן הייסט ער איהם ארויסרייסען דיזען שטעקען...

משה האָט אַ ווייל̈ע בעטראַכט דעם שטעקען און געזאָגט:

— עס איז טאַקע אַ מערקווירדיגע פּלאַנצונג... עס איז דעם ערשטען מאָל וואָס איך זעה אַזאַ שטעקען איינגעפּלאַנצט אין גאָרטען!

משה האָט געוואָלט אָנריהרען דעם שטעקען. אָבער צפּורה האָט געזעהן אָפּצואווענדען איהם פון יענעם פּלאַץ.

— מיין האַר מוז געוויס הונגעריג זיין! — האָט זי אויסגערופען, — קום מיר וועלען אריינגעהן עסען פריהשטיק.

משה און צפּורה זיינען אריין אין הויז. אַלע זיינען שוין געהאַט אויפגעשטאַנען פון שלאָף.

יתרו האָט משה׳ן פריינדליך באַגריסט און פּלילה האָט געקוקט אויף איהר עלטערע שוועסטער צפּורה׳ן מיט אייפערזיכטיגע אויגען. ווען זי איז אריין אין איהר שוועסטערס צימער און דאָרט זי נישט געטראָפען, האָט זי גלייך פאַרשטאַנען אַז צפּורה געפינט זיך מיט משה׳ן אין גאָרטען. זי האָט ארויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער און זיי ביידען דערזעהן אָנקומענדיג. דאָס האָט איהר פאַרדראָסען. זי האָט געהאַט ביי זיך בעשלאָסען זיך צו זעהן מיט דעם פרעמדען מאַן, פריהער איידער איהר שוועסטער וועט האָבען אַ געלעגענהייט זיך מיט איהם צו זעהן, און יעצט באַמערקט זי גאָר אַז צפּורה איז איהר דעם וועג פאַרלאָפען... איהר צאָרן האָט אין איהר געברענט אויף איהר שוועסטער. ווען מען האָט געדאַרפט געהן איינלאַדען דעם העלדישען יונגען מאַן אין הויז, איז צפּורה געווען די ערשטע צו לויפען צום ברונעם. און יעצט, ווי נאָר ער איז אויפגעשטאַנען, איז זי שוין אַרונטער צו איהם אין גאָרטען... אָבער זי וועט איהר

אַנלערנען. זי מיינט, אז זי איז מיט איין יאָהר עלטער פאַר איהר, דאַריבער בעלאַנגט אַלעס צו איהר... זי וועט איהר ווייזען אז משה וועט זיך אין איהר מעהר פאַראינטערעסירען... איז זי דען נישט אזוי שעהן ווי צפורה... אזוי האָט פלילה געטראַכט ווען זי האָט געהאָלפען צוגרייטען צום טיש, און פון צייט צו צייט, האָט זי געוואָרפען א בליק אין משה'ס ריכטונג.

נאָך דעם פריהשטיק האָבען יתרו'ס טעכטער גענומען טרייבען די שאָף אין פעלד פאַר פאַשע.

— איך וועל היינט העלפען דער מוטער אין הויז! — האָט פלילה זיך אָפּגערופען צו איהרע איבריגע שוועסטער.

— און ווען איך וועל פאַרטיג ווערען, וועל איך צוקומען צו אייך.

אַלע זיינען אוועק מיט די שאָף אויסער פלילה וועלכע איז פאַרבליבען אין הויז.

— פאַרוואָס ביזטו נישט געגאַנגען מיט דיינע שוועסטער? — האָט יתרו איהר געפרעגט.

— מיר האָבען דאָך היינט א גאַסט און די מוטער וועט געוויס דאַרפען שווערער אַרבייטען צוצוגרייטען דעם מיטאָג. האָב איך בעשלאָסען איהר אַרויסצוהעלפען ביז וואַנען זי וועט פערטיג ווערען מיט איהר אַרבייט און דערנאָך וועל איך געהן צו מיינע שוועסטער.

— זיי געבענשט צו גאָט, מיין טאָכטער, וואָס דו ביזט אזוי אויסגערעכענט. דיין מוטער איז שוין טאַקע זעהר מיעד און דו וועסט קענען פאַרגרינגערען איהר אַרבייט.

משה האָט געבעטען יתרו'ן ער זאָל איהם געבען עטוואָס אַרבייט.

— דו ביזט מיין גאַסט און דאַרפסט זיך אויסרוהען, — האָט יתרו איהם געזאָגט.

משה איז אָבער צו איהם צוגעשטאַנען און יתרו האָט איהם געזאָגט, אז אויב ער וויל, קען ער אַרומשניידען די צווייגען פון די בוימער און אויסרייסען די ווילדע גראָזען פון דעם גאָרטען.

משה האָט א שמייכעל געטהאָן.

— דו מעגסט זיכער זיין, א אין מדין זיינען פאַראַן שטאַרקערע מענשען פאַר מיר, — האָט ער געזאָגט.

— איך האָב שוין געזעהן פיעלע יונגע לייט וועלכע האָבען אונז געוואָלט אַרויסצייגען זייער גבורה... אָבער איך בין איבערצייגט אז קיינער פון זיי קען זיך נישט פאַרגלייכען מיט דיר... האָסטו דען אונז נישט אַרויסגעוויזען אַן אויסערגעוועהנליכע גבורה ווען דו האָסט אזוי העלדיש געקעמפט געגען אזוי פיעל פאַסטיכער און זיי בייגעקומען.

א צופרידענער איז משה אַרונטער אין גאָרטען און גענומען טהאָן זיין אַרבייט מיט פלייסיגקייט. פלוצים האָט משה דערפיהלט ווי אימיצער שטעהט נעבען איהם. ער האָט זיך אימגעקוקט און דערזעהן פלילה'ן.

— ענטשולדיג מיר מיין האַר! — האָט פלילה אויסגערופען, — איך האָב נישט געמיינט דיר צו שטערען, אָבער איך בין געשטאַנען און בעוואונדערט ווי שנעל דו אַרבייטעסט... מיר דוכט זיך אז דו ביזט דער שטאַרקסטער מאַן אין גאַנץ מדין...

— דאָס האָט מיר גאָט געהאָלפען!

— האָט משה געזאָגט, — ווייל די גערעכטיגקייט איז געווען מיט מיר... זיי האָבען קיין רעכט נישט געהאַט אייך צו פערטרייבען פון דעם ברונעם און אייך צו בעלעסטיגען...

— האָסטו געזעהן דעם וואונדערליכען שטעקען וואָס וואַקסט אין אונזער גאָרטען? — האָט פלילה איהם געפרעגט.

— יאָ, איך האָב איהם געזעהן, און צפורה האָט מיר וועגען אַלעס דערצעהלט, — האָט משה געזאָגט.

— האָט זי דיר אויך געזאָגט, אז דער פאָטער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אז דער וועלכער וועט וועלען מיט איהר חתונה האָבען, וועט מוזען אַרויסרייסען דיזען שטעקען... יאָ, עס איז ריכטיג, איך בין זיכער, אז דער פאָטער האָט אויף דעם געגעבען א שבועה... אָבער דאָס האָט ער בלויז געמיינט צפורה'ן און מעהר קיינעם נישט. ווען אימיצער וועט וועלען

חתונה האָבען מיט מיר אָדער מיט מיינע אינגערע שוועסטער, וועט ער נישט דארפען פּרובירען זיינע כוחות ארויסצורייסען דיזען שטעקען... און איך האָב געהערט אז עס איז אינמעגליך דיזען שטעקען ארויסצורייסען, און די וועלכע מאַכען א פּארזוך דאָס צו טהאָן, טהוט זיך דאָס מזל אָפּ פון זיי . . .

— פון וואנען ווייסטו אז עס איז ניט מזל'דיג פאר די וועלכע האָבען א דורכפאל זוכענדיג ארויסצורייסען דעם שטעקען.

— איך ווייס ! כמעט יעדער איינער וועלכער איז אין גארטען געוועזען און זיך צוגעריהרט צו דעם שטעקען איז נאכהער קראנק געווארען. און איך בעט דיר משה, דו זאָלסט קיינמאָל ניט מאַכען קיין פּארזוך ארויסצורייסען דיעזען שטעקען . . .

— אבער דיין שוועסטער האָט מיר דערצעהלט, אז בלויז די וועלכע געפינען חן אין דיין פּאָטער'ס אויגען, הייסט ער ארויסציהען דיעזען שטעקען . . .

— ניין, זי האָט דיר ניט ריכטיג איבערגעגעבען ! — האָט פּלילה געזאָגט.

— איך האָב אליין געהערט ווי מיין פּאָטער האָט געזאָגט אז דער וועלכער וועט וועלען הייראטען צפּורה'ן וועט מוזען ארויסרייסען דיעזען שטעקען, און אויב ער וועט עס ניט באווייזען, וועט יענער קיינע אויסזיכטען ניט האָבען צפּורה'ן פאר זיין פרוי צו קריגען.

— אבער איך קען ניט פארשטעהן — האָט משה זיך צו איהר אָפּגערופען קוים איינהאלטענדיג זיין שמייכעל — פארוואָס זאָל דיין פאטער מאַכען אזא שווערע בעדינג וועגען צפּורה'ן און ניט מיט דיר, אָדער מיט אן אנדער שוועסטער.

דאָס איז אויך שווער צו פארשטעהן ! — האָט פּלילה א שאָקעל געטאָהן מיט איהר קאָפּ.

—מעגליך אז דיין שוועסטער צפּורה איז זעהר טייער ביי דיין פּאָטער און דעריבער פערלאנגט ער אז דער וועלכער זאָל איהר נעמען פאר זיין פרוי מוז אויסערגעוועהנליך שטארק זיין . . .

— דער פּאָטער האָט אונז אלעמען גלייך ליעב ! — האָט פּלילה געזאָגט — דאָך האָט ער בלויז אזא באדינג געשטעלט פאר צפּורה'ן, ווייל ווי איך פארשטעה איז זי זעהר פרום — זי דינט צו דעם זעלבען גאָט צו וועמען מיין מוטער דיענט, צו דעם גאָט פון ישראל, און מיין פּאָטער גלויבט, אז נאר דער וועלכער איז ריין פון זינד וועט קענען באווייזען ארויסצורייסען דעם שטעקען פון דער ערד . . . איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, משה, איך האָב מורא אז מיין שוועסטער צפּורה וועט שוין קיינמאָל ניט הייראטען !

— יע, עס איז גאנץ שווער צו געפינען איינעם וועלכער זאָל אינגאנצען זיין ריין פון זינד ! — האָט משה זיך אָפּגערופען, פונדעסטוועגען וואלט איך געוואלט פּרובירען מיינע כוחות און מאַכען א פּערזוך ארויסצורייסען דיעזען שטעקען.

— און איך ראטה דיר, משה, דאָס ניט צו טהאָן — האָט פּלילה אויסגערופען — פאר וואס זאָל מיין פּאָטער דענקען אז דו האָסט געזינדיגט.

— אבער ווען איך זאָל וועלען נעהמען דיין שוועסטער צפּורה'ן פאר מיין פרוי וועל איך דאָך פריהער מוזען ארויסרייסען דיעזען שטעקען ! — וועל איך זעהען, אויב איך בין איהר ווערט !

— עס איז נאָך ניט געבארען געוואָרען יענע מיידעל צו וועלכער מיין האר זאָל ניט זיין ווערטה ! — האָט פּלילה געזאָגט און איהר פּנים איז רויט געוואָרען. פיעלע יונגע לייט פון מדין נאָך אין דער צייט ווען מיין פּאָטער איז געוועזען דער הויפּט פריעסטער, האָבען געוואלט מיך נעהמען פאר א פרוי אבער איך האָב אויף אלעמען געקוקט מיט פאראכטונג . . . איך מוז זיך מודה זיין, מיין האר, אז איך האָב נאָך ניט געזעהן איינעם צווישען זיי וועלכע זאָל זיך קענען מיט עטוואס צוגלייכען צו דיר !

משה איז צוגעגאנגען עטוואס נעהנטער צו דעם שטעקען און איהם אנגעריהרט מיט'ן האנט.

— יע, דער שטעקען איז טאַקע שטאַרק איינגעפלאַנצט אין דער ערד... און עס וועט זיין גאַנץ שווער איהם אַרויסצורייסען . . .

— און דאַריבער טאַקע וואָלט איך דיר געראַטהען דו זאָלסט אפילו קיין פּאַרזוך ניט מאַכען !

— דו ביזט גערעכט, פּלילה, פאַרוואָס זאָל איך אינגאַנצען פאַרלירען די געלעגענהייט, ווען עס איז צו קריגען צפּורה׳ן פאַר מיין פרוי . . .

— האָט מיין האַר ליעב מיין עלטערע שוועסטער ? — האָט פּלילה געפרעגט מיט א שטימע פון אייפערזוכט.

משה האָט א שמייכעל געטאָן און האָט איהר ניט געענטפערט.

פּלילה האָט זיך פאַרשעהמט און ענטשולדיגענדיג זיך פאַר איהם איז זי גלייך אַרויס פון גאַרטען.

משה איז געבליבען שטעהן א ווײַלע פאַרטראַכט. ער האָט פאַרשטאַנען פון די רייד פון פּלילה׳ן אַז זי איז שטאַרק אייפערזיכטיג אויף איהר שוועסטער... ער איז זיכער אַז צפורה בעזיצט אָן אידעלערע נשמה ווי פּלילה... ווען זי וואָלט געוואוסט אַז ער איז פאַראינטערעסירט אין איהר שוועסטער וואָלט זי אַזוי ניט געהאַנדעלט . . . לאַנג האָט ער ניט געטראַכט, ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט און אַרומגעשניטען די צווייגען און אויסגעריסען די ווילדע גראָזען.

## 17טער קאַפּיטעל

## די פאַסטוכער פלאַנעווען נקמה

ווען די פאַסטוכער האָבען זיך עטוואָס דערווייטערט פון ברונעם און באַמערקט ווי דער פרעמדער שעפּט אָן וואַסער און טרינקט אָן יתרו׳ס שאָף איז זייער צאָרן נאָך גרעסער געוואָרען . . .

— ווי אַזוי וואַגט עס א פרעמדער צו קומען און העלפען יתרו׳ס טעכטער !

— האָט א פאַסטוך זיך אָפּגערופען.

— יעצט רעדסטו ! — האָט א צווייטער געענטפערט. — פריהער ווען דער פרעמדער האָט אונז גענומען געבען קלעפּ האָסטו זיך אַרויסגעדרעהט און געשטאַנען פון ווייטען. דו מיינסט אַז איך האָב ניט באַמערקט ? ! דו האָסט בלויז געשריען אַבער העלפען אונז איהם אָפּצושלאָגען צוריק האָסטו ניט, און יעצט וואונדערסטו זיך ווי אַזוי דער פרעמדער האָט געוואַגט.

— איך בין געוואָרען אַזוי צוטומעלט אַז איך האָב ניט געוואוסט וואָס איך טהו — האָט דער פאַסטוך זיך גענומען פאַרענטפערען. — דאָך מוז איך צוגעבען אַז איהר האָט אַלע גאַנץ בראַוו געקעמפט געגען איהם . . .

— מעגליך, אַז דו וואָלסט אונז ניט פאַרלאָזען, וואָלט ער אונז אַזוי שנעל ניט באַזיעגט ! עס איז דאָך אומפאַרשטענדליך ווי אַזוי איין מענש, ווי שטאַרק ער זאָל ניט זיין, זאָל אונז אַזוי פיעל פאַסטוכער מאַכען צו אַנטלויפען.

— ווען ער וואָלט נאָר בלויז געמאַכט מיר זאָלען אַנטלויפען, וואָלט מיר שוין אַזוי ניט געאַרט — אָבער די קלעפּ וואָס ער האָט אין אונז אַריינגעלעגט וועט אַזוי שנעל ניט פאַרגעהן. — מיינע צייהן אין מויל האָבען זיך גענומען שאָקלען פון זיין קלאַפּ וואָס ער האָט מיר געגעבען איבער מיין פּנים.

— ער האָט דאָך אונז פריהער געוואָרענט, און מיר האָבען איהם ניט געוואָלט פאָלגען.

— ווער האָט עס געזאָלט וויסען אַז ער איז אַזא גבור ? איך האָב געמיינט אַז ווען מיר אַלע וועלען זיך א נעהם טהאָן צו איהם וועט ער אַנטלויפען פון ברונעם.

— די שאַנדע איז נאָך שטאַרקער פון די קלעפּ וואָס מיר האָבען אַלע געקראָגען. איך האָב באַמערקט ווי יתרו׳ס טעכטער האָבען הנאה געהאַט צו צוזעהען ווי אַזוי דער פרעמדער שלאָגט אונז.

— יע, איך קען זיך פאַרשטעלען ווי גרויס זייער שמחה איז. באַמערקסטו דען ניט דעם ברייטען שמייכעל אויף זייערע ליפּען.

— איך האָב קיין כוח ניט צו צוטרייבען די שאָף צו מיין האַר׳ס הויז

— האָט א פאסטוך גענומען קרעכצען און זיך צוגעזעצט אויפ'ן גראָז . . .

— קיינער וואָלט דאָך ניט געוואָלט גלויבען אז עס איז מעגליך, דאָס איין מאן זאָל ארויסציינען אזוי פיעל גבורה.

— אה,ער בעזיצט אייזערנע פויסטען! — האָט נאָך א פאסטוך געזאָגט, האַלטענדיג זיך ביי זיין זייט — ער האָט מיר געגעבען אזא קלאַפּ אָט דאָ, אז איך האָב געמיינט אז איך וועל זיך שוין מעהר פון אָרט ניט קענען ריהרען. . .

און מיין באק איז אין גאנצען געשוואָלען געוואָרען — האָט איינער זיך געהאַלטען פאר'ן באק.

— עס איז אונזער גליק אז מיר האָבען זיך אָפּגעטראָגען אין צייט ווען מיר וואָלטען זיך נאָך איינגעשפּארט, און מיט איהם גענומען קעמפּפען, וואָלט קיינער פון אונז קיין לעבעדיגער ניט פערבליבען!

— איך גלויב אז מיר דארפען זיך מיט איהם דערפאר אָפּרעכענען, מיר וועלען זיך אלע צונויפזאמלען און איהם ווייזען ווי זיך אָנצונעהמען פאר יתרו'ס טעכטער.

— עס וועט דאָך פאר אונז אליין זיין א גרויסע שאנדע ווען מיר וועלען דארפען דערצעהלען, אז איין מאן האָט אונז אלעמען ביינעקומען און אזוי שרעקליך צוממית'ט!...

— איך גלויב אז עס וועט טאקע זיין פאר אונז א סך בעסער ווען מיר דערצעהלען פאר קיינעם ניט וואָס מיט אונז האָט פּאסירט — האָט א קורצגעוויקסיגער פאסטוך זיך אָפּגערופען — פאר וואָס זאָל די גאנצע שטאָדט באלד זיך דערוויסען אז מיר, צעהן פאסטוכער האָבען זיך דערשראָקען פאר איין מאן און זיינען אנטלאָפען, נאָכדעם ווי יעדער פון אונז האָט געקראָגען גוט אָנגעבראָכען די ביינער. . .

— און אויב מיר וועלען ניט דערצעהלען, דענקסטו אז מען וועט זיך אין שטאָדט באלד דערפון ניט דערוויסען? יתרו'ס טעכטער אליין וועלען דאָך פאר אלעמען דערצעהלען. . .

— פאר דעם דארפען מיר ניט מורא האָבען! ווער רעדט רען מיט זיי, פאר וועמען וועלען זיי דאָס דערצעהלען, אז אלע זייערע פריינד האָבען זיך פון זיי אָפּגעקעהרט. . . און אפילו ווען זיי וועלען פּרובירען דערצעהלען, ווער מען זיי דען גלויבען?...

— מיין עצה וואָלט געווען אז מיר זאָלען זאָגען די אנדערע פאסטוכער ווע־מען מיר וועלען טרעפען אויפ'ן וועג, אז די טעכטער פון יתרו געפינען זיך ביים ברונעם, און זיי זאָלען זיך איילען פון דאָרטען זיי צו פערטרייבען. . . יאָ, זאָלען אויך די אנדערע פאסטוכער פערזוכען דעם טעם פון יענעם מאן'ס קלעפּ!

— דו ביזט גערעכט, זאָלען זיי אויך קריגען אָנגעשלאָגען און אפשר וועלען די אנדערע פאסטוכער ניט זיין אזעלכע פייגלינגע ווי מיר זיינען געווען און דעם פרעמדען גוט אָנשלאָגען. . .

— ניין, מיר געפעלט ניט דיין עצה! ווען מיר זאָלען אהין צושיקען יעצט אנדערע פאסטוכער, וועלען זיי זיך שוין דערוויסען וואָס מיט אונז איז פּאָרגעקומען; און אויב זיי וועלען צושלאָגען דעם פרעמדען מאן, וועלען זיי אונז האַלטען פאר שוואכלינגע, און טאָמער וועט ער זיי צושלאָגען, וועלען זיי אונז בעשולדיגען אין דעם.

נאָכדעם ווי די פאסטוכער האָבען זיך אָפּגערוהט האָבען זיי גענומען טרייבען זייערע שאָף אהיים. זיי האָבען באַשלאָסען אז אויף מאָרגען זאָלען זיי לאָזען אנדערע פאסטוכער צוצוגעהן צום ברונעם אוועקצוטרייבען יתרו'ס טעכטער.

— מיר וועלען שטעהן פון דער ווייטען און צוזעהען וואָס דאָ קומט פאָר!

— האָט איינער זיך אָפּגערופען איידער זיי האָבען זיך אָפּגעטיילט — און אויב מיר וועלען באמערקען אז זיי האָבען די אויבערהאנט איבער דעם פרעמדען, וועלען מיר נאָך צוקומען און זיי העלפען און ווען מיר וועלען באמערקען אז אויך יענע פאסטוכער ווערען פון

איהם געשלאָגען, דאן וועלען מיר זיך אפילו דאָרטען ניט באווייזען . . .

— און איך גלויב אז מיר זאָלען אלע גלייך דאָרטען צוקומען און ווען דער פרעמדער וועט דערזעהען אז מיר זיינען אזוי פיעל אין צאָהל וועט ער זיך דער־שרעקען און אנטלויפען.

אויף מאָרגען נאָך מיטאג האבען די־זעלבע פאסטוכער ביי זיך אפגעמאכט צו צושיקען זייערע פריינד צום ברו־נעם צו פערמיידען יתרו׳ס טעכטער אנ־צוטרינקען זייערע שאָף.

נישט ווייט פון ברונעם האָבען זיך געפונען ארום צעהן פאסטוכער, וועלכע האבען נאָר געווארט אז יתרו׳ס טעכ־טער זאלען אהין צוקומען. לאנג האבען זיי נישט געדארפט ווארטען. פון ווייטען האבען זיי בעמערקט ווי יתרו׳ס טעכ־טער קומען אָן.

די פאסטוכער האָבען זיך אפגערוקט פון ברונעם מיט זייערע שאָף, זיי האָ־בען געוואלט אז יתרו׳ס טעכטער זאלען דערווייל אנפילען די קאָריטעס, און ערשט דאן וועלען זיי אוועקטרייבען זיי פון ברונעם.

די זיעבען טעכטער זיינען צוגעקומען מיט געלאסענע טריט און האבען אנ־געפאנגען אנצופילען די קארעטעס מיט וואסער.

— ווי עס ווייזט אויס, האבען זיך די פאסטוכער דערשראקען פאר משה׳ן —האט פלילה, וועלכע איז נאָך האל־בען טאָג צוגעקומען צו העלפען איהרע שוועסטער, זיך אפגערופען.

— נאָך אזעלכע קלעפ ווי זיי האבען פון איהם געקראגען וועלען זיי שוין פערזאָגען א צעהנטען אונז מעהר נישט צו בעלעסטיגען—האט צפורה געזאגט מיט א שמייכעל, אריינגיסענדיג נאָך אן עמער וואסער אין די קאָרעטע.

— זיי זיינען געווען העלדען בלויז געגען אונז! — האט מעכה, יתרו׳ס דריטע טאָכטער געזאגט—אבער יעצט וועלען זיי שוין מעהר קיין העלדען נישט זיין.

די קאָרעטעס זיינען אנגעפילט גע־ווארען און צוויי פון די שוועסטער האָ־בען גענומען צו טרייבען די שאָף צום ברונעם. פלוצלינג זיינען צוגעלאָפען די פאָסטוכער און האבען גענומען אוועק־טרייבען די שוועסטער.

— מיר וועלען נישט געהן! — האט פלילה זיך געגענגעשטעלט—מיר האבען א רעכט צו דעם ברונעם אזוי ווי איהר, בפרט אז מיר זיינען געקומען פריהער!

— דאס וועלען מיר שוין זעהן! — האט א פאסטוך איהר א שטויס געטאָהן —אייער שאָף וועלען קיין וואסער נישט קריגען ביז וואנען מיר וועלען פארטיג ווערען מיט אונזער שאָף.

— מיר האבען דאס וואסער אנגע־פילט—האט זיך צפורה אפגערופען — און איהר האט קיין רעכט נישט זיך צו בענוצען מיט אונזער מיה!

— מיר האבען אלע רעכט, מיר זיי־נען נישט ארייינגעלייגט אין חרם ווי יתרו אייער פאטער!

— און מיר וועלען פון דאנען נישט אפטרעטען! — האט פלילה צוריק אפ־געשטויסען דעם פאסטוד.

די פאסטוכער האבען גענומען זיי שלאָגען, אבער די שוועסטער האבען נישט געוואלט אפטרעטען.

— איך וועל געהן רופען משה׳ן!— האט חלאה, יתרו׳ס אינגסטע טאָכטער זיך אפגערופען.

— דו וועסט איהם יעצט טרעפען אין גארטען! — האט פלילה אנגעזאגט חלאה׳ן—געה שנעלער זאג איהם אז אנ־דערע פאסטוכער זיינען היינט געקומען אונז בעלעסטיגען און מיר ערווארטען זיין הילף.

— גוט! איך לויף! — האט חלאה אויסגערופען, אבער דערווייל טרעט נישט אפ פון ברונעם.

חלאה איז שנעל געלאָפען אנצוזאגען משה׳ן, און איהרע שוועסטער האבען דערווייל אנגעפיהרט א קאמף מיט די פאסטוכער, נישט אפטרעטענדיג פון ברונעם. קוים אפכאפענדיג איהר אטעם, איז חלאה צוגעלאָפען צו משה׳ן און אויסגערופען:

— די פאסטוכער זיינען ווידער בע־

פאלען מיינע שוועסטער און ווילען זיי פערטרייבען פון ברונעם נאָך דעם ווי מיר האבען אנגעפילט די קאַרעטעס מיט וואסער! און מיינע שוועסטער האבען מיר געשיקט דיך צו רופען צו הילף.

— ווי פיעל פאסטוכער געפינען זיך יעצטביים ברונעם? — האט איהר משה געפרעגט.

— צעהן פון זיי, און ווער ווייס, מעגליך אז א ביסעל שפעטער וועלען אנקומען נאָך . עהר.

— גוט! — האט משה אויסגערופען—איך געה שוין! ער איז צוגעגאנגען צו דעם פלאץ וואו דער וואונדערליכער שטעקען איז געווען איינגעפלאנצט און האט איהם מיט איין שטארקען ריס ארויסגעריסען מיט די ווארצלען פון דער ערד!

די קליינע חלאה איז געווארען אזוי איבערראשט ווען זי האט געזעהען ווי משה האט אזוי גרינג ארויסגעריסען דעם שטעקען, אז זי איז שנעל ארויפגעלאָפען אין הויז און אויסגעשריען:

— פאטער, מוטער!

— וואס האט פאסירט, מיין טאָכטער'ל? —איז יתרו איהר ענטקעגען געקומען א צושראָקענער.

— מיין קינד! — איז שרה בלאס געווארען ווען זי האט דערזעהען איהר אינגסטע טאָכטער אזוי צושויבערט און צוטומעלט.

— איך בין געלאָפען אנזאגען משה'ן אז די פאסטוכער זיינען ווידער אמאָל געקומען אונז צו פערטרייבען פון דעם ברונעם, האב איך בעמערקט ווי משה איז צוגעגאנגען צ' דעם שטעקען און איהם מיט איין ריס איהם ארויסגעריסען פון דער ערד.

יתרו און זיין פרוי זיינען געווארען אויסער זיך פון איבערראשונג און זיי זיינען באלד ארויס פון הויז צו זעהן דעם וואונדער מיט זייערע אויגען.

— וואו איז משה! — האט יתרו געפרעגט חלאה'ן ווען ער האט איהם אין גארטען נישט געטראפען.

— ער איז געווים אוועקגעגאנגען צום ברונעם! — האט חלאה אויסגערופען— ער איז אוועק מיט דעם שטעקען צו העלפען מיינע שוועסטער.

יתרו, שרה און חלאה זיינען מיט שנעלע טריט צוגעקומען צום ברונעם, און ווען זיי זיינען געווען גאנץ נאָהענט האבען זיי בעמערקט ווי די פאסטוכער צולויפען זיך אין גרויס צוטומעלטקייט און שרעק.

— וואס האט דאָ פאסירט?—האט יתרו זיך געווענ־עט צו צפורה'ן וועלכע איז געשטאנען בעוועגלאָז און אין איהרע אויגען זיינען געווען טרעהרען פון פרייד.

פלילה איז געשטאנען א בלאסע און צושראָקענע און נישט ארונטערגענומען איהרע אויגען פון משה'ן וועלכער איז געשטאנען מיט דעם שטעקען אין האנט!

— דו האסט דעם שטעקען פון דעם גארטען ארויסגעריסען! — האט יתרו זיך צו משה'ן געווענדעט — געבענשט זיי פון גאָט... יעצט זעה איך אז דו בעזיצסט איבערמענשליכע כוחות... קיינער אין גאנץ מדין האט נישט געקענט בעווייזען אזא גבורה!

— דו האסט געדארפט זעהן פאטער ווי דערשראָקען די פאסטוכער זיינען געווארען ווען זיי האבען דערזעהען דעם שטעקען אין זיינע הענט! אלע האבען גלייך דערקענט אז אין משה'ס הענט געפינט זיך דער שטעקען פון ענטוישונג, און איידער מיר האבען בעוויזען זיך גוט ארומצוקוקען זיינען זיי זיך צולאָפען.

— האסטו :עהערט וועגען דעם שטעקען? — האט יתרו געפרעגט משה'ן.

— יע, איך האב געהערט! צפורה און פלילה האבען מיר אלעם דערצעהלט יעצט האָב איך ועסטו מיין פערלאנג נישט ענטזאגען!

— אויב צפורה וועט נישט האבען דאגעגען וועל איך דאָך געוויס זיין צופרידען! — האט יתרו אויסגערופען און זיינע אויגען האבען געשטראהלט פון פרייד.

— לאמיר געהן פריהער אהיים!— האט די גליקליכע מוטער געזאגט—

וואָרום זאָלען מיר וועגען דיזער זאַך ריידען אין דרויסען.

— די שאָף האָבען נאָך נישט געטרונקען! — האָט פּלילה זיך אָפּגערופען און איהר פּנים האָט געברענט פון קנאה.

זיי האָבען אָנגעטרונקען די שאָף און גענומען טרייבען די שאָף אַהיים.

יתרו און שרה האָבען אַ וואונק געטאָהן צו זייערע טעכטער און זיי האָבען איבערגעלאָזט משה׳ן און צפּורה׳ן גאַנץ ווייט הינטער זיך.

— דו האָסט בעוויזען אַן אונמעגליכע זאַך! — האָט צפּורה זיך אָפּגערופען צו משה׳ן און זיך פערדרייטעלט.

— יע, צפּורה, אמת׳ע הייליגע ליעבע בעזיצט אַן אונגעהויער גרויסע קראַפט... ווי אַזוי האָב דיך צום ערשטען מאָל דערזעהען האָט מיר מיין האַרץ אַ ציה געטהאָן צו דיר... יעצט האָף איך אַז דו וועסט זיך שוין מעהר נישט ענטזאָגען צו נעהמען דעם האַלזבאַנד פון מיר.

משה האָט פון זיין קעשענע אַרויסגענומען דעם האַלזבאַנד און עס איבערגעגעבען צפּורה׳ן. מיט ליעבליכע בליקען האָט צפּורה געקוקט אויף משה׳ן, דעם העלד פון איהרע חלומות. זי האָט מיט דאַנקבאַרקייט פון איהם גענומען די מתנה.

— אַזוי איז געוויס דער ווילען פון גאָט! — האָט משה זיך אָפּגערופען — ער האָט אַריינגעגעבען אַ געדאַנק דיין פאָטער אַז בלויז דער וועלכער וועט בעוויזען אַרויסצוציהען דיזען שטעקען, זאָל זיין בערעכטיגט צו קריגען זיין הסכמה, און יעצט האָט מיר גאָט געגעבען גענוג כּוח און איך האָב דיזען שטעקען אַרויסגעריסען... איך האָף אַז דו וועסט געוויס נישט זיין דאַגעגען... וועסטו צושטימען צו ווערען מיין פרוי?

צפּורה׳ס אויגען האָבען משה׳ן געענטפערט... אַ גליקליכער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף איהרע ליפּען וועלכע האָבען זיך בעגעגענט מיט זיינע צום ערשטען מאָל.

אין איינינע טעג אַרום איז אין יתרו׳ס הויז געפייערט געוואָרען די חתונה פון צפּורה׳ן מיט משה׳ן. אַלע זיינען געווען גליקליך און צופרידען. די שוועסטער האָבען געטאַנצט און געזונגען, אויסער פּלילה וועלכע איז די גאַנצע צייט געווען גאַנץ אומעטיג. זי האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין וואָס זי איז דאָן אַרונטער אין גאָרטען און זיך מיט איהם צורעדט. ווען זי וואָלט זיך בעהערשט די ערשטע עטליכע טעג, וואָלט זי נישט געפאַלען אין זיינע אויגען און דאַן.... באַלד אָבער האָט אַפילו אויך פּלילה איינגעזעהען אַז איהר שוועסטער צפּורה איז ווערטה צו זיין משה׳ס פרוי און זי האָט איהר אין האַרצען צוגעוואונשען גליק.

איינינע טעג נאָך דער חתונה, האָט משה זיך אָפּגערופען צו זיין שווער:

— עס איז אַ צו גרויסע לאַסט פאַר דיינע טעכטער צו געהן און פיטערן די שאָף און האָבען צו טאָהן יעדען טאָג מיט די פערגרעבטע פּאַסטוכער, איך וועל אַליין פיטערן דיינע שאָף.

— איך וועל זיין העכסט צופרידען, משה! — האָט יתרו איהם געענטפערט — אָבער דאָך וויל איך נישט אַרויפוואַרפען דעם גאַנצען לאַסט אויף דיר. מיינע טעכטער וועלען דיר אַרויסהעלפען צוביסלעך.

— איך גלויב אַז איך וועל אַליין קענען פּאַשען די שאָף, זאָלען בעסער די טעכטער אַרויסהעלפען אין שטוב און אין גאָרטען.

זינט דאַן האָט משה געפיטערט יתרו׳ס שאָף.

---

ווען עורב דער צייטווייליגער הויפּט פריעסטער האָט זיך דערוואוסט, אַז צפּורה האָט חתונה געהאַט מיט דעם פרעמדען מאַן וועלכער האָט פעראורזאַכט אַ גרויס טומעל אין מדין, האָט ער צוזאַמענגערופען אַלע זיינע גוטע פריינד און די פּאַסטוכער זיך צו בעראַטען מיט זיי ווי אַזוי איהם אין גאַנצען צו בעזייטיגען פון שטאָדט.

— אויב מיר קאָנען נישט פערבאָטען

יתרו'ס איידעם צו שעפּעז וואסער פון דיזעז ברונעם, וועלעז מיר דאָך קענעז נישט דערלאָזעז ער זאָל פּיטערן די שאָף אין אונזערע פעלדער. אין ברונעם האט יתרו אויך א חלק, אבער אין די לאָנקעס און פעלדער וואס איז הינטערן שטאָדט האט דער פרעמדער קיין רעכט צו פיהרעז די שאָף אויב מיר זיינעז דאגעגעז. דעריבער איז מיין עצה אז מיר זאלעז דעם פרעמדעז־נאָכשפּירעז און וואו נאָר ער וועט פּאשעז די שאָף זאלעז מיר אנשיקעז די אייגענטימער פון די פּלעצער און פערלאנגעז פון איהם ער זאל פון דארטעז אפּטרעטעז.

— און וואס וועלעז מיר טאָהז אויב ער וועט זיך ענטזאגעז אונז צו פאָלגעז? — האבעז אייניגע איהם געפרעגט.

— דאן וועלעז מיר האבעז א רעכט איהם צו בעפעלעז און צווינגעז צו פערלאָזעז אונזער שטאָדט! — האט עורב געזאגט.

— אבער ווען דו וואלסט געוואוסט ווי שטארק דיזער פרעמדער איז! — האט זיך א פּאסטוך אפּגערופעז — קיינער פון אונז וועט נישט וואגעז זיך מיט איהם אנצופאנגעז.

— איך וועל מיט אייך מיטגעהז! — האט עורב געזאגט — און איך וועל שוין זעהן אז ער זאל נישט פּיטערן די שאָף אין אונז[...]רע פעלדער.

— ארום שטאָדט זיינעז פאראן גענוג לאָנקעס וואס געהערט נישט צו קיינעם וועט ער זיך קענעז דאמיט בענוצעז.

— ער דארף נישט וויסעז אז יענע לאָנקעס זיינעז הפקר — האט עורב געזאגט — איך וועל שוין געפינעז מענשעז וועלכע וועלעז זאגעז אז דאס לאנד געהערט צו זיי. מיר מוזעז איהם פערטריבעז — ... 

מעז משה האט אזוי צושלאָגעז דעם ערשטעז טאָג ווען ער איז אנגעקומעז אין מדין, ביים ברונעם, יענע האבעז שוין לאנג געפּלאנעוועט נקמה צו נעהמעז פון איהם. און דעריבער זיינעז זיי געוועז גאנץ צופרידעז צו הערעז וואס עורב האט זיי געראטעז.

— מיר וועלעז זיך אלע פערזאמלעז ארום איהם, ער וועט זיך דאָך נישט קענעז געגענשטעלעז אונז אלעמעז און דאן וועלעז מיר איהם אזוי צושלאָגעז, אז ער וועט קיין כח נישט האבעז מעהר צו פּאשעז די שאָף פון יתרו'ן.

— איך וויים נישט פארוואס, אבער מיין הארץ זאָגט מיר אז מיר זאלעז זיך מיט משה'ן נישט אנפאנגעז. — האט אן עלטערער פּאסטוך זיך אפּגערופעז — מיר דוכט זיך אז ער בעזיצט איבערמענשליכע כוחות.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט אז משה'ס גבורה איז אן איבערנאטירליכע! — האט נאָך איינער געזאגט — מיר אלע וויסעז ווי גרוים דער חשק איז געוועז פון די שטארקסטע יונגע לייט פון מדין, צו קריגעז די שעהנע צפּורה'ן פאר א פרוי און דעריבער האט קיינער פון זיי נישט געזשאלעוועט קיין מיה און געזוכט מיט אלע מיטלעז ארויסצורייסעז דעם וואונדערליכעז שטעקעז פון יתרו'ס גארטעז, און עס האט קיינעם נישט געלונגעז! אפילו עורב דער פּריעסטער וועלכער האט ערווארטעט הילף פון די געטער, האט עס אויך נישט געקענט בעווייזעז.

— מיר האט מעז דערצעהלט — האט א יונגער פּאסטוך געזאגט — אז איין מאָל האבעז זיך אין יתרו'ס גאָרטעז צוזאמענגעקליבעז אן ערד פון פופציג יונגע לייט און ווען יעדער פון זיי האט פּרובירט זיינע כוחות אבער אָהן ערפאָלג, האט איינער פאָרגעשלאָגעז אז זיי זאלעז אלע מיט אמאָל ארויסרייסעז דעם שטעקעז, און דערנאָך זאלעז זיי ווארפעז גורל [...]ון דער וועלכער וועט זוכה זיין וועט זיין דער גליקליכער און הייראטעז מיט צפּורה'ן. זיי האבעז אלע אפּגעווארט ווען יתרו איז נישט געוועז

אין גאָרטען און מיט פעראייניגטע כוחות פון די פופציג שטאַרקע יונגע לייט האבען זיך גענומען רייסען דיזען שטעקען. דער שוויים האט זיך פון זייערע פּנים'ער געגאסען אבער זייער מיה איז געווען אומזיסט; דעם שטעקען האבען זיי נישט ארויסגעריסען, און זייט דאן האט יעדער פון זיי אויפגעגעבען די האָפענונג אלי אזא גבורה צו בעווייזען! און יעצט קענען מיר זיך פאָרשטעלען ווי שטאַרק משה איז אז ער האט אליין ארויסגעריסען דעם שטעקען.

— דאס איז טאקע א בעווייז—האט דער עלטערער פאסטוך צוגעגעבען — אז משה באזיצט איבערמענשליכע כוחות און אז זיין גאָט בעשיצט איהם, און דעריבער וואלט מיין עצה געווען מיט איהם זיך נישט אנצופאנגען.

— ווען ער וועט פיהרען זיין שווער'ס שאָף צו פיטערן אין אונזערע פעלדער, פאר וואס זאלען מיר איהם נישט זאגען?

— אויב דיין זאגען וועט העלפען, וואלט נישט אויסגעמאכט, אבער וואס וועסטו טהאָן אז משה וועט זיך צו דיר נישט וועלען צוהערען און פאָרט פיטערן זיינע שאָף דארט וואו דו ווילסט נישט, וועסטו דען מיט איהם געהן קעמפען?! —האט א הויכער און דארער פאסטוך זיך אפגערופען.

— ווי שטאַרק משה זאל נישט זיין, וועט ער אונז נישט קענען בייקומען אויב מיר וועלען אלע צוזאמען קעמפען געגען איהם—האָט אן אנדער פאסטוך אויסגערופען—מיר וועלען זיך אלע פעראייניגען געגען איהם און דאן וועט ער נישט וואגען זיך געגענשטעלען געגען אונז.

איינמאָהל ווען משה האט געפיהרט זיינע שאָף הינטערן שטאָדט צו דער פאשע, האבען זיך נישט ווייט פון יענעם פלאץ צוזאמענגעקומען זעהר פיעל פאסטוכער, בעהאלטענדיג זיך צווישען די בוימער משה זאל זיי נישט בעמערקען. זיי האבען אויסגעקליבען צוויי פון זיי און זיי אנגעזאגט צוצוקומען צו משה'ן און פערלאנגען ער זאל אוועק פון דיזען פעלד, ווייל דאס פעלד בעלאנגט צו זיי, און אויב ער וועט נישט וועלען פאָלגען און מיט זיי אנפאנגען צו קעמפען, דאן זאל איינער פון זיי א פייף טאָהן מיט דעם פייפעל און זיי וועלען אלע מיט אמאָל אנקומען און בעפאלען משה'ן און איהם אזוי צושלאָגען אז ער וועט פאר א היבשע צייט נישט קענען ארויסקומען פיטערן די שאָף פון יתרו'ן.

משה'ס שאָף האבען זיך רוהיג געפיטערט אויפ'ן גראָז, עטליכע שעפעלעך וועלכע האבען זיך ערווייטערט פון די איבעריגע האט משה מיט זיין שטעקען אין האנט געטריבען אין שטאָדע. פלוצלונג זעהט ער ווי צוויי פאסטוכער קומען איהם ענטקעגען. ער האט זיך אפּגעשטעלט און געווארט ביז וואנען זיי וועלען צו איהם צוקומען.

— וואס פערלאנגט איהר? — האט זיי משה געפרעגט ווען זיי זיינען שוין גאנץ נאָהענט געווען.

— מיר פערלאנגען אז דו זאלסט נישט פאשען דיינע שאָף אין אונזערע פעלדער!

— בעלאנגען דען דיזע פעלדער צו אייך! — האט משה זיי געפרעגט.

— געוויס, דיזע פעלדער און לאַנקעס פון דעם גאנצען געגענד בעלאנגט צו אונז.

— און איך האב געמיינט אז דיזע פעלדער בעלאנגען צו קיינעם נישט! — האט משה זיך אפגערופען — איהר וועט מיר מוזען ענטשולדיגען מיינע פריינד, איך וועל גלייך פיהרען מיינע שאָף ווייטער, און פאר דעם היזק וואס מיינע שאָף האבען אייך פאראורזאכט וועל איך אייך בעצאָהלען.

— מיר ווילען נישט קיין געצאָהלט און מיר ווילען נישט דו זאלסט קומען מיט דיינע שאָף אהער! — האבען זיי איהם געזאגט.

משה האט זיך נאָך עטליכע מאָל ענטשולדיגט פאר זיי, און ער האט זיי פערזיכערט אז ער וועט שוין מעהר נישט פיטערן די שאָף אין פעלדער וואס בעלאנגט צו די איינוואָהנער פון

שטאָדט. ער האט גלייך גענומען טרייבען די שאָף ווייטער.

די צוויי פּאסטוכער האבען זיך צוריקגעקעהרט צו די איבעריגע און זיי איבערגעגעבען משה׳ס רייד.

— מיר האבען געזוכט איהם ארייניצוציהען אין א קריעג, אבער ער איז געווען אזוי מילד או׳ ער האט זיך אזוי פיעל ענטשולדיגט פאר אונז, אז מיר האבען נישט געוואוסט וואס צו טאָהן.

— זאלען אנדערע צוויי פון אונז איהם נאכפּאָלגען ווען ער וועט קומען אין אן אנדער פעלד מיט זיינע שאָף, וועלען זיי צוקומען און זאגען איהם אז דאס פעלד איז זייערע און אזוי וועלען מיר טאָהן צו איהם וואוהין ער זאל נישט קומען, ביז וואנען ער וועט מוזען אויפגעבען צו פּאשען יתרו׳ס שאָף.

משה איז גאנץ ווייט אוועק פון יענעם פּלאַץ, אבער איידער ער האט צייט געהאט זיך ארומצוקוקען זיינען צו איהם צוגעגאנגען צוויי אנדערע מענשען און איהם געזאגט אז דאס פעלד בילאנגט צו זיי און ער האט קיין רעכט נישט צו פיטערען דאָרטען זיין שאָף.

משה האט זיך ענטשולדיגט אויך פאר דיזע מענשען און ער האט גענומען טרייבען זיינע שאָף נאָך ווייטער. אבער אויך דאָרטען האט ער בעגעגענט מענשען וועלכע האבען געזאגט אז די פּעלדער בעלאנגען צו זיי און משה איז געצוואונגען געווען צו געהן נאָך ווייטער.

ער איז צוגעקומען צו א פּלאַץ וואו עס איז געווען גאנץ גוטע פּאשע, ער איז געווען גאנץ מיעד און אויך די שאָף זיינען געווען אויסגעמאטערט.

— דאָ וועלען זיי זיך שוין קענען אויסרוהען.—האט ער געטראכט—דיעזער פּלאַץ מוז געוויס הפקר זיין. ער האט זיך אוועקגעזעצט זיך אפּצוקיהלען אונטער זיין שאָטען. לאנג אבער איז ער דארטען נישט געזעסען, פון ווייטען האט ער בעמערקט צוויי אנדערע מענשען אנקומענדיג צו איהם; ער האט זיך אויפגעשטעלט און זיי ענטקעגען געגאנגען:

—בעלאנגט דיזער פּלאַץ צו אייך? — האט זיי משה געפרעגט.

— געוויס! — האבען זיי געענטפערט—מיר וועלען נישט ערלויבען אז פרעמדע שאָף זאלען זיך פּאשען אויף אונזערע פעלדער.

משה האט א קוועטש געטאָהן מיט די פּלייצעם:

— ווייסט איהר פיליכט פון א פּלאַץ וואס עס איז הפקר! — האט ער זיי געפרעגט.

דער איינציגער פּלאַץ וואס בעלאנגט נישט צו קיינעם איז דער מדבר!—האבען זיי איהם געענטפערט. די אלע פעלדער און לאָנקעס וואס איז הינטערן שטאָדט, בעלאנגען צו די מענשען פון שטאָדט, און מיר פערלאנגען פון דיר דו זאלסט מעהר אהער נישט קומען מיט דיינע שאָף!

— איך וועל זיכער נישט וועלען אז מיינע שאָף זאלען זיך פיטערן אין פרעמדע פעלדער! — האט משה זיי געענטפערט. ווען איינער פיטערט זיינע שאָף אין א פרעמדעס פעלד, איז יים אין מיינע אויגען פערעכענט אזוי גוט ווי גנבה אדער גזלה, און דעריבער וועל איך זעהן זיך דערפון אויסצוהיטען.

משה האט יענעם טאָג שוין ווייטער זיינע שאָף נישט געפיהרט ער האט זיי שוין געטריבען צוריק אין שטאָדט און זיי געבראכט אהיים.

ווען יתרו און די איבעריגע האבען איהם געפרעגט די אורזאכע פארוואס ער האט זיך אזוי פריה אומגעקעהרט פון דער פּאשע, האט משה זיי דערצעהלט אלעס וואס האט מיט איהם פּאסירט.

— דו דארפסט זיי נישט גלויבען! —האט יתרו צו איהם געזאגט—זיי זוכען דיך צו פערטרייבען פון שטאָדט, דעריבער זאגען זיי דיר אז די פעלדער בעלאנגען צו זיי. איך צווייפעל אין זייערע רייד.

— אויב עס איז פאראן א ספק גנבה אדער גזלה, דאן מוזען מיר אויך דאס זעהן צו פערמיידען!—האט משה געענטפערט.—איך האב דעריבער בע־

שלאָסען צו פיהרען די שאָף צו דעם מדבר חורב וואס איז נישט ווייט פון מדין, דארטען, האב איך בעמערקט, געפינט זיך א היבשע שטרעקע לאנד, וואס איז גאנץ גוט בעוואַקסען מיט גראָז און אויך וואסער איז דארט פאראן. יע, אהין וועל איך פיהרען די שאָף, דארט וועט אויך מיין געוויסען זיין רוהיג.. איך וועל זיין זיכער אז איך בעגעה ניט קיין עולה געגען וועמען עס איז.

— אבער עס איז דאָך אזוי ווייט! —האט יתרו געזאגט—עס וועט דאָך פאר דיר גאנץ שווער זיין צו פיהרען דארטען די שאָף יעדען טאָג.

— וועל איך דארטען אויפשטעלען א געצעלט פאר מיר און דארטען פארברייננגען א לענגערע צייט! — האט משה געזאגט.

— און איך וועל מיט דיר מיטגעהן! —האט זיין פרוי צפורה זיך אפגערופען—איך וועל זעהר שטארק בענקען אויב דו וועסט זיך נישט אומקעהרען יעדען אבענד אהיים.

— משה האט איהר אנגעקוקט מיט ליעבליכע בליקען. ער האט איהר אנגענומען פאר'ן האנט או,ן זיי ביידע האבען אוועקגעשפאצירט.

— צפורה! — האט ער זיך צו איהר אבגערופען—דאס וועט דאָך דיר פערורזאכען אזוי פיעל אומבעקוועמליכקייטען, צו זיין גאנץ ווייט אוועק פון דיין היים, און זיך געפינען אין דער מדבר.

— דו ווייסט נישט, משה, ווי שטארק ליעב איך האב דעם מדבר! — האט צפורה געזאגט—נאָך איידער דו ביזט אהערגעקומען פלעג איך גאנץ אליין אוועקוואנדערן אהין צום מדבר און דארטען וואו עס האט געהערשט אזא געטליכע שטילקייט, האב איך ליעב געהאט צו וועבען מיינע חלומות, צו טרוימען פון א וואונדערבארע וועלט, פון מענשען וועלכע זיינען גוט, און זוכען נישט שלעכטעס צו טאָהן איינער דעם צווייטען. איך פלעג אזוי דארטען אפזיצען שטונדען לאנג אויף איינעם פון די פעלזען פון דער מדבר, פערטיעפט

אין מיינע מחשבות און געשפונען די פעדים פון מיין טרוים....

— און וואס נאָך פאר א חלומות האסטו געהאט! — האט איהר משה געפרעגט.

— איך האב געטרוימט פון דיר, מיין ליעבער משה!

— פון מיר?! — האט ער איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג—ווי אזוי האסטו געקענט טרוימען פון מיר, אז דו האסט נאָך דאן אפילו נישט געוואוסט אויב איך עקזיסטיר אויף דער וועלט.

— איך האב גע'חלום'ט פון איינעם וועלכער זאל בעזיצען אונגעהויער גרויסע קראפט אביער צו דערזעלבער צייט זאל ער זוכען גערעכטיגקייט, ער זאל בעשיצען דעם שוואכערען און גערעכטען געגען דעם שטארקערען אומגערעכטען. ער זאל זעהן געטליכקייט אין אלעם וואס געפינט זיך ארום אונז. ער זאל שטאמען פון דעם פאלק פון וואנען מיין מוטער שטאמט... און אלע מיינע חלומות זיינען פערווירקליכט געווארען, ווען דו ביזט צו מיר געקומען... אָה, משה, דו האסט געבראכט גליק און ליכט אין מיין איינזאמען לעבען... איך האב קיין פלאץ נישט געפונען אין שטאָדט צווישען די מענשען וועלכע זיינען אזוי פערדאָרבען און דעריבער האט מיר געצויגען צום מדבר וואו אלעס איז רוהיג און א הייליגע שטילקייט הערשט דארטען וואו דער הימעל איז אזוי קלאָר און די לופט איז אזוי ריין. דער צויבער פון מדבר האט מיך פארכשופ'ט און א..ז פלעג איך געהן יעדען טאָג, דעריבער פלעגען מיר די מענשען רופען: "די טאָכטער פון מדבר" פיעלע פון די פאסטוכער פלעגען נישט קענען פארשטעהן פארוואס מיר ציהט אהין אין דער וויסטעניס. אנדערע פלעגען פון מיר אפלאכען און אפשפאטען. אבער איך האב זיך געפיהלט גליקליך אין דער איינזאמקייט, מיין נשמה האט א רוהע פלאץ געפונען אין דער הייליגער שטילקייט. ביז וואנען די שלעכטע מענשען פון אונזער שטאָדט האבען

מיין פאטער איז חרם אריינגעלעגט און די פאסטוכער האביז; אונזערע שאף נישט געוואלט פיטערען. דאן בין איך און מיינע שוועסטער געווארען די הירטינס און געפיטערט די שאף פון אונזער פאטער... זינט דאן איז פאר מיר די רשעות פון די מענשען מעהר בולט געווארען, און איך האב געמיינט אז די מענשהייט איז פערדארבען... ביז ווא־נען דו ביזט געקומען... אין דיר האב איך גלייך דערזעהען די פערקערפערונג פון נאבעלקייט א'ין גוטסקייט... איך האב געזעהען אז דו קענסט נישט פארליידען קיין פאלשקייט, דו קענסט נישט פערטראגען קיין אומרעכט, און איך האב זיך געוואונדיירט אויב אזא מענש ווי דו זאל זיך געפינען צווישען די מצריים... איך בין געוועזן זיכער אז דו ביזט א מצרי און איך בין זיך מודה אז איך האב די מצריים נישט איבעריג ליעב געקראגען זינט מיינע עלטערן האבען מיר דערצעהלט ווי שווידערליך זיי בעהאנדלען די אידען.

— יע, צפורה—האט משה זיך אפגערופען—דו האסט יעצט אנגעריהרט א שטארקע וואונד אין מיין הארצען... איך ווייס אז אין דער צייט וואס איך בין פריי, זיינען מיינע ברידער פערשקלאפט. די מצריים פערביטערן זייער לעבענס מיט שווערע ארבייט. מיינע ברידער ווערען געשלאגען, געשטיקט און געדריקט, און עס איז יעצט דארטען קיינער נישטא וועלכער זאל זיך אננעהמען זייער קריוודע... אבער דאך דארפען מיר נישט זיין פערצווייפעלט, גאט, דער גאט פון אונזערע עלטערן אברהם, יצחק און יעקב, וועט זיך איבער זיי ערבארמען און זיי בעפרייען פון שקלאפעריי.

— ווען דו האסט אונז דערצעהלט ווי אזוי די מצריים אידזעקעווען זיך איבער די אידען, און ווי אזוי דו האסט מיין מוטער'ס שוואגער גערעטעט פון די הענט פון קאדמאר, האב איך זינט דאן נישט אויפגעהערט צו טרוימען אז די אידען אין מצרים דארפען האבען א פיהרער וועלכער זאל בעזיצען גרויס העלדישקייט, מוטה און בטחון אין גאט און ער זאל בעפרייען די אומגליקליכע אידען פון מצרים!—האט צפורה זיך אבגערופען מיט טרערען אין איהרע אויגען.

— יא, איך האב גאנץ אפט אויף דערפון גע'חלומ'ט — האט משה איהר געזאגט — און נישט איינמאל בין איך אנגעפילט געווארען מיט מוטה און מיט גבורה, און איך האב בעשלאסען זיך אומצוקעהרען צוריק קיין מצרים און ערוועקען אין מיינע ברידער א גייסט פון פרייהייט. אבער ווען איך דערמאהן זיך, אז צווישען מיינע ברידער געפינען זיך אויך אזעלכע שעדליכע פערזאנען ווי דתן און אבירם, וועלכע זוכען זיך אונטערצו'חנפ'נען צו די פערשקלאפער און אונטערדריקער, און ביי וועמען עס איז רעכט צו מסור'ן אויף איינעם וועלכער האט געוואלט זיי העלפען... דאס האלט מיר אפ... עס דוכט זיך מיר אז דאס פאלק ישראל איז נאך נישט געגרייט צו זיין פריי.

— אה ניין, משה! מיר דארפען ניט פערגעסען אז צווישען יעדען פאלק געפינט זיך א געוויסע צאהל פון שלעכטע מענשען. אבער דארפען דען ליידען די גוטע מענשען צוליב די שלעכטע?!

— געוויס נישט! דער צדיק דארף נישט ליידען פאר די זינד פון דעם רשע, אבער ווען דער געפיהל ערוועקט זיך אין מיר זיך צוריק צו קעהרען קיין מצרים און נעהמען צוגרייטען מיינע ברידער צום קאמף געגען פרעה'ן פאר זייער פרייהייט, דאן בין איך נישט זיכער צו האבען אן ערפאלג צוליעב די אידישע מוסרים, וועלכע געפינען זיך צווישען זיי, און ווען פרעה זאל אויסגעפינען וועט נאך די לאגע פון מיינע ברידער ערגער זיין, און איך וועל האבען אלעם פערלארען...

—אבער משה!—האט צפורה אויסגערופען — איך ווייס דאך, אז ווען עס האנדעלט זיך וועגען דעם וואהלזיין פון דיינע ברידער, דאן טראכסטו נישט פון

שלעכטע פאלגען וואס וועלען זיך מעגליך אפרופען אויף דיר.

— דו פערשטעהסט מיך נישט צפורה, ווען איך האב געזאגט אז איך וועל האבען אלעם פערלארען, האב איך נישט געמיינט מיין פערענליכקייט... איך בין אימער צו וויליג אויפצואפפערען מיין געבען פאר מיינע ברידער... און זינט איך האב זיך דערוואוסט, אז איך בין איינער פון זיי, האט אין מיין הארץ זיך אנגעצונדען א פייער. א גרוים באגעהר האט מיך אנגענומען צו קומען צו זייער הילף. און ווען איך האב געמאכט דעם ערשטען פערזוך און איך האב דעם רשע קאדמאר געטויטעט, האב איך געהאפט אז פרעה וועט זיך דערפון נישט דערוויסען. ווייל קיינער א חוץ מיינע אייגענע ברידער, האבען דאס צוגעזעהן. איך האב געמיינט, אז פון יעצט אן וועל איך יעדען טאג בעזוכען מיינע ברידער, איך וועל מיט זיי ריידען און בעגייסטערען זיי מיט דעם גייסט פון פרייהייט, און דאן וועלען זיי פלוצלונג, ווי איין מאן זיך אויפהויבען, ארונטערשליידערען פון זיך די קייטען פון קנעכטשאפט... און איך וואלט זיי פון מצרים ארויסגענומען און געפיהרט אין דעם לאנד פון זייערע אבות... אט דאס זיינען געווען מיינע חלומות, און ווען די צוויי אידען, דתן און אבירם, האבען מיך פער'מסור'ט, און איך בין געצוואונגען געווען צו אנטלויפען פון מצרים, דאן איז מיר פארגעקומען, אז אלעם איז פארלארען. איך האב מיין האפנונג, מיינע חלומות אויפגעגעבען... און יעצט אז אזוי פיעל צייט איז פאריבער, האט אין מיר זיך ווידער גענומען ערוואכען די האפנונג, איך האב ווייטער אנגעהויבען צו חלום'ען וועגען העלפען מיינע ברידער... בעפרייען זיי פון שקלאפעריי... דאך ציטערט אין מיר מיין הארץ... איך האב נאך נישט אין זיך די נויטיגע צוטרויען... איך שרעק זיך נאך אלץ פאר די דתנס און אבירמס. און ווען אזעלכע געדאנקען קומען מיר אן, פאנג איך אן צו פערלירען מיין מוטה.

א היבשע ווילע האבען זיי ביידע שפאצירט. משה האט איבערגעגעבען צפורה'ן זיינע געדאנקען, און זיין בעשלום צו געהן פיטערען די שאף אין דער מדבר, האט צפורה'ן גאנץ צופרידענגעשטעלט. זי איז געווען גליקליך צו האבען די מעגליכקייט צו זיין מיט איהר ליעבענדען משה'ן אליין וואו קיינער וועט זיי נישט שטערען.

— פון צייט צו צייט וועל איך נעהמען א קעמעל און צוריק רייטען אין שטאדט! — האט צפורה איהם געזאגט — איך וועל קענען איבערגעבען מיין פאטער א בעריכט פון אונזער צושטאנד און פון דעם צושטאנד פון די בהמות. דאן וועל איך מיטנעהמען גענוג שפייז און זיך צוריקקעהרען צו דיר... איך וועל זעהן אז דו זאלסט עסען אין צייט און האבען דיין נויטיגע רוהע.

אויפ'ן צווייטען טאג גאנץ פריה האט משה צונויפגעזאמעלט די גאנצע שאף פון זיין שווער יתרו, ער האט אויך מיטגענומען עטליכע קעמלען, וועלכע זיינען געווען אנגעלאדען מיט דעם שטארקען לייווענט פון וואס די געצעלטען ווערען געמאכט, און צוזאמען מיט זיין פרוי צפורה האט ער זיינע שאף געטריבען צו דעם פרוכטבארען פלאץ וואס איז געלעגען אין דעם מדבר חורב, נישט ווייט פון בארג סיני.

נאך האלבען טאג האבען זיי שוין דערגרייכט דעם פלאץ.

משה האט געפיהרט די שאף צו דעם קוואל וואס איז דאביי געווען, און צפורה האט דערווייל צוגעגרייט שפייז. משה האט אנגעפילט די כלים מיט'ן פרישען וואסער, און זיך צוריקגעקעהרט צו צפורה'ן. זיי האבען ביידע אפגעגעסען און געטרונקען, דערנאך האט צפורה געהאלפען משה'ן צינויפשטעלען דעם געצעלט.

יענעם אָוועגט האבען ביידע זייערע אויגען נישט געקענט אנזעטיגען פון דעם וואונדערבארען זונען אונטערגאנג. משה און צפורה האבען געקוקט פערגאפטע אויף דעם הימעל. ביידע האבען געשוויגען, אלץ ארום איז שטיל געווארען. **די**

שאָף האָבען זיך אויך איינגעשטילט, זיי האָבען זיך געגרייט צו זייער רוה. ווען די לעצטע שטראַהלען פון דער זון זיינען שוין אויך פערשוואונדען, האָבען זיך בײדע, משה און צפּורה, ווי ערוואכט פון א זיסען חלום... בײדע זיינען נאָך געבליבען שטיל פאר א ווײלע, ווי זיי וואָלטען נישט וועלען צושטערען די רוהיגקייט און הייליגקייט פון פלאץ...

און ווען די נאכט האָט גענומען צופאלען, זיינען זיי בײדע מיט לאנגזאמע שטילע טריט אריין אין זייער געצעלט.

## 18טער קאַפּיטעל

## די וואונדערבארע ערשיינונג

זינט משה און צפּורה זיינען אוועק מיט די שאָף צו דעם מדבר, זיינען פיעלע חדשים פערלאָפען. די איינוואוינער פון מדין האָבען גענומען חרטה קריגען אויף דעם וואָס זיי האָבען זיך ערווייטערט פון יתרו׳ן. זיי האָבען נישט אויפגעהערט צו ריידען וועגען יתרו׳ס אײדעם, יענער אויסערגעוועהנליך שטארקער מאן וועלכער האָט אזא גבורה ארויסגעציינט... וועגען דעם אז ער האָט אליין ארויסגעריסען דעם וואונדערבארען שטעקען. נאָך מעהר האָט משה געשטיגען אין זייערע אויגען, ווען מען האָט זיי איבערגעגעבען, אז ער געהט פיטערען די שאָף אין דעם מדבר, כדי ער זאָל זיכער זיין, אז די שאָף וואָס ער פיטערט, זאָלען נישט עסען די גראָז פון פרעמדע פעלדער... פיעלע האָבען אָנגעהויבען צו דערצעהלען וואונדערליכע זאכען פון משה׳ן... און יעדער האָט יעצט געזוכט א געלעגענהייט צוריק זיך צו דערנעהנטערען צו יתרו׳ן און צו זיין משפּחה, כדי צו הערען אלע וואונדערליכע זאכען וועגען דיזען גרויסען מאן.

דער איינציגער וואָס איז נאָך אלץ געוועזען פערביטערט געגען יתרו׳ן, איז געוועזען עורב. ער האָט נישט אויפגעהערט צו העצען דעם המון געגען יתרו׳ן און געגען זיין אײדעם משה׳ן. ער האָט מורא געהאט, אז דאָס פאָלק וועט זיך ארומזעהן, אז דער פרעמדער מאן וועלכער איז אהער געקומען פון מצרים, בעזיצט געטליכע קרעפטען. און זינט ער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם שטעקען, האָט זיך זיין מורא פערשטארקט. ער האָט מורא געהאט, אז טאָמער וועלען די איינוואוינער פון מדין מאכען משה׳ן פאר זייער הויפּט פריסטער... ער האָט דעריבער ביי יעדער געלעגענהייט געזוכט צו בעאיינפלוסען די אלע וועלכע פלעגען זיך פערזאמלען אין דעם טעמפּעל צו בריינגען זייערע קרבנות פאר די געטער. ער פלעגט זיי יעדעם מאָל זאָגען, אז דער צאָרן פון די געטער פון מדין האָט זיך נאָך נישט איינגעשטילט, ביז וואנען די גאנצע משפּחה פון יתרו וועלען פערניכטעט ווערען. עס האָט איהם געלונגען צו פערלענגערען דעם כעס פון די איינוואוינער, אָבער ביסלעכווייז האָבען זיי זיך ארומגעזעהן, אז עורב׳ס שנאה צו יתרו׳ן איז נישט אזוי ווייל ער האָט פערלאָזען די געטער, ווי צוליב דעם, וואָס ער האָט איהם נישט געגעבען צפּורה׳ן פאר זיין פרוי.

די פּאסטוכער האָבען זיך ארומגעזעהן אז נאָך אלעמען איז משה, דער וועלכער האָט פון אָנפאנג אויף זיי אָנגעוואָרפען א פחד, איז גאָר נישט אזוי שרעקליך. ער איז גוטהערציג און טוט קיינעם קיין שלעכטעס נישט. זיי האָבען זיך נאָך מעהר איבערצייגט אין דעם, ווען ער איז אוועק נאָך דעם מדבר.

די ערשטע צו קומען צו יתרו׳ס הויז זיינען געוועזען איניגע יונגע לייט וועלכע האָבען געזוכט די פריינדשאפט פון יתרו׳ס איבעריגע טעכטער.

איין פריה־מאָרגען ווען פלילה איז אוועק צום ברונעם אָנשעפּען וואסער איז זי געוועזען שטארק איבערראשט, ווען נעבען ברונעם האָט זיך בעוויזען עיפה, א רייכער יונגער מאן פון מדין, וועלכער האָט אויך געהאט פּרובירט זיינע כחות אין גאָרטען ארויסצורייסען דעם שטעקען.

ער איז געשטאנען און בעטראכט פלילה׳ן פון ווייטען, ווי זי פילט אָן דעם קרוג וואסער און וויל איהם ארויפהויבען אויף איהר שולטער. ער איז צו איהר צוגעלאָפען און זיך אָפּגערופען:

— מיין האַרינטע! וועסטו מיר פיליכט ערלויבען דיר צו העלפען ברייננגען דאָס וואסער צו דיין פּאָטער'ס הויז.

פלילה האָט איהם אָנגעקוקט מיט גרויס ערשטוינונג.

— דו ווילסט פון מיר אָפּשפּאָטען, מיין האַר! — האָט זי זיך אָפּגערופען —ביזטו דען נישט געוועזען די גאנצע צייט געגען אונז! איך האָב פיעלע מאָל בעמערקט ווי דו האָסט געהאָלפען די פּאסטוכער מיר און מיינע שוועסטער פון דעם ברונעם צו פערטרייבען, און נישט איינמאָל האָסטו אונז בעליידיגט, און יעצט ווילסטו אָנבאָטען מיר צו העלפען!

— דו מוזט מיר ענטשולדיגען, מיין האַרינטע! — האָט עיפה זיך אָפּגערופען צו פלילה'ן — מיר זיינען אַלע פאַרפיהרט געוואָרען דורך אונזער הויפּט פּריסטער, עורב. ער האָט אונז איינגערעדט, אז ווען מיר וועלען דיין פּאָטער'ס משפחה שלעכטעס טהאָן, וועלען די געטער זיין צופריעדען. יעצט אָבער האָבען מיר זיך אַלע ארומגעזעהן, אז ער האָט אונז גענאַרט, און מיר וואָלטען זעהר געוואָלט ווידער צו לעבען מיט דיינע עלטערען און דיינע שוועסטער אין פּריעדען. ערלויב דאָך מיר דיך צו העלפען צו ברייננגען דאָס וואסער צו דיין הויז.

פלילה האָט א שמייכעל געטאָן און אראָפּגענידערט דעם קרוג פון איהר שולטער.

עיפה האָט דעם קרוג גלייך אויפגעהויבען און אין דער באַגלייטונג פון פלילה האָט ער צוגעטראָגען דעם קרוג ביז איהר הויז.

— וועסטו פיליכט אריינגעהן אין אונזער הויז! — האָט פלילה זיך צו איהם אָפּגערופען — מיין פּאָטער וועט דיר דאנקבאר זיין פאר דיין גנאדע וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן.

עיפה איז אריינגעקומען אין הויז און יתרו און שרה האָבען זיך געוואונדערט, ווען זיי האָבען דערזעהן איינעם פון די איינוואוינער פון שטאָדט.

— פּאָטער! — האָט פלילה אויסגערופען מיט אן איינגעהאַלטענער פרייד די טעג פון אונזער איינזאַמקייט און אָפּגעזונדערטקייט זיינען פּאַראיבער—עיפה און זיינע פריינד האָבען חרטה אויף דעם וואָס זיי האָבען זיך געלאָזט פאר פיהרען פון עורב'ן. זיי ווילען מיט אונז שליסען שלום.

— איך וועל זיין העכסט צופרידען צו שליסען שלום מיט דיר און דיינע פריינד! — האָט יתרו געזאָגט — איך וויים, אז קיינער פון אייך איז נישט שולדיג... איהר זייט פאַרפיהרט געוואָרען פון עורב'ן, וועלכער האָט אין דעם נאָמען פון די געטער פון מדין אייך געלערענט צו טאָהן אומרעכט. און איך האָף אז פון יעצט אָן וועלען אונזערע בעציהונגען זיין פריינדליכע.

— און דו דאַרפסט וויסען זיין עיפה — האָט פלילה זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל — אז עס איז אין מיין פּאָטער'ס גאָרטען געוועזען בלויז איין "שטעקען פון ענטטוישונגען" און ער איז שוין אויך מעהר נישטאָ!

— האָף איך יעצט, אז איך וועל מעהר נישט זיין ענטטוישט!—האָט עיפה אויסגערופען — און יעצט, אז דיין פּאָטער איז מיר מוחל, וועסטו און דיין שוועסטער מיר אויך מוחל זיין!

— איך וויים אז איך בין דיר מוחל מיט מיין גאַנצען האַרצען!—האָט פלילה געזאָגט—אָבער אויב מיינע שוועסטער וועלען דיר אויך מוחל זיין, דאָס ווענדט זיך אָן דיר! אויב דו ווילסט וועל איך זיי אריינרופען, און דו וועסט זעהן.

פלילה האָט איבערגעגעבען איהרע שוועסטער וועגען דער ענדערונג וואָס איז פּאָרגעקומען אין די הערצער פון די איינוואוינער פון מדין, און זיי אריינגעפיהרט אין צימער וואו עיפה האָט געוואַרט.

זייער שמחה איז געוועזען אזוי גרויס, אז ווען עיפה האָט ביי זיי געבעטען ענטשולדיגונג פאר די פאַרפאָלגונגען וואָס ער און זיינע פריינד האָבען זיי פאַר פאָלגט, האָבען זיי מיט גרויס צופרידענהייט איהם מוחל געוועזן.

— איך האָף, אַז אויך אייער עלטערע שוועסטער צפּורה, וועט מיר מוחל זיין! — האָט עיפה געזאָגט בעזאָרגט.

— וועגען דעם בין איך זיכער! — האָט פּלילה געלאַכט — ווייל, ווער ווייס, אויב ניט דורך דער שלעכטער בעהאַנדלונג וואָס דו און דיינע פריינד האָבען אונז בעהאַנדעלט, וואָלט זי יעצט געווען די פרוי פון משה'ן... ווען די פּאַסטוכער וואָלטען געפיטערט אונזער שאָף, וואָלט דאָך צפּורה נישט געווען ביים ברונעם, און משה'ן וואָלט דאָך נישט אויסגעקומען אונז צו העלפען... יאָ, איך בין זיכער, אַז דאָס וואָס משה איז יעצט איהר מאַן, האָט זי צו פערדאַנקען דיר און דיינע פריינד!...

א ווײלע שפּעטער איז עיפה אָנגעקומען מיט נאָך פיעל פריינד, וועלכע האָבען מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט צו שליסען שלום מיט יתרו'ן.

יתרו האָט געשאָכטען אַ שעפּס און געמאַכט אַ מאָהלצייט לכבוד די פריינד, וועלכע האָבען זיך משמח געווען מיט וויין און זיסע שפּייז. אין מיטען מאָהלצייט, איז פּלילה אַרונטער אין גאָרטען. באַלד האָט איהר עיפה נאָכגעפאָלגט... זיי זיינען ביידע צוגעגאַנגען צו דעם פּלאַץ וואו דער אַרויסגעריסענער וואונדער־שטעקען האָט געוואַקסען.

— וואָלסטו אויך געקענט בעווייזען אַזאַ זעלטענע גבורה? — האָט פּלילה איהם געפרעגט מיט אַ שמייכעל — מיר דוכט זיך, אַז דו האָסט אויך געמאַכט אַ נישט געלונגענעם פערזוך דעם שטעקען אַרויסצורייסען.

— איך גלויב, אַז ווען איך וואָלט געליבט צפּורה'ן אַזוי שטאַרק ווי משה האָט איהר געליבט, וואָלט איך פיליכט אויך געווען מעהר ערפאָלגרייך אין מיין פערזוך! — האָט עיפה אַ זאָג געטאָהן מיט אַ שמייכעל — זעהסטו! ווען דאָס אַרויסרייסען פון יענעם שטעקען וואָלט געמיינט אַז איך זאָל דיין האַרץ געווינען, דאַן וואָלט איך דאָס פּראָבירט מיט מעהר חשק...

— און דו דאַרפסט זיין צופרידען אַז עס איז אין גאָרטען מעהר קיין שטעקענס נישטאָ! — האָט פּלילה געלאַכט.

— און דיין פאָטער וועט נישט זיין דאַגעגען, אויב איך וועל איהם זאָגען, אַז איך האָב דיך ליעב און וועל דיך נעהמען פאַר מיין פרוי?

— ער וועט געוויס נישט זיין דאַגעגען, אויב איך וועל איהם זאָגען. אַז איך האָב דיר אויך ליעב! — האָט פּלילה געענטפערט רויט ווערענדיג.

זיי זיינען ביידע אַריין אין הויז, און זיי זיינען צוגעגאַנגען צו יתרו'ן.

— פאָטער! — האָט פּלילה זיך אָפּגערופען — איך וויל דו זאָלסט אונז ביידען געבען די ברכה! ווייל עיפה וויל מיט מיר חתונה האָבען.

— זייט ביידע געבענשט צו גאָט! — האָט יתרו געזאָגט צו זיי — און יעצט אַז דיינע פריינד האָבען זיך פערזאַמעלט אין מיין הויז, צו פייערען די שמחה פון אונזער שלום, וועלען מיר אין דערזעלבען צייט נאָך פייערען די גרויסע שמחה פון אייער חתונה.

— איך וואָלט זעהר געוואָלט אַז אויך צפּורה זאָל אַנוועזענד זיין אויף דער שמחה! — האָט שרה זיך אָפּגערופען.
— זי וועט זיך פיהלען העכסט גליקליך צו זיין אויף דער חתונה.

— אָבער עס וועט דאָך נעהמען זעהר לאַנג איידער צפּורה וועט קומען אהער פון דעם מדבר — האָט פּלילה אויסגערופען.

— איך בין זיכער, אַז עס וועט לאַנג נישט נעהמען און צפּורה וועט קומען. און אויב זי וועט זיך פערזאַמען וועל איך צושיקען אהין דיינע שוועסטער זי צו רופען.

אין איניגע טעג אַרום איז צפּורה אָנגעקומען. זי איז שטאַרק איבעראַשט געוואָרען צו הערען וועגען דעם שלום וואָס די איינוואוינער פון מדין האָבען געמאַכט מיט איהר פאָטער.

— יעצט, מיין טאָכטער וועט משה קענען פיטערען די שאָף הינטער'ן שטאָדט, קיינער וועט איהם שוין מעהר

נישט שטערען! — האָט יתרו צו איהר זיך אָפּגערופען.

— איך צווייפעל אויב משה וועט וועלען פערלאָזען דעם מדבר! — האָט צפּורה געזאָגט — דאָרטען איז דער איינציגער פּלאַץ וואָס בעלאַנגט ניט צו קיינעם און משה דאַרף נישט זאָרגען, טאָמער וועלען די שאָף אָנטהאָן א היזק אין פרעמדע פעלדער. און אויך איך האָב זעהר ליעב דעם מדבר, א חוץ דעם איז די פּאַשע דאָרטען זעהר גוט, און די שאָף זיינען שטאַרק און געזונט.

— אָבער מיין טאָכטער! — האָט שרה זיך צו איהם אָפּגערופען — פיהלסט זיך דען נישט איינזאַם און אומעטיג אין דעם מדבר, וואו מען זעהט זעהר זעלטען א מענשען.

— ווען איך בין נעבען משה'ן פיהל איך זיך שוין נישט איינזאַם! — האָט צפּורה געזאָגט — איך האָב אַזוי פיעל פון איהם געלערענט, און וואָס מעהר איך דערקען איהם, אַלץ מעהר גליקליכער פיהל איך זיך וואָס מיין גורל איז אויסגעפאַלען צו זיין די פרוי פון משה'ן.

— און ווען וועט איהר זיך אומקערען אין שטאָדט—האָט שרה געפרעגט צפּורה'ן.

— ווען די צייט פון רעגען וועט אָנקומען און עס וועט אונמעגליך זיין דאָרטען צו פיטערען די שאָף; —האָט צפּורה געענטפערט.

צפּורה האָט איבערגעוואַרט די חתונה פון איהר שוועסטער פּלילה מיט עיפה'ן און גלייך נאָכדעם האָט זי מיטגענומען שפּייז און אָנגעלאָדען די קעמלען און איז צוריק געגאַנגען צו איהר מאַן משה'ן אין דער מדבר פון חורב.

---

שטיל און רוהיג האָבען זיך די שאָף פון משה'ן געפיטערט אויף דעם קליינעם שטח בעוואַקסענעם לאַנד, וואָס איז געלעגען נישט ווייט פון דעם באַרג סיני. די עטליכע טעג וואָס משה איז גאַנץ אַליין געוועזען אין דער מדבר, דורך די טעג האָט ער זיין איינזאַמקייט נישט אַזוי געפיהלט. ער איז געוועזען פערנומען מיט זיינע שאָף. ער האָט גוט אַכטונג געגעבען אויף זיי. פלעגט א שעפעלע פון דער סטאַדע זיך אָפּטהיילען, איז משה געגאַנגען און איהר צוריק געפיהרט. און ווען די שעפעלע איז מיעד געוועזען, האָט ער זי אויפגעהויבען אויף זיינע הענט און מיט גרויס צערטליכקייט געבראַכט צוריק צו די איבעריגע שאָף.

די נעכט זיינען געוועזען פאַר משה'ן זעהר לאַנגווייליג. אַלעס אַרום איז געוועזען איינגעהילט אין פינסטערניס און שטילקייט. ער איז געלעגען אין זיין געצעלט און געטראַכט פון זיין צוקונפט פון זיין ליעבער צפּורה... ביז ווי לאַנג וועט ער דאָ אַזוי זיין? איז דאָס זיין ציעל אין לעבען צו פיטערען די שאָף פון זיין שווער? פיעלע יאָהרען זיינען שוין פאַראיבער זינט ער האָט פערלאָזען מצרים. און לויט ווי ער האָט ערפאַהרען פון דורכרייזענדע, וועלכע האָבען בעזוכט מצרים, איז דאָרטען די לאַגע פון די ישראלים, זיינע ברידער נישט בעסער געוואָרען... זיי זיינען פערשקלאַפט געוואָרען ווייזט אויס אויף אייביג... זיי זיינען דאָרטען אַזוי הילפלאָז, כאָטש די ישראלים זיינען א מעכטיג פאָלק. זייער צאָהל איז גרויס... זיי שטעהען אויף א העכערע מדרגה ווי די מצריים אין קלוגשאַפט און פערשטאַנד, אָבער זיי פעהלט א פיהרער, א וועגווייזער, וועלכער זאָל זיי אָנצייגען דעם ריכטיגען וועג צו פרייהייט... אין אַזעלכע מאָמענטען איז משה אָנגענומען געוואָרען מיט גרויס מוטה. ער וועט זיך צוריקקעהרען נאָך מצרים, ער וועט קומען צו זיין פאָלק און זיי אויפקלעהרען, אַז עס איז שוין געקומען די צייט, זיי זאָלען פון זיך אַרונטערוואַרפען דעם יאָך פון קנעכטשאַפט... זיי וועלען אַלע ווי איין מענש זיך געגענשטעלען געגען דער טיראַנישער רעגיערונג פון מצרים... זיי וועלען קעמפען פאַר זייער פרייהייט, און דאַן וועלען זיי פערלאָזען דאָס פערלוכטע לאַנד מצרים, דורך בלוט און פייער... ער וועט זיי פיהרען אין דעם לאַנד פון זייערע עלטערען, אברהם יצחק און יעקב, וואו זיי וועלען זיין זעלבסטשטענדיג און צו גלייך מיט אַנדערע פעלקער... און ווען

ער איז איינגעהילט געווארען אין אזעלכע מחשבות, פלעגט משה זעהר אומרוהיג ווערען, ער פלעגט זיך שנעל אויפשטעלען פון זיין געלעגער... ער איז „עווען אזוי דורכגעדרונגען און בעהערשט פון דיזע געדאנקען וועגען זיין פאלק, אז ער איז געווען געגרייט אלעם איבערצולאזען הינטער זיך און געהן גלייך נאך מצרים... א העלדישער גייסט האט איהם בעהערשט, א רוח פון גבורה, אט וועט ער זיך אומקעהרען קיין מצרים, און בעפרייען זיינע אומגליקליכע ברידער פון שקלאפעריי... ער וועט זיי איבערצייגען, אז עס איז פאראן א וועג... אז ווען זיי זאלען נאר האבען דעם ווילען פריי צו זיין, וועט גאט זיי העלפען און די גאולה וועט קומען! באלד אבער פלעגט אויף זיינע געדאנקען ארויפקומען די געשטאלטען פון די אידישע פעררעטהער.

ווען ער פלעגט זיך דאס דערמאנען, פלעגט משה זיין מוטה פערלירען. ווער ווייס אויב די צייט איז געקומען זיי זאלען בעפרייט ווערען, אויב צווישען זיי קענען זיך געפינען אזעלכע מוסרים, קען דאך זיין, אז זיין גאנצע מיה וואלט געווען אומזיסט... ער וואלט געפלאנעוועט אפגעמאכט מיט זיין פאלק, זיי איבערצייגט דעם ריכטיגען וועג און דאן וואלטען געקומען די אידישע פעררעטהער און איבערגעגעבען פרעה'ן אלע זיינע פלענער און צושטערט אלעם!

א שוידער געהט דורך משה'ס לייב, ווען ער טראכט נור וועגען דעם, זיין גאנצער מוטה נעמט פערשווינדען. ניין, ער וועט אהין נישט געהן... די צייט איז נאך נישט געקומען דאס פאלק ישראל איז נאך נישט גענוג אויסגעליטערט געווארען...

ווען צפורה איז אנגעקומען איז משה'ס אומעט און טרויעריגע מחשבות אין גאנצען פערשוואונדען געווארען. ער האט אין זיין פרוי געזעהען א טרייסט צו זיין פערלארענע האפענונג און א היילונג צו זיין פערוואונדעטע הארץ... ער האט איהר ענטדעקט אלע זיינע געדאנקען און א גרויס פרייד האט זיך אין איהר צוגאסען.

—איך ווייס משה, אז דו ביזט דער איינציגער מאן, וועלכער וועט מיט דער הילף פון גאט, העלפען אונזער פעראומגליקטעם פאלק... איך טרוים פון דעם טאג און נאכט... פיעלע מאל ווען איך בעטראכט די לאגע פון ישראל, ווי מיין מוטער האט עס פאר מיר געמאהלען, ווייק איך זיך אין טרעהרען. איך בין אין מיין הארצען מתפלל צו דעם בעשעפער פון דער וועלט. ער זאל זיך שוין מרחם זיין איבער זיין פאלק און דורכפיהרען זיין הבטחה וואס ער האט געמאכט צו אונזערע אורעלטערען.

— איך האב אויך פון דעם פיעל געטראכט! —האט איהר משה געענטפערט —עס זיינען פאראן טעג, וואס קיין אנדערע געדאנקען קומען מיר ניט אויפ'ן מח, אויסער די געדאנקען פון דער בעפרייאונג פון ישראל... און ווען מיין עקסטאז און בעגייסטערונג דערגרייכען זייער העכסטע שטופע, לויפט דורך ווי א פינסטערע כמארע איבער א לויטערען הימעל, א געדאנק אז דאס פאלק ישראל איז נאך נישט ראוי אויסגעלייזט צו ווערען. די דתן'ס און אבירם'ס צוליעב וועמען איך בין געצוואונגען געווען צו ענטלויפען פון מצרים, שטעהען מיר יעצט אין וועג און האלטען מיר צוריק פון דורכצופיהרען מיינע געדאנקען וועגען אומקעהרען זיך אין מצרים צו העלפען מיינע ברידער זיך בעפרייען.

— משה! —האט צפורה זיך צו איהם אפגערופען. —דו ווייסט דאך, אז דעם מענשענ'ס נאטור בייט זיך, און אפילו די שלעכטע מענשען זיינען נישט אימער שלעכט. אט נעהם די מענשען פון מדין, וועלכע זיינען אהן א געניגענדע אורזאכע געווארען מיין פאטער'ס שונאים, זיי האבען אונז געזוכט שלעכטעם צו טהאן ווי נאר זיי האבען געקענט... דיר איז דאך בעקאנט אט די אלע פערפאלגונגען וואס איך און מיינע שוועסטער זיינען אויסגעשטאנען פון פאסטוכער און אנדערע איינוואהנער פון מדין, און יעצט קען איך דיר אנזאגען די בשורה, אז אלעם האט זיך געענדערט. מיין שוועסטער פלילה האט געהייראט

מיט עיפה'ן, וועלכער איז געווען איינער פון מיין פאָטער'ס שטאַרקסטע שונאים. און איינציגווייז זיינען אונזערע פריהערדיגע שונאים געקומען צו מיין פאָטער און געמאכט שלום מיט איהם, זיי האבען מיט זייער גאנצען הארצען חרטה אויף די אלע בעלײדיגונגען און רדיפות וואס זיי האבען אונז אלעמען פעראורזאכט. און יעצט הערשט אין מדין פאָלקאָמער פריעדען צווישען מיין משפחה און די איינוואָהנער.

— איך בין זעהר גליקליך דאָס צו הערען! האָט משה אויסגערופען מיט פרייד, יעצט וועל איך מעהר ניט זיין בעזאָרגט, ווען דו וועסט געהן אהיים אויף א קורצע ווײלע.

— יע, מיין פאָטער האָט געמאכט א מאָהלצייט לכבוד דעם בונו פון שלום, וואָס ער האָט מיט די איינוואָהנער געשלאָסען. דער איינציגער וואָס איז נאָך פערבליבען מיין פאָטער'ס שונא, איז עורב דער פריסטער, אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט ער פערלאָרען זיין השפעה איבער די איינוואָהנער פון שטאָדט, און ער קען שוין אונז מעהר קיין שלעכטעס ניט טהאָן. און אחוץ דעם בין איך זיכער אז עס וועט לאנג ניט נעהמען און אויך ער וועט זיך ענדערען. יעצט זעהסטו שוין, משה, אז ניט אימער זיינען די מענשען פערדאָרבען. און עס איז דאָך מעגליך אז אויך דתן און אבירם וועלכע האָבען דיך פער'מסור'ט פאר פרעה'ן האָבען יעצט שטארק חרטה אויף זייער טהאט.

— עס איז פאראן א האָפנונג פאר שלעכטע מענשען ווידער צו ווערען גוט! האָט משה איהר געענטפערט, אָבער פאר מענשען וועלכע פערראטהען זייער אייגען פאָלק, ביי וועמען עס איז רעכט אז צוליעב כבוד און געלד זאָלען זיי פערראונגליקען זייערע אייגענע ברידער, פאר אזעלכע מענשען, האָב איך מורא, איז שוין קיין האָפנונג ניטאָ!

---

נאָך איניגע מאָנאטען זיינען פאָראיבער אין דער מדבר. משה און צפורה האָבען אין דער אָפגעזונדערטקייט געפונען דאָס גליק. זיי האָבען איינע פאר'ן צווייטען ענטדעקט זייערע טרוימען און ביידע האָבען געשטרעבט פאר א צוקונפט וואָס וועט ברייגען גליק ניט נאָר זיי אליין נאָר אויך זייערע ברידער אין מצרים.

איינמאָל ווען משה איז געזעסען מיט צפורה'ן אויף א שטיין נעבען דעם פליסענדען טייכעל און בעטראכט די שאָף, וועלכע האָבען געטרונקען די קלאָרע, פרישע וואסער, האָט צפורה עפּעס אין דער שטיל ארייגערוימט משה'ן אין אויער און גלייך מיט גרוים בעשיידענהייט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען.

משה איז אויפגעשפרונגען פון זיין פלאַץ א פרעהליכער און גליקליכער. ער האָט זיין פרוי געהאלזט און געקושט.

— אה, צפורה, ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי דאָס האָט מיך גליקליך געמאכט, וואָלסטו פון מיר דיעזען סוד ניט געהאלטען פערבאָרגען אזוי לאנג.

א בעשיידענער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף צפורה'ס ליפּען. איהרע אויגען האָבען געשטראהלט פון גליק.

— איך וועל זיך מיט דיר גלייך אומקעהרען אין שטאָדט, האָט משה געזאָגט, ווען דו ביזט אין אזעלכע אומשטענדען מוזטו זיין נעבען דער מוטער און דיין משפחה.

— אָבער עס איז נאָך דאָ גענוג צייט! האָט צפורה געזאָגט מיט א שמייכעל. מיר קענען נאָך ווארטען ביז דער צייט פון רעגען וועט אָנקומען און דאַן וועלען מיר דאָך אלע איינם דארפען קומען אין שטאָדט.

משה איז אָבער געווען זעהר אונגעדולדיג, ער האָט מעהר ניט געוואָלט פערבלייבען אין דער מדבר.

ער האָט צונויפגעזאמעלט די שאָף, פאנאנדערגענומען זיין געצעלט און אָנגעלאָדען די קעמלען מיט אלעם און ער האָט מיט צפורה'ן זיך אומגעקעהרט נאָך מדין.

די שמחה פון יתרו'ן און שרה'ן איז אויך געווען זעהר גרוים ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט אז באלד דארף זייער

טאָכטער ווערן א מוטער. די גאַנצע צייט ווען משה האָט געפּיטערט די שאָף ניט ווייט פון שטאָדט, איז ער געגאַנגען אין אַזעלכע פּלעצער וואו די גראָז האָט ניט אזוי גוט געוואַקסען, כדי ער זאָל זיין זיכער אז עס בעלאַנגט צו קיינעם ניט.

אין איינינע מאָנאטען ארום האָט צפּורה געבוירען א זוהן צו משה'ן.

א גליקליכע פריידע האָט זיך אויסגעגאָסען אויף משה'ן און צפּורה'ן ווען זיי האָבען בעטראַכט זייער ערשט געבאָרענעם זוהן.

אויף דעם אכטען טאָג האָט משה געמאַכט א פּייערונג און אריינגעבראַכט זיין זוהן אין דעם ברית פון אברהם.

— זיין נאָמען וועט זיין גרשם! האָט משה אויסגערופען, ווייל איך בין א גר אין א פרעמד לאַנד.

ווען גרשם איז עטליכע מאָנאטען אלט געווען, האָט זיך משה אָפּגערופען צו צפּורה'ן:

— דורך דער גאַנצער צייט וואָס איך האָב געפּיטערט די שאָף אין מדין, זיינען זיי זעהר מאָגער געוואָרען ווייל די פּאַשע וואָס איז הפקר דאָ, איז זעהר ניט קיין גוטע. פיעלע פון די שאָף זיינען אויסגעשטאָרבען. איך האָב בעשלאָסען ווידער צו פיהרען די שאָף צו דעם מדבר חורב. אָבער דו, מיין פרוי, וועסט מוזען בלייבען מיט דעם קינד אין שטאָדט ביז ער וועט אונטערוואַקסען.

— איך וועל דאָך אָבער אזוי בענקען, משה, און אונזער זוהן, גרשם, דוכט זיך מיר, פאַרשטעהט שוין אויך. ער איז צו דיר אזוי צוגעוואוינט געוואָרען. און איך בין זיכער אז ווען דער אבענד וועט אָנקומען און דו וועסט ניט זיין נעבען איהם, וועט ער דאָס זעהר שטאַרק פיהלען.

— און איך וועל דען ניט בענקען? האָט משה געזאָגט, און טאַקע דעריבער וועל איך פון דער פערלאַנגען, מיין ליבע פרוי, אזוי ווי די איינוואָהנער פון שטאָדט לעבען שוין בשלום מיט דיין פאָטער'ס משפּחה, זאָלסטו פון צייט צו צייט דינגען צוויי פּאַסטוכער, זיי מיטגעבען א פּאָר אייזלען, און זיי וועלען קומען מיך אומבייטען אויף א קורצער צייט, ביז איך וועל זיך צוריקקעהרען פון מיין בעזוך.

צפּורה האָט איהר מאַן פערשפּראָכען אזוי צו טהאָן. און משה האָט זיך אומגעקעהרט מיט די שאָף אין דער מדבר, וואו ער האָט אויפגעשטעלט זיין געצעלט און גענומען פּיטערן די שאָף אויף דעם זעלבען פּלאַץ ווי ער האָט עס געטהאָן אין די פריהעריגע יאָהרען. זיינע געדאַנקען זיינען יעצט געווען פארנומען מיט זיין נייעם זוהן גרשם און יעדעס מאָל ווען ער פלעגט נאָר פון איהם א טראַכט טהאָן פלעגט א זיסע פריידע דורכגעהן זיין קערפּער.

פון צייט צו צייט פלעגען אָנקומען אין דער מדבר צוויי פּאַסטוכער וועמען צפּורה פלעגט שיקען אומצובייטען משה'ן כדי ער זאָל קענען קומען איהר צו בעזוכען.

משה פלעגט אָנזאָגען די פּאַסטוכער וואָס זיי זאָלען טהאָן, ווי אזוי זיי זאָלען זיך באַגעהן מיט די שאָף, און נאכהער זיך אומקעהרען אין שטאָדט צו זיין פרוי און זוהן.

---

דער טעמפּעל פון די געטער פון מדין האָט אָנגעהויבען פּוסטעווען. די איינוואָהנער פון מדין האָבען פערלאָרען זייער צוטרוי צו זייער הויפּט פּריסטער עורב. זיי האָבען שוין פּין לאַנג איהם אויפגעהערט צו פאָלגען.

ווען ער האָט זיי פערבאָטען צו מאַכען שלום מיט יתרו'ן, האָבען זיך די יונגע לייט פון שטאָדט פערזאַמעלט און בעשלאָסען זיך צי איהם ניט צוהערען.

— ווי אזוי קען ער צו אונז רעדען אין דעם נאָמען פון די געטער, ווען זיי האָבען זיך פון איהם אָפּגעקעהרט — האָבען די יונגע לייט צווישען זיך גערעדט.

ער איז א ליגנער און א בעטריגער! האָט איינער אויסגערופען. ער האָט געוואָלט אריינקריגען יתרו'ס שעהנסטע טאָכטער און ווען דאָס האָט זיך איהם

ניט איינגעגעבען, האָט ער גענומען אלעמען איינרעדען אז איהם האָט זיך געחלום'ט חלומות, און אז די געטער האָבען זיך צו איהם אנטפלעקט און געהייסען אז ער זאָל ארייינלעגען יתרו'ן אין חרם!

— מיר האָבען זיך אלע בענארישט ווען מיר האָבען אָנגעפאנגען רודף'ן משה'ן, דעם מאַן פון צפורה'ן. ער איז דאָך א געטליכער מאַן! שוין אין די ערשטע טעג פון זיין אָנקומען האָט ער בעוויזען א זעלטענע גבורה ווען ער האָט אליין געקעמפפט מיט אזוי פיעל פאסטוכער און זיי אלעמען בייגעקומען. און דערנאָך האָט ער בעוויזען נאָך א גרעסערען וואונדער און ארויסגעריסען דעם שטעקען, וואָס קיינער פון אונז האָט עס ניט געקענט בעוויזען.

— ווען משה וואָלט נאָר געוואָלט ווערען אונזער הויפט פריסטער, האָט אז אנדערער געזאָגט, וואָלטען מיר זיך געדארפט שעצען גליקליך!

— דאָס איז דאָך אונמעגליך! יתרו, זיין שווער, האָט אונז פערלאָזען ווייל ער גלויבט ניט אין די געטער און ווי איך האָב געהערט שטאמט גאָר דער פרעמדער פון די ישראלים און זיי גלויבען אלע אין איין גאָט.

— יע, איך האָב אויך געהערט אז ער שטאמט פון דעם זעלבען פאָלק פון וואנען יתרו'ס פרוי שטאמט, און ער וועט צו קיין אנדערע געטער ניט דיענען אחוץ צו דעם גאָט פון זיינע עלטערען.

ווען די יונגע לייט האָבען אָנגעפאנגען אריינצוקומען אין יתרו'ס הויז האָבען שוין די עלטערע מענשען ביסלעכווייז זיך אויך אָנגעהויבען צו דערנעהנטערען צו יתרו'ן. זיי פלעגען זעהן ארייינציהען איהם אין א געשפרעך און מיט איהם פערברייינגען.

יתרו פלעגט זיי דערצעהלען וועגען משה'ן, ווי אזוי ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין פרעה'ס פאלאץ, און וועגען פיעלע וואונדערליכע זאכען וואָס ער האָט אויפגעטהאָן.

— שטעלט זיך פאָר — האָט ער זיך צו זיי אָבגערופען — משה איז דאָך זעהר שטארק און ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט, וואָלט ער געקענט אויסקעמפפען זיין רעכט צו פיטערען די שאָף אויף די פעלדער פון מדין. אָבער זיין עהרליכקייט איז ניט אָבצושאצען, ער האָט ניט געוואָלט אז די שאָף וואָס ער פיטערט זאָלען זיך פאשען אויף פעלדער וואָס בעלאנגען מעגליך צו ווענמען עס איז, און דעריבער איז ער אוועק אין דער מדבר.

— ווען משה וואָלט געוואָלט ווערען אונזער פיהרער — האָט איינער אויסגערופען — וואָלט אונזער פאָלק א סך גליקליכער געווען.

— כל זמן עורב איז אונזער הויפט פריסטער וועט אין אונזער לאנד ניט הערשען קיין גערעכטיגקייט!

— מיר דארפען זעהן צו פערטרייבען עורב'ן פון דעם טעמפעל פון די געטער, האָט אן עלטערער מאַן זיך אָפגערופען צו יתרו'ן און צו די איבעריגע, ער פערשוועכט אונזער הייליגקייט.

— יע, ער איז פאלש! מיר טאָרען זיך אויף איהם ניט פערלאָזען!

בליץ שנעל האָט זיך אין שטאָדט גענומען פערשפרייטען די שנאה געגען עורב'ן. עס האָבען זיך באלד געפונען מענשען וואָס האָבען אויפגעזוכט אלטע חטאים אויף עורב'ן.

זיי האָבען זיך פערזאמעלט אין די גאסען פון שטאָדט און בעשלאָסען אז ווען זיי וועלען זיך צוזאמענקומען אין טעמפעל, זאָלען זיי ארונטערווארפען עורב'ן פון זיין אמט.

— עס איז בעסער פאר אונז, האָבען פיעלע גע'טענה'ט, אז מיר זאָלען בלייבען גאָר אָהן א פריסטער איידער צו האָבען אזא אונעהרליכען פריסטער ווי עורב איז.

ווען עס איז אָנגעקומען דער פייערטאָג אין מדין און אלע האָבען זיך פערזאמעלט אין טעמפעל, האָט זיך עורב, דער הויפט פריסטער, געשטעלט נעבען דעם מזבח, וואו ער האָט געדארפט מקריב זיין די קרבנות צו די געטער,

און ער האָט אָנגעהויבען מוסר'ן דאָס פאָלק.

— ניט איין קרבן דאַרף יעדער פון אייך היינט ברייגנען צו די געטער, נאָר צעהן! איהר האָט שווער געזינדיגט געגען זיי, און ווער ווייס אויב זיי וועלען אפילו דאַן אייך מוחל זיין. אין דעם נאָמען פון אונזערע הייליגע געטער, האָב איך אריינגעלעגט יתרו'ן און זיין משפחה אין חרם, ווייל ער האָט זיי בעליידיגט. זייער צאָרן איז געוועזן גרויס, און ווען מיר וואָלטען דאַן ניט בעשטראָפט יתרו'ן וואָלטען זיי אויף אונז אַלעמען אָנגעשיקט מגפות און פּלאָגען. און יעצט געהט איהר ווידער און זינדיגט. איהר זייט אוועק צו יתרו'ן און מיט איהם שלום געמאכט. איינער פון אייך האָט זאָגאר געהייראט מיט זיינע א טאָכטער. לעצטע נאכט זיינען די געטער צו מיר אין חלום געקומען און האָבען מיך געוואָרענט אז אויב איהר וועט אזוי אָנגעהן און אָנהאַלטען פרידען מיט יתרו'ן וועט אפשר אונזער גאנצע לאַנד חרוב ווערען־

— דו ביזט א ליגנער! דו ביזט א פאַלשער! האָבען אייניגע פון המון געשריען.

— דו ביזט א בעטריגער!

— דו טאָרסט מעהר ניט זיין אונזער הויפּט פּריסטער!

— דיינע חלומות זיינען פאַלשע און אויסגעטראכטע!

— מיר ווילען דיך ניט!

— דו ביזט אין כעס אויף יתרון'ן ווייל ער האָט דיר זיין טאָכטער צפּורה ניט געוואָלט געבען!

— ארונטער פון דיין אמט!

— דו פערשוועכסט אונזערע הייליגע געטער!

דער טומעל איז געוואָרען זעהר גרויס. אַלע האָבען געשריען און געליארעמט. זיי האָבען געדראָהעט עורב'ן מיט זייערע פויסטען.

עורב איז שנעל ארונטער פון פּלאַטפאָרם און גענומען מיט אימפּעט לויפען צום טיהר.

— דיין פּנים זאָל זיך מעהר אין אונזער טעמפּעל ניט געפינען! האָט מען איהם נאָכגעשריען ווען ער איז שוין געווען ביים טיהר. אויב דו וועסט וואָגען ווען עס איז ווידער אריינצוקומען אין אונזער טעמפּעל וועלען מיר דיך פערשטיינען!

א צושראָקענער און צוטומעלטער איז עורב ארויסגעלאָפען פון טעמפּעל. ער האָט געוואוסט אז ווען ער וואָלט נאָך א קליינע ווילע פערבליבען וואָלט מען איהם געוויס געטויטעט.

ער איז ביי זיך געווען זיכער אז דאָס שטאַמט פון יתרו'ן. ער האָט עס יעצט זיך געוואָלט מיט איהם אָפּרעכענען און דעריבער האָט ער אויף איהם אויפגערייצט דעם המון. אָבער ער וועט איהם דאָס ניט שווייגען. ער וועט איהם צייגען אז עורב קען נאָך נעהמען נקמה אָן זיינע שונאים. ער האָט געשטעלט שנעלע טריט און איז אָנגעקומען אהיים צו זיין פרוי.

— עורב! האָט זיין פרוי אויסגערופען מיט ערשטוינונג, ווען זי האָט איהם דערזעהן, ווי אזוי קומסטו דאָס יעצט אהער?

— אָה, בעהאַלט מיך פון דעם צאָרן פון דעם צווילדערטען המון! האָט ער אויסגערופען.

— וואָס האָט פּאסירט?

— יתרו האָט אויף מיר אויפגערייצט דאָס פאָלק און זיי האָבען מיך געוואָלט טויטען.

— דו וועסט מיר ניט קענען איינרעדען אז יתרו, דער נאָבעלער יתרו, וועט וועמען עס איז שלעכטעס טהאָן.

— אָבער מיך האַלט ער פאַר זיין גרעסטען שונא, און דעריבער האָט ער דאָס יעצט געזוכט זיך נוקם צו זיין אָן מיר!

— דער איידעלער און גוטהערציגער יתרו וועט אפילו זיינע גרעסטע שונאים קיין בייז ניט טהאָן! דאָס פאָלק האָט זיך ארומגעזעהן ווי פאַלש דו ביזט, עורב. אייביג קען מען אזוי פיעל מענשען ניט נארען. אלע ווייסען ווי געמיין דו ביזט צו מיר און צו אונזער קינד. זינט דו

ביזט געוואָרען דער הויפּט פּריסטער, האָסטו זיך אויף מיר אפילו ניט גע־וואָלט אומקוקען. און ווען איך בין גע־קומען צו דיר אין טעמפּעל זיך בעקלאָ־גען, פלעגסטו מיר נעהמען דערצעהלען אז דיר האָט זיך גע'חלום'ט א חלום און די געטער האָבען דיר אָנגעזאָגט צו זיין אָבגעזונדערט פון מיר. אין דער זעלבער צייט האָב איך זיך דערוואוסט אז דו האָסט צו טהאָן מיט אנדערע פרויען. מסתמא האָבען דיר די געטער אזוי גע־הייסען האנדלען דורך א חלום. מיר האָסטו בלויז ארויסגעוויזען שנאה. איך בין געצוואונגען געווען די גאנצע צייט צו ארבייטען כדי צו ערנעהרען זיך און מיין קינד און דו האָסט דערווייל גע־לעבט א גוטען טאָג און אויף מיר זיך אפילו ניט אומגעקוקט. און אויב דו מיינסט אז איך האָב זיך פאר וועמען ס'איז בעקלאָגט אויף מיין שרעקליכער לאגע, מאכסטו א טעות! כ'האָב געליטען און געשוויגען, ווייל כ'האָב ניט געוואָלט פערשוואַרצען דיין נאָמען. איך האָב אלץ געהאָפט אז דו וועסט פארבעסערען דעם וועג און דו וועסט ווידער ווערען צו מיר א מאן און א פאָטער צו דיין קינד!

— אבער דאָס פאָלק האָט זיך ארומ־געזועהען. יענע פרויען, מיט וועמען דו פלעגסט פערברייינגען פלעגען זיך בע־ריהמען אז דער הויפּט פּריסטער פון מדין איז זייער בעסטער פריינד און אלע ווייסען דערפון. דעריבער האָבען זיי געזוכט אויסצולאָזען זייער כעס אויף דיר.

— עס איז ניט אמת, קיינער ווייס ניט וועגען מיין פריינדשאפט צו די פרויען, ווייל פון די אלע בעליידיגטע ווערטער האָב איך פון קיינעם ניט גע־הערט ער זאָל מיר זאָגען, אז דאָס זיי־נען זיי אויף מיר אויפגעבראכט, ווייל איך בעהאנדעל דיך ניט ריכטיג אָדער ווייל איך האָב צו טהאָן מיט פרעמדע פרויען.

— אָ, דו ביזט זיך מודה, הייסט עס, אז דו האָסט צו טהאָן מיט פרויען. און אין דער צייט פון דיין .ויט, אין דער צייט ווען דו זוכסט שוץ, קומסטו צו מיר!

פאר וואס געהסטו ניט צו יענע פרויען נאָך שוץ! אה ווי איך האָב דיר, עורב! די געטער נעהמען נקמה אין דיר, פאר די יסורים און שמער־צען וואס דו האָסט מיר פאראורזאכט. איך וועל דיר יעצט פון מיין הויז ניט פערטרייבען. איך וועל ניט זיין אזוי שלעכט ווי דו, אבער ווי נאָר דער צאָרן פון פאָלק וועט איינגעשטילט ווערען און די געפאהר וועט פאראיבער ווערען וועסטו אין מיין הויז מעהר ניט קענען בליי־בען...

— וואס מיינסטו! — האָט עורב אויסגערופען מיט כעס, אז איך האָב טאקע מורא פאר'ן המון... איך האָב נאָך פיעלע גוטע פריינד צווישען פאָלק וועלכע וועלען מיר געבען שוץ. איך האָב דיך פיינט ווי דעם טויט. איך ווייס אז בלויז צוליעב דיר זיינען אויף מיר אָנגעקומען אלע צרות. ווען דו וואָלסט זיך דאן ניט אריינגעמישט, וואָלט איך זיכער געקראגען יתרו'ס טאכטער פאר מיין פרוי... דו האָסט מיך געצוואונגען מיט דיר צו הייראטהען, אבער איך וועל דיר קיין מאָל ניט ליעב האָבען! דו קענסט ווידער אמאָל קומען צו יתרו'ן זיך בעקלאָגען אויף מיר! זאָל ער דיר העלפען אויב ער וועט קענען. איך וועל זיך נאָך מיט איהם אויך אָפּרעכענען!

עורב איז האסטיג ארויס פון זיין פרוי'ס הויז. ער איז ארומגעגאנגען א ווײלע אָהן א ציעל. באלד האָט ער זיך דערמאָהנט אָן זיינע אמאָליגע חברים, פון וועמען ער האָט זיך אָפּגעטהיילט, זינט ער איז געוואָרען דער הויפּט פּריס־טער. ער איז אוועק גלייך צו זיי.

זיינע חברים האָבען זיך שטארק דער־פרעהט מיט עורב'ן. איינינגע פון זיי זיינען געווען אמאָל יתרו'ס פאסטוכער, און זינט זיי זיינען פון יתרו'ן אוועק זיינען זיי ארומגעגאנגען ליידיג און גע־לעבט פון רויב.

ענדליך האָסטו זיך אָן אונז דער־מאָהנט — האָט איינער פון זיינע אמאָ־

ליגע חברים זיך אפגערופען — אבער אויב דו ביזט געקומען אונז איינצולאדען צו געהן אין טעמפעל פון די געטער, איז אומזיסט דיין טרחה... מיר האבען בעשלאסען מעהר קיין מאל ניט צו בעזוכען דעם טעמפעל.

— איך גלויב, אז אויך איך וועל שוין קיין מאל נישט בעזוכען דעם טעמפעל.

— דו אויך נישט! דו ביזט דאך דער הויפט פריעסטער פון מדין! — האבען זיך זיינע חברים געוואונדערט.

— איך בין שוין מעהר נישט קיין פריעסטער — האט עורב זיך אנגערופען. און יעצט אפילו ווען אלע איינוואהנער פון מדין וועלען קומען און פאלען צו מיינע פיס איך זאל ווערען זייער פריעסטער וועל איך דאס שוין מעהר נישט טאהן.

— אבער וואס האט אזוינס פאסירט וואס דו ביזט געווארען אויס פריעסטער? — האט איהם איינער פון זיינע חברים געפרעגט מיט א שמייכעל. איז דען דאס פאלק געקומען צום שכל?

— ניין, נישט דאס פאלק, נאר איך בין געקומען צום שכל — האט עורב געענטפערט. — איך האב זיי אלעמען פארלאזען!

— דו ביזט געקומען צום שכל און געווארען א נאר! — האט א צווייטער געלאכט — האסטו דען ניט געהאט גענוג געלד און כבוד ווען דו ביזט געוועזן דער הויפט פריעסטער פון מדין? ווי אזוי נעהמסטו און גיסט אפ אזא טהייערען אמט?

— דאס האב איך געטהאן צוליעב דעם, ווייל פיעלע פון פאלק האבען ניט אויסגעפאלגט מיין פערזאג. איך האב אריינגעלייגט יתרו״ן אין חרם. און עטליכע יאהר זיינען אלע געוועזן פון דער ווייטענס מיט איהם, אבער לעצטענס האב איך בעמערקט ווי פיעלע מענשען זיינען געווארען פריינדליך און עיפה האט שוין געהייראט מיט יתרו׳ס צווייטע טאכטער, האט אין מיר מיין צארען געברענט און איך האב זיי גענומען זאגען מוסר, אז די ווערטער פון דעם הויפט פריעסטער דארפען זיין הייליג, און זיי זאלען זיין אין גאנצען אפגעשיידט פון יתרו׳ס משפחה! אבער נישט אלע האבען מיר געוואלט פאלגען, בין איך שטארק אין כעס געווארען, און איך האב זיי געזאגט אז איך וועל מעהר קיין מאל ניט זיין זייער פריעסטער.

— און איך האב געהערט אן אנדער געשיכטע! — האט זיך נאך איינער אפגערופען מיט א שמייכעל — איך האב געהערט אז דער המון האט דיר שיעור נישט דער׳הרג׳עט....

— נו, יע, ווען זיי האבען זיך דערוואוסט אז איך וויל מעהר זייער פריעסטער ניט זיין, זיינען זיי אלע אויפגערעגט געווארען. אבער איך האב זיך פאר קיינעם ניט געשראקען. איך בין גלייך ארויס פון טעמפעל קיין מאל מעהר אהין זיך ניט צוריק צו קעהרען.

— אבער לויט ווי מען האט מיר דערצעהלט, האט זיך דער זעלבער אפגערופען — האט מען דיר ארונטערגעשלייערט פון דיין אמט און געצוואונגען צו אנטלויפען פון טעמפעל.

— וואס איז דער אונטערשייד ווי אזוי אונזער פריינד עורב איז געווארען אויס פריעסטער. מיר זיינען שטארק צופריעדען צו האבען דיר ווידער פאר אונזער פריינד. אויב דו וועסט ניט זיין דאגעגען וואלטען מיר דיר געמאכט פאר אונזער הויפט, און מיר וועלען צוזאמען בענייען אונזערע רויב אנפאלען אויף די רייזענדע!

— איך בין צופריעדען צו פערבלייבען אויף שטענדיג מיט אייך — האט עורב זיך אפגערופען — און אויב איהר ווילט מיר האבען אלץ אייער פיהרער וועל איך עס אננעהמען. און איך האף אז צוזאמען וועלען מיר קענען אנזאמלען פיעל רייכטהום.

— מיר האבען נאך פריינד וועלכע וועלען זיך אנשליסען אן אונז, ווען זיי וועלען וויסען אז דו, עורב ביזט געווארען אונזער פיהרער. מיר וועלען גלייך שיקען זיי רופען אהער.

א ווייל שפעטער זיינען צוגעקומען נאך איניגע לידיג געהער און צוזאמען

האָבען זיי געמאַכט עורב'ן פאַר זייער הויפּט פיהרער.

— ניט נאָר וועלען מיר זיך באַשעפטיגען אין בערויבען רייכע קאַראוואַנען! — האָט עורב זיך צו זיי געווענדעט — מיר וועלען אויך זיך קענען בעשעפטיגען מיט שקלאַפען. ווען מיר וועלען זיך אָנטרעפען מיט מעכטיגע קאַראוואַנען און מיר וועלען זעהן אַז מיר וועלען געגען זיי ניט קענען קעמפפען, דאַן וועלען מיר זיי פאַרקויפען שקלאַפען וואָס מיר וועלען האָבען געפאַנגען פון אַנדערע קאַראוואַנען. איך בין זיכער אַז פון דע סוועלען מיר אַלע רייך ווערען.

— מיר וועלען טאָהן אַלעס וואָס דו וועסט אונז הייסען! — האָבען זיי געזאָגט.

אַזוי איז עורב דער געוועזענער הויפּט פּריעסטער געוואָרען דער אַנפיהרער פון אַ רויבער באַנדע. הינטער'ן שטאָדט, צווישען די בערג האָבען זיי געהאַט זייערע פאַרבאַרגענע פּלעצער וואו זיי פלעגען זיך אויפהאַלטען. אין די לעצטע עטליכע וואָכען האָבען זיי געמאַכט עטליכע ערפאָלגרייכע איבערפאַלען אויף קאַראוואַנען און זיי האָבען אָנגעזאַמעלט אַ היבש ביסעל רייכטהום.

— יעצט אַז אונזער הויפּט איז עורב, דער געוועזענער הויפּט פּריעסטער האָט זיך אונזער מזל צוריק געקעהרט — האָבען די רויבער צווישען זיך גערעדט. זיי האָבען אַלע געקוקט אויף עורב'ן מיט פורכט און איהם געפאָלגט וואָס ער האָט זיי געזאָגט.

איין מאָל, רופט זיך אָפּ עורב צו זיינע נאָכפאָלגער:

— ווען איך בין אַ פּריעסטער געווען האָב איך געשוואָרען ביי די געטער נקמה צו נעהמען פון יתרו'ן און פון זיין משפחה. איך האָב דאַן אויסגעפיהרט דעם חרם איבער איהם. געמיינט האָב איך אַז ווען קיינער וועט פאַר איהם ניט וועלען טאָהן קיין אַרבייט, וועט ער קומען צו מיר און בעטען איך זאָל זעהן צוריק רופען דעם חרם. דאַן האָב איך געהאָפּט אַז איך וועל איהם קענען צווינגען ער זאָל מיר געבען צפּורה'ן פאַר מיין פרוי. אָבער עס האָט אַזוי ניט פּאַסירט. עפּעס אַ פרעמדער מאַן, פון מצרים איז גראַדע אין קורצען אָנגעקומען אין מדין און ער האָט אַרויסגעהאָלפען יתרו'ס טעכטער און יתרו האָט איהם אָפּגעגעבען צפּורה'ן פאַר אַ פרוי.

— אָבער נישט דאָס איז געווען די אורזאַכע וואָס יתרו האָט משה'ן איבערגעגעבען זיין עלטסטע טאָכטער — האָט זיך איינער פון די רויבער אָפּגערופען — דיר איז דאָך בעוואוסט אַז משה האָט בעוויזען די זעלטענע גבורה און אַרויסגעשלעפּט דעם וואונדער שטעקען פון גאַרטען גאַר אַליין, נאָכדעם ווי אַלע אַנדערע ביז איהם, זיינען דורכגעפאַלען.

— און אויב איהר דיינקט אַז דאָס האָט ער בעוויזען אַ העלדישקייט, מאַכט איהר אַ טעות — האָט עורב זיך צו זיי אָפּגערופען — נאָכדעם ווי אַלע יונגע און שטאַרקע לייט פון מדין האָבען פּראָבירט אַרויסשלעפּען דעם שטעקען, איז ער פון זעהר פיעל רייסען און בויגען לייז געוואָרען און דאַן איז שוין געווען גאַנץ לייכט פאַר משה'ן איהם אַרויסצושלעפּען.

— ביזטו דען ווידער אַמאָל ניט געגאַנגען פּראָבירען דיינע כחות — האָט אַ צווייטער רויבער געפרעגט עורב'ן — און דאָס איז געווען שוין נאָכדעם ווי אַלע יונגע לייט זיינען אַוועק מיט ליידיגען. איך געדיינק גאַנץ גוט. איך בין דאַביי געווען ווי דו האָסט פאַרגלאָצט מיט דיינע אויגען און געזוכט די הילף פון די געטער און פונדעסטוועגען האָט עס דיר ניט געהאָלפען... יע, עורב, דו מוזט צוגעבען אַז משה איז אַן אויסערגעוועהנליכער שטאַרקער מאַן און מיר דאַרפען זעהן ווי ווייט מעגליך איהם אויסצומיידען!

— וועגען דעם האָבען מיר זיך ניט וואָס צו זאָרגען! — האָט עורב געזאָגט — איך בין אייער פיהרער און איך ווייס גענוי געגען וועמען מיר קענען זיך פאַרמעסטען. איך וועל מיין נקמה פּלאַן געגען יתרו'ן נישט אויפגעבען צוליעב

דעם וואָס דער מצרי איז געוואָרען זיין איידעם.

— און אין וואָס בעשטעהט דיין נקמה פּלאַן ? — האָט איהם נאָך איינער געפרעגט.

— וועגען דעם האָב איך שוין לאַנג געטראַכט — האָט עורב געענטפערט. איך האָב פריהער שוין געהאַט בעשלאָסען צו טוידטען יתרו'ן, אָבער איך האָב זיך ארומגעזעהן אז דאָס טויג ניט ! די גאַנצע שטאָדט וועט פארשטעהן אז דאָס שטאַמט פון מיר און זיי וועלען אַלע ווי איין מאַן ארויסגעהן מיר אויפזוכען כדי זיך נוקם צו זיין פאר זיין בלוט. דעריבער האָב איך בעשלאָסען צו פאַנגען איינע פון זיינע טעכטער און איהר פארקויפען פאר א שקלאַפין. דאָס וועט איהם פאראורזאַכען זעהר פּיעל יסורים און מיין נקמה וועט זיין גרויס.

— ווי אַזוי וועסטו אָבער דאָס קענען בעווייזען, אז יתרו'ס טעכטער פיטערען דאָך שוין מער ניט די שאָף, און זיי געהן מעהר קיין מאָל ניט ארויס הינטערן שטאָדט.

— נישט אומזיסט געפינען זיך צווישען אונז אייניגע פּאַסטוכער וועלכע האָבען פריהער געדיענט ביי יתרו'ן. — האָט עורב זיך אָפּגערופען — פון זיי וועלען מיר קענען א סך דערגעהן. איך וועל אויסגעפינען פון זיי וועגען די געוואָהנהייטען פון יתרו'ס משפחה און דאַן וועל איך וויסען וואָס צו טהאָן.

עורב האָט צוגערופען צו זיך צוויי געוועזענע פּאַסטוכער פון יתרו און ער האָט זיי אויסגעפרעגט וועגען די טעכטער פון יתרו'ן און זייערע געוואָהנהייטען.

זיי האָבען איהם אַלעס דערצעהלט און פּלוצלונג האָט עורב אויסגערופען :

— עס וועט ניט זיין זעהר שווער צו פערנאַרען איינע פון זיינע טעכטער הינטער'ן שטאָדט ! איך וועל שיקען איינעם פון אייך, ווען די משפחה פון יתרו האָט נאָך קיין מאָל ניט געזעהען און ער וועט קומען אַנזאָגען יתרו'ן אז א מאַן איז נאָר וואָס געקומען פון מצרים און ער געפינט זיך הינטער'ן שטאָדט און אויב ער וויל זאָל ער שיקען אימיצען איהם צו ברייננען זיך אין הויז. איך ווייס אז יתרו איז אימערצו גרייט איינצולאַדען צו זיך פרעמדע מענשען, בפרט די וועלכע קומען פון מצרים, און דאַן וועט ער געוויס שיקען איינע פון זיינע טעכטער און דאַן וועלען מיר איהר פאַנגען און פארקויפען פאר א שקלאַפין.

— אָבער יעצט, אז יתרו'ס קנעכט האָבען זיך צו איהם צוריקגעקעהרט, וועט ער דאָך גיכער שיקען א קנעכט צו רופען דעם פרעמדען — האָט איהם א געוועזענער פּאַסטוך פון יתרו געזאָגט — און דאַן וועט פון דיין פּלאַן זיך גאָר ניט אויסלאָזען.

— דו ביזט גערעכט ! איך האָב א בעסערען פּלאַן — האָט עורב געזאָגט— איהר ווייסט דאָך אז משה יתרו'ס איידעם פיטערט די שאָף אין דער מדבר גאַנץ ווייט פון מדין. וועל איך פריהער מוזען דערגעהן אויב זיין פרוי צפּורה איז נישט מיט איהם. און אויב זי געפינט זיך אין איהר פאָטער'ס הויז, דאַן וועל איך אימיצען פון אייך שיקען אהין אַנצוזאָגען אין נאָמען פון משה'ן אז ער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען. זיין פרוי וועט דאָך שנעל לויפען צו איהם, דאַן וועלען מיר איהר איבערנעהמען אין מיטען וועג און איר פאַנגען.

— אָבער דאָס וועט דאָך מיינען אז מיר וועלען זיך אַנפאַנגען מיט דעם שטאַרקען משה'ן — האָט איינער זיך אָפּגערופען — און איך האָב מורא אז מיר וועלען אַלע קריגען א ביטערען סוף!

— ניין, ניין ! מיט משה'ן וועלען מיר זיך ניט אַנפאַנגען, האָבען אנדערע געשריען — דו ביזט טאַקע אונזער הויפּט, אָבער פונדעסטוועגען מעגען מיר דיר וואָרנען, אז אויב דו דיינקסט נאָך ווען עס איז אריינצוקריגען צפּורה'ן פאר דיין פרוי, זאָלסטו זיך בעסער ניט פארלאָזען אויף אונזער הילף !... מיר האָבען שטאַרק מורא פאר איהם און מיר וועלען קיין זאַך נישט טאָהן איהם אויפצורייצען געגען אונז. מיר זיינען זיכער

אז דער שטארקער משה וועט ניט רוהען ביז וואנען ער וועט זיך מיט אונז אָפּרעכענען!

— איך מעג אייך פארזיכערען מיינע פריינד, אז איך טראכט מעהר ניט פון צפּורה'ן. און זי איז גאנץ ווייט פון מיינע געדאנקען. מיין איינציגער ציעל איז יעצט צו נעהמען נקמה אָן יתרו'ן. און אויב איך וועל קענען פערקויפען פאר א שקלאפין איינע פון זיינע טעכטער, וועל איך דאן שטילען מיין נקמה דורשט...

— אָבער ווען מיר וועלען פאנגען צפּורה'ן וועלען מיר זיך דאך אויך דארפען אָנפאנגען מיט משה'ן, און מיר אלע ווייסען אז ער איז אן אויסערגעוועהנליכער מאן, און דער, וועלכער וועט איהם שלעכטס טאָהן וועט ניט געשאָנקען ווערען!...

— מיר וועלען זעהן, אויב צפּורה וועט ארויסקומען צו העלפען משה'ן וועלען מיר איהר צורוה לאָזען. אָבער ווען מיר וועלען בעמערקען איינע פון איהרע שוועסטער וועלען מיר איהר דאן פאנגען. נאָך אלעמען קענען מיר דאך דערצו גאָר נישט צולייגען.

— עס וועט זיין א סך בעסער ווען צפּורה וועט זיך געפינען מיט איהר מאן אין דער מדבר — האָט איינער געזאָגט. דאן וועט מען קענען איבערגעבען אז צפּורה איז פּלוצלונג קראנק געווארען און אז זי פארלאנגט דאס איינע פון איהרע שוועסטער זאָל צו איהר קומען.

— איך זעה אז דו ביזט גערעכט! — האָט עורב איהם א קלאפּ געטהאָן איבער'ן פּלייצע — דאס איז דער בעסטער ראטה וואס איך האָב פון וועמען פון אייך ביז יעצט געהאט. אזוי וועל איך טאָהן און איך בין זיכער אז אונזער ארבייט וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז עורב מיט נאָך עטליכע פון זיינע נאכפאָלגער אוועקגעגאנגען צו דעם מדבר, נישט ווייט וואו משה האט זיינע שאָף געפיטערט און זיי האבען פון ווייטען, אומבעמערקטערהייט, נאכגעקוקט אויב צפּורה געפינט זיך מיט משה'ן, און ווען זיי האבען איהר דערזעהען ארויסגעהענדיג פון געצעלט האבען זיי זיך גלייך צוריקגעקעהרט צו זייערע געצעלטען.

עורב האט אויסגעקליבען איינעם פון זיינע מיטהעלפער וועלכער האט זיך פערשטעלט פאר א דורכוואנדערער און ער האט איהם געשיקט צו יתרו'ן.

— יתרו'ס טעכטער זיינען אלע זעהר שעהן — האט עורב געזאגט און אויב אונז וועט געלינגען צו פאנגען איינע פון זיינע טעכטער, וועל איך נישט נאָר זעהן א נקמה אָן מיין גרעסטען שונא, נאָר מיר וועלען פאר איהר ארויסקריגען זעהר פיעל געלט.

דער שליח האט אנגעטהאָן קליידער פון א וואנדערער און איז אוועק צו יתרו'ן אין הויז.

— איך בין א וואנדערער! — האט ער אויסגערופען — זון איך האב דורכגעוואנדערט דעם מדבר פון חורב, ביז וואנען איך בין אנגעקומען צו א פלאץ וואו עס וואקסט גראָז און בוימער, דארטען האב איך בעשלאָסען זיך אויסצורוהען פאר א קורצע צייט. פון ווייטען האב איך בעמערקט ווי שאָף פיטערן זיך, האב איך פארשטאנען אז דאָ געפינען זיך מענשען, בין איך ווייטער געגאנגען ביז וואנען איך האב אנגעטראָפען א געצעלט און נישט ווייט פון געצעלט איז געזעסען א מאן. איך האב זיך שטארק דערפרעהט, ווייל איך בין געווען הונגעריג און מיעד. איך בין צו איהם צוגעגאנגען און ער האט מיר געגעבען שפּייז. ווען איך האב איהם געבעטען ערלויבניס אריינצוגעהן אין זיין געצעהלט און זיך אפּרוהען, האט ער בעדויערט דאס ער קען מיין פערלאנג נישט ערפילען ווייל זיין פרוי געפינט זיך דארט און זי איז קראנק, און ווען איך האב איהם געפרעגט אויב עס איז נאָך ווייט פון דאנען צו א שטאָדט, האט ער מיר געזאגט אז מדין איז נישט ווייט פון דאנען. איך האב זיך עטוואס אויסגערוהט און געוואלט אנפאנגען וויי־

טער צו וואנדערן נאָך מדין. איך האב בעדאנקט דעם מאן פאר זיין גנאדע וואס ער האט מיר ארויסגעוויזען און איהם געפרעגט מיט וואס איך קען איהם אפדינען פאר זיין טובה.

— אויב דו ווילסט מיר יע טהאָן א געפעליגקייט! — האט ער אויסגערופען — בעט איך דיר אז ווען דו וועסט אנקומען אין מדין זאלסטו זיך נאָכפרעגען אויף יתרו'ן און ווען דו וועסט צו איהם קומען זאלסטו איהם זאגען אז דו קומסט אלס א שליח פון זיין איידעם משה, און ער פערלאנגט אז דו זאלסט גלייך שיקען איינע פון דיינע טעכטער צו איהם אין דער מדבר ווייל זיין פרוי צפורה איז פלוצלינג קראנק געווארען און זי נויטיגט זיך אז אימיצער פון איהרע שוועסטער זאל איהר ארויסהעלפען. איך האב איהם צוגעזאגט און יעצט האב איך מיין פערשפרעכען ערפילט.

יתרו איז געבליבען שטעהן א בלאסער און דערשראָקענער, זיין טאָכטער צפורה איז קראנק!

— האט דיר מיין איידעם נישט געזאגט וואס מיט איהר איז? — האט יתרו איהם געפרעגט און זיין פנים האט אויסגעדריקט שרעק.

— ער האט מיר געזאגט אז זי איז נישט שווער קראנק. וואס זי נויטיגט זיך איז א ביסעל רוה און ווען איינע פון דיינע טעכטער וואלט ארויסגעקומען אויף עטליכע טעג איהר ארויסצוהעלפען וואלט זי באלד געזונט געוואָרען!

יתרו האט באלד איבערגעגעבען די ווערטער פון דעם פרעמדען צו זיין פרוי און זיינע טעכטער.

— איך וועל גלייך געהן אהין! — האט זיך יתרו'ס אינגסטע טאָכטער אפגערופען.

— עס איז שוין צו שפעט יעצט פאר דיר אליין צו געהן אהין — האט יתרו געזאגט — עס איז שוין יעצט נאָך האלבען טאָג און ווען דו וועסט זיין בלויז אפגעגאנגען האלב וועג, וועט די זון אונטערגעהן און דיר וועט אויסקומען צו געהן די אנדער האלבע וועג אין דער פינסטער, ווי באלד אז דער וואנדערער פערזיכערט מיר אז עס איז נישטאָ קיין סכנה און צפורה נויטיגט זיך בלויז אין עטוואס רוה, דעריבער וועסטו אויפשטעהן מאָרגען גאנץ פריה און וועסט מיטנעהמען עטוואס שפייז און גלייך געהן אין וועג, וועסטו דארטען אנקומען נאָך האלבען טאָג.

— איך וועל טאָהן ווי דו ראטהסט מיר, פאטער! — האט זי געענטפערט.

— איך גלויב אז זי האט זיך פערביינקט נאָך איהר זוהן! — האט שרה זיך אפגערופען — און דערפאר פיהלט זי זיך נישט אזוי גוט. ווען עס וואלט געווען מעגליך צו ברייננען גרשם'ן צו איהר, וואלט זי זיך באלד געפיהלט בעסער.

— אבער דאס איז דאָך אונמעגליך! — האט יתרו געזאגט. — גרשם איז נאָך צו יונג דורכצומאכען אזא וויטע שטרעקע און דאס פערברייננען אין דער מדבר אפילו בלויז אויף עטליכע טעג איז אויך צופיעל פאר איהם. די בעסטע זאך וואלט געווען, מיין טאָכטער — האט ער זיך געווענדעט צו זיין אינגסטע טאָכטער, — איז ווען דו וועסט זעהן אז צפורה פיהלט זיך בעסער, זאָלסטו איהר צורעדען צו קומען אהיים מיט דיר. זאג איהר אז אויך גרשם בענקט נאָך איהר. און איך בין זיכער, אז ווען זי וועט דערהערען אז איהר זוהן בענקט נאָך זיין מוטער, וועט זי זיך באלד מיט דיר צוריקקעהרען. ווי עס ווייזט אויס איז דער מדבר גאנץ אומגעזונט פאר איהר.

— יע, מיין האר! איך גלויב אויך אזוי! — האט דער פרעמדער זיך אפגערופען — איך בין דארט געווען בלויז עטליכע טעג, און איך האב זיך געפילט גאנץ אבגעשוואכט פון דער שרעקליכער היץ.

— אָה, ענטשולדיג מיר מיין האר וואס איך האב דיר גלייך נישט איינגעלאדען צו עסען און זיך אויסרוהען אין מיין הויז! — האט יתרו געזאגט — איך בין אזוי ערשיטערט געווארען צו הערען אז מיין טאָכטער איז קראנק גע־

ווארען אין דער מדבר אז איך האב נישט געוואוסט וואס צו טאָהן!

— איך דאנק דיר זעהר מיין האר, אבער איך קען נישט לאנג פערבלייבען אין דיין הויז, איך מוז זיך גלייך צוריקקעהרען. איך בין צופרידען אז איך האב געקענט האלטען מיין פערשפּרעכען צו יענעם גוטהערציגען מאן. און איצט אייל איך זיך צו מיין וועג.

אבער דו ווי:ט דאָך פערבלייבען מיט אונז אויף א קליינער ווילע! — האט שרה איהם געבעטען—איך וועל גלייך גרייטען צום טיש און מיר וועלען זיך זעצען עסען.

— איך קען לייגער נישט פערבלייבען, מיין הארינטע — האט זיך דער פרעמדער פערנויגט—אבער איך האָף צו פערבלייבען איי מדין אויף א לענגערע צייט, און דאן אויב איך וועל אייך נישט פאלען צום לאסט, וועל איך אייך א צווייטען מאָל בעזוכען.

— דו ווערסט אימער צו זיין ווילקאָמען אין אונזער הויז! — האט יתרו זיך אפּגערופען — און אויב דו וועסט זיך נויטיגען אין אונזער הילף, וועל איך דיר פערזיכערן אז מיר וועלען טאָהן אלעס וואס נאָר מעגליך דיר אפּצוטאָהן א טובה פאר די פריינדליכקייט וואס דו האסט אונז ארויסגעצייגט.

דער פרעמדער האט זיי ווידער בעדאנקט, ער האט זיך פארנייגט און איז ארויס פון יתרו׳ס הויז. ער איז גלייך אוועק הינטערן שטאָדט צו עורב׳ן און צו די איבעריגע רויבער.

— נו, נו, האָסטו עס אלעס דורכגעפיהרט? — האט איהם עורב בעגעגענט.

— גלענצענד, זעהר גלענצענד! — האט דער שליח איהם געענטפערט—ווען איך האב געזעהען אז יתרו האט זיך זעהר שטארק דערשראָקען, האב איך מורא געהאט:..ן ער זאל נישט שיקען זיין טאָכטער מיט איינעם פון זיינע קנעכט. האב איך איהם גלייך בערוהיגט, און געזאגט אז צפורה איז נישט שטארק קראנק אבער זי נויטיגט זיך אין עטליכע טעג רוה, און ווען איינע פון זיינע טעכטער זאל צו איהר צוקומען, און איהר ארויסהעלפען, וועט זי גלייך געזונט ווערען. און גלייך האט זיך זיין איינגסטע טאָכטער אנגעבאָטען אהין צו געהן.

— זיין איינגסטע טאָכטער! — האט עורב אויסגערופען מיט צופרידענהייט. —זי איז אויך זעהר שעהן, זי איז עהנליך צו צפורה׳ן, פאַר איהר וועלען מיר א סך געלט קריגען!

— אויב זי איז טאקע אזוי שעהן! —האט זיך איינער פון די רויבער אפּגערופען—וואלט פיליכט מעגליך געווען אז איך זאל זי קריגען פאר זיך. איך וועל פאר איהר אפּגעבען מיין גאנצען חלק גאָלד וואס איך פערמאָג.

— ניין, דאס איז אונמעגליך! — האט עורב אויסגערופען.—מיר טאָרען איהר ביי זיך נישט האלטען. עס וועט פאר אונז אלעמען א סך בעסער זיין ווען מיר פערקויפען איהר צו א דורכוואנדערנדען קאראוואן פאר א שקלאַפין, דאן וועט קיינער נישט וויסען אז מיר האבען אין דעם א האנט! איך וועל האבען אויסגעפיהרט מיין נקמה, מיר וועלען קריגען פאר איהר א סך געלט און קיינער וועט מיר נישט חושד זיין.

— און ווען וועלען מיר דארפען זי אָפּווארטען? — האָט אימיצער א פרעג געטהאָן דעם שליח.

— זי וועט ארויסגעהן מאָרגען גאנץ פריה פון יתרו׳ס הויז און מיר וועלען אלע אויפשטעהן זעהר פריה און זי אָפּווארטען אויף דעם שמאָלען וועג, דאָס איז דער קירצעסטער וועג צום מדבר, און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז זי וועט געהן דורך יענעם וועג.. און כדי צו זיין זיכער, וועלען איינינע פון אונז לויערען אויף איהר אויך אויף דעם צווייטען וועג, דאן וועלען מיר געוויס זי נישט פארזעהן!

---

אויף מאָרגען גאנץ פריה איז חלאה אויפגעשטאנען און מיטנעהמענדיג עטוואָס שפּייז איז זי אוועקגעגאנגען נאָך

דעם וועג וואָס פיהרט צו דער מדבר חורב.

חלאה איז געווען זעהר צופרידען, וואָס זי געהט איצט צו דער מדבר. דאָרטען וועט זי זעהן איהר שוואָגער, וועלכער איז אזוי שעהן און העלדיש. זי וועט מיט איהם קענען רעדען און הערען זיינע קלוגע רייד... זי האָט פון משה'ן נישט אויפגעהערט צו טראַכטען זינט זי איז נאָך גאָר יונג געווען, ווען זי האָט איהם צום ערשטען מאָל דערזעהן ביי דעם ברונעם, ווי ער האט געקעמפט מיט די פאסטוכער. אָה ווי שטארק זי האָט איהר שוועסטער, צפורה, מקנא געווען, ווען זי האָט באמערקט ווי משה שפאַצירט מיט איהר און פארברייננגט מיט איהר... ווען זי וואָלט דאן געווען עטוואָס עלטער, וואָלט זי שוין געזעהן, אז ער זאָל זיך אויף איהר אויך אומקוקען... און אויב איהר שוועסטער, פלילה, וועלכע איז בלויז איין יאָהר אינגער פון צפורה'ן, איז נישט געלונגען צוצוציהען צו זיך משה'ס אויפמערקזאמקייט, איז זי אָבער זיכער, אז ווען זי וואָלט דאן געווען אין פלילה'ס עלטער, וואָלט שוין דער העלדישער משה געווען פאראינטערעסירט אין איהר אזוי ווי אין צפורה'ן... זי האָט ליעב געהאט זיך צו געפינען אין משה'ס געזעלשאפט אפילו נאָכדעם ווי צפורה האָט מיט איהם חתונה געהאט, וואס פאר אן אונגעהויער גרויסען איינדרוק האָבען אויף איהר געמאכט זיינע ערצעהלונגען פון זיין איבערלעבונג אין מצרים... ווען זיי פלעגען אלע זיצען ארום טיש, פלעגט זי פון איהם איהרע בליקען ניט אָפּטהאָן. און איצט געהט זי דאָרטען צו איהם, אין דער מדבר... זי האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי זי באגעגענט איהם. ער איז אליין מיט די שאָף. זי רעדט צו איהם. זייערע בליקען באגעגענען זיך און זי איז זיכער, אז ער וועט זי פארשטעהן...

באלד אָבער דערשרעקט זי חלאה פאר איהרע אייגענע געדאנקען. ווי אזוי וועט זי קענען טהאָן אזא זאך צו איהר שוועסטער, וועמען זי האָט אזוי ליעב? זי פּרובירט זיך אליין פארענטפערען, אז זי מיינט גאָרנישט דערמיט, זי האָט בלויז ליעב צו הערען משה'ס שעהנע געשיכטעס... א חוץ דעם, זעהט זי ניט איין פארוואָס זי זאָל דערפון נישט טאָרען טראַכטען... נישט איינמאָל האָט זי געהערט די געשיכטע ווי אזוי יעקב האָט געהייראַט פריהער מיט לאה'ן און דערנאָך מיט איהר אינגערער שוועסטער, רחל... און ביידע שוועסטער זיינען געווען גינציג און איבערגעבען איינע צו דער צווייטער... אזוי פארטיעפט איז חלאה געווען אין איהרע געדאנקען וועגען משה'ן, אז זי האָט גאָרנישט באמערקט ווי פלוצלונג זיינען נעבען איהר אויסגעוואקסען עטליכע פרעמדע מענער און האָבען איהר פארשטעלט דעם וועג. זי איז געוואָרען עטוואס דערשראָקען און געמאכט א פארזוך אָפּצוטרעטען אָן א זייט.

— קום מיט אונז! — האָבען די פרעמדע א זאָג געטהאָן און זי אָנגענומען פאר א האנט.

— וואָס פארלאנגט איהר? — האָט חלאה אויסגערופען און איהר פנים איז בלאס געוואָרען פון שרעק.

— דו וועסט שוין באלד וויסען, וואָס מיר פארלאנגען פון דיר! — האָבען זיי אויסגערופען און זי גענומען פיהרען.

חלאה האָט זיך גענומען ווערען און ראנגלען. זי האָט גענומען שרייען מיט אלע איהרע כחות. באלד אָבער זיינען צוגעקומען נאָך מענשען, וועלכע זיינען געווען באהאלטען צווישען די ביימער אויפ'ן וועג און חלאה האָט דערקענט צווישען זיי דעם פרעמדען וואנדערער, וועלכער איז געקומען צו איהר פאָטער'ס הויז אָנזאָגען, אז צפורה איז קראנק.

— אָה, דו ביזט אויך צווישען זיי?

— האָט חלאה אויסגעשריען און איהר שרעק האָט זיך פארגרעסערט.

— דו האָסט מיך דערקענט?! — האָט ער זיך אָפּגערופען און פאנאנדערגעלאכט.

— אָה, דו באטריגער! דו האָסט אונז אָפּגענארט! — האָט חלאה אויסגעשריען און זיך נאָך שטארקער גענומען ראנגלען. — וואָס פאר א שלעכטס האָ־

בען מיר דיר געטהאָן, אז דו זאָלסט זיך וועלען אָן מיר און אָן מיין פאָטער נוקם זיין?

— דו ביזט זעהר א שעהן מיידעל, — האָט דער שליח זיך צו איהר אָפּגערופען — און מיר אַלע לויבען די געטער פון מדין, וואָס דו האָסט זיך צוגעהערט צו מיינע רייד און זיך געלאָזט אויף דיעזען וועג צו באזוכען דיין שוועסטער! איצט קום מיט אונז, אומזיסט וועט זיין דיין ראנגלען און וועהרען זיך. דו באַלאַנגסט איצט צו עורב'ן.

זיי האָבען חלאה'ן אויפגעהויבען און זי אוועקגעטראָגען צו זייער פארבאָרגענעם פלאַץ. חלאה האָט די גאנצע צייט נישט אויפגעהערט צו וויינען און בעטען זיך ביי זיי, זיי זאָלען זי באפרייען.

— איהר האָט זי געבראכט! — האָט עורב זיי אַלעמען באגעגענט מיט א פרעהליכען פנים. — איהר זיינט אַלע בראַווע יונגען! אייער באַלוינונג וועט זיין גרויס. און דו, מיין פריינט! — האָט ער זיך אָפּגערופען צו דעם שליח, — דו האָסט דיין שליחות אויסגעפיהרט און דו האָסט אונז אַלעמען איבערצייגט, אז דו ביזט זעהר קלוג, דעריבער וועט דיין באַלוינונג זיין א דאָפּעלטע.

עורב איז צוגעגאנגען צו יתרו'ס אינגסטער טאָכטער און האָט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף איהר פלייצע און זיך צו איהר אָפּגערופען מיט א שמייכעל:

— פיעל יאָהרען האָב איך געטרוימט צו קריגען דיין שוועסטער, צפורה'ן, אין מיין רשות. אָבער דיין פאָטער האָט עס נישט דערלאָזען. איצט אָבער האָבען די געטער פון מדין אין מיינע הענט איבערגעגעבען דיך און דערמיט וועל איך נקמה נעהמען אין דיין פאָטער, וועלכער איז מיין גרעסטער שונא.

— דו אומווירדיגער עורב! — האָט חלאה אויסגעשריען מיט ענטריסטונג.

— מיין פאָטער האָט דיר קיין שלעכטס ניט געטהאָן, אָבער דורך דיר האָבען מיר אזוי פיעל יאָהרען געליטען און איצט איז דיר דאָס נאָך ווינציג?! לאָז מיך אָפּ, ווייל דו וועסט ערגער מאַכען. איך האס דיך און איך קען אויף דיר נישט קוקען! און מיין נישט, אז דאָס וועט דיר געשאַנקען ווערען. מיין שוואָגער, משה, וועט נישט רוהען ביז וואַנען ער וועט אויסגעפינען וואו איך בין און דאן וועט ער זיך מיט דיר און מיט די אנדערע רויבער אָפּרעכענען.

— ווען משה וועט אויסגעפינען, אז דו ביזט פארפאַלען געוואָרען, וועסטו שוין מעהר אין מיין רשות נישט זיין! — האָט עורב א שטשירע געטהאָן מיט זיינע צייהן. — דאן וועסטו שוין וואַנדערען ערגעץ וואו מיט א פרעמדען קאַראַוואַן... יאָ, מיר וועלען דיך פארקויפען פאר א שקלאַפין!

ווען חלאה האָט דערהערט עורב'ס לעצטע ווערטער, האָט זי זיך היסטעריש פאנאנדערגעוויינט. זי האָט זיך ווידער ביי זיי גענומען בעטען. אָבער עורב האָט א וואונק געטהאָן און זיינע מענשען האָבען איהר פארבונדען די הענט אויף הינטען און אריינגעטראָגען אין דער פערבאָרגענער הייהל.

דעם גאנצען טאָג איז חלאה דאָרט אָפּגעלייגען א פארשמאכטע, א מיעדע. זי האָט גאָרנישט געוואָלט נעהמען פון די צוויי מענער, וועלכע זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרען נעבען דעם אריינגאנג פון הייהל. אין אָוונט איז זי געווען אזוי אויסגעמוטשעט און ערשעפט פון וויינען און שרייען, אז זי איז גלייך איינגעשלאָפען.

ווען זי האָט זיך אויפגעכאפט פון שלאָף האָבען זיך שוין באוויזען עטליכע ליכטיגע שטראהלען, וואָס האָבען אריינגעדרונגען אין דער פינסטערער הייהל. זי האָט אויסגעריבען איהרע אויגען און זיך גענומען דערמאָנען וואו זי געפינט זיך. דער קוואַל טרעהרען פון איהרע אויגען האָט זיך ווידער געעפענט. באלד האָט מען איהר געבראכט עסען. און כאָטש זי איז געווען גאנץ הונגעריג, האָט זי זיך נישט צוגעריהרט דערצו.

א ווײלע שפעטער איז אריינגעקומען עורב און זיך צו איהר אָפּגערופען:

— דו ווייסט דאָך, אז דו געפינסט

זיך אין מיין רשות און דעריבער וואָלט איך דיר געראטהען, אז דו זאָלסט פאָלגען אלע מיינע מענשען, אויב נישט וועסטו ערגער מאכען. דו דארפסט זיך שעצען גליקליך, וואָס מיר האָבען דיר געבראכט עסען. אויב דו וועסט איצט נישט נעהמען דיין שפּייז, וועסטו שפּעטער געוויס נישט קריגען, ווייל מיר קלייבען זיך אלע מיט דיר אין וועג...

— וואָס ווילסטו טהאָן צו מיר? — האָט חלאה אויסגערופען מיט א ביטער געוויין. — איך בעט דיך, לאָז מיך פריי און מיין פאָטער וועט דיר געבען אזוי פיעל געלד, וויפיעל דו וועסט פון איהם פארלאנגען.

— דו האלטסט מיך פאר אזא נאר?

— האָט עורב זיך פאנאנדערגעלאכט.

— איצט, אז דיין פאָטער האָט צוריקגעוואונען דעם צוטרויען פון אלע איינוואוינער פון מדין, ווילסטו, אז ער זאָל אויסגעפינען, אז איך האָב זיין טאָכטער גענומען געפאנגען? ניין! ער וועט דאָס קיינמאָל נישט אויסגעפינען! און דו וועסט פון אונז אלעמען באהאנדעלט ווערען א סך בעסער, אויב דו וועסט נאָר וויסען ווי אזוי זיך אויפצופיהרען. איך וועל דיך פאר זיך נישט פארהאלטען און מעגליך, אז דו וועסט אריינפאלען אין גוטע הענט און דיר וועט גוט זיין, ווייל דו ביזט דאָך זעהר א שעהנע און דערצו ביזטו נאָך גאנץ יונג!

ווען עורב איז ארויס פון הייהל, האָט חלאה אָנגעפאנגען צו עסען די שפּייז. זי האָט פארטרונקען מיט דעם וואסער וואָס איז נעבען איהר אוועקגעשטעלט געוואָרען. א היבשע ווייַלע איז זי אזוי געזעסען אויפ'ן באָדען פון דער הייהל. פארשיעדענע טרויעריגע געדאנקען האָבען געלעכערט איהר מח. וואָס וועלען דיעזע שלעכטע מענשען מיט איהר טהאָן? וועט זי שוין ווען עס איז זעהן איהר משפחה? אָה, פארוואָס קומט איהר אזא שווערע שטראָף? אפשר האָט זי געזינדיגט אין איהרע מחשבות געגען איר שוועסטער? וועט זי ווען עס איז קענען אָנקוקען משה'ן? אָה, ווען ער זאָל וויסען, וואו זי געפינט זיך! ער וואָלט דאָך מיט זיין געקעמפט און זיכער זיי אלעמען באזיעגט! זי וואָלט געזעהן א נקמה אין עורב'ן און ווי דאנקבאר זי וואָלט משה'ן געוועזן... אָבער זי ווייסט, אז אומזיסט זיינען איהרע האָפענונגען. איידער עס וועט באוואוסט ווערען צו איהר משפחה, אז דער פרעמדער האָט זיי אלעמען גענארט וועט זי שוין מעהר נישט זיין אין עורב'ס רשות. א שוידער געהט דורך איהר לייב. זי האָט זיך ווידער פאנאנדערגעוויינט. באלד האָט זיך די טיר פון דער הייהל געעפענט און עורב איז אריינגעקומען אין באלגייטונג פון נאָך איינגע מענשען און זיך אָפּגערופען צו חלאה'ן:

— שטעל זיך אויף און לאָמיר פון דאנען ארויסגעהן, ווייל מיר וועלען מאכען אונזער רייזע אין דער מדבר.

חלאה האָט געציטערט. איהרע אויגען זיינען געוועזן רויט און נאס פון וויינען. זי האָט נאָכאמאָל געמאכט א פארזוך צו בעטען זיי זאָלען זי פריי לאָזען און ווען זיי האָבען זי א נעהם געטהאָן, האָט זי גענומען שרייען מיט איהרע לעצטע כחות.

— אויב דו וועסט נישט אויפהערען צו שרייען, וועלען מיר דיין מויל פארמאכען! — האָט עורב א זאָג געטהאָן און ער האָט עפּעס צוגעטראָגען צו איהר מויל.

חלאה האָט זיך קוים איינגעהאלטען און זי האָט גענומען כליפּען אין דער שטיל. באלד האָט מען זי א הויב געטהאָן אויף א קעמעל און עורב מיט זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיך אוועקגעלאָזען אין וועג.

חלאה איז געזעסען מיט אן ארונטערגעבויגענעם קאָפּ און איהרע טרעהרען האָבען זיך געקייקעלט איבער איהר פנים. זי האָט באמערקט ווי עורב'ס מענשען טראָגען מיט זיך שווערדען און שפּיזען און איהר שרעק איז נאָך שטארקער געוואָרען.

זיי האָבען זיך פארנומען דורך דעם קליינעם וואלד און אין א קורצער צייט

זיינען דעם וואַלד דורכגעגאַנגען. אַלעם אַרום איז געווען שטיל און חלאה האָט געקענט הערען דאָס שושקען פון עורב'ן מיט זיינע מענשען.

— מיר וועלען אָפּוואַרטען די גרויסע קאַראַוואַנען, וועלכע קומען אָן פון דמשק. זיי צאָהלען א סך געלט פאַר דער סחורה, וואָס מיר שטעלען זיי צו און ווען זיי וועלען דערזעהן אַזאַ שעהנע שקלאַפין, וועלען מיר פון זיי קריגען פיעל געלט, — האָט עורב געזאָגט.

— איך האָב נאָר מורא, — האָט איינער פון זיי זיך אָפּגערופען צו עורב'ן, — אַז ווען זי וועט אָנפאַנגען צו וויינען און זיך בעטען ביי די סוחרים וועלען זיי זי איינגאַנצען נישט וועלען קויפען פון אונז און בפרט, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען פון איהר, אַז זי איז נישט קיין אמת'ע שקלאַפין...

— וועגען דעם וועל איך שוין באַזאָרגען! — האָט עורב איהם געענטפערט. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו חלאה'ן, וועלכע איז געזעסען אויף דעם קעמעל מיט א געבויגענעם קאָפּ.

— באַלד וועלען מיר דיך פאַרקויפען צו א דורכרייזענדען קאַראַוואַן,— האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען, — און דעריבער גלויב איך, אַז מיין וואָרנונג צו דיר איז אין צייט: אויב דו וועסט פאַר זיי וויינען אָדער זיך נעהמען באַקלאָגען און אפילו ווען דו וועסט זיי בלויז אָנדייטען, אַז דו ביזט פון אונז געפאַנגען געוואָרען און דורך דעם מאַכען צונישט אונזער מסחר, זאָלסטו וויסען זיין, אַז דו וועסט דערפאַר פאַרלירען דיין לעבען. דו קענסט דאָך אַליין פאַרשטעהן, אויב אונז וועט נישט געלינגען דיך צו פאַרקויפען אַלס שקלאַפין, וועלען מיר מוזען זוכען אַן אַנדער וועג ווי אַזוי פון דיר פּטור צו ווערען... מיר וועלען דיך נישט לאָזען לעבען, כדי דו זאָלסט נאָכהער זוכען מיט דיין משפּחה זיך אָן אונז אָפּצורעכענען צוליב זיין!

— אָה, איך בעט דיך עורב! הער זיך צו צו מיינע ווערטער! — האָט חלאה אויסגערופען מיט א ציטערענדע שטימע. — איך שווער דיר צו ביי אַלע געטער פון מדין, אַז אויב דו וועסט מיך באַפרייען, וועל איך קיינעם דערפון נישט דערצעהלען. ניין, אפילו מיין פאָטער וועט דערפון נישט וויסען. איך שווער דיר ביי די הייליגקייטען פון מדין!

— אומזיסט דיינע רייד! — האָט עורב אויסגעשריען. — באַפרייען וועלען מיר דיך שוין נישט. דער איינציגער וועג ווי דו וועסט האָבען א מעגליכקייט צו ראַטעווען דיין לעבען, איז ווען אונז וועט געלינגען דיך צו פאַרקויפען און צו קריגען פאַר דיר א גרויסע סומע געלט. אָבער דאַן וועסטו אַליין מוזען צוגעבען פאַר די סוחרים, אַז דו ביזט א שקלאַפין און דו וועסט זיי מוזען ווייזען א פריינדליכע מינע. אויב דו וועסט עס נישט טהאָן, וועט דיין בלוט פאַלען אויף דיין אייגענעם קאָפּ. און איך און מיינע נאָכפאָלגער וועלען זיין ריין... וועסטו טהאָן ווי איך זאָג דיר?

חלאה האָט זיך אַרומגעקוקט. זי האָט געזעהן אָט די אַלע שרעקליכע מענשען, וועלכע רינגלען זי אַרום. זי זעהט דאָך, אַז זי איז דאָ הילפלאָז. עורב וועט געוויס דורכפיהרען זיין דראָהונג... און זי האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

— און איצט, וואַש אָפּ דיינע טרעהרען! — האָט עורב אויסגערופען, — ווייל איך זעה פון ווייטען א קאַראַוואַן אָנקומענדיג אין אונזער ריכטונג.

ער האָט א וואונק געטהאָן צו איינעם פון זיינע מענשען און יענער האָט צוגעטראָגען א לאָגעל וואַסער צו חלאה'ן, אָפּגעבונדען די שטריק און א ביסעל פון דעם אַרויפגעגאָסען אויף איהרע הענט.

חלאה האָט זיך אַרומגעוואַשען און האָט זיך שטאַרק באַמיהט צו ציינגען א פרעהליך פּנים, כאָטש דאָס איז איהר גאַנץ שווער געווען. זי האָט געוואָרפען איהרע בליקען און זי האָט אויך באַמערקט ווי דער קאַראַוואַן ציהט זיך אַלץ נעהענטער צו זיי. איהר האַרץ האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען און פאַר איהרע

אויגען האט אלעם גענומען שווינדלען.

— פריעדען צו אייך מיינע הארען— איז עורב ענטקעגען געקומען דעם קאראוואן.

— פריעדען אויך צו אייך—האט דער אנפיהרער פון קאראוואן זיך א נויג געטאָהן.

— פון וואנען קומט איהר דאס און וואוהין געהט איהר? — האט עורב זיי ווידער געפרעגט.

— מיר קומען פון דמשק, און מיר געהען נאָך כנען,—האט איהם יענער געענטפערט—און ווער זייט איהר, מיין פריינד—האט איהם יענער געפרעגט.

— מיר קערען זיך צוריק נאָך מדין, מיר האבען פערבראכט א קורצע צייט אין גלעד און דארטען פערקויפט אונזער סחורה און יעצט זיינען מיר געגרייט זיך צוריקצוקעהרען אהיים. בלויז איין שקלאפין האבען מיר נישט געקענט פערקויפען. דארטען זיינען די איינוואָהנער נישט איבעריג רייך און מיר האבען פאר דער שקלאפין פערלאנגט זעהר א גרויסען פרייז, און ווען מיר האבען דאס נישט געקענט קריגען, פיהרען מיר זי צוריק. מיט די איבעריגע שקלאפינס האבען מיר קיין שוועריגקייטען נישט געהאט!

— פארוואס האסטו פאר דיזער שקלאפין פערלאנגט א גרעסערן פרייז ווי די איבעריגע? — האט איהם אימיצער פון דעם קאראוואן געפרעגט.

— ווייל די איז די שעהנסטע שקלאפין וואס איך האב מיט זיך געהאט, און איך האב פאר איהר אליין בעצאָהלט א גרויסען פרייז—האט עורב געענטפערט.

— און וואו איז די שקלאפין? — האט דער הויפט איהם א פרעג געטאָן —אויב זי איז טאקע אזוי שעהן ווי דו זאָגסט, וועל איך מעגליך זי פון דיר קויפען.

— ברייננ די שקלאפין אהער! — האט עורב בעפוילען צוויי פון זיינע מענשען.

באלד איז חלאה פארגעבראכט געווארען פאר דעם הויפט פון דעם קאראוואן.

זי האט ארויפגעצוואונגען א שמייכעל אויף איהרע ליפען.

— זי איז ווירקליך זעהר א שעהנע! —האט ער אויסגערופען און איהר בעטראכט מיט נייגעריגע בליקען.

די איבעריגע מיטגלידער פון דעם קאראוואן האבען אויך שטארק באוואונדערט איהר שעהנקייט.

— זי קוקט גאָר נישט אויס צו זיין א שקלאפין! — האט דער הויפט זיך אפגערופען אריינקוקענדיג איהר אין די אויגען.

— ווענען דעם מעגסטו רוהיג זיין, מיין פריינד, זי איז א געבאָרענע שקלאפין, און אויב דו צווייפעלסט אין מיינע ווערטער קענסטו איהר אליין פרעגען!

— מיר האבען שוין פיעלע שקלאפינס געקויפט און אויך פערקויפט אבער אזא זעלטענע שעהנע שקלאפין זעה איך צום ערשטען מאָל. זאָג מיר ביזטו ווירקליך א שקלאפין?

חלאה האט א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ אויף יא. באלד איז עורב צו איהר צוגעגאנגען און זיך אפגערופען:

— פארוואָס זאָגסטו איהם נישט אז דו ביזט א שקלאפין? זאָג איהם שנעלער ווי לאנג איז דאס אז דו ביזט א שקלאפין?

— זינט מיין געבורטה! — האט חלאה קוים ארויסגערעדט, אבער ווען זי האט בעמערקט עורב'ס בייזע בליקען האט מיט א געצ'ואונגענעם שמייכעל צוגיגבען:

— מיינע עלטערן זיינען געוועזן שקלאפען און איך בין אויך א שקלאפין.

— און וויפיעל פערלאנגסטו פאר איהר? — האט דער הויפט פון קאראוואן געפרעגט עורב'ן.

עורב האט א קנייטש געטאָהן זיין שטערען, ווי ער וואלט זיך מישב געווען וויפיעל צו פערלאנגען און נאכהער האט ער געזאגט:

— אויסער דעם וואס דיזע שקלאפין איז זעהר שעהן, בעזיצט זי אויך אנדערע מעלות. זי איז קלוג און ווייס צו

טאהן פערשיעדענע ארבייטען. יע, זי איז ווערטה הונדערט שטיקער זילבער!

— הונדערט שטיקער זילבער! — האט דער הויפט א קוועטש געטאהן מיט די פלייצעם—דאס איז ווירקליך א צו הויכער פרייז. דרייסיג שטיקער זילבער וועל איך דיר געבען פאר איהר.

פאר פופציג שטיקער זילבער איז דער מסחר געשלאסען געווארען.

דער הויפט האט עורב'ן אפגעצעהלט פופציג שטיקער זילבער און נעהמענדיג חלאה'ן צו זיך האט ער מיט זיין קאראוואן פארטגעזעצט די רייזע.

— נאך אלעמען האבען מיר נישט געמאכט קיין שלעכטען עסק! — האט עורב זיך אפגערופען צו זיינע מענשען, נאכדעם ווי דער קאראוואן האט זיך דערווייטערט — מיין נקמה אן יתרו'ן האב איך דורכגעפיהרט און דערצו האבען מיר נאך פערדינט פופציג שטיקער זילבער. מיין דראהונג האט געהאלפען: זי האט זיך שטארק דערשראקען פאר מיר און צוגעגעבען צו די קויפער אז זי איז א געבארענע שקלאפין. יעצט לאמיר זיך אלע צוריקקעהרען צו אונזער הייהל און דארטען וועלען מיר פייערן מיין ערשטען זיעג איבער מיין שונא יתרו.

— יעצט וועלען מיר שוין נישט דארפען מורא האבען פאר משה'ן — האט איינער פון עורב'ס נאכפאלגער זיך אפגערופען—איך מוז זיך מודה זיין אז כל זמן יתרו'ס טאכטער איז געווען אין אונזער רשות, האב איך מורא געהאט טאמער וועט זיך ווער עס איז דערוויסען און עס איבערגעבען משה'ן, דאן וואלטען מיר אלע געווען פערלארענע!

— און איך זאג דיר אז עס איז שוין צייט מיר זאלען זיך אויפהערען שרעקען פאר יתרו'ס איידעם! — האט עורב זיך אפגערופען—ווער איז ער דאס אט דער פרעמדער אז מיר זאלען פאר איהם ציטערן! קיינער פון אונז קען נישט וויסען אונטער וועלכע אומשטענדען מען האט דעם וואונדער־שטעקען ארויסגעריסען.

— נו, און דאס וואס ער האט אליין געקעמפט געגען אזוי פיעל פאסטוכער?

—האט א געוועזענער פאסטוך זיך אפגערופען—דאס וועט דאך קיינער נישט אפלייקענען איך בין דאך דאביי געוועזן און איך האב בעמערקט וויפיעל פון אונז ער האט גוט צוקלאפט!

— דאס איז גיכער געווען, ווייל איהר האט זיך א ביכעל צוטומעלט און דערשראקען! — האט עורב געזאגט—איך איז אויסגעקומען מאדנע צו זעהן פלוצלינג א פרעמדען מענשען און איהר האט זיך פערלארען. אבער יעצט אז מיר זיינען אלע צוזאמען דארפען מיר פאר איהם נישט מורא האבען!

זיי זיינען אלע אנגעקומען צו זייער פערבארגענעם פלאץ און דארטען האבען זיי זיך צוטיילט מיט דעם זילבער גלייך אויף גלייך.

---

זעהר צופרידען מיט דעם מסחר איז געווען דער אנפיהרער פון דעם קאראוואן. ער האט פאר דער שקלאפין בעצאהלט פון זיין אייגענעם געלט און דאס האט געמיינט אז ער האט זי נישט בדעה צוריק צו פערקויפען.

— איך וועל זי פערהאלטען פאר זיך! — האט ער שטילערהייט זיך אפגערופען צו איינינע פון קאראוואן און מעגליך אז איך וועל איהר צונעהמען פאר מיין קעבס־ווייב, איך האב נאך אזא שעהנע שקלאפין אין ערגעץ נישט געזעהן.

זיי האבען זיך געלאזען אין דער מדבר. די קעמלען זיינען געווען געלאדען מיט שפייז און וואסער, גענוג דורכצוקרייצען דעם ברייטען מדבר.

ווען חלאה האט דערזעהען אז זי דערווייטערט זיך פון איהר לאנד, האט זי זיך שוין מעהר נישט געקעט בעהערשען און זיך פאנאנדערגעוויינט.

די אויפמערקזאמקייט פון די וואנדערער איז גלייך צוגעצויגען געווארען, ווען אין דער שטילקייט פון מדבר איז איהר געוויין נאך שטארקער אפגעהילכט געווארען. דער גאנצער קאראוואן האט זיך אפגעשטעלט און מען האט איהר ארומגערינגעלט.

— פארוואס וויינסטו! — האט

דער אנפיהרער איהר געפרעגט מיט פערוואונדערונג.

חלאה האט נישט געענטפערט, זי האט נישט אויפגעהערט צו כליעפען.

— דו שרעקסט זיך געוויס פאר דעם מדבר, חלאה,—האט דער אנפיהרער איהר גענומען טרייסטען—דו דארפסט גאר נישט מורא האבען, מיר האבען מיט זיך גענוג וואסער און שפייז דורכצומאכען דיזען מדבר היו און צוריק, און אויב דיין הארץ ציטערט פאר אן איבערפאל, קען איך דיר אויך פארזיכערן אז מיינע מיטרייזענדע זיינען שטארק און גוט בעוואפענט.

— אָה, מיין האר! — איז חלאה׳ס געוויין נאָך יאָמערליכער געווארען— איך בין נישט קיין שקלאפין, יענע שלעכטע מענשען האבען מיר געפאנגען גענומען. מיין פאטער איז זעהר א רייכער מאן אין מדין און אויב איהר וואלט מיר אומגעקערט צו מיין פאטער וואלט ער אייך אלעמען זעהר גוט בעלוינט.

— רייד נישט קיין נארישקייטען!— האָט דער הויפט זיך צו איהר אָפגערופען—האסטו דען פריהער אליין נישט צוגעגעבען אז דו און דיינע עלטערן זיינען שקלאפען.

— דאס האבען זיי מיר געצוואונגען אזוי צו טאָהן—האט חלאה געקלאָגט— זיי האבען מיר געסטראשעט אין גאנצען צו טויטען, אויב איך וועל פערלייקענען דאס איך בין א שקלאפין.

די מענשען האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און געקוועטשט מיט זייערע פלייצעס.

— און וואס פערלאנגסטו מיר זאלען טאָהן? — האט דער הויפט איהר ווידער געפרעגט.

— פיהרט מיר צוריק צו מיין פאטער׳ס הויז, און ער וועט דיר אומקעהרען די גאנצע געלט וואס דו האסט פאר מיר בעצאָהלט און דערצו וואלט נאָך יעדער פון אייך בעקומען פון איהם א מתנה!

— ניין, דאס איז אונמעגליך! — האט זיך איינער אבגערופען—מיר וועלען זיך נישט אומקעהרען אויף צוריק.

— א חוץ דעם—האט נאָך איינער אריינגערוימט דעם הויפט אין אויער— האב איך מורא אז דאס איז אן אבגעמאכטע זאך צווישען איהר און יענע מדינים. מיר וועלען זי נעהמען צוריקפיהרען אהיים, דערווייל וועלען די מדינים אונז בעפאלען און בערויבען. ווער ווייס ווי שטארק זיי זיינען און וויפיעל מענשען זיי פערמאָגען. ניין, דאס וואלט פאר אונז געווען א געפעהרליכער שריט. מעגליך אז זי טוט עס אזוי מיט יעדען קאראוואן צו וועמען מען פערקויפט איהר. זי פערפיהרט זיי און נאכהער טוט זי דאס זעלבע א צווייטען מאָל.

— און דו גלויבסט אז איך בין אזא נאר און גלויב איהר שוין אז זי איז ניט קיין שקלאפין! — האט דער הויפט אנפיהרער פון קאראוואן זיך אפגערופען—אפילו ווען איהרע רייד וואלטען ריכטיגע געווען וואלט איך דאס אויך נישט געטאָן. איך האב איהר אפגעקויפט בעלאנגט זי צו מיר.

— איך וואלט דיר געראטהען דו זאלסט אויפהערען צו וויינען! — האט ער זיך געווענדעט צו חלאה׳ן. קיין טובה וועט דיר דערפון געוויס נישט ארויסקומען, שלאָג זיך ארויס פון דיינע געדאנקען אָט די אלע נארישקייטען. אויב דיין אויפפיהרונג וועט מיר געפעלען ווערען, וועל איך נאָך מעגליך דיך מאכען פאר מיין קעבס ווייב. איין זאך מעגסטו זיכער זיין אז איך וועל דיך צו א צווייטען נישט פארקויפען. מיט מיר וועסטו פערבלייבען, דו האסט פריהער אליין צוגעגעבען אין דער אנוועזענהייט פון דיינע פערקויפער אז דו ביזט א שקלאפין, און יעצט קענסטו דיינע רייד נישט ענדערן. דו האסט געפונען חן אין מיינע אויגען און דו דארפסט זיך גאר נישט זארגען. איך בעהאנדעל מיינע קעבסווייבער זעהר גוט.

חלאה האט א קוק געטאָהן אויף דעם העסליכען, פערקנייטשטען פנים פון דעם פארעלטערטען הויפט, און א שוידער איז דורכגעגאנגען איהר קערפער. זי וועט נאָך פיליכט זיין געצוואונגען

צו ווערען זיין קעבס־ווייב! מיט א בעטריעבט טרויעריג הארץ האט זי זיך צוריק ארויפגעזעצט אויף דעם קעמער, און דער קאראוואן האט פאָרטגעזעצט זיין רייזע.

אייניגע טעג זיינען פאריבער זינט חלאה האט פערלאָזען יתרו׳ס הויז ארויסצוהעלפען איהר שוועסטער צפורה. שרה איז עטוואס בעזארגט געווארען. אבער יתרו האט איהר בערוהיגט.

— פיליייכט איז נאָך צפורה נישט שטארק גענוג דורכצומאכען דעם וועג, ווארט דאָרט חלאה אויף איהר נאָך אייניגע טעג.

— עס איז ⁝יי מיר גאָר קיין ספק נישט געווען אז אפילו ווי שוואך צפורה וועט זיך פיהלען•ווען זי וועט דערהערען אז גרשם בענקט נאָך איהר, וואלט זי גלייך אהער געקומען. נישט אנדערש אז צפורה מוז גוט קראנק זיין.

— יעצט פארדריסט מיר שוין וואס איך האב מיט חלאה׳ן נישט מיטגעשיקט אייניגע פאסטוכער וועלכע זאלען אומבייטען משה׳ן אויף א קורצע צייט —האָט יתרו געזאָגט — ווי איך פערשטעה וויל צפורה נישט איבערלאָזען משה׳ן אליין אין דער מדבר אבער ווען עס וואָלט געווען ווער עס איז איהם אומצובייטען, וואלטען זיי זיך אלע דריי אומגעקעהרט.

ווען דער אווענט האט גענומען צופאַלען, איז ארייגעלאָפען איינע פון יתרו׳ס טעכטער און אויסגערופען:

— צפורה קומט אָן! איך האב איהר דערזעהען פון גאנץ ווייט!

— און חלאה׳ן האסטו נישט געזעהען?! —האט איהר מוטער איהר געפרעגט.

— ניין, איך האב בלויז בעמערקט צפורה׳ן אראפּנידערן פון בארג און אזוי ווי איך ווייס אז דו און דער פאָטער זיינען שטארק בעזארגט וועגען צפורה׳ן, בין איך גלייך ארייגעלאָפען אנזאגען אז צפורה קומט אָן.

— געוויס קומט חלאה אויך אָן!— האט יתרו אויסגערופען—דו ווייסט דאָך שרה, אַז חַלאָה הָאט זעהר ליעב צו קליי־בען בלומען פון וועג איז זי מסתמא געוואָרען הינטערשטעליג.

יתרו און שרה זיינען גלייך ארויסגעגאנגען פון הויז צו בעגעגענען זייערע טעכטער.

— איך זעה צפורה׳ן אבער חלאה זעהט זיך ניט! — האט שרה אויסגערופען.

— יתרו האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און געקוקט אין אלע ריכטונגען.

— מעגליך אז חלאה איז דארטען פ׳רבליבען מיט משה׳ן—האט ער צוגעגעבען—צפורה האט איהם געוויס ניט געוואלט איבערלאָזען אליין. באלד ווע־לען מיר שוין וויסען.

צפורה האט בעמערקט איהרע עלטערן און פערשנעלערט די טריט. זי איז אויף זיי ביידען ארויפגעפאלען און זיי געקושט און געהאלזט.

— וואס מאכט מיין זוהן! — האט צפורה גלייך געפרעגט.

— פרידען איז צו איהם! ער איז אזוי ליעבליך ווי אימער, ער האט בלויז א ביסעל געביינקט נאָך זיין מוטער!— האט שרה געענטפערט מיט א שמייכעל —אבער וואו איז חלאה

— חלאה?! — האט צפורה איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.—פון וואַנען זאל איך וויסען וואו זי געפינט זיך יעצט?

— וואס מיינסטו! — האבען יתרו און שרה אויסגערופען מיט שרעק — איז דען חלאה ביי דיר נישט געווען?

— ניין! קיינער איז נישט געווען ביי מיר! — האט צפורה געענטפערט — אבער עס איז מעגליך אז מיר האבען זיך אויסגעמיטען אין וועג.

— וואס רעדסטו, מיין טאָכטער!— האט שרה אויסגערופען—היינט איז שוין דער פערטער טאָג זינט חלאה איז אוועק דיר ארויסהעלפען. מיר זיינען געווען שטארק בעזארגט ווען דער שליח וועמען משה האט געשיקט, האט אונז איבערגעגעבען אז דו ביזט קראנק.

— וואָס פאר א שליח?! — האט צפורה אויסגערופען, — ווער האט אייך איבערגעגעבען אַז איך בין קראנק?

— א פרעמדער מאן איז מיט פינף טעג צוריק אריינגעקומען אין אונזער הויז און ער האט אונז איבערגעגעבען אז ער האט זיך געטראָפען מיט משה'ן אין דער מדבר און אז ער האט איהם געזאגט אז דו ביזט קראנק און דאס מיר זאלען שיקען איינע פון דיינע שוועסטער דיר ארויסצוהעלפען. האבען מיר געשיקט חלאה'ן — האט יתרו זיך אפגערופען.

— קיינער איז ביי אונז אין מדבר נישט געוועזן און איך בין געזונט די גאנצע צייט! — האט צפורה זיך אפגערופען און איהר פנים איז בלאס געוואָרען. דאס האט אימיצער אייך אפגענארט.

— אָה, מיין גאָט! — האט שרה אויסגערופען! — איז דאָס מעגליך אז יענער מאן איז געוועזן א בעטריגער און א פאלשער. ער האט אונז אנגעגעבען אלע סמנים, אז מיר האבען זיינע רייד נישט געצווייפעלט.

— זעהסטו דאָך מוטער אז איך קום דאָך יעצט פון משה'ן, איך בין מיט איהם די גאנצע צייט געוועזן און מיר האבען קיין מענשען נישט אנגעזעהן פאר פיעלע טעג.

— אָה, אן אומגליק האט פאסירט! — האט שרה אויסגעבראכען אין א היסטעריש געוויין — מיין טאָכטער חלאה! אָה, וואו ביזטו מיין קינד!

— איך וועל גלייך שיקען עטליכע פון מיינע מענשען איהר צו זוכען — האט יתרו געזאגט קוים איינהאלטענדיג זיינע טרעהרען.

— דער פאלשער אומווירדיגער פרעמדער האט מיין קינד פערנארט צו זיך! — האָט שרה יאמערליך געוויינט.

— ער האט נאָך געראטהען זי זאל גלייך געהן! — האט יתרו געזאגט מיט א ציטערנדע שטימע, און איך האב איהר אפגעהאלטען ביז דעם צווייטען טאָג!

אין יתרו'ס הויז איז באלד געווארען א יללה און א געוויין. צפורה און די איבעריגע שוועסטער האבען געוויינט און געקלאגט. יתרו האט צוזאמענגערופען עטליכע פון זיינע דינער און מען האט זיי געגעבען וואפען.

— לאָמיר געהן אויפזוכען מיין טאָכטער! — האט ער צו זיי געזאגט.

זיי זיינען ארויס הינטערן שטאָדט, זיי האבען געזוכט איבעראל און נישט געקענט געפינען.

ווען יתרו האט זיך מיט זיינע בעגלייטער אומגעקעהרט אהיים איז שוין געוועזן גאנץ שפעט אין דער נאכט.

שרה און זיינע טעכטער זיינען זיי ענטקעגען געקומען.

— קיין שפור! — האט יתרו אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען. — איך האב געזוכט איבעראל אבער איך האב איהר נישט געפונען!

— מאָרגען גאנץ פריה וועל איך צוריקקעהרען זיך צו משה'ן — האט צפורה געזאגט — פיליכט איז זי דארטען אנגעקומען נאכדעם ווי איך בין פון איהם אוועק!

די גאנצע נאכט האט קיינער פון יתרו'ס משפחה מיט קיין אויג נישט צוגעמאכט. אלע האבען געווארט מיט גרויס אומגעדולד עס זאל שוין אנפאנגען צו טאָגען און ווי נאָר דער מאָרגען שטערען איז אויפגעגאנגען האט צפורה אנגעזאָטעלט דעם אייזעל און איז אוועקגעגאנגען אין דער מדבר.

ווען צפורה איז צוגעקומען צו משה'ן און איהם דערצעהלט וואס עס האט פאסירט, איז ער ערשטוינט געווארען.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט אז עס שטאמט פון עורב'ן! — האט משה געזאגט — ער זוכט נקמה צו נעהמען פון דיין פאטער. מיין עצה איז אז דיין פאטער זאל אויסגעפינען די פערבאָרגענע פלעצער וואו עורב און זיין באנדע האלטען זיך אויף, דערנאָך וועל איך און נאָך איינינע פאסטוכער מאכען א פלוצלינגען איבערפאל אויף איהם און איך בין זיכער אז דארטען וועלען מיר געפינען חלאה'ן.

צפורה האט זיך גלייך ארויפגעזעצט אויף דעם אייזעל און איז שנעל צוריקגעריטען אין שטאָדט, זי האט איבערגעגעבען איהר פאטער משה'ס רייד.

יתרו האט פערזאמעלט פיעלע שטארקע יונגע לייט פון שטאדט וועלכע זיינען געווען זיינע פריינד און ער האט זיך מיט זיי ארויסגעלאזען זוכען עורב'ן.

ער האט זיי איינגעטיילט אין דריי אפטיילונגען און ער האט מיט זיי אפגערעדט זיך צו טרעפען נאך האלבען טאג אין א בעשטימטען פלאץ.

יתרו האט מיט זיינע לייט געזוכט אבער אומזיסט. ער האט נישט געקענט אויסגעפינען דעם בעהאלטונגס פלאץ פון עורב'ן. ער איז צוגעקומען צו דעם בעשטימטען פלאץ און באלד זיינען אהין צוגעקומען עטליכע יונגע לייט און זיי האבען איהם בעריכטעט:

— מיר האבען אנגעטראפען עורב'ן מיט זיינע מענשען. ער האט אונז פערזיכערט אז ער וויים נישט פון וואס צו זאגען. ער האט אונז אפילו געפירט צו דעם פערבארגענעם הייהל, און מיר האבען דארט יעזוכט אין יעדער ווינקעל און קיין שפור פון חלאה'ן דארט נישט געפונען.

— יע, — האט נאך איינער פון די יונגע לייט זיך אפגערופען צו יתרו'ן — ער האט אונז אפילו ערלויבט דיך אליין אהין אריינצופיהרען דו זאלסט זיך איבערצייגען אז דיין טאכטער געפינט זיך נישט ביי איהם.

— אויב אזוי וואו קען זי זיין? — האט יתרו מיט פערצווייפלונג אויסגערופען—חלאה וויים גאנץ גוט דעם וועג און קיין סכנות איז דארט אויך נישטא.

— דאן איז עס געווים געווען יענער פרעמדער מאן, וועגען וועמען דו האסט אונז דערצעהלט! — האט איינער פון די יונגען צו איהם געזאגט—ווען דו וואלסט געוואוסט וואוהין זי איז געגאנגען וואלטען מיר זיך נאך איהם נאכגעיאגט.

— יע, דאס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט אז דער אומווירדיגער מאן וועלכער איז אין מיין הויז געקומען האט דורך פאלשקייט מיין טאכטער ארויסגענארט פון הויז און איהר אפגעווארט אויפ'ן וועג... ווער וויים וואו ער געפינט זיך יעצט! מיין ארימע טאכטער זי איז געווען אזוי גינציג און איבערגעבען צו איהר שוועסטער. זי האט וואס שנעלער געוואלט איהר העלפען! און יעצט איז זי אליין אזוי הילפלאז.

יתרו האט זיך אומגעקעהרט אהיים און ער האט געטראפען זיין פרוי און די טעכטער אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. זייערע אויגען זיינען געווען רויט פון וויינען און זייערע הערצער פערביטערט.

— איך האב שויז אויפגעגעבען מיין האפנונג! — האט יתרו זיך פארנאנדערגעוויינט.—מיין חלאה איז געגב'עט געווארען ביי יענעם פאלשען מאן!

א יאמערליכער געוויין האט זיך געהערט איבער'ן גאנצען הויז...

---

אומעטיגע, טרויעריגע געדאנקען האבען זיך געפלאנטערט אין חלאה'ס מוח, ווען זי האט געזעהען אז אלע איהרע געבעטען און תחנונים האבען איהר נישט געהאלפען, דער קאראוואן געהט וואס טיעפער אין דער מדבר. פאר איהרע אויגען וויקעלט זיך פאנאנדער דער ברייטער מדבר. זאמד, זאמד און הימעל. די זון ברענט זעהר שטארק און וואס ווייטער ווערט די היץ אונערטרעגליכער.

— וואס וועט פון איהר ווערען? — האט זי גענומען טראכטען מיט יעדען טריט וואס זיי מאכען פארווערטס, אלץ קלענער ווערען איהרע האפענונגען, זיך ווען עס איז צו זעהן מיט איהרע ליעבע עלטערן, מיט איהרע שוועסטער און.... מיט משה'ן.... זי ווארפט א בליק אויף דעם אנפיהרער פון דעם קאראוואן, זי בעטראכט זיין פעט מגושם'דיג, ווילד בעוואקסענעם פנים, זיינע קליינע בייזע אויגען וואס זעהען זיך קוים ארויס צוליעב זיין פעטקייט, זיין אומגעלומפערטען הילוך, און ער וויל דאס איהר טאהן א "טובה" און זי צונעהמען פאר זיין קעבס־ווייב... זי טוט א ציטער ווען זי טראכט דערפון. איהרע טרעהרען קייקלען זיך אויף איהר פנים...

פלוצלינג האט זיך דער קאראוואן

אפגעשטעלט. חלאה בעמערקט ווי אלע קוקען אויפ׳ן הימעל. ארום איז געווען שטיל.

— ברידער! — הערט זי ווי דער הויפט רופט אויס — א זאמד שטורעם וועט באלד אנקומען אונז אנטקעגען! זעהר א געפעהרליכער זאמד־שטורעם. איך דערקען עס פון דעם וואלקען וואס בעוועגט זיך איבער אונז!

— יע, א שרעקליכען זאמד שטורעם וועלען מיר באלד האבען! דער געפאהר איז גרויס!

— מיר זיינען פערלארען! — האבען אייניגע פון קאראוואן גענומען קלאגען.

— וואס זאלען מיר טאהן? וועלען מיר דען פארטזעצען אונזער רייזע?

— ניין, עס איז אונמעגליך! מיר וועלען זיך אומקעהרען צוריק.

— מיר זיינען שוין צו ווייט אוועק אין דער מדבר, און איידער מיר וועלען צייט האבען צוריק צו קומען צו א ישוב, וועט דער זאמד־שטורעם אנקומען!

— דער איינציגער וועג פאר אונז איז, דאס מיר זאלען זיך פערנעמען לינקס צו דעם מדבר חורב, דארט נישט ווייט געפינט זיך א בעוואקסענע שטיק לאנד אין יענער פלאץ געפינען זיך עטליכע גרויסע בערג, און דארטען איז מען בעשיצט פון די זאמד שטורעמס — האט דער אנפיהרער געזאגט.

— לאמיר זיך פערנעהמען צו לינקס!

— מיר וועלען געהן לינקס!

— לאמיר זיך פערקערעווען צום מדבר חורב! — האט דער הויפט א געשריי געטאהן — און לאמיר דאס טאן זעהר שנעל ווייל די צייט איז קורץ.

דער גאנצער קאראוואן האט זיך פערנומען לינקס. די מענשען זיינען ארונטער פון די קעמלען צו מאכען פאר זיי גרינגער זיי זאלען קענען לויפען שנעלער. ווען חלאה האט דערזעהען אז זיי פערקירעווען זיך לינקס צום מדבר חורב איז צו איהר ווידער געקומען א שטראהל האפענונג. דארטען געפינט זיך אויך משה, פילייכט וועלען זיי צוקומען גאנץ נאהענט צו איהם און ער וועט זיי דערזעהען און איהר אויסלייזען פון זייערע הענט. זי איז שנעל ארונטערגעשפרונגען פון דעם קעמעל און נאכגעטאהן די איבעריגע וועלכע האבען די קעמלען געפיהרט פאר׳ן צוים וואס שנעלער.

די זון איז פערשטעלט געווארען פון א געדיכטען שווארצען וואלקען. עס האט גענומען טונקעל ווערען. פון ווייטען האט זיך דערטראגען דאס בלאזען פון ווינט. דער זאמד האט זיך גענומען בעוועגען. וואס ווייטער הויבט זיך די זאמד העכער, אזוי ווי גרויסע מעכטיגע כוואלעס פון ים. עס דוכט זיך אז דער מדבר איז אין א שטורמישען ים פארוואנדעלט געווארען.

דער קאראוואן ציהט זיך וואס שנעלער, יעדער פון זיי פיהלט דעם אנקומענדען זאמד, אבער דערווייל איז נאך דער זאמד פון הינטען. זיי קענען נאך האלטען אפען די אויגען. זיי שלעפען די פוילע קעמלען וועלכע בעוועגען זיך אזוי לאנגזאם. די שרעק ווערט גרעסער מיט יעדען פירכטערליכען פייף פון ווינד, די קעמלען ווערען געשלאגען מיט שטעקענס און געטריבען וואס שנעלער. א פערצווייפעלטע געשריי ווערט צונויפגעמישט מיט דעם קלאנג פון ווינד. דער קאראוואן געהט פארווערטס מען טאר אויף הינטען נישט א קוק טהאן און אט פערווילט זיך א קעמעל פלוצלינג זיך צו קניהען און וויל ווייטער נישט געהן. דער אייגענטימער שלעפט איהם מיט אלע זיינע כוחות, ער שלאגט איהם מיט דעם שטעקען אין זיין האנט אבער דער קעמעל זיצט אויף זיינע קניע, זיין קאפ איינגענורעט אין זאמד, און ריהרט זיך נישט פון ארט. דער אייגענטימער שרייט מיט אלע זיינע כוחות, ער פרובירט רופען זיינע פריינד צו הילף, אבער קיינער הערט איהם ניט. ער וויים אז אפילו ווען זיי זאלען איהם יע הערען, וועט זיך קיינער נישט וואגען אומצוקעהרען. ער זעהט אז דער קאראוואן איז שוין גאנץ ווייט פון איהם. זיין פערצווייפלונג וואקסט. ער נעהמט שנעל ארונטער פון קעמעל עטליכע פעקלעך און איבערלאזענדיג דעם

קעמעל, לאָזט ער זיך מיט זיי לויפען צו דעם קאַראוואַן.

— איך האָב מיין קעמעל איבערגעלאָזען ליגענדיג אין זאמד, דערצעהלט יענער פון זיין אומגליק — איך האָב געזעהן אז איהר דערוויטערט זיך, און איך האָב בשום אופן איהם נישט געקענט מאַכען צו געהן.

קיינער ענטפערט איהם נישט. מען געהט אַלץ ווייטער. דער אונגליקליכער געהט צו חלאה'ס קעמעל און ער דערצעהלט איהר וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט זי נעהמט זיינע פּעקלעך און לעגט זיי אַרויף אויף איהר קעמעל און זיי געהען ווייטער.

דער שטורעם ווינד ווערט וואָס ווייטער שטאַרקער. דער זאמד דרעהט זיך ווי אין א געוויבעל. די מענשען ווערען שוין מיעד לויפענדיג. אבער דער אימפּעט טרייבט זיי אַלעמען. זיי מוזען צוקומען צו דעם מדבר חורב, דאָרטען וועלען זיי זיך קענען בעשיצען פון דעם זאמד שטורעם און זיך אויסרוהען. יעדער פון זיי איז בעגאָסען מיט שוויים, זייער שווערער אָטהעמען מישט זיך צונויף מיט'ן ווינד און זיי מאַרשירען ווייטער.

— גיעט זיך נישט אונטער! — האָט דער הויפּט אויסגערופען קוים אָפּכאַפּענדיג זיין אָטהעם, — לאָמיר זיך שטאַרקען און געהן ווייטער, אויב ניט זיינען מיר פאַרלאָרענע. דער שטורעם ווינד פערגרעסערט זיך און עס איז מעגליך אז באַלד וועט ער אונז אויך ענטקעגען קומען. שטאַרקט זיך מיינע ברידער, מיר זיינען שוין נישט ווייט פון אונזער ציעל!

אייניגע זיינען געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט אז זיי האָבען פּרובירט זיך זעצען אויף זייערע קעמלען, אבער זיי האָבען זיך באַלד אַרומגעזעהען דאָס זיי בלייבען הינטערשטעליג און זיי זיינען געצוואונגען געווען ווידער אַרונטערצוגעהן פון די קעמלען און מאַרשירען צופוס.

די איינציגע וועלכע איז נישט געווען מיעד, איז געווען חלאה. זי האָט אַליין נישט געוואוסט ווי אַזוי זי האָט געקראָגען אַזוי פיעל כוח. מיט יעדען שריט פאָרווערטס, האָט זיך ביי איהר די האָפענונג פאַרשטאַרקט. זי זעהט אז דאָס האָט גאָט אויף זיי אַנגעשיקט דעם שטורעם זיי זאָלען זיך אומקעהרען. זי איז זיכער אז דאָס האָט דער גאָט פון משה'ן מיט איהר אַזאַ נס געטאָהן. עס איז שוין נישט ווייט. זאָל דער שטורעם ווינד בלאָזען וואָס שטאַרקער, זאָל זיך דער זאמד הויבען וואָס העכער. דאָס וועט איהר ברייננגען גליק. זי וועט מעגליך ווידער פריי ווערען. א פרייד צוגיסט זיך איבער איהר קערפּער ווען זי הויבט אויף איהרע אויגען צום הימעל. יע, דער הימעל איז נאָך שוואַרץ. נישט אַזוי שנעל וועט ער זיך אויסלייטערן.

פון גאַנץ ווייט האָט זיך בעוויזען א פּאַלם־בוים וואָס איז געשאָקעלט געוואָרען פון ווינד. חלאה איז געווען די ערשטע דאָס צו בעמערקען.

— מיר זיינען שוין נישט ווייט פון בעוואַקסענעם לאַנד! — האָט זי אויסגערופען מיט גרויס פרייד אין איהר שטימע.

אַלע האָבען אָנגעשטרענגט זייערע בליקען און האָבען אויך בעמערקט די פּאַלמען־ביימער.

— געלויבט זיינען די געטער פון דמשק! — האָט דער הויפּט אויפגעהויבען זיינע הענט. — מיר זיינען גערעטעט!

יעדער פון זיי האָט נאָך געקראָגען מעהר מוטה און זיי האָבען פערשנעלערט זייערע טריט.

— דער שטורעם ווינד האָט דערגרייכט אויך יענעם געגענד. — האָט דער הויפּט אויסגערופען — אבער קיין סכנה אז מיר זאָלען פערשאָטען ווערען פון זאמד. קיין זאמד איז דאָרטען נישטאָ! און ווען מיר וועלען צוקומען עטוואָס נעהענטער צו די בערג, דאַן וועלען מיר זיך קענען שיצען אויך פון שטורעם ווינד.

דער קאַראוואַן האָט זיך גענומען דערנעהנטערן צו דעם פרוכטבאַרען פּלאַץ

פון מדבר חורב. ווען זיי האבען ארויפגעטראָטען אויף דעם באָדען וואָס איז געווען בעוואקסען מיט גראָז, האבען זיי זיך א ווײַלע אפּגעשטעלט צו כאפּען דעם אטהעם.

— מיר מוזען געהן עטוואס טיעפער, ווייל דער זאמד קען נאָך אונז גרייכען אויך דאָ.—האט דער הויפּט געזאגט און זיי אלע האָבען גענומען מארשירען ווייטער.

ווען זיי זיינען ש״ין געווען גאנץ ווייט אפּגעגאנגען פון דעם זאמדיגען מדבר האבען זיי זיך ערשט אלע אוועקגעזעצט אויפ׳ן גראָז זיך אפּצורוהען. דער ווינד האט געבלאָזען פון הינטען אבער די אויגען האבען זיי שוין געקענט האלטען אָפען. זיי זיינען אלע געווען זעהר מיעד. ערשט ווען זיי האבען זיך אוועקגעזעצט, האבען זיי דערפיהלט דעם וועהטאָג פון זייערע פיס, און א שרעקליכע מיעדיגקייט אין אלע זייערע גליעדער.

— מיר וועלען שוין דאָ מוזען פערבלייבען ביז מאָרגען אין דער פריה — האט זיך איינער אפּגערופען — אפילו ווען דער הימעל זאל זיך אויסלייטערן אוי דער שטורעם א׳יפהערען.

— איך גלויב נישט אז מיר וועלען מאָרגען אין דער פריה קענען פאָרטזעצען אונזער רייזע—האט דער הויפּט זיך אפּגערופען—מיר זיינען דאָך אלע אזוי אויסגעמאטערט, אז עס וועט נעהמען עטליכע טעג ביז מיר וועלען זיך האבען גוט אויסגערוהט.

— מיר זיינען אלע זעהר דורשטיג—האט אימיצער זיך אפּגערופען—ווען מיר וואלטען יעצט געקענט קריגען א קאלטען טרונק וואסער! דאס וואסער פון די לאָגלען וואס מיר האבען, איז גאנץ ווארעם.

— דיזער פּלאץ איז מיר בעקאנט!—האט זיך חלאה אפּגערופען — איך ווייס אז נישט ווייט פון דאנען איז פאראן א קוואל פון פרישען וואסער. אויב איהר וועט מיר ערלויבען וועל איך אייך צוברייגנען פרישען וואסער!

— ניין איך קען דיר נישט געטרויען, דו זאָלסט אליין געהן! — האט דער הויפּט זיך אפּגערופען—אויב דיר איז דיזער פּלאץ אזוי בעקאנט, ווי אזוי וועל איך זיין זיכער, אז דו וועסט זיך נישט אויסבעהאלטען ערגעץוואו פון מיר, אדער פּלייכט אין גאנצען אנטלויפען פון דאנען. אויב אימיצער וועט צושטימען מיט דיר צו געהן, דאן וועל איך דיר ערלויבען. אבער זאג מיר חלאה, ביזטו דען נישט מיעד פון דער גרויסער אנשטרענגונג?

— ניין, מיין האר, איך בין נישט מיעד, איך קען ברייגנען דאָס וואסער, און אויב דו ווילסט מיר נישט געטרויען דאן שיק אימיצען מיט מיר.

קיינער פון די מענשען האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. אלע האבען זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן גראָז און שווער געאטעמט. אין א ווײַלע ארום, האט זיך איינער פון זיי א הויב געטאָן און געזאגט:

— איך וועל געהן מיט דער שקלאַפין אנשעפּען פרישען וואסער פון דעם קוואל, ווייל מיין דורשט איז אזוי גרויס אז איך קען עס מעהר נישט איינשטילען מיט דעם ווארימען וואסער פון מיין לאָגעל.

חלאה האט מיטגענומען עטליכע ליידיגע לאָגלען און איז אין דער בעגלייטונג פון יענעם מאַן געגאנגען ווייטער צום קוואל.

דער הימעל האט זיך גענומען אויסלײַטערען. די זון האט ווידער ארויסגעשיקט איהרע ווארימע שטראהלען. חלאה איז געגאנגען און איהרע אויגען האבען געוואנדערט איבער דעם גאנצען געגענד.

— וואס זוכסטו מיט דיינע אויגען?—האט איהר דער בעגלייטער געפרעגט—ווייסטו דען נישט וואו דער קוואל געפינט זיך?

— איך ווייס—האט חלאה געענטפערט—דער קוואל איז שוין נישט ווייט פון דאנען, אבער אלעם ארום איז אזוי פּראכטפול, אזוי שעהן, אז איך קען נישט אנזעטיגען מיינע אויגען פון דעם צויבער און פּראכט פון דער נאטור.

— אָבער איך בין שטארק דורשטיג

— און מיר ליגט יעצט נישט אין זינען אט די אלע נארישקייטען — האט ער זיך אפגערופען צו איהר — לאמיר זיך בעסער צו איילען צום קוואל.

—מיר דוכט זיך אז איך זעה שאף פיטערנדיג זיך נעבען די בערג! — האט חלאה אויסגערופען.

איהר בעגלייטער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און אויסגערופען:

— דו האסט רעכט! איך זעה אויך די שאף, דארט נישט ווייט מוז זיך דער קוואל וואסער געפינען!

דאס בלוט האט חלאה'ן א זעץ געטאן אין פנים. איהר הארץ האט אנגעהויבען קלאפען... משה געפינט זיך דארטען! די גאנצע צייט האט זיך א געדאנק אריינגע'גנב'עט ביי איהר, פיליכט האט משה פערלאזען דעם מדבר דורך די עטליכע טעג. אין דער היים האט מען זיך געוויס דערוואוסט אז יענער מאן האט איהר ארויסגענארט פון הויז... פלוצלונג געהט איהר ליב דורך א ציטער... מעגליך אז משה איז אוועק אין שטאדט צו העלפען די משפחה איהר צו זוכען און זיינע שאף האט ער איבערגעלאזען מיט איינעם פון איהר פאטערס פאסטוכער.

ווען דאס זאל האבען פאסירט, דאן זיינען אלע איהרע האפענונגען פערלארען... דאן וועט זי בלייבען אן אייביגע שקלאפין און מעגליך אז זי וועט געצוואונגען זיין צו ווערען זיין קעבס ווייב... זי האט ווייטער גענומען טראכטען אויב עס זאל דארטען זיין אפילו איינער פון איהרע פאסטוכער וועט זי איהם דערצעהלען וואס מיט איהר האט פאסירט, ווי אזוי עורב האט איהר פערקויפט פאר א שקלאפין און איהם בעטען ער זאל שנעל לויפען אהיים צו איהרע עלטערען. זי האט געהערט אז דער קאראוואן וועט פערבלייבען אויף נאך עטליכע טעג און אויב נישט וועט זי טהאן אלעס מעגליכעס צו פערהאלטען דעם קאראוואן אויף דיזען פלאץ. אזעלכע געדאנקען און פלענער זיינען דורכגעלאפען איהר מח ווען זי איז נעהנטער צוגעגאנגען צו דעם פלאץ וואו די שאף האבען זיך געפיטערט... באלד האט זי בעמערקט דעם געצעלט פון משה'ן... איהר הארץ האט אנגעפאנגען נאך שטארקער צו קלאפען...

— דארטען מוז זיצען דער פאסטוך!

— האט חלאה אויסגערופען מיט א ציטערענדע שטימע.

— לאמיר צו איהם צוגעהן און ער וועט אונז געוויס אנצייגען וואו דער וואסער געפינט זיך — האט איהר בעגלייטער זיך אפגערופען — איך בין אזוי דורשטיג אז איך וועל שוין לענגער נישט קענען אויסהאלטען... איך בין אויך שטארק מיעד און עס איז פאר מיר שווער צו געהן אזוי ווייט.

— ווארט דא צו א קליינע ווייל ביז וואנען איך וועל צוגעהן צום געצעלט — האט חלואה זיך אפגערופען — און ווי איך וועל פון דעם פאסטוך אויסגעפינען דעם פלאץ פון דעם קוואל, וועל איך אנשעפען פריהער פאר דיר א לאגעל פרישען וואסער און עס גלייך דיר צוברייגנען.

— נייז, דאס קען איך נישט טהאן! איך בין פאר דיר פעראנטווארטליך צו אונזער הויפט, וואס וועל איך טהאן אז דו וועסט נאכהער אין גאנצען אנטלויפען פון דאנען. איך וועל דאן מוזען איהם אומקעהרען די פופציג שטיקער זילבער וואס ער האט פאר דיר בעצאהלט.

—איך פערזיכער דיר מיין האר, אז איך טראג זיך נישט ארום מיט אזעלכע געדאנקען... איך ווייס דאך אז מיין האר איז אין דעם נישט שולדיג, ער האט פאר מיר בעצאהלט זיין געלט און איך וועל איהם קיין שאדען געוויס נישט וועלען פעראורזאכען!

— דאך וועל איך דיר אליין נישט לאזען געהן! — האט חלאה'ס בעגלייטער אויסגערופען — צו גרויס איז מיין פעראנטווארטליכקייט. לאמיר זיך דא צוזעצען אויף א קליינע ווייל ביז וואנען איך וויל זיך אויסרוהען און נאכהער וועלען מיר ביידע צוגעהן צו איהם.

— אויב דו ווילסט — איז חלאה געוואָרען אומגעדולדיג, וועל איך אויסשרייען און רופען דעם פּאַסטוך.

איך בין זיכער אז אין דער גרויסער שטילקייט וואָס הערשט דאָ ארום וועט מיר דער פּאַסטוך דערהערען פון דער ווייטען.

— אויב ער וועט דערהערען דיינע קולות, וועט ער געוויס דענקען אז איך זוך דיר שלעכטס צו טהאָן, און ער וועט כאַפּען זיין פייל און בויגען און מיר נאָך דערשיסען! — האָט ער אויסגערופען — ניין, איך וויל נישט אז דו זאָלסט שרייען.

חלאה האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ׳ן גראָז און געווארט אויף איהר בעגלייטער ביז וואנען ער וועט זיך אויסרוהען. איהרע בליקען האָבען גענומען וואנדערען אין יענער ריכטונג וואו משה׳ס געצעלט איז געשטאנען... זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט וואו דער קוואל וואסער געפינט זיך. אָבער זי האָט זיך געמאכט נישט וויסענדיג; זי האָט געוואָלט האָבען אז אויסרייך צוצוגעהן צו יענעם פּלאַץ, וואו דער געצעלט איז געשטאנען. זי איז זעהר אומגעדולדיג געוואָרען, און האָט זיך עטליכע מאָל אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ. ענדליך האָט זיך איהר בעגלייטער אויפגעהויבען און זי איז מיט איהם געגאנגען צו דעם געצעלט...

ווי זיי זיינען צוגעקומען גאַנץ נאָהענט און חלאה האָט באמערקט ווי משה זיצט אויף א שטיין נעבען דעם געצעלט. א פרייד האָט זיך צוגאָסען איבער איהרע אלע גלידער. זי האָט געשטעלט שנעלע טריט... אָט איז זי שוין נעבען משה׳ן... זי זעהט ווי ער זיצט פערטראכט און זיינע בליקען זיינען אַנגעווענדעט אויף די שאָף וועלכע פּיטערען זיך נישט ווייט פון איהם.

פּלוצלונג בעמערקט זי ווי משה שטעלט זיך אויף פון זיין פּלאַץ. ער האָט ווי עס ווייזט אויס דערפיהלט אז אימיצער קומט אָן. ער האָט אומגערעהט זיין קאָפּ און מיט גרויס בעוואונדערונג אויסגערופען:

חלאה!

חלאה איז גלייך צוגעלאָפען און געפאלען צו זיינע פיס און אויסגעבראָכען אין היסטערישען געוויין.

— אָה, משה העלף מיר!!

משה האָט איהר געהאָלפען זיך אויפשטעלען און ער האָט איהר ווידער מיט ערשטוינונג געפרעגט:

חלאה וואו ביזטו געווען?!... דיינע עלטערען האָבען דיר דאָך מיט גרויס פערצווייפלונג אומעטום געזוכט.

— אה, משה, איך בין אומגליקליך!

— האָט חלאה אויסגערופען — עורב האָט מיר געפאנגען און יעצט בין איך א שקלאפין!

— אָבער זאָג דאָך מיר, וואָס האָט פּאסירט? — האָט משה איהר געפרעגט

— צפורה איז שוין דאָ געווען, און האָט מיר איבערגעגעבען אז א פרעמדער מאַן האָט דיר ארויסגענארט פון דער היים, איבערגעבענדיג אז איך פערלאנג דו זאָלסט קומען. אָבער ווי אזוי האָט עס אלעם פּאסירט און פאר וואָס ביזטו נאָך יעצט אומגליקליך.

חלאה האָט אומגעדרעהט איהר קאָפּ און זי האָט א קוק געטהאָן אויף איהר בעגלייטער. ערשט דאן האָט משה בעמערקט דעם פרעמדען און איהם בעטראכט מיט פארשיעדענע בליקען.

— דער פרעמדער האָט מיין פאָטער געזאָגט, אז צפורה איז זעהר קראנק און זי נויטיגט זיך אין הילף. איך האָב געזאָגט דעם פאָטער אז איך וועל גע[illegible]ן און ווען איך בין דאן גאַנץ ארויסגעגאנגען זיינען מיר עטליכע מענשען בעפאלען אויפ׳ן וועג. איך האָב זיך גוט ארומגעקוקט און בעמערקט עורב׳ן, מיין פאָטער׳ס ביטערסטער שונא, האָב איך פערשטאנען אז דאָס שטאַמט אלעם פון איהם. איינינע טעג האָט מען מיר געהאלטען געפאנגען און נאכהער האָט מיר עורב פערקויפט פאר א שקלאפין צו א

קאַראַוואַן וואָס גערט פון דמשק קיין כנען.

— און ווי אַזוי קומסטו אַהער, און ווער איז דער מאַן? — האָט משה נאָך אַלץ נישט געקענט קומען צו זיך פון גרויס אויפרעגונג.

— דיין גאָט האָט מיט מיר אַ נס געטהאָן. ער האָט אַזוי געמאַכט אַז איך זאָל געבראַכט ווערען דאָ כדי דו זאָלסט מיר נאָכהער ראַטעווען.

חלאה איז צוגעקומען נעהנטער צו משה'ן, ווי זי וואָלט געציטערט אַז מען זאָל איהר פון איהם מיט געוואַלד נישט אוועקנעמען.

נאָכדעם ווי נאָך עטליכע טעג זיינען פערלאָפען און יתרו האָט קיין שפור נישט געהאַט פון זיין טאָכטער חלאה'ן, האָט זיך דער טרויער אין זיין הויז פערגרעסערט. אַלע האָבען שוין באַלד אויפגעגעבען די האָפענונג ווען עס איז צו זעהן חלאה'ן צווישען די לעבעדיגע. אַלע טעכטער פון יתרו האָבען אַנגעטאָן קליידער פון טרויער און צוזאַמען מיט זייער מוטער האָבען זיי געקלאָגט און בעוויינט זייער איינגסטע שוועסטער חלאה'ן. נאָך גרעסער איז געווען דער צער פון צפורה'ן. זי איז געפאַלען אַ קרבן ווייל זי האָט געוואַלט איהר קומען ארויסהעלפען.

— מיין ליעבע גינציגע שוועסטער! —האָט צפורה געקלאָגט — דו האָסט מקריב געווען דיין לעבען פאַר מיר. דיין געטרייהייט און איבערגעבענהייט צו מיר, האָט פעראורזאַכט דיין אומגליק... אָה, ניין! איך וועל נישט רוהען ביז וואַנען איך וועל טרעפען יענעם גרויזאַמען מאַן וועלכער האָט דיך אויף אַזאַ שוידערליכען אופן ארויסגענאַרט פון הויז.

— וואָס קענסטו, מיין טאָכטער, אַליין אויפטהאָן! — האָט שרה זיך צו איהר אָפּגערופען. — מיין אומגליק און בראָך איז גרויס גענוג. דו ווּעסט בלויז איינשטעלען אויך דיין לעבען אין סכנה אָבער העלפען וועסטו נישט קענען!

—איך וועל פיליכט אַליין גאָר ניט קענען אויפטהאָן—האָט צפורה אויסגערופען אָפּווישענדיג איהרע טרעהרען,— אָבער צוזאַמען מיט מיין מאַן וועל איך נישט רוהען, ביז וואַנען מיר וועלען געפינען יענעם מאַן און נעהמען נקמה פון איהם. יע, ליעבע מוטער, איך קען שוין מעהר נישט בלייבען זיצען איך וועל גלייך געהן צו משה'ן און איהם בעטען ער זאָל מיט מיר געהן זוכען מיין שוועסטער, פיליכט וועט איהם געלינגען צו געפינען אַ שפור פון איהר.

— איך וועל מיט דיר מיטגעהן— האָט איהר שוועסטער פלילה זיך אָפּגערופען,—ווייל דו ווּאסט דאָך דעם מאַן וועלכער איז געקומען צו אונז אין הויז נישט געזעהן און איך וועל איהם געווים דערקענען ווען איך זאָל איהם נאָר דערזעהען.

— מיר וועלען מיטנעהמען צוויי פאַסטוכער וועלכע זאָלען אומבייטען כאָטש זי ווייס אַז משה שלאָפט קיין עס זאָל קיין אָפּהאַלט נישט זיין.

— טו ווי דו פערשטעהסט מיין טאָכטער! — האָט יתרו זיך צו איהר אָפּגערופען מיט אַ יאוש'דיגע שטימע —איך לייג אויף דעם נישט קיין צופיעל האָפענונג. מיר האָבען אויסגעפאָרשט און דורכגעזוכט יעדען פערבאָרגענעם פּלאַץ און נישט געפונען קיין שפור און יעצט אַז נאָך עטליכע טעג זיינען פאַריבער, קען איך דען ערוואַרטען אַז זי זאָל זיך אָפּזוכען?!

צפורה און פלילה האָבען זיך געזעצט אויף אייזלען. די צוויי פאַסטוכער זיינען געווען געגרייט.

— מיינע טעכטער! — האָט יתרו זיך אָפּגערופען—איהר מוזט מיר פערשפּרעכען זיך צו פערנעהמען אויף דעם לענגערן וועג וואָס פיהרט צו דעם מדבר חורב, ווייל יענער וועג איז אַ סך זיכערער. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט אַז חלאה האָט געזוכט צו געווינען צייט, און האָט זיך פערנומען אויף דעם קירצערן וועג, און דעריבער איז איהר בעפאַלען דיזער אומגליק.

— מיר וועלען טאָהן דיין ווילען, פאַ־

טער! — צפורה און פלילה אויסגערופען און אין דער בעגלייטונג פון די צוויי פאסטוכער האבען זיי זיך פערנומען אויף דעם לענגערן וועג וואס פיהרט צו דעם מדבר פון חורב.

די זון איז נאָך געווען אין מיטען הימעל ווען צפורה, פלילה און די צוויי פאסטוכער זיינען אנגעקומען אין חורב. פון ווייטען האבען זיי געקענט בעמערקען די שאָף. זיי האבען זיך גענומען דערנעהנטערן און באלד האט צפורה בעמערקט משה'ס געצעלט. זי האט גאנץ שנעל גענומען טרייבען איהר אייזעל און זי איז געווען א היבש שטיקעל וועג אפריהער פון איהר שוועסטער און די פאסטוכער, וועלכע זיינען איהר נאכגעריטען עטוואס לאנגזאמער.

— משה! — האט צפורה הויך אויסגערופען און איהר שטימע האט אפגעקלונגען אין דער שטילקייט.

צפורה האט ערווארטעט אז אָט באלד, באלד וועט משה ארויסגעהן פון זיין געצעלט און איהר ענטקעגען קומען. זי האט א קליינע ווילע געווארט און ווען זי האט געזעהען אז ער קומט נישט ארויס האט זי נאָך העכער אויסגערופען.

— ער מוז פיעללייכט דרעמלען יעצט האָט צפורה ביי זיך א טראכט געטהאָן, כאָטש זי ווייס אז משה שלאפט קיינמאָל ניט בייטאָג, ווען די שאָף פיטערען זיך. זי האָט אויפגעהויבען איהר קאָפ און געקוקט אויף אלע זייטען, זי האָט געמיינט אז ער געפינט זיך פיעללייכט ביי דעם קוואל וואסער. באלד אָבער האָט זי געזעהען אז דארטען געפינט ער זיך אויך ניט, און איז דעריבער גלייך צוגעריטען מיט'ן אייזעל צום געצעלט. זי האָט צוגעבונדען דעם אייזעל און איז גלייך אריין אין געצעלט.. ווי גרויס איז איהר ערשטוינונג געווען, ווען זי האָט געטראפען אין דעם געצעלט צוויי פרעמדע פארשווינען ליגענדיג אויסגעצויגען אויף דעם באָדען פון געצעלט און כראפענדיג זעהר שטארק. זי איז שנעל ארויס פון געצעלט און געלאפען אנטקעגען איהר שוועסטער און די פאסטוכער.

— אה, פלילה! — האָט צפורה אויסגערופען מיט שרעק — משה איז אין געצעלט ניטאָ... איך האָב דארטען געטראפען צוויי פרעמדע מענער... זיי שלאָפען דארטען! וואס קען דאס בעדייטען!

בערוהיג זיך מיין שוועסטער! משה מוז זיך געפינען ערגיץ וואו נעבען די שאָף! — האָט פלילה אויסגערופען — דו ווייסט דאך ווי גוט הערציג משה איז, ער האָט וואהרשיינליך דערזעהן צוויי פרעמדע מענשען, וועלכע זיינען מיעדע פון וועג, האָט ער זיי געגעבען א פלאץ זיך אויסצורוהען. לאָמיר איהם א זוך טהאָן און מיר וועלען איהם באלד געפינען.

צפורה און פלילה מיט די צוויי פאסטוכער האָבען גענומען זוכען משה'ן אָבער אין ערגיץ איהם ניט געזעהן.

— אה מיין הארץ שרעקט אין מיר! איך האָב מורא אז אן אומגליק האָט פאסירט מיט איהם! — האָט צפורה אויסגערופען — די שאָף זיינען צושפרייט ווי עס וואָלט שוין לאנג ניט געווען ווער עס זאָל אכטונג געבען אויף זיי...

— מעגליך אז משה שלאָפט ערגעץ וואו אונטער א בוים — האָט פלילה געזאָגט און אין איהר שטימע האָט זיך אן אומרוהיגקייט בעמערקט.

— משה שלאָפט קיין מאָל נישט בייטאָג! האָט צפורה געזאָגט און די טרעהרען האָבען איהר געשטיקט.

זיי זיינען געגאנגען ווייטער און צפורה האָט אלץ גערופען משה! משה! אָבער קיין ענטפער אחוץ דעם עכא האָט זי נישט בעקומען....

— אָה מיין גאָט! האָט צפורה אויסגעבראכען אין א געוויין! בעשיץ דאך מיין ליעבען מאן! וואס האָט געקענט מיט איהם פאסירען?

— מיין שוועסטער, דו ווייסט דאך אז מיט משה'ן האָט גאָר נישט געקענט פאסירען. ער איז שטארק גענוג זיך צו בעשיצען פון אן איבערפאל. לאָמיר

אויפוועקען די מענער וועלכע שלאָפען אין משה'ס געצעלט. פיעללייכט וועלען זיי אונז קענען זאָגען וואו משה געפינט זיך.

מיט א שווערע הארץ האָט זיך צפורה מיט איהר שוועסטער אומגעקעהרט צו משה'ס געצעלט. די צוויי פרעמדע מענשען האָבען נאָך גאנץ געשמאק געכראָפעט.

א ווײלע זיינען ביידע שוועסטער געשטאנען און בעטראכט די שלאָפענדע פרעמדע מענער. זיי האָבען אויסגעקוקט אזוי מאָדנע און קאָמיש, און זייער חראָפען איז געווען אזוי שטארק, אז ווען צפורה'ס און פלילה'ס הערצער וואָלטען נישט זיין פארביטערט, וואָלטען זיי אויסגעבראכען אין א הילכיגען געלעכטער...

דער קאראוואן איז שיין געווען אָפּגעגאנגען מיט מיר א היבש וועג אין מדבר — האָט זי געזאָגט כליפּענדיג און פלוצלונג האָבען זיך אויף דעם קלאָרען הימעל בעוויזען וואָלקענס און די מענשען פון קאראוואן האָבען גלייך געזעהן אז א זאמד שטורעם קומט אָן. זיי האָבען זיך פערקערעוועט צום מדבר חורב און מיר האָבען זיך קוים דערשלעפּט צו דיזען פלאץ. איך האָב אין מיין הארצען דיין גאָט... ווייל איך בין געווען זיכער אז דו געפינסט זיך נאָך דאָ... און יעצט געה איך דאָס אָנשעפען פרישען וואסער פון דעם קוואל און דיזער מאן איז פון דעם הויפּט געשיקט געוואָרען מיך צו בעגלייטען און צו היטען איך זאָל נישט ענטלויפען... אה, משה, איך ווייס נישט וואָס וועט יעצט מיט מיר פאסירען, דער קאראוואן איז זעהר גרויס און די מענשען זיינען אלע בעוואפענט... און איך בין זיכער אז ער, דער הויפּט וועלכער האָט מיר פון עורב'ן אָפּגעקויפט וועט מיר נישט וועלען בעפרייען!

— בערוהיג זיך חלאה! — האָט משה זיך אָפּגערופען צו איהר, איך וועל נישט דערלאָזען אז מען זאָל דיר פון דאנען אוועקנעהמען.

—וואָס מיינסטו, דו וועסט נישט דערלאָזען! — האָט זיך דער בעגלייטער אָפּגערופען — אונזער הויפּט האָט פאר איהר בעצאָהלט פופציג שטיקער זילבער און איך האָב זיך אָנגענומען איהר צו בעגלייטען! אויב דו וועסט איהר נישט לאָזען מיט מיר צוריקגעהן וועל איך גלייך אלעמען איבערגעבען און מיר אלע וועלען איהר פון דיר מיט געוואלט אוועקנעמען.

— איך וועל דאָך נישט פערלאנגען אז דיין הויפּט זאָל איהר בעפרייען אָהן קיין אויסלייז געלט! — האָט משה זיך צו איהם אָפּגערופען — איך וועל שוין מיט דיין הויפּט דורכקומען, און איך בין זיכער אז ער וועט נישט וועלען פערהאלטען א טאָכטער פון זעהר א חשוב'ען בירגער פון מדין, אלס זיין שקלאפין.

— וועסטו מיט מיר געהן צו דעם קאראוואן! — האָט דער פרעמדער געפרעגט משה'ן.

— געוויס וועל איך מיט דיר מיטגעהן — האָט משה איהם געענטפערט.

— וועסטו מיר פיללייכט געבען א טרונק וואסער!

— דער קוואל איז נישט ווייט פון דאנען — האָט חלאה אויסגערופען, און איך וועל שוין אין דער זעלבער צייט אויך אָנשעפען וואסער פאר די איבריגע.

זיי זיינען אלע דריי אוועק צום קוואל און משה האָט אָנגעפיהלט די לאגלען מיט וואסער און גלייך נאָכדעם איז ער אוועק מיט חלאה'ן און איהר בעגלייטער צום קאראוואן.

— פריעדען צו אייך מיינע הארען!

— האָט זיי משה בעגריסט.

די מענשען פון קאראוואן האָבען זיך אלע אויפגעשטעלט מיט ערשטוינונג.

חלאה'ס בעגלייטער האָט דעם הויפּט עפּעס ארייננגעשושקעט אין אויער און יענער האָט זיך גלייך געכאפּט פאר'ן שווערד!

— ניין! איך וויל איהר נישט אָפּגעבען! איך האָב פאר איהר בעצאָהלט פופציג שטיקער זילבער און איך האָב

בעשלאָסען איהר צו נעמען פאר מיין קעבס ווייב!

— מיין פריינד! — האָט משה זיך אָפּגערופען צו איהם מיט א געלאסענע שטימע — דיזע יונגע מיידעל איז נישט קיין שקלאפין, זי איז די טאָכטער פון יתרו און זי איז מיין שוועגעריןז... דעריבער קענסטו פערשטעהן אז ווען גאָט האָט מיט איהר אזא נס געטהאָן און דורך דעם זאמד שטורעם פעראורזאכט אז זי זאָל געבראכט ווערען אהער, וועל איך דאָך נישט דערלאָזען אז זי זאָל אוועקגעהן מיט דיר אלס א שקלאפין.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט אז זי האָט געפונען חן אין מיינע אויגען, און איך וועל איהר פערעכענען אלס מיין קעבס ווייב!

— דיזע רעכט איהר אָפּצוגעבען אלס פרוי אָדער קעבס ווייב בעלאנגט צו איהר פאָטער און דו האָסט קיין רעכט נישט אויף איהר!

— ווער ביזטו דאָס, אז דו וועסט מיר זאָגען א דעה! — האָט דער הויפּט געדריקט זיינע פויסטען פון כעס — איך האָב איהר געקויפט און פאר איהר זעהר א גרויסען פרייז בעצאָהלט און זי איז מיין אייגענטהום.

זעהסטו דען נישט אז זי איז געפאנגען געוואָרען פון שלעכטע מענשען און רויבער — האָט משה געזאָגט — און דו האָסט קיין רעכט נישט געהאט איהר אָפּצוקויפען פון זיי.

— זי האָט אליין, מיט איהר אייגען מויל צוגעגעבען אז זי איז א שקלאפין!

— האָט דער הויפט אויסגערופען. איך איך האָב זיך טאקע געקווינקעלט בעת מעשה, איך בין זיך מודה אז מיר איז אויסגעקומען די זאך פערדעכטיג און איך האָב איהר געפרעגט אויב זי איז ווירקליך א שקלאפין און זי האָט מיר געזאָגט אז איהרע עלטערען זיינען געוועזן שקלאפען און זי איז אויך א שקלאפין.

משה האָט א קוק געטהאָן אויף חלאה׳ן און זי האָט אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

—עורב האָט מיר געצוואונגען אזוי צו זאָגען. ער האָט מיר געשטראשעט אז אויב איך וועל קאליע מאכען דעם מסחר און מען וועט מיר נישט אָפּקויפען פון איהם אלס א שקלאפין, וועט ער מיר טויטען... איך האָב קיין אנדער ברירה נישט געהאט ווי צוצוגעבען אז איך בין א שקלאפין.

— אָבער וואָס בין איך שולדיג, אז דו האָסט מיר געזאָגט א ליגען ווייל דו ביזט דערצו געצוואונגען געוואָרען! — האָט דער הויפּט אויסגערופען — דו האָסט מיר געזאָגט אז דו ביזט א געבאָרענע שקלאפין און אויף דעם סמך האָב איך דיר געקויפט און בעצאָהלט פופציג שטיקער זילבער. יעצט געהערסטו צו מיר און מיט מיר וועסטו געהן!

— איך וועל דיין שאדען גוט מאכען!

— האָט משה געזאָגט — אָבער דו מוזט איהר בעפרייען.

—איך וויל פון גאָר נישט וויסען!

— האָט דער הויפּט זיך א בייזער געטהאָן — מיט מיר וועט זי געהן און אויב דו וועסט מיר מאכען שטערונגען, וועסטו ערגער מאכען!

— ווי אזוי וועסטו קענען בערוהיגען דיין געוויסען! — האָט משה זיך צו איהם געווענדעט — ווען דו ווייסט אז דיזע יונגע מיידעל איז אוועקגערויבט געוואָרען פון איהרע עלטערען, פון אלע איהר נאָהענטע און גוטע פריינד... ווי פיעל טרעהרען האָבען שוין איהרע עלטערען פארגאָסען דורך די עטליכע טעג וואָס זיי האָבען איהר ארומגעזוכט און נישט געפונען... שטעל זיך פאָר ווען אימיצער וואָלט דיין טאָכטער געפאנגען און זי וואָלט זיך געפונען אין אזא לאגע.

— אָבער איך וועל איהר קיין שלעכטעס נישט טהאָן! — איז דער הויפּט געריהרט געוואָרען פון משה׳ס לעצטע ווערטער, איך האָב דאָך איהר געקויפט צו פערקויפען אלס שקלאפין און איך האָב גלייך מיין בעשלוס געענדערט... איך וועל איהר צונעמען פאר מיין קעבס ווייב, איך וועל איהר זעהר גוט בעהאנדלען.

— מעגליך אז איהר וועט זיין גוט ביי דיר — האַט משה געזאַגט — אַבער דו דאַרפסט ארייננעהן אין דער לאַגע פון איהרע עלטערען. זיי וועלען דאַך גאַרנישט וויסען וואַס מיט זייער טאַכטער האַט פאַסירט.

— נו, יעצט אז דו ווייסט פון דעם וועסטו זיי בערוהיגען!

— ניין, זיי וועלען זיך קיינמאַל נישט בארוהיגען, כל זמן זיי וועלען איהר נישט זעהן! און איך, איך וועל איהר נישט אַפּלאַזען... איך וועל איהר אויסלייזען פון דיינע הענט.

— דו וועסט איהר אויסלייזען! — האַט זיך דער הויפּט פאנאנדערגעלאכט — דו ביזט דאַך אן אַרימער פאַסטוך פון וואנען וועסטו דאַ נעהמען אזוי פיעל געלט?

— אויב איך האַב ניט מיט זיך קיין געלט, האַב איך דאַ גענוג שאַף און רינדער און איך וועל פאַר חלאה'ן דיר געבען וויפיעל שאַף דו וועסט פון מיר פערלאַנגען!

— וואַס פאר א נוצען קען איך יעצט האַבען פון דיינע שאַף, אז מיר דארפען וואנדערען אזא וויטען וועג. מיר קענען קיינע בהמות מיט זיך נישט מיטשלעפען, און שפּייז האַבען מיר אַנגעגרייט זעהר פיעל, אז עס וועט אונז קלעקען פאר נאַך א לענגערען וועג.

— און וואוהין געהט איהר, מיינע פריינד! — האַט משה זיך אַפּגערופען מיט א פריינדליכע שטימע און מיט וואַס האנדעלט איהר?

מיר געהן נאַך כנען. מיר ברייננען אהין די גוטע זייד פון דמשק און ווען מיר פערקויפען דאַס, דאן קויפען מיר אויף די זאכען אין וועלכע מיר נויטיגען זיך און נאכהער קעהרען מיר זיך אום אהיים.

— פארוואס זאלט איהר אייערע לעבענס איינשטעלען אין גרוים געפאהר —האט משה צו זיי געזאגט—איך בין זיכער אז איהר וואלט געקענט טאַהן זעהר א גוטען מסחר מיט די מדינים. די איינוואַהנער פון מדין זיינען גאנץ רייך און זיי נויטיגען זיך אויך אין זייד און אין אנדערע זאכען, פּרובירט דיזען מאַל צו האנדלען מיט מדין, און איך בין זיכער אז איהר וועט שטענדיג קומען אהין.

— ניין! — האט דער הויפּט אויסגערופען—איך וועל נאַך מדין נישט געהן. איך ווייס אז דו ווילסט מיר אהין פערנארען כדי איך זאל נאכהער פערלירען די שקלאפין וואס איך האב געקויפט.

— דו וועסט דערצו גאַר נישט צולעגען—האט משה איהם געענטפערט—דו וועסט פון איהרע עלטערן קריגען צוריק דיין געלט וואס דו האסט בעצאַהלט און דערצו נאַך אנדערע מתנות. ווייל איהרע עלטערן זיינען זעהר רייך, און זיי וועלען דיר געוויס בעלוינען פאר דעם.

— אבער איך האב נישט קיין חשק איהר אויפצוגעבען—האט דער הויפּט אויסגערופען—און טאקע דעריבער וועל איך יעצט נישט רייזען נאַך מדין.

— זעהסטו דען נישט אז דאס איז געוועזן דער ווילען פון דעם אלמעכטיגען גאַט! — האט משה צו איהם געזאגט— ער האט דעם פירכטערליכען זאמדשטורעם אנגעשיקט כדי איהר זאלט זיך אלע אומקעהרען אהער. איהר זייט אלע שטארק מיעד און דורשטיג געוואַרען און איר האט חלאה'ן געשיקט צום קוואל, דאס אלעס האט גאַט געטאַהן כדי איך זאל איהר דערזעהען און זי אויסלייזען פון אייערע הענט. יעצט ווי אזוי וועט איהר קענען געהן געגען דעם ווילען פון גאַט, ווען איהר וועט איהם דערצאַרענען וועט ער אויף אייך אנשיקען אן אומגליק. איהר וועט געפינען אנדערע שטרויכלונגען אין אייער וועג. דער בעשעפער פון דער וועלט האט אלע מענשען בעשאפען גלייך און ער דולדעט נישט ווען איינער קויפט אַדער פערקויפט א צווייטען פאר א שקלאף, און בפרט אין דיזען פאל ווען איהר ווייסט שוין אז חלאה איז נישט קיין שקלאפין.

א שרעק איז אנגעפאלען אויף די אי־

בעריגע מענשען פון קאראוואן, און זיי
האבען צווישען זיך שטילערהייט גע־
רעדט:

— דער מאן איז גערעכט, מיר הא־
בען שיער אונזערע לעבענס פערלארען,
איך האב שוין דיזען מדבר פיעלע מאל
דורכגערייזט, און איך האב קיין מאל
אזא שרעקליכען זאמד שטורעם נישט
געזעהען — האט איינער זיך אפגע־
רופען.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל
נישט אז די געטער פון דמשק ווילען
אויף אונז אויסגיסען זייער צארן, אויב
מיר וועלען נישט אומקעהרען דיזע מיי־
דעל צוריק צו איהרע עלטערן, זי מוז
זיין זעהר א היילינע, אז אזא גרויסער
נס איז צו איהר געטאהן געווארען.

— דער מאן, וועלכער זאגט אז ער
איז איהר שוואגער שיינט מיר אויך צו
זיין א געטליכער מאן! — האט נאך
איינער זיך אפגערופען—זיינע רייד זיי־
נען ווי פלאם פייער און זיינע אויגען,
זיי ווארפען אן א שרעק אויף אונז אלע־
מען.

— לאמיר ראטהען אונזער הויפט
איהם נאכצוגעבען אז נישט האב איך
מורא וועלען מיר ערגער מאכען!

— מיר גלויבען — איז איינער פון
דעם קאראוואן צוגעגאנגען גאנץ נאה־
הענט צו דעם הויפט—אז מיר זאלען
אננעהמען די עצה פון דיזען מאן און
לאמיר פרובירען פערבינדען א מסחר
מיט די מדינים!

— זעהסטו דען נישט אז ער איז
דאמיט אויסען זיין אייגענער טובה און
די טובה פון דיזער שקלאפין. וואס ווע־
לען מיר טאהן ווען מיר וועלען אנקו־
מען אין מדין און איך וועל פערלאנגען
מען זאל מיר אומקעהרען די געלט וואס
איך האב פאר איהר בעצאהלט, און אנ־
שטאט דעם וועט מען אונז בעפאלען און
איהר אוועקנעהמען פון מיר מיט גע־
וואלד.

— פאר דעם בין איך ערב! — האט
משה זיך אפגערופען.—ווייסטו וואס,
איך וועל מיט אייך מיטגעהן אהין, און
אויב דו טרויעסט מיר נישט, דאן זא־
לען זיך איניגע פון אייך אפשטעלען דא
און אכטונג געבען אויף מיינע שאף,
און אויב דו וועסט האבען א קליין שא־
דען דערפון וועט מיין גאנצע שאף גע־
הערען צו אייך אלעמען.

— גוט, מיר שטימען איין דערצו!
—האבען זיך געהערט שטימען.

דער הויפט האט זיך נאך געקוויינ־
קעלט פאר א היבשע וויילע, ער האט
נישט געקענט בעשליסען ווי צו האנד־
לען אין דיזען פאל. ער זעהט אז דער
מאן האט געוואונען אלע הערצער פון
די מיטגלידער פון קאראוואן.

— גוט! — האט ער אויסגערופען
—ווער פון אייך איז וויליג צו פערבליי־
בען דא מיט די שאף וואס וועט זיין
אלס משכון ביז וואנען מיר וועלען זיך
דא צוריקקעהרען אהן א שאדען.

— איך וועל בלייבען! — האט איי־
נער פון זיי, א קורץ־געוויקסיגער, זיך
אפגערופען.

— יעצט דארפען מיר געפינען נאך
איינעם וועלכער וועט וויליג זיין דא צו
פערבלייבען מיט דיר!

עס האט לאנג נישט געדויערט און
נאך איינער האט זיך געמאלדען.

משה האט זיי צוגעפיהרט צו זיין גע־
צעלט, און זיי אנגעצייגט אויף די שאפין
און זיי אנגעזאגט ווי אזוי זיי זאלען זיך
דא אויפפיהרען און איז גלייך מיט דעם
גאנצען קאראוואן זיך פערקירעוועט צו
דער ריכטונג פון מדין.

חלאה איז געווען איבערגליקליך מיט
דעם געדאנק אז אט באלד וועט זי ווי־
דער ווערען פריי. יא, זי האט אלעם צו
פערדאנקען דעם וואונדערבארען משה'ן
ער האט בעוויזען אז נישט נאר מיט
דעם כוח פון זיינע פויסטען קען ער בע־
זייגען, נאר אויך מיט דעם כוח פון זיין
מויל. זי האט גענומען א טראכט טאהן
אז באלד, באלד וועט זי דערזעהן איה־
רע ליעבע עלטערן, איהרע שוועסטער,
זי וועט פאר אלעמען דערצעהלען דעם
גרויסען נס וואס מיט איהר האט פאס־
סירט און ווי אזוי משה האט איהר גע־
ראטעוועט. זי האט א קוק געטהאן אויף
דעם הויפט וועלכער האט געריטען

אויפ'ן קעמעל נעבען איהר. זי וואלט קיינמאָל נישט געגלויבט אז ער וועט זיך אונטערגעבען. איהר האט זיך געדוכט אז אָהן א קאמפף וועט ער איהר נישט אפּגעבען, און כאָטש זי איז געווען זיכער אז אין א קאמפף וועט איהר העלדישער שוואגער ארויסקומען דער זיעגער ווי ער האט עס בעוויזען נעבען ברינעם אין מדין בעת ער האט געקעמפּפט געגען אזוי פיעל פאסטוכער, דאָך אבער האט זי זיך שטארק געשראָקען פאר א קאמפף. זי ווייס אז דער קאראוואן איז בעוואפענט און זיי וואלטען נאָך פיליכט איהם פערוואונדעט.

משה איז אויך שטארק צופרידען געווען, וואָס איהם איז געלונגען איבערצוריידען דעם קאראוואן מיט איהם מיט צוגעהן נאָך מדין. ער זעהט דאָך אז נישט אלע מענשען זיינען פערדאָרבען, זיי זיינען אונוויסענד, זיי האבען נישט קיין בעגריעף פון זייער חוב איינער צום צווייטען, אבער ווען מען ערקלערט זיי, ווען מען לערענט זיי, קען מען פיעלע ענדערען פון שלעכטס צום גוטען. מען דארף בלויז וויסען ווי אזוי אנצוצייגען פאר זיי דעם גוטען וועג, און זיי וועלען שוין אליין נאָכפאָלגען. באלד אבער איז איהם ארויפגעקומען אויף דעם געדאנק וועגען די רשעות פון עורב'ן און זיינע נאכפאָלגער. יע, ווען אימיצער בעגעהט אזא שוידערליכען פערברעכען און גנב'עט א מענשען און פערקויפט איהם פאר א שקלאף אזא מאן איז שרעקליך פערדאָרבען און עס איז קיין האָפענונג פאר איהם נישטאָ, ער זאל ווידער גוט ווערען. אזא פערברעכער פערדינט דעם טויט! בעשליסט משה ביי זיך.

— מיין פריינד! — האט זיך משה אנגערופען צו דעם הויפּט — זעהר א גרויסען פערברעכען איז בעגאנגען דער וועלכער האט מיין שוועגערין גע'גנב'עט און זי צו דיר פאר א שקלאפין פערקויפט. אויב עס וועט מיר געלינגען איהם צו ברייננען צו גערעכטיגקייט וועסטו זיין וויליג צו זיין אז עדות געגען איהם?

— איך צווייפעל אז דיר וועט גע־
לינגען איהם צו כאפּען אזוי שנעל, און צוליעב דעם פערבלייבען לענגער אין מדין וועל איך נישט קענען.

— איך ווייס דעם געהיימען פּלאץ וואו עורב און זיין באנדע האלטען זיך אויף! — האט חלאה געזאגט—זיי האבען מיר אהין געבראכט און זייענדיג זיכער אז איך וועל שוין זיך קיינמאָל נישט צוריקקעהרען און זיי נישט ארויסגעבען, האבען זיי זיך פאר מיר נישט געהיט. איך האב גאנץ גוט בעמערקט די וועגען וואס פיהרען אהין, און איך ווייס גענוי וואו דער פּלאץ געפינט זיך! איך בין זיכער אז עס וועט לאנג נישט נעהמען און מיר וועלען זיין דאָרטען.

— אויב דו וועסט מיר קענען פערזיכערן אז זיי וועלען אונז נאכהער קיין שלעכטעס נישט טאָהן, וועל איך געוויס קומען עדות זאגען געגען זיי.— האט דער הויפּט געענטפערט—אבער ווען איך וועל אויסגעפינען אז אונזער גאנצע טרחה איז אומזיסט, און מיר קענען נישט טאָהן קיין מסחר מיט די איינוואָהנער פון דיין שטאָדט, דאן וועסטו אונז אלעמען מוזען בעצאָהלען פאר אונזער טרחה אויסער די פופציג שטיקער זילבער וואס איך האב פאר איהר בעצאָהלט.

— פאר דעם האב איך דיר שוין ערב געווען! — האט משה געזאגט,—און יעצט קען איך דיר נאָך אמאָל פערזיכערן, אז אויב מיר וועט געלינגען צו פאנגען די פערברעכער און זיי פערמשפּט'ן, דאן וועט א העלפט פון זייער פערמעגען אפּגעגעבען ווערען צו דיר און צו דיינע מיטרייזענדע. איך און מיין שוועגער וועלען דערפון גאר נישט נעהמען.

— איך וועל זיי אויפוועקען! — האט פּלילה זיך אפּגערופען צו צפּורה'ן און איז גלייך צוגעגאנגען צו זיי און זיי אנגעהויבען צו וועקען. איינער פון די שלאָפענדע האט עפּעס א בורטשע געטהאָן און זיך איבערגעדרעהט אויף'ן צווייטען זייט און ווידער גענומען כראָפּען.

א היבשע ווײלע האט גענומען איידער

צפורה'ן און פלילה'ן איז געלונגען זיי אויפצואוועקען...

די פרעמדע האָבען גענומען רייבען די אויגען. זיי האָבען ביידע מיט אמאָל א גענעץ געטהאָן, און ווען זיי האָבען בעמערקט צוויי פרויען האָבען זיי זיך שנעל אויפגעהויבען פון זייער פלאץ.

— ענטשולדיגט מיר מיינע הארען, אָבער איך בין משה'ס פרוי. קענט איהר מיר פיעללייכט זאָגען וואו מיין מאן געפינט זיך?

א ווייליע האָבען די צוויי מענער אָנגעקוקט די צוויי פרויען און באלד האָט דער קורץ געוויקסיגער ארייגערוימט זיין חבר אין אויער.

— איך האָב מורא אז זיי ווילען פון אונז ארויסנארען די שאָף, און דעריבער זיינען זיי געקומען מיט אן אויסרייד.

— דו ביזט גערעכט, מיין פריינד, האָט דער צווייטער איהם צוריק אריינגעשושקעט אין אויער. זיי ווילען מיט אן אויסרייד פון אונז די שאָף אוועקנעהמען, און דערנאָך וועט מען אונז בעשולדיגען. ניין! מיר טאָרען זיך ניט אונטערגעבען!

— וואס איז אייער פארלאנג? — האָט דער קורצגעוויקסיגער זיך געווענדעט צו זיי.

— איך האָב דיר דאָך געזאָגט — אז מיין מאן איז דער פאסטוך פון דיזע שאָף וואָס פיטערט זיך דאָ לעבען זיין געצעלט און איך וואָלט וועלען וויסען וואו ער געפינט זיך... ווייל איך קען נישט פערשטעהן ווי אזוי ער וועט איבערלאָזען די שאָף און אוועקגעהן.

— אהא! — האָט דער העכערער מאן אויסגערופען — איך האָב אָב[illegible]ר גלייך פערשטאנען אז איהר ווילט פון אונז אויסנארען די שאָף! אָבער ניין! איהר וועט פון אונז גאָרנישט ארויסקריגען!

— האָט צפורה אויסגערופען מיט פערצווייפלונג.

די שאָף בעלאנגט צו אונז! — האָט דער קירצערער מאן אויסגערופען. מיר וועלען נישט אָפּטרעטען פון דיעזי[illegible] פלאץ ביז וואנען אונזער הויפט וועט זיך צוריקקעהרען מיט דעם גאנצען קאראוואן.

א טויט שרעק איז אָנגעפאלען אויף צפורה'ן... ווער ווייס האָט זי זיך געטראכט, אפשר האָט א קאראוואן בעפאלען איהר מאן, און איהם גענומען געפאנגען... ניין, אָבער דאָס איז דאָך אונמעגליך! משה וועט זיך נישט לאָזען נעהמען געפאנגען... ער וואָ[illegible] מיט זיי געקעמפט און ער וואָלט זיך נישט אונטערגעגעבען...

— איך בעט אייך, מיינע הארען — האָט צפורה זיך אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — טהוט מיר די געפעליגקייט און זאָגט מיר וואוהין מיין מאן, דער פרידערדיגער פאסטוך פון דיעזע שאָף, איז אוועקגעגאנגען. איך האָב מורא פיללייכט איז עפעס אן אומגליק מיט איהם פאסירט.

די צוויי מענשען האָבען זיך איבערגעקוקט, צווישען זיך א ווייליע געשושקעט און נאכהער האָט איינער פון זיי זיך אָפּגערופען:

— דו דארפסט גאָרנישט זאָרגען וועגען דיין מאן, פריעדען איז צו איהם.

— איך וועל דיר מיין האר זעהר דאנקבאר זיין! — האָט צפורה צו איהם זיך ווידער געווענדעט אויב דו וועסט מיר דערצעהלען ווי אזוי האָט עס פאסירט אז איהר ביידע זאָלען דאָ פערבלייבען אין מיין מאן'ס געצעלט.

— אויב דו וועסט אונז פערשפרעכען מעהר נישט צו בעלעסטיגען וועגען די שאָף ביז וואנען אונזערע מיטרייזענדע וועלען זיך אומקעהרען פון מדין, און ביז וואנען אונזער הויפט וועט אינז פערזיכערען אז אלעם איז געשליכ[illegible] געוואָרען אויפ'ן בעסטען אופן וועלען מיר דיר אלעם דערצעהלען.

— מיר פערשפרעכען! האָב[illegible] צפורה און פלילה מיט אמאָל אויסגערופען.

— גוט, איך וועל אייך דערצעהלען אלע איינצעלהייטען — האָט דער העכערער מאן זיך אָפּגערופען — מיר זיינען א קאראוואן פו[illegible] דמשק און מיר זיינען געפאָהרען האנדלען אין כנע[illegible].

אויפ'ן וועג האָט אונזער הויפּט אָפּגעקויפט א שקלאַפין פאַר וועמען ער האָט בעצאָהלט פופציג שטיקער זילבער. די שקלאַפין האָט אליין בעשטעטיגט אז זי איז א געבוירענע שקלאַפין. א ווײַלע שפּעטער נאָך דעם מסחר, האָט זי זיך פאַנאַנדערגעוויינט און געזאָגט, אז זי איז נישט קיין שקלאַפין. מיר האָבן זיך צו איהרע רייד נישט צוגעהערט און פאָרטגעזעצט אונזער רייזע און מיר זײַנען געצוואונגען געוואָרען צוריקצוקעהרען זיך. און מיר זײַנען צוגעקומען צו דעם נאָהענטסטען פלאַץ וואו די סכנה פון זאמד שטורעם איז נישט אזוי גרויס. מיר זײַנען אַלע געווען דורשטיג און די שקלאַפין האָט זיך אָנגעבאָטען צו ברענגען פאַר אונז פרישע וואַסער פון קוואַל. מיר האָבן מיט איהר מיטגעשיקט א בעגלייטער און צו אונזער אַלעמענס גרויס בעוואונדערונג, האָט זיך די שקלאַפין צוריקגעקעהרט מיט א מאַן, וועלכער האָט געזאָגט, אז ער איז איהר שוואָגער...

— אה, חלאה! — האָט צפורה אויסגעשריען — דאָס איז דאָך מײַן שוועסטער חלאה!

— יע, דאָס איז חלאה! — האָט פלילה צוגעגעבען.

— ריכטיג אזוי איז טאקע געווען איהר נאָמען! — האָט דער קורצגעוויקסיגער אויסגערופען — יעצט זעהן מיר אז אלעס וואָס דער פּאסטוך פון דיעזען פלאַץ האָט געזאָגט איז אמת!

— און וואָס האָט ווייטער פּאסירט?

— האָט זיך צפורה קוים געקענט בעהערשען.

— דער פּאסטוך האָט אונז אַלעמען איבערגערעדט אז אנשטאט דורכצומאַכען די רייזע ביז כנען, קענען מיר אַלע קומען אין מדין, און טאָהן דעם זעלבען גוטען מסחר מיט די מדינים, ער האָט אויך פערזיכערט אז אונזער הויפּט וועט צוריקקעהרען די פופציג שטיקער זילבער וואָס ער האָט בעצאָהלט פאַר דער שקלאַפין. און אונז ביידען האָט ער איבערגעלאָזען דאָ צו היטען די שאָף, און אין פאַל אונזער הויפּט וועט נישט זײַן צופרידען, בעלאַנגט די גאנצע שאָף צו אונז!

— אה, משה און חלאה זײַנען אין מדין! — האָט צפורה זיך אָפּגערופען מיט גרויס פרייד, לאָמיר זיך שנעל צוריקקעהרען קיין מדין!

— ווי עס ווייזט אויס, האָבען מיר זיך אויפ'ן וועג אויסגעמיטען! — האָט פלילה אויסגערופען און צוזאמען מיט איהר שוועסטער זיך געזעצט אויף די אייזלען און שנעל פערשוואונדען געוואָרען פון יעניגעם פלאַץ...

---

אונגעהויער גרויס איז געווען די שמחה אין יתרו'ס הויז, ווען משה איז אָנגעקומען מיט חלאה'ן. טרעהרען פון פרייד, קושען און האלזען מיט זייער טאָכטער וועמען זיי האָבען שוין געהאלטען פאַר א פערלאָרענע.

חלאה האָט זיי אַלעם דערצעהלט, און יתרו און שרה האָבען פון גרויס גליק נישט געוואוסט וואָס פריהער צו טאָהן.

— צום ערשטען דאַרפסטו אומקעהרען צום הויפּט די פופציג שטיקער זילבער! — האָט משה זיך אָפּגערופען צו יתרו'ן און נאכהער וועלען מיר זיך בעראטען וואָס ווייטער צו טאָהן.

דער גאנצער קאראוואן איז אריינגעפאָהרען אין יתרו'ס הויף און יתרו איז זיי גלייך אנטקעגען געקומען.

— פריעדען איז אייער קומען צו מיר! — האָט יתרו זיי אַלעמען בעגריסט און איז גלייך צוגעגאנגען צו דעם הויפּט און איהם אָפּגעצעהלט פופציג שטיקער זילבער. פון מײַן טיעפסטען הארצען דאנק איך דיר, מײַן פריינד! — האָט יתרו געדריקט זײַן האנד... איך האָף אז פון היינט אָן וועלען מיר פערבלייבען אייביגע פריינד! איך פערזיכער אייך אַלעמען אז איהר זייט ווילקאָמען אין מדין, און איהר וועט דאָ טאָהן זעהר א גוטען מסחר. איך האָף אויך אז איהר וועט אונז העלפען צו ברענגען די פערברעכער צו גערעכטיגקייט...

דער הויפּט פון קאראוואן איז גע-

ריהרט געוואָרען ביז טרעהרען פון יתרו'ס גאַסטפריינדליכקייט; ער האָט איבערגעצעהלט די זילבער און זיך אָפּגערופען צו יתרו:

— דיין איידעם שיינט צו זיין א געטליכער מאַן! איהם האָט געלונגען אונז איבערצורעדען מיר זאָלען אהער קומען. מיר האָבען גאָר קיינמאָל נישט גע'חלומ'ט צו קומען אין מדין... אָבער זיינע רייד זיינען געווען אזוי איבערצייגענד, אז מיר האָבען קיין אנדער ברירה נישט געהאט ווי איהם צו פאָלגען.

יתרו האָט געהייסען צוגרייטען א גרויסארטיגען מאָלצייט פאר אלע מענשען פון קאראוואַן, און דערווייל געשיקט רופען די פיהרער פון שטאָדט און זיי דעררצעהלט וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך.

— אויב מיר ווינשען צו האָבען א מסחר פערבינדונג מיט אנדערע לענדער דאַרפען מיר זעהן וואָס שנעלער ריין צו מאכען די וועגען פון די רויבער, וועלכע פערטרייבען די ערליכע סוחרים פון אונזער שטאָדט! — האָט יתרו געזאָגט —

יע, נאָך מעהר געפעהרליך איז ווען דער אָנפירער פון דער רויבער באנדע איז אונזער געוועזענער הויפּט־ריכטער!

— האָט זיך א פיהרער אָפּגערופען — ער וועט פערדאָרבען פיעלע פון אונזערע יונגע לייט. מיר מוזען איהם געפינען און בעשטראָפען!

— מיין טאָכטער חלאה וויים וואו זיי האַלטען זיך אויף. עטליכע טעג האָט מען איהר דאָרטען געהאַלטען ביז וואַנען עורב האָט איהר פאר א שקלאַפין פערקויפט — האָט יתרו געזאָגט — אויב איהר וועט אונז מיטגעבען גענוג שוץ וועלען מיר נאָך היינט מאכען א פלוצלונגען איבערפאַל איבער זיי און איהם פאנגען און ברענגען צו גערעכטיגקייט.

— איך וועל זיך באלד אומקעהרען מיט די סאָלדאטען און בעאמטע — האָט דער הויפּט פיהרער פון שטאָדט זיך אָפּגערופען צו יתרו'ן און איז שנעל אוועקגעגאַנגען.

— וואו איז צפורה? — האָט זיך משה אָפּגערופען נאָכדעם ווי אלע האָבען זיך שוין ביסלעכווייז בערוהיגט.

צפורה! — האָט שרה אויסגערופען — מיר האָבען גאָר פערגעסען צפורה און פלילה זיינען דאָך אוועק נאָך אמאָל צו דיר אין מדבר. ווי עס ווייזט אויס האָבען זיי זיך מיט דיר אויסגעמיטען אין וועג.

— איך וועל זיי געהן בעגעגענען! — האָט משה געזאָגט און מיטגענומען זיין שטעקען...

ווען ער איז אָפּגעגאַנגען א שטיקעל וועג, האָט ער פון ווייטען זיי בעמערקט אָנקומענדיג. ער איז שנעל זיי ענטקעגען געקומען, און צפורה האָט איהר מאַן געקושט, דערציהלענדיג איהם וועגען דעם שרעק.

— געלויבט איז אונזער גאָט וואָס ער האָט אונז אַלעמען פערהיט פון אן אומגליק! — האָט משה געזאָגט און מיט זיי זיך אומגעקעהרט צו יתרו'ס הויז.

ווען די איינוואָהנער פון שטאָדט האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם קאראוואַן וואָס איז אָנגעקומען מיט סחורה פון דמשק — זיינען פיעלע געקומען מיט געלט צו קויפען פון זיי. און אין א קורצע ווײַלע האָט דער קאראוואַן אויספערקויפט די גאַנצע סחורה וואָס זיי האָבען מיט זיך געפיהרט.

— יעצט דאַרף אונז קיינעם נישט פערדריסען וואָס מיר האָבען משה'ן געפאָלגט — האָט דער הויפּט זיך אָפּגערופען צו די איבעריגע.

— יע, מיר פערשפּאָרען דורכצומאַכען אזא געפעהרליכע רייזע, און דערצו נאָך האָבען מיר פערדינט א סך מעהר ווי מיר וואָלטען געקענט ערוואַרטען צו פערדינען אין כנען — האָט נאָך איינער זיך אָפּגערופען.

באלד זיינען אָנגעקומען סאָלדאטען און בעאמטע און דער הויפּט פיהרער האָט זיך אָפּגערופען צו משה'ן:

איך גיב איבער די מיליטער אין דיינע

הענט, און איך האָף אז דו וועסט די שולדיגע פאַנגען און זיי ברענגען צו מיר צו משפּט'ן זיי. .

— מיט גאָטעס הילף האָף איך צו זיין ערפאָלגרייך! האָט משה זיך אָפּגערופען — מיר מוזען אויסראַמען די שלעכטע מענשען פון צווישען אונז.

משה, יתרו און חלאה האָבען געריטען פאָראויס און הינטער זיי זיינען געגאַנגען די סאָלדאטען און בעאַמטע מיט וואפען אין זייערע הענט.

חלאה האָט זיי אַלעמען געפיהרט צו דעם פערבאָרגענעם פּלאַץ און זיי אָנגעוויזען אויף דעם הייל. משה און די סאָלדאטען זיינען דאָרטען אריינגעקומען און האָבען דאָרטען קיינעם נישט געפונען אויסער פיעלע אָנגערויבטע חפצים.

— זיי קעהרען זיך אום אין אָווענד! — האָט חלאה זיך אָפּגערופען — און אויב מיר וועלען צו וואַרטען דאָ ביז אין אָוועַנד, וועלען מיר זיי אַלעמען קענען פאַנגען.

— איינִיגע פון אונז זאָלען ליגען בעהאַלטען אין היכל און די איבעריגע זאָלען שטעהן פון ווייטען! — האָט משה געזאָגט, און ווען מיר וועלען זיי דערזעהן וועלען מיר זיי ארומרינגלען פון אַלע זייטען.

חלאה איז פערבליבען מיט משה'ן און עטליכע בעוואַפענטע סאָלדאטען אין היכל. יתרו און די איבעריגע סאָלדאטען זיינען געווען אין דרויסען, זיי זיינען געשטאַנען בעהאַלטען הינטער די בוימער און געוואַרט אויף עורב'ן מיט זיין באַנדע זאָלען אָנקומען.

עס האָט שוין אָנגעפאַנגען טונקעל צו ווערען פון ווייטען האָט יתרו בעמערקט זיי אָנקומענדיג.

— מיר טאָרען זיך נישט ריהרען פון אונזערע פּלעצער — האָט יתרו געזאָגט ביז וואנען זיי וועלען אַלע אריינגעהן אין היכל, ווייל ווען זיי וועלען אונז דערזעהן, וועלען זיי זיך צולויפען, און דאַן איז מעגליך אז עורב וועט אויך אנטלויפען.

קיינער פון די סאָלדאטען האָט זיך פון זיין פּלאַץ נישט געריהרט ביז וואַנען דער לעצטער פון עורב'ס באַנדע איז אין דעם היכל אריין. גלייך נאָכדעם האָבען אַלע סאָלדאטען ארומגערינגעלט די היכל.

ווען עורב און זיינע מיטהעלפער זיינען אריינגעקומען אינוועניג, איז חלאה זיי ענטקעגען געקומען.

— ווי אזוי קומסטו אהער! — האָט עורב אויסגעשריען און זיך א וואָרף געטאָהן אויף איהר.

חלאה האָ טזיך עטוואָס אָפּגערוקט און זי האָט אויסגערופען מיט א שמייכעל:

— איך האָב יענע מענשען צו וועמען דו האָסט מיך פאַר א שקלאַפען פערקויפט, נישט געבליבען, בין איך פון זיי ענטלאָפען, און זיך צו דיר צוריקגעקעהרט.

— האָב איך דיר דען נישט געזאָגט, אז דו קענסט זיך מעהר ביי אונז נישט געפינען! — האָט עורב געזאָגט — און יעצט האָסטו פערדינט דעם טויט!

— פיליינכט וועלען מיר איהר ווידער קענען פערקויפע' פאַר א שקלאַפין צו עמיצען אנדערש — האָט זיך איינער פון דער באַנדע אָפּגערופען צו עורב'ן.

— ניין, זי טאָר שוין פון דאנען קיין לעבעדיגע נישט ארויסגעהן — האָט עורב געזאָגט — ווייל זי ווערט דאָך געוויס געזוכט פון איהר משפּחה און אויך פון יענעם קאַראַוואַן צו וועמען מיר האָבען איהר פאַרקויפט. זי האָט פאַרדינט דעם טויט.

עורב האָט ארויסגעצויגען זיין שווערד. חלאה איז עטוואָס אויף צוריק אָפּגעשפּרונגען.

פּלוצלונג איז משה מיט די עטליכע סאָלדאטען ארויס פון זייער בעהעלטעניִם.

משה האָט אָנגעכאַפּט עורב'ן פאַר'ן האַנט און פון איהר ארויסגעריסען דעם שווערד.

די איבעריגע רויבער זיינען געקומען עורב'ן צו הילף, אָבער באַלד האָט זיך

די טיהר פון הייזל אויפגעעפענט און יתרו מיט די איבעריגע סאלדאטען זיינען אריינגעקומען.

עורב און זיינע מיטהעלפער האבען גלייך דערזעהן אז זיי זיינען אריינגעפאלען, און האבען זיך גלייך אונטערגעגעבען. מען האט יעדען פון זיי געבונדען און זיי אוועקגעפיהרט אין שטאדט.

אויף מארגען אין דער פריה זיינען אלע געבראכט געווארען אויף דעם מארק פלאץ גע'משפט צו ווערען פאר דעם פערברעכען וואס עורב האט בעגאנגען מיט זייער הילף.

א גרויסער המון האט זיך דארט פערזאמעלט. די פיהרער און שופטים פון שטאדט זיינען געשטאנען און געווארט מען זאל פאר זיי פארבייפיהרען עורב'ן און די איבעריגע.

געבונדען הענט און פיס איז עורב געבראכט געווארען פאר זיי. צוזאמען מיט־איהם איז געפיהרט געווארען דער מאן, וועלכער האט זיך פארגעשטעלט אלס משה'ס שליח און דורך דעם ארויסגענארט חלאה'ן פון הויז.

יתרו איז צוגעגאנגען עטוואס נעהנטער און זיין כעס האט געברענט אויף עורב'ן וועלכער האט איהם און זיין משפחה פערורזאכט אזוי פיעל צרות:

— האט ער דיין טאכטער צוגעגנב'עט און איהר פאר א שקלאפין פערקויפט? — האט דער שופט יתרו'ן געפרעגט.

— יע, האט יתרו געענטפערט.

חלאה איז צוגעגאנגען און האט דערצעהלט אלעם וואס איז מיט איהר פארגעקומען.

— דערקענסטו דעם מאן אלס יעניגער, וועלכער האט צו דיר פערקויפט חלאה'ן און פאר דעם פון דיר ארויסגעקראגען פופציג שטיקער זילבער? — ראטש דער שופט זיך געווענדעט צו דעם אנפיהרער פון קאראוואן, וועלכער איז געווען דער הויפט עדות געגען עורב'ן.

— יע, איך דערקען איהם! — האט ער געענטפערט.

אין שוידערליכע און שרעקליכע פארבען האט משה פאר די שופטים געמאהלען דעם גרויסען פערברעכען פון איינעם וועלכער גנב'עט זיין מיטמענש און פערקויפט איהם פאר א שקלאף. פאר אזא פערברעכען דארף דער פערברעכער בעשטראפט ווערען מיט דעם הארבסטען שטראף... שטעלט זיך פאר וואס פאר אן אומגליק דיעזע שרעקליכע פאסירונג וואלט געווען פאר די משפחה פון דער געפאנגענע. זיי וואלטען דאך זייער גאנצען לעבען געקלאגט און געוויינט אויף דעם גרויסען פערלוסט און זי, חלאה וואלט אן אומגליקליכע שקלאפין אפגעווען איהר גאנצען לעבען...

— ער האט פערדינט דעם טויט פאר דעם, — האט זיך געהערט א שטימע פון המון.

— יע, עורב האט פערדינט דעם טויט! — האבען נאך אנדערע אויסגערופען. — ער האט מיט זיין פערברעכען פעראומרייניגט אונזער לאנד!

— עורב וועט פאר זיין פערברעכען פערשטיינט ווערען פאר די אויגען פון אלע בירגער פון אונזער שטאדט האט דער שופט ארויסגעגעבען זיין משפט.

מען האט גלייך גענומען עורב'ן און איהם אוועקגעפיהרט אויף א בעזונדערען פלאץ און יעדען פון המון האט אויף איהם געווארפען א שטיין ביז וואנען ער איז געטויטעט געווארען.

ווען עס איז געקומען צו משפט'ן די איבעריגע רויבער, האט משה זיך אפגערופען צו די שופטים:

— עורב האט אויף זיי געהאט זעהר א שטארקען איינפלוס, און דעריבער קען מען זיי נישט אזוי בעשולדיגען אזוי ווי זייער פיהרער און איך וואלט זייער שטראף פערקלענערט.

— דו ביזט גערעכט משה! האט דער שופט געזאגט. די איבעריגע וועל איך פערמשפט'ען צו זיצען אין געפענגניס פאר עטליכע יאהר, כדי אלע זאלען זעהן און זיך דערפון א מוסר ארויסנעהמען.

נאך דעם משפט האט דער המון גענומען אויסרופען:

— מיר ווילען, אז משה זאל ווערען אונזער פיהרער און הויפט! אונטער זיין הערשאפט וועלען מיר קענען לעבען גליקליך.

די שופטים און פיהרער האבען משה'ן ארומגערינגעלט און איהם איבערגעגעבען דעם וואונש פון פאלק.

— איך קען דאס יעצט ניט אננעהמען — האט משה זיי געענטפערט — איך באלאנג צו מיין פאלק ישראל, וואס איז פארשקלאפט אין מצרים... זיי נויטיגען זיך מעהר פון אייך אין א פיהרער. וועלכער זאל זיך אננעהמען פאר זיי, וועלכער זאל זיי געבען צו פארשטעהן ווי נידריג שקלאפעריי איז און ווי נויטיג איז אז א פאלק זאל אפשאצען די פרייהייט.

## 18טער קאפיטעל
## דאס הייליגע פייער

משה האט זיך אומגעקעהרט צוריק צו זיינע שאף אין דער מדבר. די לעצטע פאסירונג מיט זיין שוועגעריין האט איהם א סך געענדערט. ער זעהט יעצט די שרעקליכקייט פון שקלאפעריי נאך מעהר בולט. ער דערמאהנט זיך אז זיינע ברידער, וועלכע זיינען אלע פארערכענט פאר שקלאפען, וואס מען קען מיט זיי טהאן, וואס זייערע אונטערדריקער פארלאנגען. ער געדענקט, ווי יעדער איינער פון זיינע ברידער איז געווען אזוי ווי הפקר, וואס יעדער מצרי האט געקענט טהאן מיט זיי וואס ער פארלאנגט... אזוי פיעל יאהרען זיינען שוין זייט דאן פאראיבער... און דאך שטעהט נאך יענער געשלאגענער איד פאר זיינע אויגען. ער זעהט, ווי ער דרעהט זיך און קארטשעט זיך אין יסורים, ווי ער קוקט אויף איהם מיט בעטענדע אויגען ער זאל איהם העלפען... קען עס זיין שרעקליכער און שוידערליכער, ווען א גאנצעס פאלק איז פארשקלאפט... ווען זייערע קינדער זיינען הפקר און ווערען אין טייך געווארפען, ווען זייערע פרויען זיינען שטענדיג אין געפאהר... א, ווען ער זאל נאר האבען די מאכט צו קומען צו זיין פאלק און איהם אויפוועקען... איהם באפרייען פון זיין שקלאפעריי...

משה האט אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל און א תפלה צום באשעפער געטהאן... ער האט אויסגעגאסען זיין הארץ פאר גאט, וועלכער האט דיזע וואונדערבארע וועלט באשאפען, וועלכער האט בעשאפען א פרייע מענשהייט... אבער די מענשען פארשטעהען ניט ווי אפצושאצען גאט'ס געשאנק... זיי זיינען פארדארבען געווארען... דער שטארקערער דריקט דעם שוואכען, די מעהרהייט הערשט איבער די מינדערהייט... יעדער טראכט נור וועגען זיין אייגענע טובה, וועגען זיינע אייגענע נוצען. טרויעריגע מחשבות פילען אן משה'ס מח, ווען ער דערמאהנט זיך אן די דתן'ס און אבירם'ס מוסרים צוליעב וועמען ער איז געצוואונגען געווארען צו אנטלויפען פון מצרים... ווען ניט זיי וואלט ער פילייכט געקענט זעהר פיעל אויפטהאן פאר זיין אומגליקליכעם פאלק.

משה באמערקט דעם קלאהרען לויטערען הימעל, וואס איז איבער איהם. דער רויטער פייערדיגער באל פון דער זון, ער זעהט ווי איהרע שטראהלען זיינען אויסגעגאסען אויף אלעס... יע, די זעלבע זון ווארעמט און לייכט אויך אין גשן, אין די פארכמורעטע הערצער פון זיינע ברידער... דאס וואונדערבארע פייער, וואס ברענגט לעבען צו אלע באשעפענישען איז אויך דארטען צווישען זיינע ברידער נאך ניט אפגעקיהלט געווארען...

פלוצלונג באמערקט ער ווי די זונשטראהלען, וואס האבען אפגעשלאגען אויף דעם דארן־בוים, וואס איז געשטאנען אויף'ן בערגעל, זיינען פארוואנדעלט געווארען אין א פלאם פייער.

משה'ס ערשטוינונג וואקסט פון יעדער רגע. ער זעהט ווי א גרויסער פלאם פייער האט זיך צופלאקערט איבער דעם דארן־בוים... דוכט זיך איהם, אז אט

באַלד, באַלד וועט דער דאָרן־בוים פאַר־ברענט ווערען און קיין געדעכנים וועט פון איהם ניט איבערבלייבען, אָבער דאָס פייער פלאַקערט און דער בוים ווערט ניט פאַרברענט.

דיזע וואונדערליכע ערשיינונג האָט אויף משה'ן געמאַכט זעהר א גרויסען רושם.

וואָס איז דאָס? פאַרוואָס ווערט דער סנה (דאָרן־בוים) ניט פאַרברענט?

משה דערנעהנטערט זיך צום סנה... ער נעהמט זיינע אויגען ניט אַרונטער פון דעם פלאַם פייער... און פּלוצלונג ווערט ער דורכגעדרונגען מיט א הייליגען עקסטאַז... ער פיהלט, אז דאָס איז אן אַנדייטונג פאַר איהם... ער הערט א געטליכע שטימע רופט איהם:

— משה! משה!

און ער ענטפערט:

— איך בין געגרייט!

— נעהם אַרונטער די שיך פון דיינע פיס, משה, ווייל דיזער פּלאַץ, וואו דו שטעהסט יעצט איז א הייליגער פּלאַץ — רעדט צו איהם ווידער די געטליכע שטימע.

משה נעהמט אַרונטער זיינע שיך און פאַרבאָרגט זיינע אויגען. ער האָט מורא צו קוקען אויף דעם הייליגען פייער... ער רוקט זיך אָפּ עטוואָס אויף צוריק.

די שטימע ווערט העלער און שטאַרקער. אָנ׳ ׳ערט ער:

— משה, איך בין דער גאָט פון דיין פאָטער אברהם, פון יצחק און יעקב! איך האָב געזעהן ווי מיין פאָלק ווערט געדריקט און געשטיקט אין מצרים. איך האָב געהערט זייערע וועה־געשרייען, איך ווייס גאַנץ גוט זייער וועהטאָג... זיי זיינען פאַרשקלאַפט געוואָרען ביי די מצריים. זיי ווערען געפּייניגט און געשלאָגען. איך בין אַרונטערגעקומען זיי צו העלפען. איך וועל זיי ראַטעווען פון די הענט פון מצריים. איך וועל זיי באַפרייען פון דער שקלאַפעריי און זיי אַרויסנעהמען פון יענעם שרעקליכען לאַנד, וואו זייערע עלטערן האָבען געלעבט... און דו, משה, וועסט זיין מיין שליח. יע, אויף דיר האָב איך דיזען פליכט אַרויפגעלייגט. דו וועסט זיין זייער באַפרייער, דו וועסט געהן צו פרעה'ן און באַפרייען מיין פאָלק ישראל פון מצרים!

א ציטער האָט דורכגענומען משה'ן, א גרויס שרעק איז אויף איהם אַרויפגעפאַלען.

— ווער בין איך? — האָט ער אויסגערופען — אז איך זאָל געהן צו פרעה'ן און זאָל באַפרייען די קינדער ישראל פון שקלאַפעריי? איך, אן איינפאַכער פאַסטוך, איך, וועלכער איז אַנטלאָפען געוואָרען פון מצרים, איבערלאָזענדיג מיינע ברידער אין שרעקליכסטען אַנגסט און נויט?!

משה האָט אויפגעהויבען ווידער זיינע אויגען. דאָס פלאַם פייער האָט זיך נאָך שטאַרקער צופלאַקערט.

ער קוקט זיך גוט צו, און אָט דערזעהט ער אין דיזען הייליגען פייער פאַרשידענע בילדער פון אַמאָל... ער זעהט זיין מוטער יוכבד, זיין פאָטער עמרם, זיין שוועסטער מרים און זיין ברודער אהרן. זיי אַלע האַלטען אויסגעשטרעקט זייערע הענט צו איהם און רופען איהם צו קומען אהין נאָך מצרים און העלפען זיינע פאַרשקלאַפטע ברידער... ער זעהט ווי זיינע ברידער שלעפּען די שווערע משאות, ווי זיי זיינען געבויגען אונטער דעם שווערען אומערטרעגליכען יאָך... ער זעהט פרעה'ן דעם טיראַן זיצענדיג אויף זיין טראָן און זיין הויפּט־מיניסטער טאַגער גיט איהם די שרעקליכע עצות, וואָס מעהר צו פּייניגען די אידען פון גשן. פאַר זיינע אויגען שוועבען פאַרביי שרעקליכע בילדער ווי אַזוי די מצריים וואַרפען אַריין אידישע קינדער אין טייך נילוס...

— אָה, גאָט, ווער בין איך, אז איך זאָל זיי קענען העלפען?!

משה הערט די געטליכע שטימע, אויסרופענדיג נאָך אַמאָל:

— שרעק זיך ניט, משה! איך וועל מיט דיר זיין. איך וועל דיר געבען מוטה

און כח צו געהן צו פרעה'ן און צו רעדען צו איהם... דו וועסט איהם באווייזען וואונדער און ער וועט זיך מוזען צו דיר צוהערען... יע, משה, געה אין מיין נאָמען און זאָג די קינדער פון ישראל: דער גאָט פון אייערע עלטערען, דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב האָט מיר צו אייך געשיקט... גאָט האָט זיך דערמאָהנט אָן אייך. ער זעהט אלעס וואָס ווערט געטהאָן צו אייך אין מצרים און ער האָט מיך געשיקט אייך צו באפרייען פון שקלאפעריי און אייך בריינגען צו דער לאנד פון אייערע עלטערען, צו דער לאנד, וואָס פליסט מילך און האָניג, און אויב זיי וועלען דיר ניט גלויבען, זאָלסטו מיט דיזען שטעקען, וואָס דו האלטסט אין דיין האנט, זיי באווייזען וואונדער... דאן וועלען דיר אלע גלויבען.

משה האָט זיך אין גאנצען אנדערש געפיהלט. ער זעהט וואָס פאר א פאראנטוואָרטליכע שליחות עס איז יעצט אויף איהם ארויפגעלייגט געוואָרען. ער האָט געקראָגען מוטה און קוראזש צו געהן אין מצרים און העלפען דאָרט זיינע ברידער.

יענע נאכט האָט משה ניט געקענט איינשלאָפען. יענע געטליכע ערשיינונג, וואָס ער האָט געזעהן, האָט איהם ניט געלאָזט איינליגען און ווי נאָר עס האָט אנגעהויבען טאָגען, האָט ער צונויפגעזאמעלט זיינע שאָף און זיי צוריק אין מדין געטריבען.

צפורה איז משה'ן אנטקעגען געגאנגען... זי איז איהם אויפ'ן האלדז געפאלען און איהם געקושט.

— אָה, משה, ווי שטארק איך האָב נאָך דיר געביינקט — האָט זי אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען...

— איך ווייס אז איך דארף אין גיכען געבוירען און מיך האָט זיך שטארק געוואָלט דו זאָלסט יעצט זיין מיט מיר, ביז וואנען איך וועל איבערקומען... און דערנאָך וועל איך קענען מיט דיר מיטגעהן!

יתרו און זיין פרוי שרה זיינען שטארק איבערראשט געוואָרען, ווען זיי האָבען דערהערט משה'ס באשלוס.

— איך וועל דיר ניט שטערען, מיין זוהן! — האָט יתרו זיך צו איהם אָפּגערופען — אזוי איז דער ווילען פון גאָט. איך האָף נאָר, אז דיר וועט געלינגען דורכצופיהרען דיין שליחות מיט גרויס ערפאָלג... עס איז שוין צייט, אז דיינע פארשקלאפטע ברידער זאָלען באפרייט ווערען... פון די נאכריכטען וואָס מיר האָבען לעצטענס געקראָגען פון די וואנדערער, וועלכע זיינע ן געקומען אהער פון מצרים. האָב איך זיך דערוואוסט, אז די לאגע פון די אידען אין מצרים ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. טאגער רוהט ניט ביז וואנען איהם געלינגט צו מאכען א נייע שרעקליכע גזרה אויף די אידען יעדען טאָג.

— איך וועל מיט איהם מיטרייזען! — האָט צפורה זיך אָפּגערופען צו איהרע עלטערען.

— ווי אזוי וועסטו עס קענען? — האָט שרה זיך צו איהר געווענדעט — יעצט, ווען דו ביזט אין דיזער לאגע.

— משה וועט צוואווארטען ביז וואנען איך וועל איבערקומען — האָט צפורה געזאָגט — און דאן וועל איך מיטנעהמען מיינע קינדער און געהן מיט איהם צוזאמען.

— איך וואָלט דיר, מיין טאָכטער, ניט געראטען דאָס צו טאָן... דו ווייסט דאָך די גרויסע געפאהרען, וואָס מען מאכט דורך אזא לאנגע רייזע, און בפרט ווען דו געהסט מיט קינדער.

— אָבער פאָטער, גרשם איז דאָך שוין אן ערוואקסענער און ער וועט מיר נאָך העלפען מיט'ן צווייטען קינד, וואָס איך וועל געבוירען.

— טהו ווי דו פארשטעהסט, מיין קינד — האָט יתרו זיך צו איהר אָפּגערופען.

אין עטליכע טעג ארום האָט צפורה געבוירען א צווייטען זוהן צו משה'ן. און ער האָט איהם א נאָמען געגעבען

אליעזר, ווייל ער האט געזאגט: מיין גאט איז מיין הילף.

משה איז זעהר אומגעדולדיג געווארען. אין איהם האט געזידט דאס בלוט. ער האט זיך געאיילט צו געהן נאך מצרים. ער האט ניט געוואלט אפלייגען צו לאנג זיין רייזע. ווי נאר צפורה האט זיך ערהאלט, האט ער זיך גענומען גרייטען צו דער רייזע. ער האט אנגעלאדען די קעמלען און צפורה'ן מיט אליעזר'ן האט ער געהאלפען אויף אן אייזעל. גרשם'ן האט ער געזעצט נעבען זיך. זיי האבען זיך געזעגענט מיט דער גאנצער משפחה. וועלכע זיינען ארויסגעקומען צו באגלייטען זיי ביז הינטער'ן שטאדט. א פאר טעג זיינען זיי שוין אפגעוועזן אין וועג, אבער פלוצלונג איז אליעזר, דאס ניי־געבוירענע קינד, קראנק געווארען.

דאן האט זיך משה אפגערופען:

—מיין ליעבע צפורה, איך זעה יעצט אז דיין פאטער איז געווען גערעכט. עס איז א גרויס סכנה צו פיהרען א קליין קינד אין וועג... און א חוץ דעם ווייס איך נאך ניט די שוועריגקייטען, וואס איך וועל באגעגענען אין דער צייט, וואס איך וועל דורכפיהרען מיין הייליגע שליחות. דעריבער בעט איך דיר, אז דו זאלסט זיך אומקעהרען אהיים, צו דיינע עלטערן, און ווען גאט וועט העלפען און מיר וועט געלינגען דורכצופיהרען מיין שליחות און ארויסנעהמען מיינע ברידער פון מצרים וועל איך זיי פיהרען דורך דיזען מדבר און דאן וועל איך נאך דיר שיקען און דו וועסט קומען צו מיר צוזאמען מיט מיינע צוויי זיהן!

— איך וועל טהאן דיין ווילען, משה!

— האט צפורה זיך אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען. — זאל דיר גאט העלפען און דו זאלסט זיין ערפאלגרייך אין דיין אונטערנעהמונג.

משה האט צפורה'ן באגלייט צוריק ביז'ן שטאדט. ער האט נאך אמאל געקושט זיין פרוי און זיינע קינדער, און זיי אוועקגעשיקט צוריק אהיים.

משה איז געשטאנען און פון ווייטען נאכגעקוקט ווי זיין פרוי און צוויי זיהן פארשווינדען פון זיינע אויגען... באלד אבער האט ער זיך דערמאהנט, אז זיין גרויסען פליכט, און ער האט גענומען שטעלען פעסטע טריט.

מיט זיין שטעקען אין האנט איז ער געגאנגען ביי דעם אנגעלאדענעם קעמעל. זיינע געדאנקען זיינען יעצט געווען געווענדעט אויף מצרים... מיט יעדען טריט וואס ער האט געמאכט אלץ נעהנטער ווערט ער צו זיין הויפט־ציעל.

אזוי מיט דער געטליכער באגייסטערונג, וואס ער האט געקראגען פון דעם הייליגען פייער וואס האט געברענט אין זיין הארצען, האט משה, וועמענס האר זיינען שוין געווען גרוי, אבער וועמענס פנים האט געלויכטען פון גליק, וויסענדיג, אז איהם האט גאט אויסדערוועהלט צו זיין דער אויסלייזער און פיהרער פון זיין פאלק ישראל, זיך דערנעהנטערט צו מצרים.

(ענדע)